(Paroles d'un Révolté.)

פ. קראפאטקין.



# ווערטער
# פון א רעוואלוציאנער



איבערזעצט פון ר. ראקער.



פערלאג „ארבייטער פריינד".
לאנדאן, 1906.

# פאָרוואָרט פֿון פּערפאַסער.



די ערשטע קאַפּיטלען פֿון דיזען בוך, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען אין 1879, בעשעפֿטיגען זיך מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן ווי מיט אַ טהאַטזאַכע, וועלכע וועט אין גיכען פֿערווירקליכט ווערען. דער נייער ערוואַכען פֿון׳ם פֿראַנצויזישען פּראָלעטאַריאַט נאָך דער שרעקליכער ניעדערלאַגע פֿון דער קאָמונע, די שטאַרקע ענטוויקלונג פֿון דער אַרבייטער-בעוועגונג אין די ראָמאַנישע לענדער, דער העלדישער קאַמפּף פֿון דער רוסישער יוגענד, די מעכטיגע פֿערשפּרייטונג פֿון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ אין דייטשלאַנד, וועלכע האָט דאַן געהאַט נאָך אַ גרעסערע בעדייטונג, ווייל די דייטשען האָבען אַ לאַנגע צייט ניט געוואָלט וויסען פֿון דעם פֿראַנצויזישען סאָציאַליזמוס, און ענדליך די עקאָנאָמישע צושטענדע אין אייראָפּאַ — דאָס אַלעס האָט אונז איבערצייגט, אַז מיר שטעהען פֿאַר דעם אויסברוך פֿון אַ גרויסער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן אין גאַנץ אייראָפּאַ. דער רעוואָלוציאָנערער אַזוי גוט ווי דער רעפֿאָרמאַטאָרישער פֿליגעל פֿון דער אַרבייטער-בעוועגונג זיינען ביידע איינשטימיג געווען, אַז די הערשאַפֿט פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע האָט שטאַרק געליטען דורך דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן פֿון 1848 און דורך דעם אויפֿשטאַנד פֿון דער קאָמונע, וועט אין גיכען צופֿאַלען אונטער די אַטאַקען פֿון׳ם אייראָפּעאישען פּראָלעטאַריאַט. איידער דער יאָהרהונדערט וועט זיך ענדיגען, וועלען מיר האָבען די קאַטאַסטראָפֿע! — אָט דאָס איז געוועזען די מיינונג פֿון אַלעמען. אפילו די יעניגע, וועלכע האָבען בעקעמפֿט אונזער רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק און פֿערטהיידיגט די פּאַרלאַמענטאַרישע טהעטיגקייט, האָבען ניט געוואָלט בלייבען הינטערשטעליג; זיי האָבען צונויפֿגערעכענט די צאָהלען פֿון די שטימען און האָבען ערקלעהרט, אַז בעפֿאָר די ענדע פֿון׳ם 19-טען יאָהרהונדערט וועט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָבען די מאַיאָריטעט אין דייטשען פּאַרלאַמענט, אַז זיי וועלען דעקרעטירען די עקספּראָפּריאַציאָן און מאַכען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן נאָך גיכער פֿון די ראָמאַנישע פֿעלקער.

און דאָך מוזען מיר היינט צוגעבען — די איינע מיט בעדויערן, די אַנדערע טריאומפֿירענדיג — אַז מיר לעבען שוין אין אַנפֿאַנג פֿון׳ם

20-טען יאָהרהונדערט, און די רעוואָלוציאָן, וועלכע מיר האָבען ערוואַרטעט מיט אונגעדולד, איז נאָך אַלץ ניט געקומען. מען וואָלט זאָגאַר געקענט גלויבען — אַם ווייניגסטענס האָט מען עס געזאָגט אין'ם לאַגער פֿון די רייכע — אַז דער זיעג פֿון דער בורזשואַזיע איז היינט מעהר פֿערזיכערט ווי אַלעמאָל. עס שיינט כמעט, אַז די אַרבייטער האָבען פֿערלאָרען די האָפֿנונג אויף אַ רעוואָלוציאָן. זיי בענוגענען זיך צו שיקען עטליכע דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט, האָפֿענדיג, אַז דער שטאַאַט וועט זיי בעגליקען מיט אַלע זאָרטען רעפֿאָרמען און פֿערבעסערונגען.

אפילו זייערע פֿאָדערונגע: בעשריינקען זיך היינט אויסשליסליך אויף אייניגע קליינע פֿערבעסערונגען, וועלכע זאָלען פֿערווירקליכט ווערען דורך אַ פֿערשטענדיגונג מיט די עקספּלאָאַטאַטאָרס, דאָס העכסטע, וואָס דער אַרבייטער ערוואַרטעט, ווען ער איז בעאיינפֿלוסט געוואָרען פֿון די סאָצ. דעמאָקראַטישע אידעען, איז די האָפֿנונג, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען ער וועט זיין אַ לוין-אַרבייטער פֿון'ם שטאַאַט — אַ מין קליינער בעאַמטער, וועלכער בעקומט אַ קליינע אונטערשטיצונג. נאָכדעם ווי ער האָט אָבגעאַרבייט און זיך אונטערוואָרפֿען 25 אָדער 30 יאָהר אונטער דעם ווילען פֿון זיינע פֿאָרשטעהער.

צו קוקען אויף דער סאָציאַלער פֿראַגע פֿון אַ ברייטערן שטאַנדפּונקט, צו רעדען פֿון דער רעוואָלוציאָן, פֿון וועלכער מיר ערוואַרטען אַן איבערבייט פֿון אַלע אונזערע אידעען און אַנשויאונגען, אַ נייע עראַ פֿון דער מענשליכער ציוויליזאַציאָן, צו טרוימען פֿון אַ בעסערער צוקונפֿט, פֿון מענשליכער ווירדע, פֿרייהייט און גלייכהייט, וועלכע דער אַרבייטער וויל איבערלאָזען זיינע קינדער אַלס אַ ירושה — דאָס אַלעס בעטראַכטעט מען היינט אַלס אוטאָפּיסטיש, אַלס אַ פּוסטע פֿאַנטאַזיע. עס האָט זיך זאָגאַר ענטוויקעלט אַ געוויסע שוהלע סאָציאַליסטען, וועלכע ווילען וויסענשאַפֿטליך בעווייזען, אַז די רעוואָלוציאָן איז ניט מעהר ווי אַן אונזיניגע פֿאָרשטעלונג. — „דיסציפּלין! אונטערוואַרפֿט זיך דעם ווילען פֿון אייערע פֿיהרער — און אַלעס וואָס עס קען ווירקליך געטאָהן ווערען פֿאַר דעם אַרבייטער, וועט געטהאָן ווערען אין פּאַרלאַמענט! פֿערגעסט אָן דעם ביקס! פֿערגעסט אַן די רעוואָלוציאָנען פֿון 1793, 1848 און 1871; העלפֿט דער בורזשואַזיע צו גרינדען נייע קאָלאָניען אין אַפֿריקאַ, אין אַזיען, עקספּלאָאַטירט מיט איהר צוזאַמען די נעגערס, די כינעזער, און מען וועט זעהן, וואָס מען קען טהאָן פֿאַר אייך.... און אַז די בורזשואַזיע זאָל זיך ניט דאַרפֿען בעאונרוהיגען וועגען דעם. אָבער אויב איהר ווילט דאָס, דאַרפֿט איהר איין פֿאַר אַלע מאָל פֿערגעסען די אוטאָפּיסטישע פֿאָרשטעלונג פֿון דער רעוואָלוציאָן!" אָט אַזוי רעדט מען היינט צו די אַרבייטער.

* * *

אבער האָבען זיך דיזע הערדען ניט געפּרעהט צו פריה? מיר שטעהען ערשט אין אַנפאַנג פון׳ם 20 יאָהרהונדערט, און ווען צעהן אָדער צוואַנציג יאָהר זיינען שוין אַ לאַנגע צייט אין׳ם לעבען פון׳ם איינצעלנען מענשען, צעהלען זיי אָבער גאַנץ ווייניג אין דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. און וואָס פאַר אַ ראָלע שפּיעלען אַפּאָר יאָהר, ווען עס האַנדעלט זיך אום אַן ערייגניס פון אַזאַ געוואַלדיגער היסטאָרישער בעדייטונג ווי די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן?

ניין, מיר האָבען זיך ניט אָבגענאַרט, ווען מיר האָבען מיט צוואַנציג יאָהר צוריק געזעהן קומען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. און היינט איז דיזע רעוואָלוציאָן פונקט אַזוי אונפערמיידליך ווי מיט 25 יאָהר צוריק. נור איין זאַך בעגרייפען מיר היינט: מיר האָבען דעמאָלט נאָך ניט ריכטיג פערשטאַנען די גאַנצע בעדייטונג פון דער רעאַקציאָן, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אייראָפּאַ נאָך דער נידערלאַגע פון פראַנקרייך אין 1870 און נאָך דער גרינדונג פון דעם דייטשען מיליטער-שטאַאַט. מיר האָבען דאַן נאָך ניט גענוי געוואוסט, אויף ווי לאַנג פראַנקרייך׳ס נידערלאַגע און דייטשלאַנדס זיעג וועלען בעאיינפלוסען די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג אין אייראָפּאַ.

ווען דער קריעג פון 1870—1871 וואָלט מעהר ניט געווען ווי אַן איינפאַכער איבערבייט פון דער מיליטערישער מאַכט צווישען פראַנקרייך און דייטשלאַנד, וואָלטען זיינע פאָלגען געהאַט אַ גאַנץ קליינע ווירקונג אויף די ענטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. אָבער דיזער קריעג האָט געהאַט אַ פיעל טיעפערע בעדייטונג: ער האָט פראַנקרייך פאַראַליזירט פאַר 30 יאָהר צייט. פון מעץ, דריי טעג פון פאַריז האָבען מיר היינט ניט מעהר איינצעלנע פעסטונגען, נאָר אַ גאַנצען קריעגס-לאַגער פון אַ האַלבען מיליאָן סאָלדאַטען, וועלכע זיינען פערזאָרגט מיט אַלע נייטיגע קריעגס-מאַטעריאַל און פאַרטיג צו מאַרשירען אין 24 שטונדען נאָך, אָדער זאָגאַר נאָך בעפאָר דער קריעגס-ערקלעהרונג קיין פאַריז אויף דעם בעפעהל פון׳ם „דריי בונד“, וועלכער איז בערייט פראַנקרייך אין גאַנצען צו צורייסען און צו פערניכטען אַלס אַן אייראָפּעאישע גרויס-מאַכט. און דיעזע געפאַהר האָט ביז די לעצטע עטליכע יאָהר ניט אויפגעהערט צו עקזיסטירען פאַר די פראַנצויזען. אַ גרויסער טהייל פון דער פראַנצויזישער יוגענד איז אויסגעראָטעט געוואָרען אויף די שלאַכטפעלדער פון׳ם דייטש-פראַנצויזישען קריעג און אויף די באַריקאַדען פון פאַריז, און אונטער דיעזע טרויעריגע בעדינגונגען איז פראַנקרייך געצוואונגען געווען צו ענטוויקלען דעם מיליטאַריזמוס זייט די לעצטע 25 יאָהר, זי האָט זיך אונטערגעוואָרפען דער קירכע, אום צו פערהינדערן אַ בירגער-קריעג, און דיזע געפעהרליכע לאַגע איז אויך געווען די אורזאַכע פון דער רוסיש-פראַנצויזישער אַליאַנץ. דאָס אַלעס איז געווען אונפער-

מיידליך, און די פֿאָלגען זיינען געווען די ערגסטע. און ווען מיר וואַרפֿע היינט אַ בליק צוריק, אויף דער צייט, וועלכע מיר האָבען דורכגעמאַכט, מיר, וואָס האָבען געהאַלטען אין איין בעקעמפּפֿען דעם מיליטאַריזמוס, דעם קלעריקאַליזמוס, דעם עמפּיריאַליזמוס און דעם בולאַנזשיזמוס, בעוואונדערן מיר נאָר איין זאַך: אַז פֿראַנקרייך האָט דורכגעמאַכט יענע פֿינסטערע פעריאָדע, ניט אַריינוואַרפֿענדיג זיך אין די הענד פֿון אַ נייען צעזאַר.

ווען די בולאַנזשיסטישע בעוועגונג, וועלכע איז אונטערשטיצט געוואָרען מיט דער גאַנצער מאַכט פֿון די ענגלישע און אַמעריקאַנער באַנקירען און פֿון די קלעריקאַלען און ראָיאַליסטען פֿון גאַנץ אייראָפּאַ, האָט זיך טראָץ דעם געענדיגט מיט אַזאַ לעכערליכען פֿיאַסקאָ; ווען פֿראַנקרייך איז טראָץ דעם ניט געוואָרען קלעריקאַל, נאָכדעם ווי ענגלאַנד און דייטשלאַנד האָבען אָנגעפֿאַנגען זיך צו „קאַטהאָליצירען”. ווען מיר זעהען היינט, אַז פֿראַנקרייך האָט שוין איבערגעלעבט יענע פֿינסטערע פעריאָדע און ווענדעט זיך ווידער צו צום לעבען, שאַפֿענדיג דיזע הערליכע יונגע גענעראַציאָן, וואָס פֿערנעהמט היינט דעם וויכטיגסטען פּלאַץ אין דער גרויסער בעוועגונג, וועלכע וועט בענייען די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט — איז עס דערפֿאַר, ווייל די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען זיינען פֿיעל שטאַרקער געווען, ווי די, וואָס זעהען נאָר די אויסערליכע פֿאָרמען פֿון די היסטאָרישע ערייגניסע, האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט.

ווי פֿיעל מען האָט ניט פֿערפֿאָלגט און אין חרם אַריינגעלייגט די אַקטיווע רעוואָלוציאָנערען, הויפּטזעכליך די אַנאַרכיסטען, האָבען זיי דאָך קיינמאָל ניט פֿערלאָזען די רויטע פֿאָהן פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, זיי האָבען געהאַלטען אין איין וועקען דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק, און אָפֿטמאָל האָבען זיי גערייניגט די פּאָליטישע אַרענאַ פֿון די, וואָס האָבען וואַרים געהאַלטען די פּלעצער פֿאַר נאָך ערגערע רעאַקציאָנערען, ווי זיי אַליין זיינען געווען. זאָל מען זיי פֿערפֿלוכען און פֿערדאַמען פֿאַר זייער טהעטיגקייט, אַזוי פֿיעל ווי מען וויל נור. די געשיכטע וועט פֿערשרייבען אין איהרע בלעטער, דאָס עס איז געווען זייער ענערגיע, זייער אונערמידליכע אַגיטאַציאָן, וועלכע זיי האָבען אָפֿטמאָל אָנגעפֿיהרט, פֿערגיסענדיג זייער הערצענס-בלוט, וועלכע האָבען ניט דערלאָזען, אַז די רעאַקציאָן זאָל אין גאַנצען טריאומפֿירען אין אייראָפּאַ. עס איז וואַהר, אַז די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי איז געווען שוואַך אין צאָהל, אָבער זי איז געווען געוואַלטיג, אונבעזיעגבאַר אין ענערגיע און מוטה, און זי איז געווען די אורזאַכע, אַז די אינערליכע און אויסערליכע רעאַקציאָן האָט זיך ניט געקענט אַזוי צולאָזען ווי עס איז געווען די אַבזיכט פֿון איהרע פֿערטרעטער. דאָס איז ניט קיין איבערטרייבונג, דען וואו וואָלטען מיר היינט געווען, ווען מיר וואָלטען ניט געהאַט דיזע אונערמידליכע רעוואָלוציאָנערע קראַפֿט?

# פֿאָרוואָרט

דאָסזעלבע וואָס מיר האָבען יעצט געזאָגט פֿון פֿראַנקרייך, מוז אויך געזאָגט ווערען פֿון שפּאַניען און איטאַליען. וועמען פֿון אונז וואָלט זיך גאָר גע׳חלום׳ט, אַז אין שפּאַניען וועט מען ווידער אויפֿלעבען די צייט פֿון דער אינקוויזיציאָן, אום צו אונטערדריקען די רעוואָלטירענדע אַרבייטער? ווער פֿון אונז וואָלט גאָר ערוואַרטעט, אַז אין מילאַנאָ זאָל מען דערשיסען 300 מענער און פֿרויען? און דאָך האָבען זיי זיך דערוועגט, אָבער נאָר דערוועגט, דען דער ענטפֿער פֿון די אַרבייטער האָט דיזע וואַנזיניגע באַלד פֿערניכטיג געמאַכט.

* * *

ערשט היינט זיינען מיר אימשטאַנדע ריכטיג צו דערקענען די גאַנצע בעדייטונג פֿון דער רעאַקציאָן, וועלכע דער דייטש-פֿראַנצויזישער קריעג האָט פֿעראורזאכט אין אייראָפּאַ. דאָס ערגסטע פֿון פֿראַנקרייך׳ס מפּלה אין 1870—1871 איז געוועזן דער פֿאַקט, אַז זי האָט פֿאַר אַ געוויסע צייט פֿערלאָרען די גייסטיגע פֿיהרונג אין אייראָפּאַ.

דער זיעג פֿון דייטשלאַנד האָט געצוואונגען דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק אָבצוגעבען זיין גאַנצע קראַפֿט, כדי צו ערהאַלטען זיין עקזיסטענץ, זיינע גייסטיגע אייגענטהימליכקייטען, זיין ציוויליזאַטאָרישען איינפֿלוס, זיין עקזיסטענץ אַלס אַ נאַציאָן, און דיזע טהעטיגקייט האָט פּאַראַליזירט דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט. די אידעע פֿון אַן אויפֿשטאַנד האָט באַלד אַרויסגערופֿען די פֿאָרשטעלונג פֿון אַ בירגער-קריעג, וועלכער וועט איינגעשטילט ווערען דורך די קאַנאָנען פֿון די פֿרעמדע מעכטע, אום צו שיצען די „אָרדנונג“ פֿון דער בורזשואַזיע. און פֿון דער צווייטער זייט דאַרפֿען מיר ניט פֿערגעסען, אַז די בעסטע, די עדעלסטע, די איבערגעבענסטע קרעפֿטע פֿון פֿראַנקרייך, אַ גאַנצע גענעראַציאָן, זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען אין דעם גרויסען קאַמפֿף, וועלכער האָט זיך אָנגעפֿאַנגען נאָך דער קאַפּיטולאַציאָן פֿון פּאַריז. אַ גאַנצער דור פֿון יונגע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע פּאַריז האָט צוגעצויגען אונטער דער הערשאַפֿט פֿון׳ם קייזערדייך, איז פֿערניכטעט געוואָרען נאָך דעם אונטערגאַנג פֿין דער קאָמונע. דאָס גאַנצע אינטעלעקטועלע לעבען פֿון פֿראַנקרייך איז אָבגעשטעלט געוואָרען. יעדער פֿרייער געדאַנק איז ערנידריגט, בעשמוצט געוואָרען אונטער דעם צושטאַנד פֿון אונמעכטיגקייט און מורא.

אָבער די מאָראַלישע און סאָציאַלע פֿערניכטונג פֿון דעם פֿראַנצויזישען גייסט איז ניט נאָר געוועזן די נידערלאַגע פֿון אַ נאַציאָן, וועלכע האָט בעפֿאָר מאַרשירט אַן דער שפּיצע פֿון דער ציוויליזאַציאָן; ניין, זי איז אין דערזעלבער צייט אויך געוועזן דער אונטערגאַנג פֿון אַ גאַנצער פּעריאָדע אין אייראָפּאַ, די פּעריאָדע פֿון 1848 ביז 1870. אייראָפּאַ איז צוריקגעשלײדערט געוואָרען אין די רעאַקציאָנערע צייטען פֿון 1849 און 1830.

די זיעגרייכע דייטשלאַנד האָט איבערגענומען די גייסטיגע פיהרונג אין אייראָפּאַ, וועלכע האָט פריהער בעלאַנגט צו פראַנקרייך און ביז צו אַ גרויסען טהייל צו איטאַליען. עס איז וואַהר, אַז דייטשלאַנד האָט דער וועלט געגעבען אַ געוויסע צאָהל פון בעריהמטע געלעהרטע און מענער דער וויסענשאַפט, אָבער דאָס אונגליק איז געווען, אַז דיזעס לאַנד האָט ניט געהאַט קיין רעוואָלוציאָנערע פערגאַנגענהייט. אין זיין פאָליטישער און סאָציאַלער ענטוויקלונג האָט דייטשלאַנד געשטאַנען אויף דער זעלבער שטופע, אויף וועלכער פראַנקרייך איז געשטאַנען אונטער דער רעגירונג פון לואי פיליפּ. דאָס רעפרעזענטאַטיוו-סיסטעם, וועלכעס איז אין דייטשלאַנד איינגעפיהרט געוואָרען זייט 1871, איז דאָרטען געווען אַ גאַנץ נייע ערשיינונג; און טראָץ דעם וואָס עס האָבען זיך געפונען איניגע ענערגישע און איבערגעגעבענע דייטשע קאָמוניסטען ווי צ. ב. ש. ווילהעלם ווייטלינג און זיינע נאָכפאָלגער — מייסטענטהיילס עמיגראַנטען — איז אָבער די דייטשע סאָציאַליסטישע בעוועגונג דאָך געווען צו יונג און פריש אין דיזען לאַנד, און דערפאַר האָט זי געמוזט דורכמאַכען אַלע ענטוויקלונגס-פאַזען, פונקט ווי מיר האָבען געזעהען אין פראַנקרייך אין דעם שטאַאַטס-סאָציאַליזמוס פון לואי בלאַן און דעם שטאַאַטס-קאָלעקטיוויזמוס פון פעקער און ווידאַל אין דער צייט פון 1848.

אויף אַזאַ מין אַרט איז דער אייראָפּעאישער גייסט צוריקגעפאַלען אויף דעם ניוואָ ווי אין דער צייט פון לואי פיליפּ. דער סאָציאַליזמוס אַליין איז צוריקגעגאַנגען צום שטאַאַט-קאַפּיטאַליזמוס פון לואי בלאַן און האָט ביסלעכווייז פערלאָרען זיין ריינעם און איינפאַכען כאַראַקטער, וועלכען דער גייסט פון די לאַטיינישע פעלקער האָט איהם פריהער געגעבען. ער האָט אָנגענומען אַ צענטראַליסטישען כאַראַקטער, וועלכער איז פיינדליך צו די אנשויאונגען פון די ראָמאַנישע פעלקער, וועלכער איז אָבער אין אַנקלאַנג געווען מיט די גייסטישע שטרעבונגען אין דייטשלאַנד, דען די פעריינינונג פון אַלע קליינע דייטשע שטאַאַטען אין א גרויסען דייטשען קייזעררייך איז שוין לאַנג געווען דער טרוים פון דיזער נאַציאָן.

* * *

אָבער עס גיט אויך נאָך איניגע אַנדערע אורזאַכען, וועלכע ערקלעהרען אונז די אינערליכע קראַפט פון דער יעצטיגער רעאַקציאָן: די געוואַלדיגע ענטוויקלונג פון די אייראָפּעאישע קאָלאָניען אין פרעמדע לענדער. די אייראָפּעאישע בורזשואַזיע בעניגענט זיך היינט ניט מעהר דערמיט צו פערגרעסערען איהרע רייכטהימער דורך די אויסבייטונג פון די אַרבייטער אין דעם אייגענעם לאַנד. די וואונדערבאַרע ענטוויקלונג פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען פערקעהר האָט איהר געגעבען די מעגליכקייט צו האַלטען איהרע שקלאַפען און לייבאייגענע אין אַלע טהיילען פון דער

וועלט: אין צענטראַל-אַזיען, איז אַפֿריקאַ, אין אינדיען אין כינאַ א. ז. וו. אַלע שטאַאַטען, וואָס זיינען הינטערשטעליג אין זייער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג דאַרפֿען בעצאָהלען זייער שטייערן און אַבגאַבען צו די אייראָפּעאישע בורזשואַס. די בורזשואַזיע אין ענגלאַנד, אין פֿראַנקרייך, אין האָלאַנד און בעלגיען בייטען היינט אויס די גאַנצע וועלט מיט זייערע אַקציען און קופּאָנען. גאַנצע שטאַאַטען ליעגען אין די הענד פֿון די באַנקירען אין לאָנדאָן, פּאַריז, ניו-יאָרק און אַמסטערדאַם; ווי צ. ב. ש. גריעכענלאַנד, די טירקיי, עגיפּטען און כינאַ; און שוין פֿערזוכט מען מיט אַלע מעגליכקייטען צו ברייננען יאַפּאַן אין דיזעלבע שטעלונג, מיט דעם וואָס מען באָרגט אויס דעם „טהייערען פֿערבונדעטען" די נייטיגע געלדער אויף 6 און 7 פּראָצענט און מאַכט היפּאָטעקען אויף אַלע יעהרליכע שטייערן און אָבגאַבען פֿיר אויסלענדישע פּראָדוקטען. אין דערזעלבער צייט און אויף דעם זעלבען שטייגער וואַרפֿט מען צו די אייראָפּעאישע אַר-בייטער עטליכע ביסען: דער שטאַאַט גיט די קינדער צו עסען אין די שוהלען, ער גיט זאָגאַר דעם אַרבייטער עטליכע פֿראַנק אַ וואָך פּענסיאָן, ווען ער איז אַלט געוואָרען 60 יאָהר, דערפֿאַר וואָס ער העלפֿט איהם ערָאָבערען פֿרעמדע קאָלאָניען און גיט איהם די מעגליכקייט צו פֿערדינען מיליאָנען אין אַזיען און אַפֿריקאַ.

און אויסערדעם גיט עס נאָך אַ רעאַקציאָנערע קראַפֿט, וועלכע מיר דאַרפֿען ניט פֿערגעסען, נעמליך די קאָנטרע-רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציאָן פֿון אַלע קריסטליכע קירכען, הויפּזעכליך פֿון דער רוימיש-קאַטהאָלישער קירכע, אום צו דערשטיקען מיט אַלע מעגליכקייטען דעם גייסט פֿון אויפֿ-קלעהרונג, מענשליכקייט און רעוואָלוציאָן. די אַטאַקען געגען דעם מאַ-טעריאַליזמוס און געגען די וויסענשאַפֿט אין אַלגעמיין, דער באָיקאָט געגען אַלע ביכער און מענשען, וועלכע פּריידיגען דעם פֿרייען געדאַנק אויף דעם סאָציאַלען, רעליגיעזען און פּאָליטישען געביעט — דאָס אַלעס איז ווערטה, מיר זאָלען עס דערמאָנען, אום צו בעקומען אַ ריכ-טיגע פֿאָרשטעלונג פֿון דער געוואַלדיגער רעאקציאָנערער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו בעקעמפּפֿען די רעוואָלוציאָן, אָבער דאָס אַלעס זיינען נאָר קלענערע פֿאַקטאָרען, די הויפּט-אורזאַכע פֿון דער יעצטיגער רעאַקציאָן איז די נידערלאַגע פֿון פֿראַנקרייך, וועלכע האָט פּאַראַליזירט פֿאַר אַ געוויסע צייט זיין גייסטיגעס לעבען, און די אינטע-לעקטועלע הערשאַפֿט פֿון דייטשלאַנד, וועלכע איז הינטערשטעליג מיט 30 אָדער 40 יאָהר אין פֿערגלייך מיט פֿראַנקרייך, צוליעב זיין געאָגראַ-פֿישע לאַגע און זיין; פֿערגאַנגענהייט, טראָץ די גוטע אייגענשאַפֿטען און די וואונדערבאַרע פֿעהיגקייטען פֿון זיין פֿאָלק.

דאָס זיינען די אורזאַכען, וועלכע האָבען צוריקגעהאַלטען די רעוואָלו-ציאָן; אָבער איז דאָס אַ גרונד צו בעהויפּטען, אַז זיי וועלען איהר

פערהינדערען פאַר אַלע צייטען? אַזאַ בעהויפּטונג וואָלט געווען די גרעסטע לעכערליכקייט, וועלכע מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען.

אַ וואונדערבאַרע ערשיינונג מאַניפעסטירט זיך געגענווערטיג אין דער ענטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. עס איז וואַהר, אַז דער אַרבייטער געהט היינט צום שטים-קאַסטען, ער נעהמט אַן אַנטהייל אין די פּאָליטישע דעמאָנסטראַציאָנען; אָבער ער פיהלט אינסטינקטיוו, אַז דיזע אַלע זאַכען זיינען ניט מעהר ווי אויסערליכע בעפּוצונגען, ער פיהלט, אַז די הויפּזאַכע איז דער אינערליכער קערן פון דער בעוועגונג. ער פעראייניגט זיך אין געווערקשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע טראָגען מייסטענטהיילס אַן אינטערנאַציאָנאַלען כאַראַקטער. — „זייט פאָרזיכטיג מיט דיזע יוניאָנס, די אַרבייטער אין דיזע פעדערירטע פעראייניגונגען טרוימען ניר פון איין זאַך, זיי גרייכען זיך צו פאַר אַ רעוואָלוציאָן, אום צו עקספּראָפּריאירען די אייגענטהימער און צו צונעהמען אַלעס דאָס וואָס איז נויטהווענדיג צו לעבען און פּראָדוצירען!" דאָס זיינען געווען די ווערטער פון אַ קאָמיסיאָן, וועלכע די רעגירונג פון קאַנאַדאַ האָט קירצליך בעאויפטראַגט צו אונטערזוכען די אַרבייטער-אָרגאַניזאַציאָנען.

„געוויס, זיי שטימען פאַר אייך, זיי געהאָרכען אייך"! זאָגען די דייטשע בורזשואַס צו די פיהרער פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. „אָבער דיינקט ניט, אַז איהר האָט זיי אין אייערע הענד. זייער רעוואָלוציאָנערער גייסט וועט זיך ערשט דייטליך אַרויסצייגען, ווען עס וועט זיך מאַכען אַן אויפשטאַנד, אַ רעוואָלוציאָן, אין אַזעלכע צייטען געפינט די ראַדיקאַלסטע ריכטונג שטענדיג די גרעסטע סימפּאַטהיע, און איהר וועט זיין געצוואונגען צו געהן פאָרווערטס. איהר זייט די פיהרער — אָבער איהר וועט דאַן דאַרפען געהאָרכען!"

איבעראַל זעהען מיר די סמנים פון אַ נייע פּעריאָדע, וועלכע רופען אַרויס אונזער אויפמערקזאַמקייט. דער אַרבייטער שטימט, ער דעמאָנסטרירט; אָבער אין דערזעלבער צייט זעהען מיר אין איינע לענדער אַ נייע בעוועגונג, פיעל עדנסטער פון דער ערשטער, און דיזע בעוועגונג וואַקסט און ענטוויקעלט זיך שטילערהייט. דער אַלטער בלאַנקי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אין פּאַריז געפינען זיך 50.000 אַרבייטער, וועלכע קומען קיינמאָל ניט אין אונזערע פערזאַמלונגען און בעראַנגען ניט צו קיין אָרגאַניזאַציאָן, אָבער אין דעם טאָג ווען מיר ווילען שטעהן אויף די באַריקאַדען, ווילען זיי זיך שלאָגען און מאַכען די רעוואָלוציאָן. די זעלבע ערשיינונג זעהען מיר היינט ביי די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט.

זיי האָבען זייער אידעע, זייער מיינונג, און אין דעם טאָג, ווען דיזע אידעע וועט בעקומען פלייש און בלוט, ווילען זיי קעמפפען פאַר איהר מיט דער ביטערסטער ענערגיע. זיי רעדען ניט וועגען דעם, נאָר זיי פערשטעהען עס גאַנץ גוט, זיי ווייסען, אַז דער טאָג וועט און מוז קומען,

אויף דיזע אָדער יענע אַרט, ווען זיי וועלען דאַרפֿען נעהמען די ביקס אין האַנד און אָנפֿיהרען אַ קריעג מיט דער בורזשואַזיע. וואָס רעדט איהר? וועט מען אונז פֿרעגען, וואו זיינען אייערע אַרגומענטען? איהר מעגט זיכער זיין, אַז דער טאָג וועט און מוז קומען. ער איז פֿיעל נעהנטער ווי פֿיעלע גלויבען. נאָך אַ פּאָר יאָהר און די אידעע פֿון'ם גענעראַל-סטרייק וועט בעהערשען די גאַנצע וועלט. דיזע אידעע וועט בעגייסטערען אַלע הערצער און געפֿינען מיליאָנען אָנהייננגער ביי די אַרבייטער... און וואָס וועט איהר דאַן טהאָן?

עס בלייבט זיך גאַנץ עגאַל, וואָס פֿאַר אַ פּאַסירונגען עס וועלען געבען דעם לעצטען סיגנאַל, פֿאָרווערטס, פֿאָרווערטס! וועט עס הייסען און די אַרבייטער וועלען מאַרשירען און גריגדען אַ נייע וועלט. אונזערע פֿיינדע האָבען זיך איינגערעדט, אַז זיי האָבען איין פֿאַר אַלע מאָל צושטעהרט און בעגראָבען דיזען טרוים. פֿיעלע פֿון אונזערע פֿריינדע האָבען אַליין פֿערלאָרען דעם מוטה און ניט געזעהן קיין פּראָגרעס. און טראָץ דעם לעבען היינט אונזערע אידעען שעהנער און גרויסאַרטיגער ווי קיינמאָל בעפֿאָר און בעגייסטערען די הערצער פֿון מיליאָנען אַרבייטער. די עקספּראָפּריאַציאָן איז דאָס ציעל, דער גענעראַלסטרייק איז דאָס מיטעל צו פּאַראַליזירען די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג אין אַלע לענדער פֿון דער גאַנצער וועלט.

אָבער וועט עס זיין די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן? קומט דיזע אידעע דירעקט פֿון פֿאָלק, אַזוי ווי עס איז שטענדיג געווען דער פֿאַל מיט אַלע גרויסע אידעען, וועלכע האָבען פֿאָרבערייטעט אַ נייע פֿאַזע אין דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע.

געוויס, עס איז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. גרייט זיך צו און העלפֿט מיט, אום דיזע בעוועגונג זאָל בעקומען דעם גאַנצען ערפֿאָלג און אונז ברייננגען די פֿרוכט פֿון אַלע גרויסע אידעען, וועלכע האָבען בעגייסטערט די הערצער פֿון די מענשען און זיי אָנגעטריבען אויף זייער וועג צו דער פֿרייהייט!

פּעטער קראָפּאָטקין.

מאַי 1904.

# פאָרוואָרט.

—()—

שוין דריטהאַלבען יאָהר, אז פעטער קראָפּאָטקין זיצט אין געפענגניס און איז אָבגעשניטען פון דער גאַנצער וועלט. זיין שטראָף איז אַ שווערע, אָבער דאָס וואָס ער איז געצוואונגען צו שוויינען איבער די ענינים, וואָס זיינען איהם ליעב און טהייער, איז נאָך פיעל פיינליכער און שווערער פאַר איהם · ס׳וואָלט איהם געווען אַבך גרינגער אַריבערצוטראָגען די געפאַנגענשאַפט, ווען מען וואָלט איהם ניט אָנגעטהאָן אַ שלאָס אויף׳ן מויל. מאָנאַטען, יאָהרען וועלען פיליכט פערבייגעהן, איידער ער וועט קריגען צוריק די מעגליכקייט צו ריידען און וועט קענען ווידער אויפנעהמען די אונטערבראָכענע געשפרעכען מיט זיינע גענאָסען.

די צייט פון געצוואונגענער רוה, וואָס אונזער פריינד מוז אַריבערטראָגען, וועט אודאי ניט געהן פערלאָרען, נאָר ס׳איז אונז צו לאַנג צו וואַרטען! שנעל לויפט אַוועק דאָס לעבען, און מיט אַ געפיהל פון שמערץ זעהען מיר, ווי עס פערגעהען די וואָכען און די מאָנאַטען, אין וועלכע דיזע עהרליכסטע און שטאָלצעסטע שטימע וועט ניט געהערט ווערען· אָנשטאָט דעם, וויפיעל אַלטעגליכע, געוועהנליכע זאַכען וועט מען אונז איבערקייען, וויפיעל שקרים וועלען אונז פערוואונדען דאָס האַרץ, וויפיעל פעראינטערעסירטע האַלב-וואַהרהייטען וועלען אונז פערטויבען די אויערן! מיט אונגעדולד ערוואַרטען מיר שוין צו הערען איינע פון דיזע ערנסטע רייד, אָהן הינטערגעדאַנקען, וועלכע פראָקלאַמירען אָפען דאָס רעכט פון דער גאַנצער מענשהייט.

אָבער אויב דער געפאַנגענער פון קלערוואָ *) האָט ניט די פרייהייט זיך צו אונטערהאַלטען מיט זיינע חברים, קענען זיי, די קאַמעראַדען זיינע, ווייניגסטענס זיך ערמאינערן אָן זייער פריינד און צונויפנעהמען די ווערטער, וואָס ער האָט אַמאָל גערעדט. דאָס איז אַ פפליכט וואָס איך בין אַצונד אום שטאַנד צו ערפילען און איך נעהם זיך דערצו מיט דער גרעסטער צופרידענהייט. די אַרטיקלען, וואָס קראָפּאָטקין האָט געשריבען

---

*) דאָס געפענגניס, וואו קראָפּאָטקין איז געזעסען אין פראַנקרייך.

פון 1879 ביז 1882 אין דער „אַנאַרכיסטישער" צייטונג „לע רעוואָלטע" קומען מיר פאָר פאַסענד אָבגעדרוקט צו ווערען אין אַ בוך-פאָרם; נאָך מעהר דערפאַר וואָס דיזע אַרטיקלען זיינען ניט קיין אָבגעריסענע, יעדער איינער פאַר זיך, נאָר זיי פאָלגען איינער נאָך'ן צווייטען מיט אַ ריכטיגען סדר, די שטאַרקייט פון דעם געדאַנק האָט זיי געגעבען די נייטיגע אייניגקייט. טריי צו דער וויסענשאַפטליכער מעטהאָדע, לייגט דער פערפאַסער ראשית כל פונאַנדער די אַלגעמיינע לאַגע פון דער געזעלשאַפט, מיט איהרע אַלע שאַנד-טהאַטען, איהרע פערברעכען, איהרע יסודות פון צוויסטיגקייט און קריעג; ער צוגליעדערט די גאַנצע אָבגעלעבטקייט, די צופוילטקייט, וואָס עס שטעלען מיט זיך פאָר די שטאַאַטען און ער ווייזט אונז די שפּאַלטען וועלכע עפענען זיך, און די חורבות, וואָס ווערען פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער. דערנאָך ענטוויקעלט ער די פאַקטען פון ערפאַהרונג, וואָס די איצטיגע געשיכטע גיט אונז אין דעם זינן פון דער אַנאַרכיסטישער עוואָלוציאָן, ער דייטעט אונז אָן די גענויע בעדייטונג זייערע און ציהט דערפון די שליסע, וועלכע דאַרפען געצויגען ווערען. ענדליך, אין דעם קאַפּיטעל „די עקספּראָפּריאַציאָן", נעהמט ער צונויף זיינע אידעען, דער פּראָדוקט פון בעאָבאַכטונג און ערפאַהרונג, און ער אַפּעלירט צו די עהרליכע מענשען, וועלכע בענוגענען זיך ניט אַליין דערמיט וואָס זיי ווייסען, נאָר וועלבע ווילען אויך האַנדלען.

דאָ איז ניט דער אָרט פאַר מיר צו זינגען אַ לויב-ליעד דעם פערפאַסער. ער איז מיין פריינד, און אַז איך וואָלט אַרויסגעזאָגט דאָס גאַנצע גוטס, וואָס איך דיינק וועגען איהם, וואָלט מען מיר נאָך געקענט חושד זיין אין בלינד-גלויביגקייט אָדער מיר בעשולדיגען אין פּאַרטייליכקייט. עס וועט זיין גענוג פאַר מיר זיך צו האַלטען אין דעם פרט ביי דער מיינונג אפילו פון זיינע ריכטער, פון זיינע געפענגנים-וועכטער. צווישען די, וועלכע האָבען זיך צוגעקוקט פון נאָהענט אָדער פון וויטען צו זיין לעבען, איז ניטאָ קיין איינציגער מענש וואָס זאָל איהם ניט רעספּעקטירען, וואָס זאָל ניט אַנערקענען זיין הויכע אינטעליגענץ און זיין האַרץ, פול מיט גוטסקייט, קיין איינציגער, וואָס זאָל איהם ניט קענען אַלס אַ ווירקליך נאָבעלען און ריינעם כאַראַקטער. און נאָך אַלעמען, האָט ער דען ניט צו פערדאַנקען זיינע אייגענשאַפטען גופא, דאָס וואָס ער איז אַצונד אָבגעריסען פון דער וועלט? זיין זינד איז דאָס וואָס ער האָט ליעב די אָרעמע און די שוואַכע; זיין פערברעכען — דאָס וואָס ער האָט זיך אָנגענומען זייער קריוודע. די עפענטליכע מיינונג איז איינשטימיג, אַז מען

מוז רעספעקטירען דיזען מאַן, און דאָך איז זי גאָר נִיט ערשטוינט צו זעהן, ווי די טהירען פֿון דער תפיסה פֿערמאַכען זיך אַזוי אונבאַרמהערציג הינטער איהם, אַזוי נאַטירליך קוקט עס עפּעס אויס, אַז די איבערגעבענהייט, די גוטסקייט זאָל בעצאָהלט ווערן מיט ליידען. ס'איז אונמעגליך צו זעהן קראַפּאָטקינען אין דעם געפֿענגנים-הויף, זיך בעגריסען מיט איהם און זיך ניט פֿרעגען אין דער זעלבער צייט: „און איך, פֿאַרוואָס בין איך עפּעס פֿריי? איז דאָס אפשר דערפֿאַר וואָס איך בין עס ניט ווערטה?"

על כל פנים, די לעזער פֿון דיזען בוך דאַרפֿען זיך ניט אַזוי אָבגעבען מיט דער פערזאָן פֿון דעם פֿערפֿאַסער ווי מיט דער ווערטה פֿון די אידעען, וועלכע ער לייגט דאָ פֿאָר. אָט די אידעען גיב איך דאָ איבער מיט צוטרוי צו די רעכט-דיינקענדע מענשען, וועלכע מאַכען ניט אָב אַפֿריהער זייער אורטהייל איבער אַ ווערק, איידער זיי האָבען עס נאָך אויפֿגעעפֿענט, איבער אַ מיינונג, איידער זיי האָבען זי נאָך געהערט. שלאָגט כפרות מיט אייערע פֿאָראורטהיילען. געוועהנט זיך איין, זיך אויסצוטהאָן כאָטש אויף אַ קורצער צייט פֿון אייערע אינטערעסען, און לייענט דיזע בלעטער, זוכענדיג איינפֿאַך די וואַהרהייט. דער פֿערפֿאַסער פֿערלאַנגט פֿון אייך בלויז איין זאַך, זיך צו טהיילען מיט איהם אויף איין מאָמענט מיט זיין אידעאַל, דאָס גליק פֿון כלל, פֿון דער גאַנצער, מענשהייט ניט נור פֿון עטליכע מיוחסים. אָט דער וואונש, ווי מאָמענטאַן, ווי פֿערגעהענד ער זאָל ניט זיין, אויב ער איז נור ווירקליך ערנסט און ניט קיין ריינער קאַפּריז פֿון אייער פֿאַנטאַזיע, אַ בילד וואָס פֿליהט פֿערביי אייערע אייגען, דאַן קען געמאָלט זיין, אַז איהר זאָלט גאָר גיך זיין איינפֿערשטאַנדען מיט'ן שרייבער. אויב איהר ווינשט דאָסזעלבע וואָס ער, וועט איהר פֿערשטעהן זיינע ווערטער. אָבער איהר ווייסט פֿון פֿאָראויס, אַז דיזע אידעען וועלען אייך ניט ברייגען קיין כבוד און קיין גדולה; דורך זיי וועט איהר קיינמאָל ניט קענען קריגען קיין גרויסאַרטיגע שטעלע מיט אַ פֿעטען געהאַלט; אדרבה, ס'קען זיין, אַז צוליעב זיי וועלען זיך אייערע אַלטע פֿריינד אָבטרייסלען פֿון אייך, אָדער איהר קענט נאָך גאָר האַרט בעשטראָפֿט ווערן דערפֿאַר. זוכט איהר די גערעכטיגקייט, טאָ דאַרפֿט איהר זיך ריכטען, מען זאָל אייך דערפֿאַר בעצאָהלען מיט אונגערעכטיגקייט.

אין דער צייט וואָס דיזעס ווערק דרוקט זיך,*) איז פֿראַנקרייך פֿול מיט די וואַהלען. איך בין ניט אַזוי נאַאיוו, פֿאָרצולייגען די קאַנדידאטען, זיי זאָלען דורכלעזען דיזען בוך,—זיי האָבען אַנדערע „פֿליכטען" צו ערפֿילען, אָבער

*) 1885טען יאָהר.

# פֿאָרוואָרט

איך לאַד איין די וועהלער צו נעהמען אין דער האַנד די „ווערטער פֿון אַ
רעוואָלוציאָנער“, און איך דייט זיי הויפּטזעכליך אָן אויף דעם קאַפּיטעל
„די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג“. זיי וועלען דערפֿון אַרויסזעהן, צי דאַר-
פֿען זיי ווירקליך שיינקען צוטרוי אָט די אַלע מענער, וועלכע שיטען זיך
איצט פֿון אַלע זייטען און זיינען אַזוי גרייט און אַזוי גליקליך צו פֿערטרע-
טען זייערע מיט-בירגער אין פּאַרלאַמענט. איצט איז אַלעס אַזוי גוט און
פֿיין, די קאַנדידאַטען זיינען אַלוויסענד און אונפֿעהלבאַר; אָבער וואָס
וועלען זיין די עווועהלטע, די דעפּוטאַטען? אַז זיי וועלען שוין ענדליך
האָבען זייער טהייל קעניגטהום, וועלען זיי דען ניט גויטוועגדיגערווייזע
אַריינגעכאַפּט ווערן אין דעם קאָכיגען שטראָם פֿון מאַכט און פֿערגעסען,
אָקוראַט ווי די קעניגע, אָן יעטוועדע פֿערנונפֿט, אָן יעטוועדע טוגענד?
ווען זיי זאָלען אפילו זיין ענטשלאָסען צו האַלטען וואָרט און דורכצופֿיה-
רען די אַלע צוזאָגען, וועלכע זיי האָבען ניט געזשאַלעוועט, ווי אַזוי אָבער
וועלען זיי קענען בלייבען עהרליך אין רעכטען מיטען פֿון דער מחנה פֿון
בעטלער און ראַטה-געבער? צוגעגעבען אפילו אַז אַריינגעהן אין פּאַר-
לאַמענט געהען זיי אַריין עהרליכע, ווי אַזוי אָבער קענען זיי פֿון דאָרט
אַרויסגעהן אַנדערש ווי פֿערדאָרבען! אונטער׳ן איינפֿלוס פֿון דיזען אינ-
טריגאַנטען-קרייז, זעהען מיר, ווי זיי דרעהען זיך איבער פֿון לינקס אויף
רעכטס, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען געשלעפּט געוואָרען פֿון אַ מין מע-
כאַניזמוס: אָקוראַט ווי די בראָנזענע מענשעלאַך אין דעם גרויסען טהורם-
זייגער, וועלכע קומען אַרויס צו דער ריכטיגער צייט, שלאָגען אָב זייער
צאָהל קלעפּ און גלייך נאָכדעם דרעהען זיי זיך אוים און ווערן נעלם
ערגעץ אין דער וואַנד.

ניט אין דעם אויסוואַהל פֿון נייע הערן ליגט דאָס גליק פֿון דער
מענשהייט. מוזען מיר אַלזאָ, מיר אַנאַרכיסטען, די פֿיינדע פֿון קריסטענ-
טהום,—מוזען מיר דערמאָנען אַ גאַנצע געזעלשאַפֿט, וואָס פּרעטענדירט
צו זיין קריסטליך, אָט די ווערטער פֿון אַ מענשען, וועמען זי האָט גע-
מאַכט פֿאַר אַ גאָט: „רופֿט קיינעם ניט: הערר, הערר!“ זאָל יעדער
איינער בלייבען זיין אייגענער הערר. אומזיסט וואָס איהר קוקט זיך אום
צו די אָפֿיציעלע שטוהלען, צו דער רוישענדער טריבונע; אומזיסט וואָס
איהר וואַרט פֿון דאָרט צו הערען אַ וואָרט פֿון פֿרייהייט. הערט זיך בעסער
צו צו די שטימען, וואָס קומען פֿון אונטען, און ווען זיי זאָלען אפילו מוז-
זען דורכגעהן דורך די גראַטעס פֿון אַ געפֿענגניס-קעמערל.

עליזע רעקלו.

קלאַרענס (שווייץ), 1טער אָקטאָבער, 1885.



I.

# די אלגעמיינע לאגע.

ס איז גאר קיין צווייפעל ניט, אז מיר געהען מיט גיכע טריט אנטקעגען דער רעוואלוציאן; מיר שטעהען פאר דעם אנפאנג פון א קאטאסטראפע, וועלכע — עהנליך ווי אין 1848 — וועט אויסברעכען אין איין לאנד און ארייגציהען אלע ארומליגענדע לענדער אין דער בעוועגונג, א קאטאסטראפע, וועלכע וועט צושטערען די פונדאמענטען פון דער היינטיגער געזעלשאפט און איבערבייטען די פארמען פון׳ם סאציאלען לעבען.

אום צו איבערצייגען די ריכטיגקייט פון אונזער אידעע איז עס אפילו ניט נויטיג, מיר זאלען זיך בענוצען מיט די ערקלערונג פון א בעריהמטען דייטשען היסטאריקער*) אדער מיט די נביאות פון א בעקאנטען איטאליענישען פילאזאף,**) וועלכע זיינען ביידע געקומען צו דעם שלוס, נאכדעם ווי זיי האבען שטודירט אלע איינצעלהייטען פון דער מאדערנער געשיכטע, דאס א כאציאלע רעוואלוציאן אין דיזען יאהרהונדערט וועט זיין אן אונפערמיידליכע

*) Gervinus, Einleitung zur Geschichte des 19. Jahrhunderts.

**) Ferrari, La Raison d'Etat.

טהאַטזאַכע; לאָמיר נאָר געבען אַקוק אויף דאָס בילד, וועלכעס האָט זיך אויפגעוויקעלט פאַר אונזערע אויגען זייט די לעצטע 25 אָדער 35 יאָהר, לאָמיר נאָר וואַרפען א בליק אויף אַלצדינג, וואָס עס געהט פאָר אַרום אונז.

צוויי וויכטיגע ערשיינונגען רופען אַרויס אונזער גאַנצע אויפמערקזאַמקייט: דער ערוואַכען פון'ם פאָלק און דער מאָראַלישער, גייסטישער און עקאָנאָמישער באַנקראָט פון די הערשענדע קלאַסען, וועלכער ווייזט זיך אָם בעסטען אַרויס אין די אומזיסטיגע אָנשטריינגונגען פון די הערשערס צו פערהינדערן דעם ערוואַכען פון די פעלקער.

***

יאָ, די פעלקער כאַפּען זיך אויף פון זייער שלאָף!

אין די פערשטיקטע וואָרקשאָפּס און אין די פעררויכערטע פאַבריקען, אונטער די דעכער פון די גרויסע פרוכט־שפייכלער און אין די פינסטערע גריבער פון די מינען ענטוויקעלט זיך שוין היינט אַ נייע וועלט. אין די גרויסע מאַסען, וועלכע די בורזשואָזיע פערהאַסט אַזוי פיעל, און אויף וועלכע זי קוקט שטענדיג מיט צושראָקענע אויגען, אין יענע מאַסען, פון וועלכע עס האָבען אין אַלע צייטען אַרויסגעשפּראָצט נייע לעבענדיגע אידעען, אידעען, וועלכע האָבען בעגייסטערט די גרויסע רעפאָרמאַטאָרס פון'ם גע־זעלשאַפטליכען לעבען, אין יענע מאַסען דיסקוטירט מען די שווערסטע פראַגען פון דער סאָציאַלער עקאָנאָמיע און פון דער פאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן. מען רעדט, מען פרעגט, מען מאַכט פערגלייכונגען און געפינט אויס נייע לייזונגען פאַר די גרויסע פראַגען פון אונזער צייט, לייזונגען, וועלכע גרינדען זיך אויף דאָס געפיהל פון גע־רעכטיגקייט און הומאַניטעט. מען אונטערזוכט די בלוטיגע וואונדען פון דעם קראַנקען געזעלשאַפטס־קערפּער און מאַכט זיי ברייטער און טיעפער. אין די מוחות ענטוויקלען זיך גאַנץ נייע בעגריפע און פאָרשטעלונגען.

די מיינונגען זיינען פֿערשידען און אונטערשיידען זיך איינע פֿון די אַנדערע; אָבער צוויי אידעען הערען זיך דייטליך אַרויס פֿון דעם כאַאָס פֿון סאָציאַלע פֿאָרשטע־לונגען און בעגריפֿע: די אָבשאַפֿונג פֿון דעם פּריוואַט־אייגענטהום — דער קאָמוניזמוס; און די אָבשאַפֿונג פֿון׳ם שטאַאַט — די פֿרייע קאָמונע, די אינטערנאַציאָנאַלע פֿער־איינִיגונג פֿון די אַרבייטער. צוויי וועגען טרעפֿען זיך צו־זאַמען ביי דעמזעלבען ציעל — דער גלייכהייט. ניט די היפּאָקריטישע און ליגנערישע פֿאָרם פֿון דער גלייכהייט, וועלכע די בורזשואַזיע האָט אָנגעשריבען אויף איהר פֿאָהן, ניט די גלייכהייט, וועלכע די בעזיצענדע קלאַסע האָט אַריינגענומען אין איהרע געזעץ־ביכער, כדי זיי זאָלען בעסער קענען אויסבייטען און אונטערדריקען די פּראָדו־צירער, ניין, די ווירקליכע גלייכהייט, וועלכע פֿאָדערט די ערד, דאָס קאַפּיטאַל און די אַרבייט פֿאַר אַלעמען.

די הערשענדע קלאַסען מעגען אונטערדריקען דיזע שטרעבונגען, זיי קענען בעגראָבען זייערע אָנהייגער אין זייערע קערקערס און געפֿענגניסע און דערשטיקען דאָס פֿרייע וואָרט, אָבער זיי וועלען קיינמאָל ניט פֿערהינדערן, אַז דיזע אידעען זאָלען ניט אַריינדרינגען אין די מוחות פֿון די מענשען. פּונקט ווי דער חלום פֿון די רייכע און פֿרייע לענדער אין אָריענט האָט בעגייסטערט די הערצער פֿון די לייבאייגענע אין מיטעלאַלטער און האָט געמאַכט, זיי זאָלען זיך אָנשליסען צו דער בעוועגונג פֿון די קרייץ־ציגע, אַזוי וועלען אויך די נייע אידעען און שטרעבונגען עראָבערן די הערצער און גייסטער פֿון די אונטערדריקטע. דיזע אידעען קענען פֿערשלומערט ווערען פֿאַר אַ מאָמענט, מען קען פֿערהינדערן ביז צו אַ געוויסען גראַד זייער פֿרייע ענטוויקלונג, אָבער זיי וועלען זיך צולעצט דאָך דורכגראָבען זייער וועג, און זייער זיעג וועט זיין נאָך פֿאָלשטענדיגער. גיט נאָר אַ קוק אויף דעם ערוואַכען פֿון׳ם

סאָציאַליזמוס אין פראַנקרייך, וועלכער איז יעצט שוין דעם צווייטען מאָל אויפגעשטאַנען תחית המתים אין דער קורצער צייט פון 15 יאָהר. די אונטערדריקונג פון דער פאַריזער קאָמונע האָט די בעוועגונג אָבגעשוואַכט אויף אַ מאָמענט, אָבער זי האָט זיך ווידער ענטוויקעלט פון דאָס ניי, און איהר קראַפט איז געוואָרען צוויי מאָל אַזוי שטאַרק. ווי באַלד עס וועט געמאַכט ווערען דער ערשטער פערזוך צו פערווירקליכען די נייע אידעען, וועלען זיי ענטציקען די הערצער פון אַלעמען דורך זייער נאַטירליכע שעהנהייט און זייערע איינפאַכע און לאָגישע פאָרמען. איין איינציגער געלונגענער פערזוך און דער צוטרויען צו דעם נייען אי־דעאַל וועט געבען די פעלקער אַ העלדישע בעגייסטערונג.

דיזער מאָמענט קען ניט מעהר זיין וועיט, יעדע פאַסי־רונג ברייננט אונז נעהנטער און נעהנטער צו איהם; דאָס עלענד אַליין, וועלכעס צווינגט די אונגליקליכע איבערצו־דיינקען זייער לאַגע, די אַרבייטסלאָזיגקייט, וועלכע רייסט אַרויס דעם אַרבייטער פון זיין איינגען וואָרקשאָפּ און פיהרט איהם אַרום אין די גאַסען, וואו ער ווערט פלוצלונג בעקאַנט מיט דער אונפעהיגקייט און די ניעדריגקייטען פון די הערשענדע קלאַסען, דאָס אַלעס זיינען גענוג אורזאַכען צו ברייננען די רעוואָלוציאָן.

* * *

און וואָס טהוען די הערשענדע קלאַסען, אום צו פער־בעסערען דעם יעצטיגען צושטאַנד?

די נאַטור־וויסענשאַפטען האָבען געמאַכט אַ געוואַלדיגען פּראָגרעס, וועלכער דערמאָנט אונז אין דער צייט בעפאָר דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן; מוטהיגע ער־פינדער שאַפען יעדען טאָג נייע רייכטהימער פאַר דער מענשהייט און גיבען איהר די וואַפען אין די הענד, מיט וועלכע זי איז אימשטאַנדע צו בעקעמפען די ווילדע קרעפטע פון דער נאַטור; אָבער טראָץ דעם שלאָפט די־

סאָציאַלע וויסענשאַפט פון דער בורזשואַזיע אָדער זי בעשעפטיגט זיך מיט אַלטע פוסטע טהעאָריען. מאַכען די הערשענדע קלאַסען איבערהויפט אַ פראָגרעס אין פראַקטישען לעבען? געוויס ניט! ווי א באַנדע משוגעים פערטהיידיגען זיי זייער אַלטע, פערלאַטעטע פאָהן, דעם קאַמפף פון איין מענש געגען דעם צווייטען, פון איין נאַציאָן געגען די אַנדערע, די אַלמעכטיגקייט פון דעם צענטראַליסטישען שטאַאַט.

היינט זיינען זיי אַנהייגער פון דער פראָטעקציאָן, מאָרגען זיינען זיי פאַר דאָס סיסטעם פון פרייהאַנדעל, און איבערמאָרגען פאַנגען זיי אָן דאָסזעלבע שפּיעל פון דאָס ניי; זיי געהען פון דער רעאַקציאָן צום ליבעראַליזמוס און פון׳ם ליבעראַליזמוס צו דער רעאַקציאָן, פון דער רעליגיאָן צום אַטהעאיזמוס און פון׳ם אַטהעאיזמוס צוריק צו דער רעליגיאָן. זיי האַלטען אין איין ציטערן פאַר דער צוקונפט און קוקענדיג שטענדיג אויף דער פערגאַנגענהייט, זיינען זיי אַבסאָלוט אונפעהיג צו שאַפען עפּעס נייעס און פעסטעס אין דער געזעלשאַפט.

זייער גאַנצע טהעטיגקייט בעשטעהט אין די אָבלייקנונג פון די פערשפרעכונגען, וועלכע זיי האָבען געגעבען די אַרבייטער.

זיי האָבען אונז פערשפּראָכען די פרייהייט פון דער אַרבייט און האָבען געמאַכט פון אונז פאַבריק־שקלאַפען, שקלאַפען פון דעם פאַבריקאַנט און מייסטער; זיי האָבען זיך אונטערגענומען צו אָרגאַניזירען די אינדוסטריע, אום צו שאַפען פאַר אונז אַ מענשליכען דאַזיין, אָבער שטענדיגע קריזיסען און אַ שרעקליכעס עלענד זיינען געוועזען די רעזולטאַטען. זיי האָבען אונז בילדונג פערשפּראָכען, אָבער זיי האָבען אַוועקגערויבט פון אונז יעדען מיטעל זיך צו לערנען און צו שטודירען; דעם פריעדען האָבען זיי אונז פערשפּראָכען און זיי האָבען אונז געשלעפּט פון איין מלחמה צו דער אַנדערער.

אַלע פֿערשפּרעכונגען זייערע האָבען זיי געבראָכען.

* * *

אָבער דאָס פֿאָלק איז מיעד געוואָרען און הייבט אָן צו פֿרעגען: וואו האַלטען מיר, נאָכדעם ווי די בורזשואַזיע האָט אונז אַזוי לאַנג רעגירט און אָבגענאַרט?

דער ענטפֿער אויף דיזע פֿראַגע איז די יעצטיגע עקאָנאָמישע לאַגע אין אייראָפּאַ.

דער קריזיס, וועלכער איז פֿריהער געווען אַ פֿאַרביי־געהענדע ערשיינונג, איז היינט געוואָרען אַ כראָנישע קראַנקהייט; אַ קריזיס אין דער באַמוועל־וועבעריי, אַ קריזיס אין דער אייזען־אינדוסטריע, אַ קריזיס אין דער זייגער־פֿאַבריקאַציאָן, און אַלע קריזיסען מאַניפֿעסטירען זיך היינט מיט איין מאָל און האַלטען אָן וואָס ווייטער אַלס לענגער.

די צאָהל פֿון די אַרבייטסלאָזע אין אייראָפּאַ בעטרעפֿט עטליכע מיליאָן, טויזענדער און טויזענדער מענשען וואַנדערן פֿון שטאָדט צו שטאָדט און בעטען ברויט אָדער אַרבייט. פּונקט ווי די בויערן אין 1787 האָבען אַרומגעוואַנדערט איבער דאָס גאַנצע לאַנד, ניט געפֿינענדיג אויף דער רייכער, פֿון די אַריסטאָקראַטען געטריבענער ערד פֿון פֿראַנקרייך אַ שטיקעל לאַנד צו בעזייען און אַ לאָפּעטע צום גראָבען, אַזוי וואַנדערן היינט די אַרבייטער פֿון שטאָדט צו שטאָדט, דערפֿאַר וואָס אַ קליינע צאָהל לייִדיגגעהער האָט מאָנאָפּאָליזירט די פּראָדוקציאָן און די אַרבייטס־געצייג.

גאַנצע צווייגען פֿון דער אינדוסטריע ווערען פֿערניכטעט, גאַנצע שטעדט, אַזוי ווי שעפֿיעלד, ווערען פֿערוואַנדעלט אין אַ וויסטעניש. עלענד אין ענגלאַנד, הויפּטזעכליך אין ענגלאַנד, דען דאָרטען האָבען די „פּאָליטישע עקאָנאָמען“ אַם בעסטען פּראַקטיצירט זייערע פּרינציפּען; עלענד אין עלזאַס; הונגער אין שפּאַניען און איטאַליען; איבעראַל

שטילשטאַנד און אַרבייטסלאָזיגקייט. און מיט דער אַרבייטס־לאָזיגקייט קומט די נויט, קומט דער הונגער: קינדער מיט בלאַסע, איינגעפאַלענע פּנים'ער, פרויען, וואָס ווערען אין איין ווינטער מיט פינף יאָהר עלטער, שרעקליכע קראַנק־הייטען, וועלכע פערניכטען גאַנצע רייהען פון אַרבייטער — אָט דאָס זיינען די פריכטע, וואָס די בורזשואַזיע האָט אונז געבראַכט.

און זיי ריידען נאָך פון איבערפּראָדוקציאָן! הייסט דאָס איבערפּראָדוקציאָן, ווען דער קוילענגרעבער, וועלכער גראָבט אויס גאַנצע בערג קוילען, האָט ניט קיין פייער, אום זיך צו שיצען געגען די קעלט פון'ם ווינטער? הייסט דאָס איבערפּראָדוקציאָן, ווען דער וועבער, וועלכער וועבט טויזענדער און טויזענדער מעטער שטאָף, האָט ניט קיין העמד פאַר זיינע קינדער? הייסט דאָס איבערפּראָדוקציאָן, ווען דער מויערער, וועלכער בויט די פּאַלאַצען, פערברייננגט זיין לעבען אין אַ פינסטערע לאָך? הייסט דאָס איבער־פּראָדוקציאָן, ווען דער אַרבייטער, וועלכער שאַפט דעם גאַנצען לוקסוס פאַר די רייכע מאָדע־דאַמען, געהט אַרום אין אַלטע צוריסענע שמאַטעס, אום זיך צו שיצען פון רעגען און ווינד?

איז דאָס די אָרגאַניזאַציאָן פון דער אינדוסטריע? מען וואָלט עס בעסער געדאַרפט אָנרופען די געהיימע אַליאַנץ פון'ם קאַפּיטאַל, אום צו פערשקלאַפען דעם אַרבייטער דורך דעם הונגער.

* * *

„דער קאַפּיטאַליסט פערוועגדעט ניט זיין קאַפּיטאַל" — די פרוכט פון מענשליכער אַרבייטס־קראַפט, וועלכע האָט זיך אָנגעקליבען אין די קעשענעס פון אַ קליינע מינאָריטעט — „דער קאַפּיטאַליסט פערוועגדעט ניט זיין קאַפּיטאַל אויף לאַנד־ווירטשאַפט און אינדוסטריע, דערפאַר וואָס זיי

גיבען איהם צו ווייניג זיכערהייט;" אָט דאָס זיינען די ווערטער, וועלכע מען דערצעהלט אונז.

אָבער וואו קומט דען אַהין דאָס קאַפּיטאַל, ווען ס'געהט אַרויס פֿון די קעשענעס פֿון די רייכע?

וועגען דעם האָט איהר זיך ניט וואָס צו זאָרגען; עס גיט נאָך גענוג אונטערנעהמונגען, וועלכע ברייינגען דעם קאַפּיטאַליסט גרעסערע פּראָצענטען פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט און אינדוסטריע. ער פֿערזאָרגט די האַרעמס פֿון'ם סולטאַן מיט פֿרישע סחורה; ער באָרגט אויס געלד דעם רוס געגען דעם טערק און אין דערזעלבער צייט דעם טערק געגען דעם רוס.

נאָך בעסער! אין אַ שע־נעם טאָג גרינדעט מען אַן אַקציען־געזעלשאַפֿט, ניט חלילה אום צו בערייכערן די פּראָדוקציאָן, נאָר אום צו מאַכען מיט צוויי אָדער דריי יאָהר אַרום אַ געמיינעם באַנקראָט, נאָכדעם ווי די עהרליכע גרינדער האָבען זיך צוריקגעצויגען פֿון דער אונטערנעהמונג מיט די געררויבטע מיליאָנען אין די קעשענעס.

די ערשטע זאַך ווארפֿט זיך דער קאַפּיטאַליסט אויף דעם בערזען־שווינדעל. ער שפּעקולירט אויף די קינסטליכע העכערונג פֿון די פּרייזען פֿאַר קאָרן און באַמוועל; ער שפּעקולירט אויף די פּאָליטיק, אויף דעם שטייגען און פֿאַלען פֿון די אַקציען, וועלכער פֿינדעט שטאַט נאָך יעדער דיפּלאָמאַטישער ערקלעהרונג אָדער נאָך יעדער צוגעזאָגטער רעפֿאָרם, און זעהר אָפֿט טרעפֿט עס, אַז די אַגענטען פֿון דער רעגירונג נעהמען אַליין אַן אַנטהייל אין די שפּעקולאַציאָנען.

דער בערזען־שווינדעל רואינירט די אינדוסטריע, און דאָך רופֿט מען דאָס אַ גוטע געשעפֿטס־פֿיהרונג.

* * *

מיט איין וואָרט, דער עקאָנאָמישער כאַאָס איז אַם העכסטעז.

אָבער דיזער צושטאַנד קען זיכער ניט מעהר לאַנג אָנהאַלטען. דאָס פאָלק האָט זיך שוין גענוג אויסגעליטען, עס וויל שוין מעהר ניט דורכמאַכען די אייביגע קריזיסען, וועלכע ווערען פעראורזאַכט דורך די רויבערייען פון די הערשענדע קלאַסען. דאָס פאָלק וויל לעבען און אַרבייטען; עס וויל ניט פערברייננגען זיינע יאָהרען אין הונגער און עלענד, וועלכע זיינען נאָך פערבונדען מיט ערנידריגענדע נדבות.

דער אַרבייטער איבערציינגט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר, אַז די הערשענדע קלאַסע איז אַבסאָלוט אונפעהיג צו שאַפען בעסערע צושטענדע, זי איז אונפעהיג צו פערשטעהן די נייע שטרעבונגען, אונפעהיג צו פערוואַלטען די אינדוס־טריע, אונפעהיג צו אָרגאַניזירען די פראָדוקציאָן און דעם אויסטויש פון די פראָדוקטען.

עס וועט מעהר ניט נעהמען קיין לאַנגע צייט, ביז דאָס פאָלק וועט אַראָבוואַרפען די בורזשואַזיע פון איהר טהראָן, ווי באַלד עס וועט קומען דער גינסטיגער מאָמענט, ווע־לען די אַרבייטער אַריינגעהמען זייערע אַנגעלעגענהייטען אין זייערע אייגענע הענד.

דיזע צייט איז ניט מעהר ווייט. אַלע סאָציאַלע איבלען, וועלכע צופרעסען די מאָדערנע געזעלשאַפט, מאַכען איה־נויטווענדיג, און זי ווערט נאָך פערקירצט דורך דעם אי־נערליכען צופאַלען פון די שטאַאַטען, וועלכער ענטוויקעלט זיך מיט אַן אונגעהייערע שנעליגקייט.





II.

# דער צופאלען פון די שטאאטען.



לגעמיינער כאַאָס אויף דעם געביעט פֿון האַנדעל און אינדוסטריע און באַלדיגער אונטערגאַנג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער מעטהאָדע פֿון פּראָדוקציאָן, דאָס איז אין קורצע ווערטער דער אויסדרוק פֿון דער עקאָנאָמישער לאַגע אין אייראָפּאַ. דער פּאָליטישער צושטאַנד לאָזט זיך אויסדריקען אין די ווערטער: גיכער צופֿאַלען און צוקינפֿטיגער באַנקראָט פֿון די שטאַאַטען.

גיט נאָר אַקוק אויף אַלע שטאַאַטען אין אייראָפּאַ, פֿון דער רוסישער אויטאָקראַטיע ביז דער שווייצער בורזשואַ-רעפּובליק, און איהר וועט ניט געפֿינען קיין איינציגען פֿון זיי, וועלכער זאָל ניט ליידען פֿון שווערע אינערליכע קראַנקהייטען, וועלכע פֿיהרען אונז וואָס ווייטער אַלס נעהנטער צו דער רעוואָלוציאָן.

אַזוי ווי אַלטע, אָבגעלעבטע זקנים, וועלכע האָבען פֿערלאָרען די קראַפֿט פֿון זייער יוגענד, מיט צוקנייטשטע פּנים׳ער און שוואַכע, צובראָכענע גליעדער, ליידענדיג פֿון אינערליכע שמערצען און קראַנקהייטען, אונפֿעהיג זיך צוצופּאַסען צו די נייע אידעען, פֿערשווענדען זיי זייערע לעצטע שוואַכע קרעפֿטען; זיי עקזיסטירען אויף די קאָסטען פֿון דער קורצער צייט, וועלכע זיי האָבען נאָך צו לעבען, און זייערע געגענזייטיגע שטרייטיגקייטען און

קריגערייען וועלען נאָך גיכער אַרויסרופען די שטונדע פון זייער אונטערגאַנג.

* * *

די אַלטערשוואַכקייט, דיזע אונהיילבאַרע קראַנקהייט האָט דורכגענומען אַלע שטאַאַטליכע אָרגאַניזאַציאָנען. דער שטאַאַט, יענע אינסטיטוציאָן, וועלכע גיט איבער די פערוואַלטונג פון די אַלגעמיינע אָנגעלעגענהייטען צו אייניגע פערזאָנען אין די הענד, דער שטאַאַט איז היינט אַן אָבגעלעבטע זאַך, אַ טויטער מעכאַניזמוס, און די לענגסטע צייט פון זיין עקזיסטענץ איז שוין פאַרביי; דען די מענש־הייט בעשעפטיגט זיך שוין לאַנג מיט דער אויסאַרבייטונג פון בעסערע געזעלשאַפטליכע פאָרמען.

די אַלטע שטאַאַטען פון אייראָפאַ, וועלכע האָבען אין 18טען יאָהרהונדערט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זייער מאַכט, זיי שטאַרבען אָב ביסלעכווייז, און זייער אונטערגאַנג איז היינט ניט מעהר ווי אַ פראַגע פון צייט. די פעלקער, הויפטזעכליך די פעלקער פון דער לאַטייני־שער ראַסע, זיי וואַרטען שוין מיט אונגעדולד אויף דעם מאָמענט, וועלכער וועט זיי געבען די געלעגענהייט צו צו־שמעטערן דעם שטאַאַט, דערפאַר וואָס ער איז אַ שטענ־דיגער אָבהאַלט פאַר זייער פרייע ענטוויקלונג. זיי פאָדערן די פאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פון די פראָווינצען, די זעלבסטשטענדיגקייט פו די קאָמונען און אַרבייטער־גרופען און די פריינדשאַפטליכע פערבינדונג פון איין גרופע מיט די אַנדערע, אַ פעדעראַטיווע פעראייניגונג, וועלכע גרינדעט זיך ניט אויף די ברוטאַלע מאַכט, זאָנדערן אויף די געגענזייטיגע פערשטענדיגונג און אויף דעם פרייען בעשלוס פון די פעראייניגטע קערפערשאַפטען.

דאָס איז די היסטאָרישע עפאָכע, וועלכע האָט זיך יעצט אָנגעפאַנגען, און קיין מאַכט אין דער וועלט וועט ניט קענען אָבהאַלטען די פערווירקליכונג פון דיזע נייע אידעען.

ווען די הערשענדע קלאַסען וואָלטען כאָטש אַביסעל פֿערשטאַנען די יעצטיגע לאַגע, קיין צווייפֿעל, זיי אַליין וואָלטען זיך געשטעלט אָן דער שפּיצע פֿון דיזער געוואַלדיגער בעוועגונג, וועלכע נעהמט יעצט דורך די מוחות פֿון די מענשען; אָבער זיי זיינען אַלט געוואָרען צוזאַמען מיט זייערע פֿערשימעלטע טראַדיציאָנען, זיי האָבען פֿערלאָרען זייערע אַמאָליגע אידעאַלען און אָנערקענען ניט קיין אַנדער זאַך ווי דעם געלד־זאַק; דערפֿאַר קעמפֿען זיי מיט אַלע כוחות זייערע געגען דעם גייסט פֿון אונזער צייט. זייערע רעאַקציאָנערע מעטהאָדען זיינען די אונפֿערמיידליכע אורזאַכע פֿון אַ קומענדער רעוואָלוציאָן. די פֿרייהייטס־שטרעבונגען פֿון דער מענשהייט וועלען זיך דורכברעכען אַ וועג, אָבער דער וועג וועט ניט זיין קיין פֿריעדליכער, ער וועט געשאַפֿען ווערען אונטער דער דונער פֿון די ביקסען און קאַנאָנען, אינמיטען פֿייער פֿון דער רעוואָלוציאָן.

*
* *

נאָך דעם אונטערגאַנג פֿון די מיטעלאַלטערליכע אינסטיטוציאָנען האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די ענטוויקלונג פֿון די שטאַאַטען אין אייראָפּאַ, דורך עראָבערונג, פֿערראַטה און מאָרד האָבען זיי בעפֿעסטיגט און ענטוויקעלט זייער מאַכט. אין דיזער ערשטער פּעריאָדע פֿון זיין ענטוויקלונג האָט דער שטאַאַט נאָך ניט געוואַגט זיך אַריינצומישען אין אַלע אָנגעלעגנהייטען פֿון די מענשען. היינט האָט עס דעם שטאַאַט געלונגען צו רעגולירען און צו בעשטימען יעדע איינציגע האַנדלונג אונזערע. פֿון דער וויעג ביז צום קבֿר ליידען מיר אונטער דעם אייזערנעם יאָך פֿון זיינע געזעצע — היינט אונטערדריקט ער אונז אַלס אַ צענטראַלער שטאַאַט, מאָרגען אַלס אַ קאָנטאָנאַלע רעגירונג און איבערמאָרגען אַלס אַ זאָגענאַנטער פֿאָלקס־שטאַאַט; ער פֿערפֿאָלגט אונז אויף שריט און טריט, מיר בעגעגענען זיך מיט איהם אין יעדע גאַס, אין יעדען ווינקעל, ער לעגט

זיך אַרויף אויף אונז ווי אַ שווערע לאַסט און בעלעסטיגט אונז איבעראַל, וואו מיר זאָלען זיך ניט קעהרען.

פאַר יעדע פון אונזערע האַנדלונגען שאַפט ער בעשטימטע פאָרמען; ער רינגעלט אונז אַרום מיט אַ מויער פון געזעצען, און אפילו דער בעסטער אַדוואָקאַט קען ניט געפינען קיין אויסוועג אין דיזען כאַאָס. יעדען טאָג זעצט ער צו אַ נייען רעדעל אין דעם געזעצליכען מעכאַניזמוס, די מאַשינע ווערט אלס שווערער און קאָמפּליצירטער, און זאָגאַר איהרע פיהרער, וועלכע הייצען איהר איין, הויבען אָן זיך צו בעקלאָגען.

דער שטאַאַט האָט בעשאַפען אַ גאַנצע אַרמעע פון בעאַמטע און אפיציעלע גנבים, וועלכע ווייסען פון דער וועלט ניט מעהר, ווי דאָס וואָס זיי זעהען דורך די פערשטויבטע פענסטער פון זייערע ביוראָס, אָדער וואָס זיי האָבען געלערנט אין אַלטע, לעכערליכע שמאָטעס אָהן אַ געדאַנק און אָהן אַן אינהאַלט; דיזע פינסטערע באַנדע האָט נאַר איין אידעאַל, דעם אידעאַל פון'ם געלד־זאַק, זיי וועלען זיך אַנשליסען צו יעדער פּאַרטיי, צו זי איז שוואַרץ, בלוי אָדער ווייס, פאַרויסגעזעצט, אַז מען פערזיכערט זיי וויינינגער אַרבייט און מעהר געצאָהלט.

די רעזולטאַטען ווייסען מיר. גיט עס אפשר איין איינציגען צווייג פון דער שטאַאַטליכער טהעטיגקייט, וועלכער מוז ניט אַרויסרופען דעם האַס פון אַלע די, וועלכע האָבען דעם אונגליק צו קומען מיט איהם אין אַ בעריהרונג? גיט עס אפשר איין איינציגע שטאַאַטליכע אינסטיטוציאָן, וועלכע האָט אונז ניט קלאָהר און דייטליך געצייגט, אַז זי איז קאָרומפּירט ביז אין וואָרצעל אַריין און אונפעהיג אויפצוטהאָן עפּעס ריכטיגעס, טראָגט איהר יאָהרהונדערטער־לאַנגער עקזיסטענץ און די טויזענדער נייע פאָרמען, מיט וועלכע מען האָט פערדעקט דעם פערפוילטען קערפּער?

* * *

די אונגעהייערע סומען געלד, וועלכע דער שטאַאַט פרעסט אַרויס פֿון די פֿעלקער, ווערען וואָס ווייטער אַלס גרעסער, און דאָך קענען זיי איהם קיינמאָל ניט בעפֿרידי־גען. דער שטאַאַט לעבט שוין היינט אויף די קאָסטען פֿון די קומענדע דורות; יעדען טאָג מאַכט ער אָן נייע חובות, וועלכע מוזען איהם רואינירען מיט דער צייט.

די שולדען פֿון די אייראָפּעאישע שטאַאַטען האָבען שוין יעצט אַריבערגעשטיגען די אונגעהייערע, כמעט אונלויב־ליכע סומע פֿון 100 מיליאַרדען פֿראַנק.*) ווען מען וואָלט פֿערוועגדעט אַלע איינגאַהמען פֿון די אייראָפּעאישע שטאַאַטען ביז אויף דעם לעצטען סענט, אום צו בעצאָה־לען דיזע ריעזיגע שולדען, וואָלט עס גענומען העכער ווי 15 יאָהר, איידער מען וואָלט פֿאַרטיג געוואָרען. עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות צו דיינקען, אַז דיזע אונ־געהייערע חובות ווערען קלענער, פֿערקעהרט, זיי וואַקסען און ווערען גרעסער פֿון טאָג צו טאָג. עס איז אַ גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג, אַז די בעדירפֿניסע פֿון׳ם שטאַאַט זאָלען אַריבערשטייגען זיינע פֿינאַנציעלע מיטלען. דער שטאַאַט ווערט און מוז שטענדיג פֿערזוכען צו פֿערגרעסערן זיינע פריווילעגיען; יעדע פּאַרטיי, וועלכע בעקומט די פּאָליטישע מאַכט אין איהרע הענד, איז געצוואונגען צו שאַפֿען נייע אָנשטעלונגען און פלעצער פֿאַר איהרע אָנהיינגער.

פֿאָרגליך האַלטען די חובות פֿון די שטאַאַטען אין איין וואַקסען, זאָגאַר אין דער צייט פֿון פֿריעדען; אַ פּלעצליכער קריעג אָדער אַן אַנדער אויסערגעוועהנליכע פּאַסירונג ווערט אַרויסרופֿען אַזאַ שרעקליכען פֿינאַנציעלען צושטאַנד, אַז מיר קענען זיך אפילו ניט מאַכען קיין ריכטיגע פֿאָרשטע־

*) דיזע ריעזיגע סומע האָט זיך זייט דער ערשיינונג פֿון דיזען ווערק בעדייטענד פֿערגרעסערט.

(דער איבערזעצער)

לונג פֿון דעם. דאָס אַלעס ציינט אונז קלאָהר און דייטליך, דאָס עס גיט ניט קיין אויסוועג, וועלכער פֿיהרט אַרויס פֿון דיזען לאַבירינטה.

די שטאַאַטען בעוועגען זיך וואָס ווייטער אַלס גיכער צו דעם פֿינסטערען אָבגרונד, וועלכער וועט זיי פֿערשלינגען; דער טאָג איז ניט מעהר וויית, ווען די פֿעלקער וועלען זיך ענדליך ענטזאַגען צו בעצאָהלען די באַנקירען פֿיער מיליאַרדען פֿראַנק אַ יאָהר; זיי וועלען בעסער ערקלעהרען דעם אַלגעמיינען שטאַאַטס-באַנקראָט, און אויב די פּראָ־צענטניקעס ווילען עסען, וועט מען זיי הייסען בעאַרבייטען די ערד אָדער טהאָן אַן אַנדער ניצליכע אַרבייט.

* * *

די וואָס פֿערטהיידיגען דעם שטאַאַט, מוזען אויך פֿער־טהיידיגען דעם קריעג. דער גאַנצער שטרעבען פֿון'ם שטאַאַט איז צו פֿערגרעסערן זיין מאַכט; זיינע פֿערטרעטער מוזען שטענדיג טראַכטען וועגען דעם, זיי מוזען אָנווענ־דען אַלע מיטלען, צו זיין שטאַרקער פֿון די אַנדערע שטאַאַטען, אויב זיי ווילען ניט זיין קיין שפּיעלצייג אין זייערע הענד. דער שטאַאַט שטרעבט מיט אַלע זיינע כּחות צו פֿערגרעסערן זיין מאַכט און אָבצושוואַכען די מאַכט פֿון אַנדערע שטאַאַטען, אום זיי צו דיקטירען זיינע געזעצע, זיין פּאָליטיק, זיינע האַנדעלס-קאָנטראַקטען, מיט איין וואָרט, אום צו ווערען רייכער אויף זייערע קאָסטען. דער קאַמפּף פֿאר די ענטשיידענדע מאַכט, וועלכער ביל־דעט די גרונדלאַגע פֿון אונזער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַ־ציאָן, דערזעלבער קאַמפּף איז אויך דער וויכטיגסטער פּרינציפּ פֿון אונזער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן. דערפֿאַר איז דער קריעג אונטער די יעצטיגע אומשטענדען אַן אונפֿערמיידליכע ערשיינונג. מלחמות ווי דער קריעג צווי־שען פּרייסען און דענעמאַרק, צווישען פּרייסען און עסט־רייך, צווישען פֿראַנקרייך און דייטשלאַנד, אין דער קרימעאַ

און אַפגאַניסטאַן פאָלגען זיך איינע די אַנדערע. און שטענדיג גרייט מען זיך צו פאַר נייע מלחמות. רוסלאַנד, ענגלאַנד, דייטשלאַנד, דענעמאַרק זיינען יעדען אויגענבליק בערייט אַרויסצושיקען זייערע אַרמעען, און עס דאַרף ניט מעהר ווי אַ פונק, אום אָנצוצינדען אַ גרויסען פייער. אורזאַכען גיט עס גענוג; מען האַלט זיי שוין אָנגעגרייט אויף 30 יאָהר אין פאָראויס.

די פאָלגען פון דער מלחמה זיינען אַרבייטסלאָזיגקייט און אינדוסטריעלע קריזיסען אויף דער איינער זייט — און אויף דער אַנדערער זייט נייע אָבגאַבען און פערגרעסערונג פון די חובות. אויסערדעם איז יעדער קריעג אַ מאָראַלישע מפּלה פאַר דעם שטאַאַט; די פעלקער איבערצייגען זיך אַלס מעה־ פון זיין אונפעהיגקייט; דיזע אונפעהיגקייט צייגט זיך אפילו אַרויס אין זיין וויכטיגסטער אויפגאַבע: אין דער פערטהיידיגונג פון׳ם לאַנד. אפילו א זיעג קען ניט פערדעקען די מאָראַלישע מפּלה. לאָמיר נאָך אַקוק טהאַן אויף די אלגעמיינע אונצופרידענהייט, וועלכע עס האָט זיך פלוצלונג אַרויסגעצייגט נאָך דעם דייטש־פראַנצויזישען קריעג אין דיביידע לענדער; דאָסזעלבע האָבען מיר געזעהן אין רוסלאַנד נאָך דעם קריעג אין דער קרימעאַ. (און דאָסזעלבע זעהען מיר היינט נאָך פיעל דייטליכער ביי דעם רוסיש־יאַפּאַנעזישען קריעג. דער איבערזעצער)

די שטענדיגע מלחמות און די פערגרעסערונגען פון די אַרמעען רואינירען די שטאַאַטען און פיהרען אונז אלס גיכער צום מאָראַלישען און עקאָנאמישען באַנקראָט. נאָך איין אָדער צוויי גרויסע מלחמות אין איראָפּאַ וועלען דעם שוואַכען שטאַאַטס־מעכאַניזמוס אין גאַנצען צור־ שמעטערן.

* * *

אין אויסער דעם קריעג מיט פרעמדע לענדער — האָבען מיר דעם קריעג אין איינענעם לאַנד. די פעלקער

האָבען אָנגענומען דעם שטאַאַט, ווייל זיי האָבען איהם בעטראַכטעט אַלס דעם בעשיצער פון דער אַלגעמיינהייט, פאַר דעם פערטהיידיגער פון די שוואַכע געגען די שטאַרקע; היינט איז דער שטאַאַט ניט אַנדערש ווי אַ פעסטונג פון די רייכע געגען די אָרעמע, אַ וואַפע פון די איינענטהימער געגען די פראָלעטאַריער.

וואָס פאַר אַ נוצען ברייננט אונז אַלזאָ דער אונגעהייער מעכאַניזמוס, וועלכען מיר רופען שטאַאַט? בעשיצט ער דעם אַרבייטער פון דער אויסבייטונג פון'ם קאַפּיטאַליסט? בעשיצט ער דעם בויער פון די שווינדלערייען פון'ם פראָצענטניק? גיט ער אונז אַרבייט, אָדער זאָרגט ער זיך, אַז מיר זאָלען ניט אַריינפאַלען אין די שמוציגע הענד פון דעם וואוכערער? גיט ער אונז שפּייז פאַר אונזערע פרויען, וועלכע זיינען אַבגעשוואַכט פון הונגער און עלענד און זיינען ניט אימשטאַנדע צו ערנעהרען זייערע וויינענדע קינדער מיט די פערוועלקטע בריסט?

ניין, און טויזענדמאָל ניין! דער שטאַאַט איז דער בעשיצער פון דער אויסבייטונג און שפּעקולאַציאָן, דער בעשיצער פון דעם פּריוואַט-אייגענטהום, וועלכעס איז ענטשטאַנען דורך רויב און בעטרוג. דער פראָלעטאַריער, וועלכער בעזיצט ניט קיין אַנדער זאַך ווי די קראַפט און געשיקליכקייט פון זיינע הענד, האָט איבערהויפּט ניט וואָס צו ערוואַרטען פון דעם שטאַאַט. פאַר איהם איז דער שטאַאַט ניט אַנדערש ווי אַ טיראַנישע קערפּערשאַפט, וועלכע האָט דעם דירעקטען צוועק צו פערהינדערן זיין בעפרייאונג.

אַלצדינג פאַר דעם פּאַראַזיטישען אייגענטהימער, קיין זאַך ניט פאַר דעם פלייסיגען פּראָלעטאַריער. די בירגערליכע ערציהונג, וועלכע קאָרומפּירט שוין דאָס קינד אין אַנפאַנג פון זיין גייסטישער ענטוויקלונג און פילט איהם אָן דעם מוח מיט טויטע פאַראורטהיילע, וועלכע דערשטיקען אין

איהם יעדעס געפֿיהל פֿון גלייכהייט; די קירכע, וועלכע בעטראַכטעט די פֿערדומונג און אונוויסענהייט פֿון דער פֿרוי אַלס איהר העכסטע אויפֿגאַבע; די געזעצע, וועלכע פֿערהינדערן מיט געוואַלד דעם אויסטויש פֿון פֿרייע און סאָלידאַרישע אידעען צווישען די מענשען; דאָס געלד, אום צו קויפֿען די פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון דער פֿרייהייט; דער קערקער אָדער פּולווער און בליי, אום צו פֿערמאַכען די מיילער פֿון די, וועלכע ווילען ניט ווערען פֿעררעטהער פֿון זייערע אידעען; אָט דאָס איז דער שטאַאַט.

* * *

קען דיזער צושטאַנד נאָך אָנגעהן ווייטער פֿאַר אַ לאַנגע צייט? גיט עס איבערהויפּט אַ מעגליכקייט, ער זאָל קענען אָנגעהן ווייטער? געוויס ניט! אַ גאַנצע קלאַסע פֿון מענשען, וועלכע פּראָדוצירט אַלצדינג אין דער וועלט, קען ניט אויף אייביג ערהאַלטען אַן אָרגאַני־זאַציאָן, וועלכע איז דירעקט געשאַפֿען געוואָרען פֿאַר איהר אונטערדריקונג. איבעראַל, אונטער דער הערשאַפֿט פֿון דער רוסישער קנוטע, פּונקט ווי אונטער די היפּראָקריטישע פֿאָרמען פֿון די רעפּובליקען הייבען זיך אויף די פֿאָלקס־מאַסען. די מאָדערנע געשיכטע איז ניט אַנדערש ווי אַ קאַמפּף־פּעריאָדע פֿון דעם פּריווילעגירטען שטאַאַט געגען די פֿרייהייטס־שטרעבונגען פֿון די פֿעלקער. דיזער קאַמפּף איז די וויכטיגסטע בעשעפֿטיגונג פֿון די רעגירענדע קלאַ־סען; ער בעשטימט אַלע זייערע האַנדלונגען. ווען דער שטאַאַט מאַכט היינט דיזעס אָדער יענעס געזעץ, איז עס ניט דערפֿאַר, וואָס ער זאָרגט זיך אום דעם וואָהלזיין פֿון דער אַלגעמיינהייט, ניין, עס איז ניט מעהר ווי אַ קלוגע אויסרעכנונג פֿון זיין זייט; דען יעדעס געזעץ איז פֿאַר איהם אַ וואַפֿע, אום צו פֿערטהיידיגען זיינע פּריווילעגיען.

דיזער קאַמפּף אַליין וואָלט שוין אימשטאַנדע געווען, אום אונטערצוגראָבען די פֿונדאַמענטע פֿון דער שטאַאַט־

סטער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן; אָבער ווען ער געהט אָן אין אַזעלכע שטאַאַטען, וועלכע שטעהען מיט היסטאָרישער נויטווענדיגקייט פֿאַר דעם באַנקראָט, אין שטאַאַטען, וועלכע פֿערשנעלערן נאָך זייער אונטערגאַנג דורך זייערע געגענזייטיגע שטרייטיגקייטען, ווען דער אַלמעכטיגער שטאַאַט ווערט זאָגאַר פֿערהאַסט פֿון זיינע אייגענע פֿערטהיידיגער, ווען אַזא פֿיעל פֿיינדליכע שטרעבונגען טרעפֿען זיך צונויף ביי דעמזעלבינגען ציעל, דאַן גיט עס ניט מעהר קיין צווייפֿעל, ווי אַזוי דיזער קאַמפּף וועט זיך ענדיגען. דאָס פֿאָלק, דיזע איינציגע מאַכט וועט בעזיעגען זיינע אויסבייטער און אונטערדריקער; דער אונטערגאַנג פֿון'ם שטאַאַט איז היינט ניט מעהר ווי אַ פֿראַגע פֿון צייט, און אפילו דער פֿרידליכסטער פֿילאָזאָף זעהט אין אַלע דיזע ערשיינונגען דעם מאָרגענרויט פֿון אַ קומענדער רעוואָלוציאָן.





III.

# די נויטווענדיגקייט פֿון דער רעוואָלוציאָן.



ס גיט עפּאָכען אין'ם לעבען פֿון דער מענשהייט, ווען יעדער איינער פֿיהלט די נויטווענדיגקייט פֿון אַ גרינדליכער אומוועלצונג, אַן אומוועלצונג, וועלכע וועט דורכנעהמען די פֿונדאַמענטען פֿון אַלע געזעלשאַפֿטליכע פֿאָרמען און אינסטיטוציאָנען. אין אַזעלכע צייטען בעגרייפֿט יעדער פֿערנינפֿטיגער און עהרליך־דיינקענדער מענש, אַז דער סאָציאַלער צושטאַנד פֿון דער געזעלשאַפֿט קען ניט לענגער בלייבען אַזוי ווי ער איז, ער פֿיהלט די נאָהנטקייט פֿון שטורמישע פּאַסירונגען, וועלכע וועלען די מענשהייט אַרויסשליידערן פֿון איהר אַלטען וועג און אויפֿעפֿענען פֿאַר איהר אַ נייען גייסטישען האָריזאָנט און אַ נייען אידעאַל פֿאַר דער צוקונפֿט. מען פֿיהלט די נויטווענדיגקייט פֿון אַ באַלדיגער קאַטאַסטראָפֿע, די נויטווענדיגקייט פֿון אַ געוואַלדיגע רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט ניט נאָר פֿערניכטען דעם עקאָנאָמישען סיסטעם פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלכער גרינדעט זיך אויף קאַלטבלוטיגע אויסבייטונג און בעטריגערישע ספעקולאַציאָן, און צושמעטערן דעם פּאָליטישען אָרגאַניזמוס, די הערשאַפֿט פֿון ליגען, קאָרופּציאָן און בעטרוג; ניין, מיר שטעהען פֿאַר אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט בע־

נייען דאָס גאַנצע אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע לעבען פון דער געזעלשאַפט, אוועקמאַכען מיט דער אַלגעמיינער גלייכגילטיגקייט און איבערבייטען די מנהגים און שטרע־בונגען פון דער מענשהייט; אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט פערניכטען די קליינליכע און נידעריגע ליידענשאַפטען פון'ם אַל־טעגליכען לעבען און דורכנעהמען די הערצער מיט נייע עדעלע געפיהלען פון פערזענליכע אפּפערווילינקייט און אַלגעמיינע סאָלידאַריטעט.

אין אונזער צייט, ווען די נידריגע קליינגייסטיגקייט דערשטיקט יעדע אינטעליגענץ, וועלכע וואַרפט זיך ניט אויף די קניע פאַר אונזערע כוהנים פון די עבודה זרות, היינט, ווען קליינליכע מאָראַליסטען און פייגע היפּאָקרי־טען שרייבען אונז פאָר געזעצע, ווען די איבערפלעבליכ־קייט טריאומפירט און די געמיינהייט רעגירט, היינט איז די רעוואָלוציאָן געוואָרען אַן אַלגעמיינער בעדירפניס. "די עהרליכע מענשען פון אַלע קלאַסען אין דער געזעלשאַפט רופען אַרויס דעם שטורם, אַז ער זאָל אונז בעפרייען פון דער פעסט, פון דעם טויטען־גערוך, וועלכער פערגיפטעט אונזער גאַנצען געזעלשאַפטליכען לעבען; זיי רופען אַרויס דעם שטורם, אַז ער זאָל אונז בעפרייען פון די אַלטע, פערשימעלטע טראַדיציאָנען פון דער פערגאַנגענהייט, וועלכע פערשטעלען אונז דאָס ליכט פון דער זון, אַז ער זאָל בעגייען די וועלט און אריינגיסען אַ נייע לעבענס־קראַפט אין אונזערע אָדערן.

עס איז ניט נאָר די ברויט־פראַגע, וועלכע בעשעפטיגט אונז היינט, ניין, עס איז דער קאַמפף פון פראָגרעס גע־גען די רעאַקציאָן אין דער מענשליכער ענטוויקלונג, דער קאַמפף פון'ם לעבען געגען די אונוויסענהייט, געגען די גייסטישע און מאָראַלישע פערזומפונג.

די געשיכטע דערמאָהנט אונז היינט וואָס וויטער אַלס דייטליכער אין אַן עהנליכע פעריאָדע, אָן דעם אונטערגאַנג

פֿון'ם רוימישען קייזעררייך. די מענשהייט מאַכט היינט צום צווייטען מאָל דורך אַזאַ עפּאָכע.

* * *

פונקט ווי ביי די רוימער פאַר זייער אונטערגאַנג, אַזוי פֿינדעט אויך היינט שטאַט אַ געוואַלדיגע איבערביטונג אין די געדאַנקען און אַנשויאונגען, וועלכע וואַרטעט נאָר אויף דעם גינסטיגען מאָמענט זיך צו פֿערווירקליכען אין פּראַקטישען לעבען. אויף דעם עקאָנאָמישען געביעט איז די רעוואָלוציאָן אונפֿערמיידליך; אויף דעם פּאָליטישען געביעט קען זי ניט לייגער צוריקגעהאַלטען ווערען; אָבער אויף דעם געביעט פֿון דער מאָראַל איז זי געוואָרען אַן אייזערנע נייטווענדיגקייט.

אָהן געוויסע מאָראַלישע פּרינציפּען, אָהן בעשטימטע פֿערפֿליכטונגען פֿון איין מענשען צום צווייטען, פֿערפֿליכ־טונגען, וועלכע אַרבייטען זיך אוים ביי יעדעם מיטגליד פֿון דער געזעלשאַפֿט בעזונדער, און וועלכע ווערען צו־לעצט אַן אַלגעמיינע געוואוינהייט, אָהן אַזעלכע געגענזיי־טיגע בעציהונגען איז עס אונמעגליך, דאָס אַ געזעלשאַפֿט זאָל קענען עקזיסטירען. דיזע מאָראַלישע פֿערבינדונגען אָדער געזעלשאַפֿטליכע געוואוינהייטען געפֿינען מיר אין אַלע מענשליכע גרופּירונגען און פֿעראייניגונגען. זיי זיינען זעהר שטאַרק ענטוויקעלט און ווערען פּראַקטיצירט מיט דער גרעסטער שטרייינגקייט ביי אַלע פּרימיטיווע פֿאָלקס־שטאַמען אַלס לעבענדיגע מאָנומענטען און וויכטיגע עדות פֿון דעם וואָס די מענשהייט איז געווען אין אָנפֿאַנג פֿון איהר ענטוויקלונג.

די אונגלייכהייט אין פֿערמעגען און שטעלונג, די אויס־ביימונג פֿון איין מענשען דורך'ן צווייטען, די בעהערשונג פֿון די מאַסען דורך וויניגע פּריווילעגירטע אינדיווידועןן האָבען פֿערניכטעט און צושטעהרט דיזע קאָסטבאַרע איי־גענשאַפֿטען פֿון דעם פּרימיטיווען געזעלשאַפֿטליכען לעבען.

די היינטיגע גרויסע אינדוסטריע, וועלכע גרינדעט זיך אויף די מענשליכע אויסבייטונג, דער האַנדעל, וועלכער איז באַזירט אויף שווינדעל און בעטרוג, די הערשאַפט פון די, וואָס רופען זיך אַ „רעגירונג", דאָס אַלעס איז ניט געווען אין אָנקלאַנג מיט דיזע אור־אַלטע פרינציפען פון מאָראַל, וועלכע גרינדעט זיך אויף די אַלגעמיינע סאָלידאַריטעט, און וועלכע מיר געפינען נאָר נאָך אויסערהאַלב די גרע־נעצען פון אונזער געזעצליכער וועלט. און ווירקליך, וואָס פאַר אַ סאָלידאַריטעט קען דען בעשטעהן צווישען דעם קאַ־פיטאַליסט און זיינע אַרבייטער, צווישען דעם גענעראַל און זיינע סאָלדאַטען, צווישען דעם הערשער און די בעהערשטע?

דער פלאַץ פון דער פרימיטיווער מאָראַל, וועלכע האָט זיך געגרינדעט אויף דאָס געפיהל פון געמיינשאַפטליכקייט פון איין מענשען צו די אַנדערע, איז פערנומען געוואָרען פון דער היפאָקריטישער מאָראַל פון רעליגיאָן, וועלכע פערזוכט צו רעכטפערטיגען דעם סיסטעם פון אויסבייטונג און הערשאַפט דורך סאָפיסטישע וואָרטשפּיעלערייען. די רעליגיאָן דייטעט אָן דעם מענשען זיינע מאָראַלישע פער־פליכטונגען צו זיינע מיטמענשען, און אויסערדעם פריידיגט זי איהם נאָך די געטליכע געזעצע פון אַ העכערע וואונ־דערבאַרע און אונבעגרייפליכע מאַכט, וועלכע בעלוינט אָדער בעשטראָפט דעם מענשען, לויט דעם פרייז, וואָס ער בעצאָהלט צו איהרע פאָרשטעהער — די גלחים.

אָבער דער געגענזייטיגער פערקעהר, וועלכער ענטוויי־קעלט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר צווישען די מענשען, די גרופּען, די נאַציאָנען און די בעוואוינער פון פערשידע־נע וועלט־טהיילען, גיט דער מענשהייט נייע מאָראַלישע פערפליכטונגען. און אין דעמזעלבען גראַד ווי די רעלי־גיאָן פערשווינדעט ביסלעכווייז, בעגרייפט דער מענש אַלס מעהר די נויטווענדיגקייט פון געוויסע פערפליכטונגען,

אום צו פֿערזיכערן דעם אַלגעמיינען וואָהלזיין, פֿערפֿליכטונגען, ניט צו אַן אונבעקאַנטע מאַכט, זאָנדערן צו די וואָס רינגלען איהם אַרום, פֿערפֿליכטונגען צו זיינע מיטמענשען; מיט איין וואָרט, דער מענש בעגרייפֿט וואָס ווייטער אַלס מעהר, אַז עס איז לעבערליך צו ריידען וועגען דעם גליק פֿון איינציגע אינדיווידוען, אַז דאָס גליק פֿון דעם איינצעלנען קען נאָר געפֿונען ווערען אין דעם גליק פֿון אַלע אַנדערע מענשען, אין דעם גליק פֿון דער גאַנצער מענשליכער ראַסע. אָנשטאָט די לא תעשה'ס פֿון דער תורה, אָנשטאָט די נעגאַטיווע פּרינציפּען פֿון דער רעליגיעזער מאָראַל, וועלכע זאָגט אונז: „דו זאָלסט ניט טויטען! דו זאָלסט ניט גנב'ענען" א. ז. וו., וועלען זיך ענטוויקלען די פּאָזיטיווע פּרינציפּען פֿון דער אַלגעמיינער מענשליכער מאָראַל, וועלכע זיינען פֿיעל גרעסער און ערהאַבענער, און וועלכע פֿערשפּרייטען זיך פֿון טאָג צו טאָג. די פּוסטע פֿאָרשטעלונג פֿון אַ גאָט, וועלכען מען קען בעליידיגען און פֿערשפּאָטען, וויסענדיג, דאָס עטליכע אָפּפֿער זיינען אימשטאַנדע צוריקצוגעווינען זיין פֿריינדשאַפֿט, דיזע פֿאָרשטעלונג האַלט ביים אונטערגעהן; איהר פּלאַץ וועט פֿערנומען ווערען פֿון דעם געפֿיהל פֿון סאָלידאַריטעט, וועלכעס זאָגט דעם מענשען: „אויב דו ווילסט זיין גליקליך, בעהאַנדעל אַלע מענשען אַזוי ווי דו ווילסט, זיי זאָלען דיר אַליין בעהאַנדלען!" און דיזע איינפֿאַכע פֿערשפּרעכונג, דיזע ווייסענשאַפֿטליכע קאָנזעקווענץ, וועלכע איז פֿריי פֿון אַלע רעליגיעזע בעשטימונגען, צייגט אונז פּלוצלונג אַ גאַנץ נייען און געוואַלדיגען האָריזאָנט פֿאַר די פֿערפֿאָלקאָמונגספֿעהיגקייט און אויספֿיינערונג פֿון דער מענשליכער ראַסע.

יעדען טאָג פֿיהלען מיר די נויטווענדיגקייט צו ערקלעהרען פֿון דאָס ניי אונזערע בעציהונגען צו דיזע ערהאַבענע און דאָך אַזוי איינפֿאַכע פּרינציפּען. אָבער אַזוי לאַנג ווי אויסבייטונג און אונטערדריקונג, היפּאָקריטיזמוס און בעטרוג וועלען פֿאַר־

מירען דעם פֿונדאַמענט פֿון אונזער געזעלשאַפֿט, אַזוי לאַנג איז ניט דאָ וואָס צו ריידען וועגען דער פֿערווירקליכונג פֿון דיזע אידעען.

* * *

מיר וואָלטען געקענט אָנפֿיהרען טויזענדער ביישפּילע פֿאַר די מאָראַלישע קאָרופּציאָן פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, אָבער מיר וועלען נאָר אויסקלייבען איינאיינציגעס, דאָס שרעקליכסטע פֿון אַלע—דעם שיקזאַל פֿון אונזערע קינדער. וואָס טהאָן מיר פֿאַר זיי אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט?

די ליעבע פֿון די עלטערן צו זייערע קינדער איז איינע פֿון די וואונדערבאַרסטע אייגענשאַפֿטען, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט אין דער מענשהייט אויף איהר לאַנגען און שווערען וועג פֿון דער ווילדקייט ביז צו איהר יעצטיגען צושטאַנד. און ווירקליך, האָבען מיר דען שוין ניט אָפֿטמאָל געזעהן, אַז דער פֿערדאָרבענסטער מענש איז בעזיעגט געוואָרען דורך דעם שמייכעל פֿון אַ קינד? און דאָך זעהען מיר, דאָס אונזערע קינדער זיינען היינט ניט מעהר ווי פֿוטער פֿאַר די מאַשינען און אָפֿטמאָל זאָגאַר אַ שפּיעלצייג פֿאַר בעסטיאַלע ליידענשאַפֿטען.

* * *

מיר האָבען ניט לאַנג צוריק געזעהן, ווי אַזוי די בורזשואַזיע ערמאָרדעט אונזערע קינדער דורך די שרעקליך לאַנגע אַרבייטס־שטונדען אין די פֿאַבריקען.*)

---

*) דיזע אָבהאַנדלונג איז ערשינען קורץ נאָך דער פֿערעפֿענטליכונג פֿון עמאַ ברוין'ס אַרטיקעל אין די "Atlantic Monthly„ איבער די קינדער־אַרבייט אין די פֿאַבריקען פֿון מאַסאַטשוסעטס אין אַמעריקאַ. מאַדאַם ברוין, וועלכע האָט בעזוכט די מייסטע פֿאַבריקען, צוזאַמען מיט אַ בעקאַנטען עקאָנאָם, פֿערזיכערט, אַז די געזעצע וועגען דער קינדער־אַרבייט ווערען אין ערגעץ ניט רעספּעקטירט. אין יעדע פֿאַבריק האָט זי ענטדעקט ריכטיגע קינדער־געפֿענגניסע. שוין דער אויסזעהן פֿון

דארטען ערמאָרדעט מען זיי פֿיזיש; אָבער דאָס איז נאָך ווייניג, אונזערע קאָרומפּירטע געזעלשאַפֿט, וועלכע איז צופֿוילט ביז אין וואָרצעל אַריין, טויטעט אונזערע קינדער אויך נאָך מאָראַליש.

אונזער גאַנצער ערציהונגס־סיסטעם איז ניט מעהר ווי אַן אונזיניגע מעכאַנישע מעטהאָדע, וועלכע איז אין גאַנצען אונפֿערשטענדליך פֿאַר דעם קינדליכען געדאַנק. זי דער־שטיקט די ענטוויקלונג פֿון אַלע עדעלע אינסטינקטען און שטרעבונגען אין די יונגע הערצער און מאכט פֿון דער שולע אַ לאַסט, אַ טיראַנישע אינסטיטוציאָן. ביי די מייסטע קינדער ענטוויקעלט זיך אין אַ געוויסען עלטער דער בעדירפֿניס פֿאַר אַ אידעאַל, אָבער די היינטיגע שולע אונ־טערדריקט מיט ברוטאַלע געוואַלד יעדעם פּאָעטישע געפֿיהל, יעדע פרייע און שטאָלצע האַנדלונג; דאָס קינד געפֿינט אין ערגעץ ניט קיין אינערליכע בעפֿרידיגונג, אין זייז האַרץ ענטוויקעלט זיך עפּעס פֿרעמדעס און קאַלטעס צו דער וועלט און עס זוכט אַנדערע קוועלען צו בעפֿרידיגען זיינע קינדליכע חלומות און ליידענשאַפֿטען. די איינע זוכען אין די ראָ־מאַנען די פּאָעזיע, וועלכע זיי האָבען ניט געפֿונען אין לעבען; זיי שטאָפּען זיך אָן די יונגע מוחות מיט דיזער שמוציגער ליטעראַטור, וועלכע ווערט פֿאַבריצירט פֿון דער

---

דיזע אָרעמע בעשעפֿניסע צייגט קלאָהר און דייטליך, אַז זיי טראָגען אין זייערע צאַרטע קערפּערס די סימנים פֿון כראָנישע קראַנקהייטען. 44 פּראָצענט, אַלזאָ כמעט אַ העלפֿט פֿון אַלע אַרבייטער אין די פֿאַ־בריקען פֿון מאַסאַטשוסעטס זיינען קינדער יונגער פֿון 15 יאָהר, און וואָס איז די אורזאַכע פֿון דיזען שווידערליכען צושטאַנד? זעהר אייג־פֿאַך: די קינדער בעקומען נאָר אַ פֿערטעל פֿון דעם לוין פֿון אַן ער־וואַקסענעם אַרבייטער.

עס איז אַ טהאַטזאַכע, דאָס טראָץ די זאָגענאַנטע „קינדערשוץ-גע-זעצע" אַרבייטען קינדער אין די פֿאַבריקען און זאָגאַר אין די קוילען-גריבער פֿון אייראָפּאַ 12 שטונדען אַ טאָג; ד. ה. מען ערמאָרדעט זיי בּיסלעכווייז.

בורזשואַזיע און פֿאַר דער בורזשואַזיע, פֿאַר איין אָדער צוויי גראָשען, אַ שורה, און ענדיגען ווי דער יונגער לעמעטר, וועלכער האָט איינעם פֿון זיינע קאַמעראַדען איבערגעשניטען דעם האַלז, מיט דער אַבזיכט צו ווערען אַ „בעריהמטער מערדער“. די אַנדערע לערנען זיך אויס מיאוס׳ע תאוה׳ס, און נאָר די קינדער פֿון די קליינע קרעמערס און געשעפֿטסלייט, וועלכע האָבען ניט אין זיך קיין ליידענשאַפֿטען און קיין אינסטינקט פֿון אונאָבהיינגיגקייט, זיי דערגרייכען גליקליך „זייער ציעל“. זיי פֿאָרמירען שפּעטער די מאַיאָריטעט פֿון די „גוטע בירגער“ אין דער געזעלשאַפֿט, די „גוטע בירגער“ מיט דער קליינגייסטיגער געשעפֿטס־מאָראַל, וועלכע גנב׳ענען אפילו ניט די טיכלאַך אויס די קעשענעס פֿון די פֿאַרבייגעהער, נאָר זיי בעטריגען זייערע קונים אויף דעם ערגסטען אופֿן און בלייבען טראָץ דעם די עהרליכסטע מענשען פֿון דער וועלט; די גוטע בירגער, וועלכע ווייסען אַבסאָלוט ניט פֿון קיין שלעכטע ליידענשאַפֿטען, נאָר אין דער שטיל, ווען קיינער זעהט עס ניט, בעזוכען זיי די פֿרעהליכע הייזלאַך, אום צו האָבען אַ קליינע אָבוועקסלונג אין זייער לאַנגווייליגען לעבען; די גוטע בירגער, וועלכע פֿערפֿוילען לעבענדיגערהייט אין דעם קאַפּיטאַליסטישען זומפּ, נאָר פֿון דעסטוועגען שרייען זיי געוואַלד ווען איינער דערוואַגט זיך אויפֿצודעקען זייער קאָרופּציאָן.

דאָס איז וואָס אַנבעלאַנגט די אינגלאַך. פֿאַר די מיידלאַך זיינען די מאָראַלישע בעדינגונגען דיזעלבע; אויך זיי ווערען שוין פֿערדאָרבען פֿון קינדווייז אָן. אונזיניגע ראָמאַנען, שטענדיגער פֿערקעהר מיט געפֿיהללאָזע קאָקעטקעס, די ביישפּיעלע פֿון דער מוטער א. ז. וו. מיט איין וואָרט, עס פֿעהלט ניט קיין זאַך, אום צו מאַכען פֿון דעם מיידעל אַ אַ שפּעטערע פּראָסטיטוטקע. און אַזאַ קינד פֿערשפּרייט איבעראַל די קאָרופּציאָן, וואו עס זאָל זיך ניט קעה־

רען; דען די קינדער פֿון דעם אַרבייטער קוקען אויף איהר מיט אויגעז פֿול מיט קנאה, אויף דיזעס אויסגע־פוצטע מיידעל, דיזע עלעגאַנטע קאָקעטקע פֿון 12 אָדער 13 יאָהר. און ווען די מוטער איז „אַנשטענדיג“, אַנשטענ־דיג אין דעם זין פֿון אונזערע גוטע בירגער, איז עס נאָך ערגער פֿאַר דאָס קינד. אויב די טאָכטער איז אַן אינטע־ליגענטע מיידעל מיט אַ לעבענדיגען טעמפעראַמענט, וועט זי באַלד אויסגעפֿינען דעם איינענטליכען ווערטה פֿון יע־נער דאָפּעלטער מאָראַל, וועלכע זאָגט איהר: דו זאָלסט ליבען דיין חבר, נאָר אויב עס מאַכט זיך אַ געלעגענהייט מענסט דו איהם בערויבען און בעטריגען! זיי אַנשטענ־דיג און מאָראַליש, אַבער נאָר ביז צו אַ געוויסען גראַד” א. ז. וו. לעבענדיג אין דיזער אַטמאָספֿהערע פֿון אַ היי־פּאָקריטישער מאָראַל, וועלכע האָט ניט קיין פּלאַץ פֿאַר גרויסע און ערהאַבענע געפֿיהלע און פֿאָרשטעלונגען אין אַן אַטמאָספֿהערע, וועלכע ווערט קיינמאָל ניט אויפֿגעפֿרישט דורך דעם לעבענדיגען הויך פֿון אידעאַלע ליידענשאַפֿטען, וואַרפֿט זיך דאָס יונגע מיידעל צולעצט אין די אָרעמס פֿון דעם ערשטען בעסטען מאַן, וועלכער בעפֿריעדיגט איהרע בעדירפֿניסע נאָך לוקסוס און פֿערגניגען.

***

גיט נאָר אַקוק אויף דיזע אַלע פֿאַקטען, דיינקט נאָך איבער די אורזאַכען פֿון דיזע שרעקליכע איבלען, און דאַן זאָגט אַליין, צו מיר זיינען גערעכט אָדער ניט, בעהויפּ־טענדיג די נויטווענדיגקייט פֿון אַ געוואַלדיגער רעוואָלוציאָן, אום אָבצוואַשען דיזען שוואַרצען פֿלעק אין אונזער גע־שיכטע, אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע מוז איבערבייטען אַלע פֿאָרמען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען, דען ביז וואַנען מיר וועלען ניט פֿערניכטען די אורזאַכען פֿון די סאָציאַלע איבלען, איז עס אונמעגליך זיי אויסצוהיילען.

אַזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירען אַ קלאַסע פֿון ליי־

דיגגעהער, וועלכע לעבען פֿון אונזער אַרבייט, בעהויפּטענדיג, אַז זיי זיינען נויטווענדיג אונז צו רעגירען, אַזוי לאַנג וועלען דיזע פּאַראַזיטען פֿערגיפֿטען די עפֿענטליכע מאָראַל. דער ברוטאַלער ליידיגגעהער, פֿאַר וועמען דאָס לעבען איז ניט מעהר ווי אַ שטענדיגע יאָגד נאָך נייע פֿערגניגענס, דיזער מענש האָט ניט מעהר קיין סאָלידאַרישע געפֿיהלען צו זיינע מיטמענשען; זיין נידריגער עגאָאיזמוס, וועלכער איז דער פּראָדוקט פֿון זיין פּאַראַזיטישער עקזיסטענץ, קען ניט קיין אַנדער זאַך ווי די ברוטאַלע בעפֿרידיגונג פֿון זיינע געמיינע ליידענשאַפֿטען; און זיין דאַזיין ווירקט ווי אַן אָנשטעקענדע קראַנקהייט אויף אַלצדינג, וואָס רינגעלט איהם אַרום. מיט זיין געלדזאַק און זיינע טהירישע אינסטינקטען וועט ער פּראָסטיטואירען ווייב און קינד, קונסט, טהעאַטער און פּרעסע — ער האָט עס שוין געטהאָן — ער וועט פֿערקויפֿען זיין לאַנד און זיינע פֿערטהיידיגער; זייענדיג אַליין צו פֿייג אַוועקצוגעבען זיין לעבען, וועט ער פֿיהרען די גאַנצע יוגענד פֿון זיין פֿאָלק צו דער שחיטה, אין דעם מאָמענט, ווען זיין געלדזאַק וועט זיין אין געפֿאַהר, זיין געלדזאַק, דער איינציגער קוואַל פֿון זיינע פֿריידען.

דער טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן איז אונפֿערמיידליך, און די בעצאָהלטע שרייבערס פֿון די מאָראַליסטען וועלען קיין זאַך ניט ענדערן אין דעם. די פּעסט האָט פֿערגיפֿטעט אַלע פֿאָרמען פֿון אונזער געזעלשאַפֿטליכען לעבען, און עס איז די העכסטע צייט אויסצוראָטען דעם וואָרצעל פֿון דער סאָציאַלער קראַנקהייט. און אויב מיר וועלען זיך אפילו דאַרפֿען בענוצען מיט פֿייער און שווערד, קיין זאַך דאַרף אונז ניט אָבשרעקען. ווער וועט פֿערלאָזען די פֿאָהן פֿון דער רעוואָלוציאָן, ווען עס האַנדעלט זיך אום דאָס גליק פֿון דער גאַנצער מענשהייט?





IV.

# די קומענדע רעוואלוציאן.



ין די פאריגע קאפיטלען זיינען מיר געקומען צום שלום, דאס אונטער די יעצטיגע אומשטענדען איז די רעוואלוציאן אן אונפערמיידליכע נויטווענדיגקייט.

שטודירענדיג ווי אזוי די בורזשואזיע האט ארגאניזירט די פראדוקציאן און דעם אויסטויש פון די פראדוקטען, האבען מיר געפונען א צושטאנד, וועלכער איז ענליך צו אן אונהיילבארען קרעבס-געשוויר. מיר געפינען אין ערגעץ ניט קיין סימן פון א פערנינפטיגע ארדנונג, וועלכע זאל זיין אין אנקלאנג מיט דער וויסענשאפט און הומאניטעט; איבעראל בעגעגנען מיר זיך מיט דיזעלבע אורזאכען, דיזעלבע ווירקונגען: די וואהנזיניגע פערשווענדונג פון די סאציאלע רייכטהימער, דער ברוטאלער געשעפטס-גייסט, וועלכער פעראכטעט אלע געזעצע פון'ם געזעלשאפטליכען לעבען, דער שטענדיגער אינדוסטריעלער קריעג, דער כאאס. און מיט פריידע וועלען מיר בעגריסען דעם טאג, ווען דער רוף: „ניעדער מיט דער בורזשואזיע!" וועט זיך ארויסרייסען פון די ליפען פון אלעמען מיט דערזעלבער איינשטימיגקייט, וועלבע האט זיך ארויסגעציינט ווען מען האט פראקלאמירט די אבשאפונג פון דער אבסאלוטער מאנארכיע.

די ענטוויקלונג פֿון די שטאַאטען, די היסטאָרישע ראָליע, וועלכע זיי האָבען געשפּיעלט, און זייער יעצטיגער צופֿאַלען צייגט אונז קלאָהר און דייטליך, אַז דיזע פֿאָרם פֿון געזעלשאַפֿטליכער גרופּירונג האָט אויסגעפֿיהרט אין דער געשיכטע אַלעס דאָס, וואָס זי איז אימשטאַנדע געוועזן אויפֿצוטהאָן; זיי פֿאַלען אונטער דער לאַסט פֿון זייער אייגענער טיראַניי, און נייע אָרגאַניזאַציאָנען וועלען פֿערנעהמען זייערע פּלעצער, נייע פֿאָרמען, וועלכע זיינען מעהר אין אַנקלאַנג מיט די מאָדערנע שטרעבונגען פֿון דער מענשהייט.

די וואָס האָבען אויפֿמערקזאַם שטודירט די אידעען, וועלכע ענטוויקלען זיך אין׳ם שויז פֿון דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, וויסען זעהר גוט, מיט וואָס פֿאר אַ ענערגיע דער מענשליכער גייסט האָט זיך יעצט גענומען צו דער אַרבייט, אום איבערצופּרואווען פֿון דאָס ניי די אַלע אַנזיכטען און מיינונגען, וועלכע די פֿערגאַנגענע יאָהרהונדערטע האָבען אונז איבערגעלאָזט בירושה; זיי וויסען, אַז מענשען האָבען זיך גענומען אויסאַרבייטען נייע פֿילאָזאָפֿישע און וויסענשאַפֿטליכע סיסטעמען אַלס די פֿונדאַמענטען פֿון די קומענדע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָנען. דער פּראָפּאַגאַנדיסט, וועלכער איז אָבגעשוואַכט פֿון אַן אַרבייט, וואָס שטייגט אַ־יבער זיינע קרעפֿטען און פֿערביטערט דורך דאָס עלענד, וואָס איז גרעסער פֿון זיין געדולד, דער פּראָפּאַגאַנדיסט איז היינט ניט מעהר דער איינציגער, וועלכער קריטיקירט די שענדליכע צושטענדע, פֿון וועלכע ער ליידעט. און וועלכער טרוימט פֿון אַ בעסערע צוקונפֿט; אויך דער געלעהרטער, דער מאַן דער וויסענשאַפֿט בעפֿרייט זיך ביסלעכווייז פֿון די אַלטע פֿאָ־אורטהיילען, מיט וועלכע ער איז ערצויגען געוואָרען, זיין גייסט פֿאַנגט אָן זיך צו בעשעפֿטיגען מיט די נייע אידעען, און אין אַ שעהנעם טאָג וועט ער זיין אַ פֿערטרעטער און פֿערטהיידיגער פֿון

דיזע אידעען. „די רעוואָלוציאָנערע קריטיק פערניכטעט די אַלטע איביגע וואַהרהייטען, וועלכע אונזערע עלטערן האָבען אונז איבערגעגעבען בירשה. פילאָזאָפיע, נאַטור־וויסענשאַפט, מאָראַל, געשיכטע, קונסט, קיין זאַך איז ניט זיכער פון דיזע צושטעהרער!" אַזוי וויינען די אָנהייננער פון דעם היינטיגען סיסטעם. גאַנץ געווים! קיין זאַך איז ניט זיכער פאַר דער קריטיק; קיין זאַך איז ניט הייליג פאַר איהר! זי אַטאַקירט די פונדאַמענטען פון אייערע סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען, די פונדאַמענטען פון שטאַאַט און איי־גענטהום, און די פערשידענסטע עלעמענטען פעראייניגען זיך אין דעם קאַמפף געגען דער היינטיגער געזעלשאַפט: דער מאָדערנער פאַבריק־שקלאַף און דער מאַן דער ווי־סענשאַפט, דער וואָס איז דירעקט פעראינטערעסירט אין דער איבערבייטונג פון די סאָציאַלע צושטענדע, און אויך דער, וועלכער ערוואַרטעט מיט מורא דעם טאָג, ווען זיינע אידעען וועלען זיך רעאַליזירען, ווען זיי וועלען אַראָבוואַרפען פון זיך דעם שטויב פון די ביבליאָטעקען און זיך מאַני־פעסטירען אין עפענטליכען לעבען.

* * *

אויף איין זייטע זעהען מיר דעם מאָראַלישען באַנקראָט און דעם צופאַלען פון די געזעלשאַפטליכע פאָרמען; אַל־געמיינע אונצופרידענהייט, ענטוויקלונג פון נייע גרופירונ־גען און דער אונגעדולדיגער וואונש איבערצובייטען דעם יעצטיגען סאָציאַלען צושטאַנד; מיר זעהען די געוואַלדיגע ענטוויקלונג פון דער קריטיק אין אלע צווייגען פון דער וויסענשאַפט, דער פילאָזאָפיע און דער מאָראַל און די אלגעמיינע אומוועלצונג פון דער עפענטליכער מיינונג — אויף דער צווייטער זייט בעגעגנען מיר זיך מיט דער פוי־לער גלייכגילטיגקייט און דעם פערברעכערישען ווידער־שטאַנד פון די, וועלכע האָבען די עפענטליכע מאַכט אין זייערע הענד, און וועלכע געפינען אין זייער בלינדער

אייפֿרעגונג דעם מוטה צו בעקעמפֿפֿען די נייע אידעען.
דאָס איז שטיינדיג געווען דער צושטאַנד פֿון אַלטע געזעלשאַפֿטען בעפֿאָר דער רעוואָלוציאָן; און ווי עס ווייזט אויס שטעהען מיר היינט פֿאַר דער־זעלבער ערשיינונג. דיזע בעהויפּטונג איז נית דער פּראָדוקט פֿון אַ קראַנקע פֿאַנ־טאַזיע, די בעהויפּטונג פֿון אַ פּאָר אונצופֿרידענע אַגיטאַ־טאָרס, ניין, עס איז די רוהיגע און וויסענשאַפֿטליכע בעאָבאַכטונג, וועלכע ברינגט אונז צו דיזער איבערצייגונג. אפילו די, וואָס זוכען צו ענטשולדיגען זייער געוויסענלאָזע גלייכגילטיגקייט מיט דער וויציגער בעמערקונג: „שרעקט זיך ניט, עס ברענט נאָך ניט ביי אונז!" זאָגאַר זיי בע־ווייזען דורך זייערע ווערטער, אַז זיי האָבען פֿערשטאַנען די געפֿאַהר פֿון דעם יעצטיגען צושטאַנד, און דאָס זיי וויסען גאַנץ גוט, וואו מיר האַלטען אין דער וועלט.
„מען האָט איהר שוין אָננעזאָגט אַזוי אָפֿט, די רעוואָ־לוציאָן; איך אַליין האָב געדיינקט פֿאַר אַ מאָמענט, אַז זי וועט קומען, אָבער מיין האָפֿנונג איז געווען אָן אומזיס־טיגע", אַזוי הויבט אָן צו זיפֿצען דער פעסימיסט לעבען אונז. — דערפֿאַר וועט זי זיין נאָך ערפֿאָלגרייכער — איז אונזער ענטפֿער. „צווייםאָל האָט מען זיכער געדיינקט, אַז די רעוואָלוציאָן וועט אויסברעכען" — אַזוי שרייבט אַ פֿראַנצויזישער היסטאָריקער אין זיינע בעטראַכטונגען איבער דעם 18טען יאָה־הונדערט — „צוויי מאָל, 1754 און 1771"*) (באַלד וואָלט איך געשריבען 1848 און 1871). דער געוויטער איז ביידע מאָל אָבגעהאַלטען געוואָרען, אָבער דערפֿאַר איז ער געווען אַזוי מעכטיג און פֿרוכטבאַר אָם שלוס פֿון'ם 18טען יאָהרהונדערט.

* * *

אָבער זאָלען די אינדיפֿערענטע שלאָפֿען, זאָלען די

*) Felix Rocquain, L'Esprit revolutionaire avant la Revolution.

פעסימיסטען פערברייננגען זייער צייט מיט וויינען און קלאָגען, מיר האָבען צו טהאָן אַ בעסערע אַרבייט. לאָמיר בעסער פרעגען, וואָס עס וועט זיין דער כאראַקטער פון דיזער רעוואָלוציאָן, וועלכע אזוי פיעלע מענשען ערוואַרטען און פאָרבערייטען; לאָמיר בעסער פרעגען, וואָס עס דאַרף זיין אונזער שטעלונג, ווען דער שטורם וועט זיך אָנפאַנגען.

מיר וועלען ניט זאָגען קיין נביאות; דען ניט דער יעצ־טיגער צושטאַנד פון דער שוואַך־ענטוויקעלטער סאָציאָ־לאָגיע, און ניט די מאָדערנע געשיכטסשרייבונג, וועלכע איז לויט דער ערקלעהרונג פון אָגיסטען טהיערי, „דירעקט געשאַפען געוואָרען, אום צו דערשטיקען די וואַהרהייט נאָך אַ בעשטימטע מעטהאָדע”, גיבען אונז אַ מעגליכקייט צו דעם. דערפאַר וועלען מיר זיך בעגנוגענען מיט איינינע לייכטערע פראַגען.

קענען מיר גאָר אָננעהמען פאַר אַ מאָמענט, אַז די אונגעהייערע גייסטישע אַרבייט, די אונערמידליכע פאָר־שונגען און בעאָבאַכטונגען, וועלכע געהען אָן אין אַלע קרייזען פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, קענען מיר אָנ־נעהמען פאַר אַ מאָמענט, אַז דער גאַנצער רעזולטאַט פון דיזער געוואַלדיגער בעוועגונג וועט מעהר ניט זיין ווי אַ פראָסטע איבערבי־טונג פון דער רעגירונג? קענען מיר גאָר אָננעהמען, אַז די אַלגעמיינע אונצופרידענהייט מיט די עקאָנאָמישע אומשטענדען, וועלכע ענטוויקעלט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר, קענען מיר אָננעהמען, פרעג איך, אַז דיזע אונצופרידענהייט וועט זיך ניט מאַניפעסטירען אין עפענטליכען לעבען, ווי באַלד עס וועט קומען דער גינ־סטיגער מאָמענט, ווען דער גאַנצער מעכאַניזמוס פון דער רעגירונג וועט צובראָכען ווערען דורך פלעצליכע, אויסער־געוועהנליכע פאַסירונגען? צו שטעלען דיזע פראַגען, הייסט זיי פערענטפערן. מיר קענען זיי ניט איגנאָרירען.

איז עס מעגליך, אַז די בויערן אין ענגלאַנד און איר־

לאַנד, וועלכע פֿאָדערן צוריק די ערד שוין זייט הונדערטער יאָהרען, און וועלכע ערוואַרטען מיט אונגעדולד דעם טאָג, ווען זיי וועלען האָבען די געלעגענהייט אַוועקצוטרייבען די גרויסע לאַנד־רויבערס, וועלכע זיי האַסען פֿון טיעפֿען האַרצען, איז עס מעגליך, פֿרעג איך, אַז דיזע בויערן זאָלען זיך ניט בענוצען מיט די ערשטע רעוואָלוציאָנערע פּאַסירונגען און פֿערווירקליכען זייער וואונש?

* * *

איז עס מעגליך, אַז פֿראַנקרייך — אין דער צייט פֿון אַ נייען אייראָפּעאישען 1848 — זאָל מעהר ניט טהאָן ווי איבערבייטען זיינע שטאַאַטס־מענער און רעגירער? איז עס ניט פֿיעל וואַהרשיינליכער, אַז די אַרבייטער וועלען בעסער פֿערזוכען צו מאַכען זייער לעבען שעהנער און אָנגענעהמער דורך דער קאָמונע? און דער פֿראַנצויזישער בויער, וועט ער זיך זוימען צו נעהמען די פֿעטע ערד פֿון זיינע שכנים, די רייכע גרונד־בעזיצער און די מאָנאַסטירען, אין דעם אויגענבליק, ווען ער וועט זעהן, אַז די צענטראַלע מאַכט איז צושטעהרט געוואָרען? וועט ער זיך ניט פֿער־איינינגען מיט די, וועלכע וועלען איהם אָנבאָטען זייער הילפֿע, אום צו פֿערווירקליכען זיינע אַלטע האָפֿנונגען, זיינע האָפֿנונגען, וועלכע דריקען זיך אויס אין די ווערטער: זיכערע אַרבייט און אַ מענשליכעס לעבען!?

און דער בויער אין איטאַליען, אין שפּאַניען אָדער אין די סלאַווישע לענדער, וועט ער ניט אָנגעהן אויף דעם־זעלבען שטייגער?

דיינקט איהר אפשר, אַז דער קוילען־גרעבער, וועלכער איז שוין לאַנג מיעד צו פֿערברייינגען זיין לעבע אין עלענד און נויט און אין דער שטענדיגער געפֿאַהר צושמעטערט צו ווערען אין די מינען, דער קוילען־גרעבער, וועלכער טראָגט זיין יאָך מיט פֿערביסענע ציינער, געצוואונגען דורך די מיליטערישע געוואַלד, וועט ער ניט אַוועקטריי־

בען די בעזיצער פון די מינען, ווי באַלד ער וועט בע־
מערקען, אַז די אַרמעע איז דעסאָרגאַניזירט און די זעלנער
וועלען מעהר ניט געהאָרכען זייערע אָפיצירען?

אָדער דער קליינער האַנדווערקער, וועלכער פערברייננט
זיין לעבען אין אַ דונקלען און פייכטען קעלער, וועל־
כער האָרעוועט מיט קאַלטע פיס און אַ ליידיגען מאָגען
פון אין דער פריה ביז שפעט ביי נאַכט, אום צו בעצאָה־
לען דעם בעקער און צו פערזאָרגען זיינע פינף קינדערלאַך
מיט ברויט, וועלכע ער ליעבט נאָך מעהר, דערפאַר וואָס
דאָס עלענד האָט אָבגעמאָגערט זייערע פנים'ער? אָדער
דער מאַן, וועלכער פערברייננט די נאַכט אין ערגעץ אַ
ווינקעל, ווייל ער האָט ניט אַ גראָשען, אום צו שלאָפען
אין אַ עפענטליכען לאָזשי־הויז, דיינקט איהר ניט, אַז זיי
אַלע וואָלטען זעהר צופרידען געווען, ווען זיי וואָלטען זיך
געקענט אַביסעל דורכשפאַצירען אין די רייכע פאַלאַצען
און דאָרטען געפינען אַ וואַרעמען, טרוקענעם ווינקעל פאַר
זייערע פאַמיליען, וועלכע זיינען דאָך געווים אַזוי גוט ווי
די פאַמיליע פון דעם פעטען בורזשואַ? דיינקט איהר ניט
אויך, אַז זיי וואָלטען זיך געווים ניט אָבגעזאָגט פון אָב־
צושטאַטען אַ וויזיט אין די פולע מאַגאַזינען, וואו עס גיט
גענוג ברויט פאַר די, וואָס האָבען מעהר ניט געלערנט
ווי צו פטר'ן די צייט מיט גאָרנישט; אין די מאַגאַזינען,
וואו עס גיט גענוג שטאָף, אום צו בעדעקען די מאָגערע
פלייצעס פון די פראָלעטאַריער־קינדער, פונקט ווי די ווייכע
הויט פון די רייכע קינדער? דיינקט איהר, אַז די וואָס
געהען אָנגעטהאָן אין שמאַטעס, ווייסען ניט, דאָס אין די
מאַגאַזינען פון אַ גרויסע שטאָדט גיט עס גענוג פון
אַלצדינג, אום צו בעפרידיגען, די מאָמענטאַלע בעדירפניסע
פון אַלע איינוואוינער? דיינקט איהר, זיי ווייסען ניט, אַז
ווען אַלע אַרבייטער וואָלטען זיך בעשעפטיגט מיט דער
פראָדוקציאָן פון ניצליכע זאַכען, אָנשטאָט ביסלעכווייז צו

פֿערהונגערן ביי דער פּראָדוקציאָן פֿון לוקסוס־זאַכען, וואָל־
טען זיי געקענט פּראָדוצירען גענוג און גענוג פֿאַר דער
גאַנצער קאָמונע און זאָגאַר נאָך פֿאַר די אַרומיגע געמיינדעס?

איז עס איבערהויפּט מעגליך, אַז דיזע פֿראַגען, וועלכע
בעשעפֿטיגען די גאַנצע וועלט, און וועלכע מען דיסקוטירט
איבעראַל, איז עס מעגליך, אַז דיזע פֿראַגען, וועלכע ריי־
סען זיך אַרויס אין אַ קריטישען מאָמענט פֿון די מיילער
פֿון אַלעמען (געדיינקט נאָר די בעלאַגערונג פֿון פּאַריז),
איז עס מעגליך, דאָס פֿאָלק זאָל ניט פֿערזוכען צו גיבען
דיזע פֿראַגען אַ פּראַקטישע בעדייטונג, אָן דעם טאָג, ווען
עס וועט האָבען די מאַכט אין זיינע הענד?

* * *

דער געזונדער מענשען־פֿערשטאַנד האָט שוין פֿערענט־
פֿערט דיזע פֿראַגען; אָט האָט איהר דעם ענטפֿער:

די קומענדע רעוואָלוציאָן וועט האָבען אַן אַלגעמיינען
כאַראַקטער, און דאָס וועט איהר אונטערשיידען פֿון אַלע
פֿריהערדיגע רעוואָלוציאָנען. דער רעוואָלוציאָנערער שטורם
וועט מעהר ניט דורכנעהמען איין לאַנד, נאָר ער וועט
דורכנעהמען אַלע לענדער פֿון אייראָפּאַ. אַמאָל איז אַ
לאָקאַלע רעוואָלוציאָן מעגליך געווען, היינט אָבער, ווען די
סאָלידאַריטעט האָט אויסגעצויגען אַ גאַנצען נעץ פֿון ברייט־
דערליכע פֿערבינדונגען אין גאַנץ אייראָפּאַ, היינט, ווען
אַלע שטאַאַטען געפֿינען זיך אין דעמזעלבען צושטאַנד פֿון
אונזיכערהייט, היינט איז אַ לאָקאַלע רעוואָלוציאָן אַ זאַך
דער אונמעגליכקייט, דען זי וואָלט נאָר אָנגעגאַנגען פֿאַר
אַ זעהר קורצע צייט. אַזוי ווי עס איז געווען אין 1848,
אַזוי וועט זיך אויך היינט וואַהרשיינליך אויפֿהויבען אַ
געוויסע לאַנד, און אַלע אַנדערע לענדער וועלען מיט אַריינ־
געצויגען ווערען אין דער בעוועגונג, דער רעוואָלוציאָנע־
רער פֿייער וועט דורכנעהמען גאַנץ אייראָפּאַ.

אָבער היינט וועט מען דאָס פֿאָלק ניט מעהר איינשטי־

לען מיט קאָנסטיטוציאָנעלע רעפֿאָרמען אָדער מיט אַ פֿערענדערונג פֿון דער רעגירונג, אַזוי ווי עס איז געווען דער פֿאַל אין 1848. די אַרבייטער פֿון פּאַריז ערוואַרטען היינט קיין זאַך ניט מעהר פֿון אַ רעגירונג, אפילו ווען זי זאָל זיך רופֿען פֿרייע קאָמונע. זיי ווילען אַרייננעהמען זייערע אַנגעלעגענהייטען אין זייערע אייגענע הענד, דיינ־קענדיג, אַז דאָס וואָס מען טהוט אַליין, איז ווירקליך גע־טהאָן געוואָרען,"

אויך דאָס רוסישע פֿאָלק וועט ניט וואַרטען, ביז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג וועט איהם צוריקגעבען די ערד, וועלכע עס האָט אַליין קולטיווירט; דיזע האָפֿנונג איז נאָר אַ מאָמענטאַלע; דער רוסישער בויער וועט אַליין פֿערזוכען אַוועקצונעהמען דאָס לאַנד פֿון די פּאָמעשטשי־קעס, ער האָט שוין געמאַכט דיזען פֿערזוך, אַזוי ווי די פֿיעלע אויפֿשטענדע און רעוואָלטען האָבען אונז געצייגט. דאָס זעלבע ווילען טהאָן די בויערן און אַרבייטער פֿון איטאַליען און שפּאַניען; און ווען די דייטשע אַרבייטער ווילען זיך נאָך לאָזען אָבנאַרען פֿאַר אַ געוויסע צייט פֿון די, וועלכע וואָלטען אַם ליעבסטען געוואָלט, דאָס אַלע זאָלען טאַנצען נאָך דיזעלבע ליעדעל, וועלכע מען וועט שפּיעלען אין בערלין, וועט דער ביישפּיעל פֿון די אַנדערע פֿעלקער און די אונפֿעהיגקייט פֿון זייערע פֿיהרער זיי מיט דער צייט אויך צוריקפֿיהרען אויף דעם רעוואָלוציאָנערען וועג. „די קומענדע רעוואָלוציאָן וועט אָננעהמען דעם כאַ־ראַקטער פֿון אַן אַלגעמיינער עקאָנאָמישער רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט געמאַכט ווערען פֿון די פֿעלקער אַליין, דען די פּראָלעטאַריער ווילען מעהר ניט וואַרטען, ביז וואַנען די רעוואָלוציאָן וועט זיי אַראָבפֿאַלען פֿון הימעל ווי דער מן אין דער מדבר."

אָבער שוין זעהען מיר קומען דעם פּעסימיסט מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל אויף די ליפּען. „נאָך אַ בעמערקונג! נאָך אַ בעמערקונג!" רופֿט ער אונז צו. נון גוט! מיר ווילען איהם אויסהערען, און מיר ווילען וויסען ווי צו ענטפֿערן.





IV.

# די פּאליטישע רעכטע.



ס פֿערגעהט ניט אַ טאָג, אין װעלכען די ביר־גערליכע פּרעסע זאָל אונז ניט פֿאַרזינגען דאָס אַלטע ליעדעל איבער דעם װערטה און די בעדייטונג פֿון די זאָגענאַנטע פּאָ־ליטישע פֿרייהייטען; דאָס ליעדעל פֿון׳ם אַלגעמיינעם שטים־רעכט, דער װאַהל־פֿריי־הייט, דער פֿרייהייט פֿון דער פּרעסע, דעם פֿערזאַמלונגס־רעכט א.ז.װ. א.ז.װ.

„אויב איהר האָט דיזע אַלע רעכטע"—אַזוי פֿרעגט מען אונז—„צו װאָס דאַרפֿט איהר רעװאָלטירען און פּריי־דיגען די רעװאָלוציאָן? גיבען אייך דען דיזע פֿרייהייטען ניט די מעגליכקייט אויסצופֿיהרען יעטװעדע נויטװענדיגע רעפֿאָרם, אַז איהר דאַרפֿט גאָר ניט ערשט נעהמען די ביקס אין האַנד?" לאָמיר זיך אַלזאָ אַביסעל נעהנטער צו־קוקען צו דיזע גרויסאַרטיגע פּאָליטישע רעכטע און פֿריי־הייטען, לאָמיר זיי בעטראַכטען מיט אונזערע אייגענע אוי־גען, מיט די אויגען פֿון דער קלאַסע, װעלכע בעזיצט ניט קיין זאַך, און װעלכע רעגירט קיינעם ניט, מיט די אויגען פֿון דער קלאַסע, װעלכע האָט זעהר װייניג רעכטע, אָבער זעהר פֿיעל פֿליכטען.

מען האָט שוין אָפטמאָל בעהויפטעט, אַז מיר אַנאַרכיסטען אַנערקענען איבערהויפט ניט דעם ווערטה פון פאָליטישע רעכטע און פרייהייטען. דיזע בעהויפטונג איז אין גאַנצען אַ לעכערליכע. מיר ווייסען זעהר גוט, אַז עס איז געמאַכט געוואָרען אַ געוויסער פראָגרעס זייט דער אָבשאַפונג פון דער לייבאייגענשאַפט און זאָגאַר זייט דעם פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט. דער פראָסטער מענש פון'ם פאָלק איז היינט ניט מעהר די אָרעמע נידריגע בעשעפעניס, וועלכע ער איז אַמאָל געווען, אַ וועזען אָהן די קלענסטע עפענטליכע רעכטע. דער פראַנצויזישער בויער בעקוממט ניט מעהר קיין שמיץ אין די גאַסען, אַזוי ווי עס טרעפט נאָך היינט מיט זיין ברודער אין רוסלאַנד. דער אַרבייטער, הויפטזעכליך דער אַרבייטער אין די גרויסע שטעדט, פאָדערט היינט דיזעלבע אַכטונג, דעמזעלבען רעספעקט ווי יעדער אַנדערער, ווי באַלד ער פערלאָזט די פאַבריק און געהט אַרויס אין גאַס. דער פראַנצויזישער אַרבייטער איז ניט מעהר די אונגליקליכע, נידריגע „חיה" פון אַמאָליגע צייטען, וועלכע איז בעהאַנדעלט געוואָרען פון די אַדעלמענער ווי יעדעס אַנדערע אַרבייטס-טהיער. צו דאַנקען דער רעוואָלוציאָן און דעם בלוט וואָס דאָס פאָלק האָט פערגאָסען, בעזיצט ער היינט געוויסע פערזענליכע רעכטע, און מיר זיינען די לעצטע, וואָס וועלען אָבלייקענען דעם ווערטה פון דיזע רעכטע.

נאָר מיר האָבען זיך אויסגעלערענט צו אונטערשיידען, מיר ווייסען, אַז רעכטע און רעכטע זיינען צוויי בעזונדערע זאַכען. עס גיט רעכטע, וואָס האָבען אַן אמת'ען ווערטה, און עס גיט רעכטע, וואָס האָבען קיין ווערדע ניט; און די אַלע וואָס ווילען פעראייניגען דיזע ביידע בעזונדערע זאָרטען פון רעכטע און פרייהייטען, זיינען ניט מעהר ווי היפאָקריטען און בעטריגער פון'ם פאָלק. עס גיט רעכטע, ווי צ.ב.ש. די גלייכבערעכטיגונג פון דעם בויער און דעם

אַריסטאָקראַט אין זייערע פּריוואַטע אַנגעלעגענהייטען; אָדער די קערפּערליכע זיכערהייט פון'ם מענשען און נאָך פערשידענע אַנדערע רעכטע; דיזע רעכטע זיינען דער רעזולטאַט פון אַ געוואַלדיגען קאַמפּף, זיי זיינען דעם פאָלק אַזוי טהייער, אַז די מאַסען וואָלטען זיך אויפגעהויבען, ווי באַלד מען וואָלט זיך צוגעריהרט צו זיי. אָבער עס גיט אויך אַזעלכע רעכטע, ווי צ.ב.ש. דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט, די פּרעס־פרייהייט א.ז.וו. פאַר וועלכע די מאַסען האָבען זיך קיינמאָל ניט בעגייסטערט, דערפאַר וואָס זיי פיהלען עס אינסטינקטיוו, דאָס אַזעלכע „רעכטע", וועלכע אייגנען זיך גאַנץ גוט צו פערטהיידיגען די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע געגען די מאַכט פון דער רעגירונג און די אַריסטאָקראַטען, זיי פיהלען עס אינסטינקטיוו, אַז דיזע „רעכטע" זיינען ניט מעהר ווי אַ מיטעל אין די הענד פון די הערשענדע קלאַסען, אום צו ערהאַלטען די שקלאַפעריי פון'ם פאָלק. דיזער זאָרט רעכטע האָבען אַבסאָלוט ניט וואָס צו טהאָן מיט יענע ווירקליכע רעכטע, פון וועלכע מיר האָבען פריהער גערעדט, דערפאַר וואָס זיי גיבען דער גרויסער מאַסע ניט די קלענסטע גאַראַנטיע, דעם קלענסטען שוץ, און ווען מען האָט זיי צוגעלייגט דעם שטאָלצען נאָמען פּאָליטישע רעכטע, איז עס דערפאַר וואָס אונזער גאַנצע פּאָליטישע שפּראַכע איז ניט מעהר ווי אַן אונזיניגער באַאָס פון אונפערשטענדליכע ווערטער און בעגריפע, וועלכע איז דירעקט ערפונדען געוואָרען פון דער בורזשואַזי און פאַר איהרע אינטערעסען.

* * *

און ווירקליך, ווי אַזוי קען מען גאָר ריידען פון פּאָליטישע רעכטע, ווען דיזע רעכטע זיינען ניט קיין מיטעל צו פערזיכערן די אונאַבהייניגקייט, די מענשליכע ווירדע און די פרייהייט פון די, וועלכע זיינען נאָך ניט גענוג מעכטיג, זיי זאָלען זיך אַליין קענען פערשאַפען רעספּעקט? וואו

איז דער נוצען פֿון אַ רעכט, ווען עס איז ניט קיין בע־פֿרייאונגס־מיטעל פֿאַר די, וואָס שטרעבען צו פֿרייהייט? די רעגירער און מיניסטאָרען דאַרפֿען זיכער ניט קיין פּרעס־פֿרייהייט און קיין פֿערזאַמלונגס־רעכט; זיי שרייבען וואָס עס פֿערגלוסט זיך זיי צו שרייבען, זיי קומען זיך צונויף מיט זייערע פֿריינד, ווען עס געפֿעלט זיי; זיי דאַרפֿען ניט דיזע אַלע פֿרייהייטען, דערפֿאַר ווייל זיי זיינען שוין פֿריי. ווען מיר ריידען פֿון געוויסע פּאָליטישע רעכטע און פֿרייהייטען, ווי צ.ב.ש. דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט, די פּרעס־פֿרייהייט, דאָס רעכט זיך צו פֿעראייניגען א.ז.וו. דאַן קען דאָך אפילו אַ קינד פֿערשטעהן, אַז דיזע רעכטע האָבען נאָר אַ ווערטה פֿאַר די, וואָס האָבען נאָך ניט די קראַפֿט אויסצופֿיהרען זייער אייגענעם ווילען. דאָס איז געוועזן די נאַטירליכע אורזאַכע פֿון אַלע פּאָליטישע רעכטע.

קוקענדיג אויף דער פֿראַגע פֿון אַזאַ מין שטאַנדפּונקט, שטעלען מיר די פֿראַגע: „זיינען די פּאָליטישע רעכטע, פֿון וועלכע מיר ריידען יעצט, זיינען זיי ווירקליך געשאַ־פֿען געוואָרען פֿאַר די, וואָס האָבען זיי נייטיג?"

געווים ניט! דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט קען מאַנכעס מאָל זיין אַ מיטעל פֿאַר דער בורזשואַזיע צו פֿערטהיידי־גען זיך ביז צו אַ געוויסען גראַד געגען די מאַכט פֿון דעם צענטראַליסטישען שטאַאַט. דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט קען אויך דיענען, אום צוריקצושאַפֿען דעם פּאָ־ליטישען גלייכגעוויכט צווישען דער בורזשואַזיע און רעגי־רונג, וועןביידע שטרייטען זיך אום די מאַכט; אין אַזאַ פֿאַל קען עס זיין אַ בעקוועמער מיטעל, אום אויסצומיי־דען אַ דירעקטען קאַמפּף מיט די וואַפֿען אין די הענד צווישען די ביידע געגנער, אַזוי ווי זיי פֿלעגען פֿריהער טהאָן. אָבער דיזעס רעכט האָט ניט די קלענסטע ווערדע, ווען עס האַנדעלט זיך צו פֿערניכטען די רעגירונג אָדער צו בעשריינקען איהר מאַכט. דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט

איז אַ פּאָרטרעפליכער מיטעל צו ענדיגען די שטרייטיג־קייטען, וועלכע געהען אָן צווישען די הערשענדע פּאַרטייען אויף אַ פריעדליכען אופן; אָבער וואָס פאַר אַ נוצען קען עס ברייננגען דעם בעהערשטען און אונטערדריקטען פאָלק? זיין געשיכטע קען אונז פערענטפערן דיזע פראַגע. אַזוי לאַנג ווי די בורזשואַזיע האָט מורא געהאַט, אַז דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט וועט זיין אַ וואַפע אין די הענד פון'ם פאָלק, אַ געפאַהר פאַר איהר סאָציאַלע שטעלונג אין דער געזעלשאַפט, אַזוי לאַנג האָט זי בעקעמפפט דיזעס רעכט מיט אַלע מיטלען. אָבער אין 1848, ווען זי האָט פערשטאַנען, אַז עס איז ניט דאָ פאַר וואָס מורא צו האָ־בען, אַז דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט איז זאָגאַר דער בעסטער מיטעל, אום איינצושטילען די רעבעלישע איינ־סטינקטען פון'ם פאָלק, האָט זי עס אָנגענומען מיט דער גרעסטער צופרידענהייט. היינט איז די בורזשואַזיע די ענערגישסטע בעשיצערין פון'ם אַלגעמיינעם שטים־רעכט. וואַרום? דערפאַר וואָס זי האָט פערשטאַנען, אַז דיזעס רעכט איז די בעסטע וואַפע פאַר איהר, פאַר די ערהאַל־טונג פון איהר מאַכט, אַ וואַפע, וועלכע קען איהר ניט ברייננגען דעם קלענסטען שאָדען, דערפאַר וואָס זי פער־לירט איהר שאַרפקייט אין די הענד פון'ם פאָלק.

* *
*

די זאָגענאַנטע פרעס־פרייהייט איז ניט בעסער פון דעם אַלגעמיינעם שטים־רעכט. וואָס איז געווען דער וויכטיג־סטער אַרגומענט פון דער בורזשואַזיע, ווען זי האָט פראָקלאַ־מירט די פרייהייט פון דער פרעסע?—די אונמעכטיגקייט פון דער פרעסע! הערר דע זשיראַדאַן, אַ פראַנצויזישער פּאָ־ליטיקער האָט אָנגעשריבען אַ גאַנצעס בוך איבער דער אונמעכטיגקייט פון דער פרעסע. „אַמאָל"—זאָגט ער—„אַמאָל האָט מען פערברענט די כשוף־מאַכער און מכשפות, דערפאַר וואָס מען איז געווען גענוג דום און קליינ־

גייסטיג צו גלויבען אין זייער מאַכט; היינט פֿערפֿאָלגט מען די פרעסע, ווייל מען בעטראַכטעט איהר פֿאַר אַ מאַכט; אָבער אין דער אמת'ען עקזיסטירט זי גאָר ניט, דיזע מאַכט, דען די פרעסע איז פונקט אַזוי אונגעפֿעהרליך ווי די כשוף־מאַכער און מכשפות זיינען געוועזן אין דער צייט פֿון מיטעלאַלטער. איך פֿערשטעה ניט, וואַרום מען זאָל איהר פֿערפֿאָלגען.״ דאָס איז געוועזן דער אורטהייל, וועלכען הערר דע זשיראַדאַן האָט אויסגעשפּראָכען מיט פֿיעלע יאָהר צוריק. און ווען די קאַפּיטאַליסטישע פּאָליטיקער דיסקוטירען היינט איבער דער פרעס־פֿרייהייט — וואָס איז זייער שטאַרקסטער אַרגומענט איהר צו פֿערטהיידיגען? — „גיט נאָר אַ קוק אויף ענגלאַנד, די שווייץ און די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקאַ! דאָרטען איז די פרעסע פֿריי, נאָר פֿונדעסטוועגען איז די קאַפּיטאַליסטישע אויסבייטונג בעסער ענטוויקעלט אין דיזע לענדער ווי אין אַנדערע, און די הערשאַפֿט פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם האָט דאָרט אַ פֿעסטערן פֿונדאַמענט ווי אין אַנדערע לענדער. זאָל זי רוהיג ערשיינען, די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, מיר האָבען גענוג מיטלען איהר צו דערשטיקען, און עס איז גאָר ניט נויטיג, מיר זאָלען זיך דאַרפֿען בענוצען מיט געוואַלד. און ווען עס זאָל ווירקליך אַמאָל טרעפֿען, אַז ביי געוויסע געלעגענהייטען קען די רעוואָלוציאָנערע פרעסע ווערען אַ געפֿאַהר פֿאַר אונז, דאַן האָבען מיר נאָך אַלס גענוג צייט איהר צו פֿערניכטען מיט איין קלאַפּ.״

מיט דער פֿערזאַמלונגס־פֿרייהייט איז פונקט דיזעלביגע זאַך. — „מיר דאַרפֿען ניט מורא האָבען פֿאַר דעם פֿרייען פֿערזאַמלונגס־רעכט״ — אַזוי זאָגט די בורזשואַזיע — „מיט אַזעלכע נאַרישקייטען וועט מען אונז ניט שרעקען. וואָס עס איז יאָ געפֿעהרליך פֿאַר אונז, דאָס זיינען די געהיימע אָרגאַניזאַציאָנען, די קאָנספּיראַטיווע גרופּען און געזעל־

שאַפּטען, און די עפּענטליכע פּערזאַמלונגען זיינען פּונקט דער בעסטער מיטעל צו ברעכען די מאַכט פּון דיזען זאָרט פּערבינדונגען. און ווען עס וועט זיך ווען עס איז מאַכען, אַז די עפּענטליכע פּערזאַמלונגען וועלען זיין געפּעהרליך פּאַר אונז, וועלען מיר זיי איינפאַך אונטערדריקען, דען די עפּענטליכע מאַכט געפּינט זיך דאָך אין אונזערע הענד.״

„אָבער די געזעצע גאַראַנטירען אונז דאָך נאָך אַנדערע רעכטע און פּרייהייטען!״ זאָגט מען אונז, „צ.ב.ש. די זיכערהייט פּון אונזער וואוינונג, דאָס הויז־רעכט״.—ווירקליך אַ פּיינע זאַך, דיזע זיכערהייט. „שרייבט איהר אַריין אין אַלע געזעצביכער! פּראָקלאַמירט איהר פּאַר יעדען שטאָל, אַלס בעסער וועט עס זיין פּאַר אונז!״ אַזוי דיינקען די קלוגע פּון דער בורזשואַזיע.—„ניין, ניין! מיר ווילען ניט, אַז די פּאָליציי זאָל איבערפאַלען אונזערע הייזער! צו וואָס דאַרף מען עס? נאָר מיר וועלען גרינדען אַ „שוואַרצען קאַבינעט״, אום צו בעוואַכען די פּערדעכטיגע פּערזאָנען, מיר וועלען אָרגאַניזירען אַ גאַנצע אַרמעע פּון שפּיאָנען; מיר וועלען פּיהרען אַ „שוואַרצע ליסטע״ פּון אַלע געפּעהרליכע רעוואָלוציאָנערען, מיר וועלען זיי בעוואַכען ביי יעדען שריט, וואָס זיי וועלען טהאָן. און ווען עס וועט זיך מאַכען, אַז דאָס זאָגענאַנטע „הויז־רעכט״ וועט זיין אַ הינדערניש פּאַר דער פּאָליציי, דאַן צום טייוועל מיט אַזעלכע רעכטע! דאַן וועלען מיר איינברעכען אין די הייזער, מיר וועלען אַרעסטירען די מענשען אין זייערע בעטען און וועלען איבערקעהרען דאָס גאַנצע הויז. און ווען עס וועלען זיך אפשר געפּינען אַ פּאָר שרייער, וועלכע וועלען פּראָטעסטירען געגען די אונגעזעצליכקייט פּון אַזעלכע האַנדלונגען, דאַן וועלען מיר זיי איינפאַך אַרעסטירען, און צו די איבריגע וועלען מיר זאָגען: „מיר האָבען געמוזט אַזוי האַנדלען, דען אין קריעג קען מען ניט שטענדיג אויסקלייבען די בעסטע מיטלען!״—און איהר

מעגט זיין זיכער, דאָס אַלע וועלען זיין איינשטימיג מיט אונז."

„און די זיכערהייט פון'ם בריעף־געהיימנים? קיין צוויי־פעל, אונזער קאָרעספּאָנדענץ איז פערזיכערט, און מיר מעגען שטאָלצירען מיט אונזער געזעצליכען רעכט. און ווען עס טרעפט אמאָל, אַז דער פּאָסט־מייסטער פון אַ קליין שטעדטעל זאָל עפענען אַ בריעף, אום צו בעפריי־דיגען זיין נייגיעריגקייט, דאַן וועלען מיר איהם זאָפאָרט ענטזאַגען פון זיין פּלאַץ, און אַלע צייטונגען וועלען שריי־בען וועגען דעם שענדליכען פערברעכער. לאָמיר זיך גוט צו־קוקען, דאָס אונזערע קליינע פאַמיליען־געהיימניסע, וועל־כע מיר שרייבען זיך איינער דעם אַנדערן, זאָלען ניט בעקאַנט ווערען פאַר דער עפענטליכקייט. אָבער אויב מיר וועלען דערשמעקען, דאָס עס עקזיסטירט אַ קאָנספּיראַציע געגען אונזער סאָציאַלע שטעלונג, דאַן צום טייוועל מיט אַלע פּאָליטישע רעכטע,—דאַן וועלען מיר אויפעפנען אַלע בריעף, און אויב עס איז נויטיג, וועלען מיר אָננעהמען טויזענדער נייע בעאַמטע פאַר דיזען צוועק. און ווען עס וועט זיך געפינען אַ מענש, וועלכער וועט פּראָטעסטירען געגען דיזע אונגעזעצליכקייט, דאַן וועלען מיר איהם איינ־פאַך ענטפער'ן ווי יענער ענגלישער מיניסטער האָט גע־ענטפערט אונטער דער אלגעמיינער צושטימונג פון דעם פּאַרלאַמענט. מיר וועלען זאָגען: „יאָ, מיינע הערען! עס איז פאַר אונז געוויס ניט געווען קיין אָנגענעהמע זאַך, און מיט אַ שווערען הארצען האָבען מיר זיך בעשלאָסען אויפצועפענען די בריעף; אָבער מיר האָבען ניט געהאַט קיין אַנדער מיטעל, און דאָס פאָטערלאַנד (די אַדעלמע־נער און די בורזשואַזיע) איז געווען אין געפאַהר!"

* * *

דאָס איז דער גאַנצער ווערטה פון דיזע זאָגענאַנטע פּאָליטישע פרייהייטען.

די פּרעס־פרייהייט, דאָס פֿערזאַמלונגס־רעכט, די געזעצליכע גאַראַנטיע פֿאַר די זיכערהייט פֿון אונזער וואוינונג און קאָרעספּאָנדענץ א.ז.וו. דיזע אַלע „רעכטע" ווערען נאָר אַזוי לאַנג רעספּעקטירט, זאָ לאַנג ווי דאָס פֿאָלק מאַכט ניט קיין פּראַקטישען געברויך פֿון זיי. אָבער אין דעם אויגענבליק, ווען די מאַסע וועט זיך בענוצען מיט זיי, אום צו פֿערניכטען די הערשאַפֿט און די פּריווילעגיען פֿון דער בורזשואַזיע, אין דעמזעלבען מאָמענט וועט די הערשענדע קלאַסע צוריק צונעהמען דיזע אַלע רעכטע, וועלכע עקזיסטירען נאָר אין אונזער פֿאַנטאַזיע.

און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, דען דער מענש בעזיצט נאָר אַזעלכע רעכטע און פֿרייהייטען, וועלכע ער האָט זיך אַליין עראָבערט דורך פֿיעלע ביטערע און שווערע קעמפּפֿע, און פֿאַר וועלכע ער איז בערייט צו קעמפּפֿען יעדען אויגענבליק פֿון דאָס ניי מיט די וואַפֿען אין די הענד.

אויב מען שמייסט היינט ניט מעהר קיין מענער און פֿרויען אין די גאַסען פֿון פּאַריז, אַזוי ווי עס פּאַסירט נאָך יעצט אין רוסלאַנד, איז עס דערפֿאַר, ווייל די מאַסע וואָלט צוריסען דעם בעאַמטען אויף שטיקלאַך, וועלכער וואָלט זיך דערוועגט אויסצופֿיהרען דעם בעפֿעהל פֿון דער רעגירונג. ווען עס געפֿינט זיך היינט ניט מעהר קיין דיענער, וועלכער מאַכט אַ וועג פֿאַר זיין אַריסטאָקראַטישען הערר, אויסטהיילענדיג קלעפּ מיט אַ גראָבען שטעקען רעכטס און לינקס, איז עס דערפֿאַר, ווייל דאָס פֿאָלק וואָלט איהם דער'הרג'עט אויף'ן אָרט צוזאַמען מיט זיין הערר. ווען עס עקזיסטירט היינט־צו־טאָג אַ געוויסע גלייכהייט צווישען דעם פֿאַבריקאַנט און זיינע אַרבייטער אין גאַס און אין די עפֿענטליכע לאָקאַלען, איז עס דערפֿאַר וואָס עס האָט זיך ענטוויקעלט אין דעם אַרבייטער אַ געפֿיהל פֿון פּערזענליכע ווירדע, דאַנק די פֿיעלע רעוואָלוציאָנען, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען, אַ געפֿיהל, וועלכעס ערלויבט איהם

ניט צו ערטראָגען קיין עפֿענטליכע בעליידיגונגען פֿון זיין אויסבייטער. דיזע רעכטע עקזיסטירען, ניט דערפֿאַר וואָס מען האָט זיי אָנגעשריבען אויף אַ שטיק פּאַפּיר. נאָר דערפֿאַר וואס זיי זיינען היינט אַ שטיק פֿון אונזער לעבען, אַ שטיק פֿון אינזער מענשליכער עקזיסטענץ.

***

עס איז לייכט צו פֿערשטעהן, דאָס אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט, וואו עס גיט נאָר הערדען און קנעכט, אויסבייטער און לוין־שקלאַפֿען, איז ניטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר דער אמת'ער פרייהייט. אַזוי לאַנג ווי דאָס היינטיגע סיסטעם וועט עקזיסטירען, אַזוי לאַנג האָבען מיר ניט וואס צו ריידען וועגען בעשטימטע רעכטע און פֿרייהייטען. אַנערקענענדיג דיזע וואַהרהייט, מיינט עס נאַטירליך ניט, אַז מיר זאָלען קיין זאַך ניט טהאָן, ביז וואַנען די אַנאַרכיסטישע רעוואָלוציאָן וועט אונז ברייננגען די פֿאָלקאָמענע פֿרייהייט; עס מיינט ניט, אַז מיר זאָלען זיך רוהיג צוקוקען ווי מען בעשריינקט די פֿרייהייט פֿון דער פּרעסע אַזוי ווי אין דייטשלאַנד, ווי מען אונטערדריקט דאָס רעכט פֿון דער פערזענליכקייט אַזוי ווי אין רוסלאַנד, אָדער ווי מען רעספעקטירט ניט די זיכערהייט פֿון דעם הויז־רעכט א.ז.וו. ווי עס איז דער פֿאַל אין דער טירקיי. אַלס שקלאַפֿען פֿון'ם קאַפּיטאַל פֿאָדערן מיר טראָץ דעם דאָס רעכט צו שרייבען און דרוקען, וואָס מיר ווילען נאָר, דאָס רעכט זיך צו פֿערזאַמלען און צו אָרגאַניזירען אַזוי ווי עס פּאַסט אונז אַם בעסטען, אום אַראָבצוואַרפֿען פֿון זיך דאָס יאָך פֿון'ם קאַפּיטאַל.

אָבער עס איז שוין צייט, אַז די אַרבייטער זאָלען ענדליך פֿערשטעהן, אַז דורך געזעצע וועט מען אונז ניט גאַראַנטירען דיזע רעכטע. ניט אין אַ געזעץ, ניט אין אַ שטיק פּאַפּיר, וועלכעס קען צוריסען ווערען יעדען מאָמענט דורך דעם קאַפּריז פֿון אַ הערשער, ניט אין דעם ליעגט די

זיכערהייט פון דיזע פרייהייטען ליעגט ביי אונז אַליין אין די הענד. אויב מיר זיינען גענוג שטאַרק, אַז די הערשענ־דע קלאַסע זאָל מוזען רעספּעקטירען אונזער ווילען, נאָר דאַן וועלען מיר האָבען אַ מעגליכקייט צו פערשאַפען זיך דעם נייטיגען רעספּעקט פאַר אונזערע פרייהייטען.

אויב מיר ווילען האָבען דאָס רעכט צו ריידען און צו שרייבען, וואָס עס וועט אונז געפעלען, דאָס רעכט זיך צו פעראייניגען און צו אָרגאַניזירען, דאַן דאַרפען מיר ניט בעטען פאַר אַן ערלויבעניש אין די פּאַרלאַמענטען, מיר דאַרפען ניט בעטלען, אַז דער סענאַט זאָל זיי אונז גאַ־ראַנטירען דורך אַ געזעץ. לאָמיר זיך בעסער פעראייניגען און פאָרמירען אַ גרויסע מאַכט, וועלכע וועט זיין אימ־שטאַנדע צו פערטהיידיגען דיזע רעכטע, אויב די טיראַנען וועלען זיך צוריהרען צו זיי. לאָמיר זיך פעראייניגען, און קיינער וועט זיך ניט דערוועגען אַוועקצוריבען פון אונז דאָס רעכט צו ריידען, צו שרייבען, צו דרוקען און זיך צו אָרגאַניזירען. אין דעם טאָג, ווען עס וועט אונז געלינ־גען צו ענטוויקלען ביי די אונטערדריקטע אַזוי פיעל פער־שטענדניש, אַז זיי וועלען זיין גרייט יעדען אויגענבליק צו פערטהיידיגען זייערע רעכטע מיט די וואַפען אין די הענד, אין דיזען טאָג וועלען זיך די זאָגענאַנטע רעכטע פערוואַנדלען אין ווירקליכע פרייהייטען, וועלכע וועלען זיין איינג פערבונדען מיט אונזער סאָציאַלער עקזיסטענץ. דאַן, און נאָר דאַן וועלען מיר ווירקליך. בעזיצען דיזע רעכטע, פאַר וועלכע מיר וועלען זיך נאָך בעטען צעהנדלי־גער יאָהרען אין די פּאַרלאַמענטען. דאַן וועלען מיר האָ־בען אַ בעסערע גאַראַנטיע ווי דורך אַ געזעץ אָדער אַ שוואַ־כע שטיקעל פּאַפּיר.

איין זאַך דאַרפען די פּראָלעטאַריער קיינמאָל ניט פער־געסען: די רעכטע און פרייהייטען וועלען אונז קיינמאָל ניט געשיינקט ווערען, מען דאַרף זיי נעהמען מיט געוואַלד.



VI.

# צום יונגען דור.

I

זוי ווי דער קאַפּיטעל איז געשריבען פֿאַר דער יוגענד, מעגען עס די אַלטע — די אַלטע אין גייסט — אַוועקלייגען אָן אַ זייט און ניט מוטשען זייערע אויגען אומזיסט, דען זיי וועלען דאָך מיר סיי ווי סיי ניט פֿערשטעהן.

איך נעהם אָן, אַז איהר זייט אַלט אַכטצעהן אָדער צוואַנציג יאָהר; איהר האָט נור וואָס געענדיגט אייער שטודיום אָדער זיך אויסגעלערנט א מלאכה און איהר האָט בדעה אַריינצוטרעטען אין לעבען. איהר זייט אויך, האָפֿענטליך, בעפֿרייט פֿון'ם אַבערגלויבען, אין וועלכען מען האָט אייך ערצויגען. איהר האָט שוין קיין מורא ניט פֿאַר'ן טייפֿעל און געהט מן הסתם מעהר ניט פֿערלירען אייער צייט אין קירכע אָדער אין שוהל. איך האַלט אייך אויך ניט פֿאַר קיין פּוסטע פֿראַנטען, וועלכע מעסטען אוים די גאַסען און זוכען זייער פֿערגניגען אויף די טראָטואַרען... איך שטעל מיר איבערהויפּט פֿאָר, אַז אייער האַרץ איז אויף'ן ריכטיגען פּלאַץ און דערפֿאַר וויל איך צו אייך ריידען.

אַן ערנסטע פראַגע הויבט אייך אָן מוטשען: „וואָס זאָל איך ווערען?" ווען מען איז יונג, איז לייכטער צו בעגרייפען, אַז מען האָט ניט פערבראַכט עטליכע יאָהר, לערנענדיג אַ געוויסע פראָפעסיאָן אָדער אַ וויסענשאַפט, — אויף'ן חשבון פון דער געזעלשאַפט, פערשטעהט זיך — אום עס נאָכדעם אין גאַנצען אויסצונוצען פיר אייגענע צוועקע, אָהנע צו דיינקען, ווען עס איז מיט די עררייכטע קענטניסע עטוואָס צו טהאָן, פיר דער בעפרייאונג פון די, וועלכע שמאַכטען אין עלענד און אין אונוויסענהייט.

איהר זייט געוויס פון די, וועלכע האָבען איבער דעם נאָכגעדיינקט, האַ? נו, לאָמיר זעהן, וואָס האָט איהר בדעה צו טהון, אום אייער חלום זאָל מקוים ווערען.

* * *

אין וואָס פיר אַ מזל דו ביסט געבוירען געוואָרען, ווייס איך ניט. מעגליך, אַז דו האָסט געהאַט דאָס גליק צו שטודירען, דו ווילסט ווערען דאָקטאָר, אַדוואָקאַט אָדער אַזוי אַ געלעהרטער. אַ ברייט פעלד עפענט זיך פאַר דיר אויף. דו געהסט אַריין אין לעבען מיט קענטניסע און מיט פעהיגקייטען; אָדער דו ביסט אַן איינפאַכער עהרליכער אַרבייטער, וועמעס וויסענשאַפטליכע קענטניסע זיינען אמת ניט זעהר גרויס, וועלכער האָט אָבער דערפאַר געהאַט די געלעגענהייט זיך אָנצוזעהן מיט'ן שרעקליכען, אָנשטרענגענדען לעבען פון'ם פראָלעטאַריאַט.

איך וועל מיר דערווייל אָבשטעלען ביי דער ערשטער בעהויפטונג. לאָמיר אָננעהמען, אַז דו האָסט גענאָסען אַ וויסענשאַפטליכע ערציהונג און דו ווילסט ווערען... דאָקטאָר.

מאָרגען וועט קומען אַ מאַן אין אַן אַרבייטער־בלוזע דיך רופען. ער וועט דיך פיהרען אין איינע פון יענע ענגע געסלעך, וואו די הייזער פון ביידע רייהען שטעהען אַזוי נאָהענט איינע צו די אַנדערע, אַז די שכנים קענען זיך פון די פענסטער געבען די הענד. ביים שיין פון אַ

קליין לעמפעלע, אין אַ פֿערפעסטעטער לופֿט, אויף א בלאָטיגע טרעפּ, געהסט דו אַרויף צוויי, דריי, פֿיער, פֿינף שטאָק, און דאָרט, אין אַ פֿינסטערן, קאַלטען און ליידיגען צימערל, אויף אַ צוב־אָכענעם געלעגער, געפֿינסט דו אַ קראַנקע פֿרוי, איינגעהילט אין טראַנטעס. מאָגערע, בלייכע קינדערלאַך, האַלב נאַקעט און פֿערפֿראָרען, קוקען דיך אָן מיט אָפֿענע אייגעלאַך. דער מאַן האָט זיין גאַנצען לעבען לאַנג געאַרבייט צוועלף אָדער דרייצעהן שטונדען אַ טאָג; יעצט געהט ער שוין זייט דריי מאָנאַט אַרום ליידיג; און ליידיג אַרומגעהן, אין זיין אַרבייט, איז ניט קיין זעלטענהייט. עס ווידערהאָלט זיך יעדעס יאָהר פּעריאָדיש. פֿריהער, ווען ער האָט קיין אַרבייט ניט געהאַט, פֿלעגט זי, די פֿרוי, געהן אַרבייטען, — וואַשען דיינע העמדער, אפשר — פֿיר אַ פֿראַנק מיט 50 סאַנטים אַ טאָג. יעצט אָבער ליגט זי שוין אין איהר קראַנקען־בעט זייט צוויי מאָנאַט, און גרוזאַם איז די נויטה פֿון דער פֿאַמיליע.

וואָס ווייסט דו פֿערש־ייבען דער קראַנקער, דאָקטאָר? ווייסענדיג גאַנץ גוט, אַז די אורזאַכע פֿון דער קראַנקהייט איז קיין אַנדער זאַך ניט ווי אַלגעמיינע בלוט־אַרמוטה, מאַנגעל אין גוטע שפּייזען און אין געזונדע לופֿט, וואָס ווייסט דו איהר ראַטהען? אַ גוטען בראָטען יעדען טאָג? אַ שפּאַציר אונטער'ן פֿרייען הימעל? אַ טרוקענעם, אויסגעלופֿטערטען צימער? אָך, וואָס פֿאַר דומהייטען! ווען די פֿרוי וואָלט עס געקענט בעהויפּטען, וואָלט זי עס שוין לאַנג געמהאַן און ניט געוואַרט אויף דיינע עצות!

אויב דו האָסט אַ גוט האַרץ און אַן עהרליכען בליק, וועט דיר די פֿאַמיליע דערצעהלען אַ היבש ביסעל זאַכען. זי וועט דיר פֿערטרויען, אַז די פֿרוי, אין דער צווייטער שטוב, וועלכע הוסט אַזוי שרעקליך, איז אַן אָרעמע פּרעסערין; אַז אין דער וואוינונג, אַ טרעפּ נידעריגער, ליידען אַלע קינדער פֿון פֿיבער; אַז די וועשערין אונטען, ביים

אריינגגאנג, איז אזוי קראנק, אז זי וועט ניט אויסהאלטען דעם ווינטער, אויך אז אין'ם צווייטען הויז זעהט עס נאך אוים אסך ערגער.

וואס ווערסט דו אט די אלע קראנקע זאגען? גוטע שפייזען, א בעסערע לופט און א לייכטערע ארבייט?... יא, דו וואלסט עס געמענט זאגען, אבער דו וואגסט עס ניט, און מיט א צובראכען הארץ, מיט א פלוך אויף די ליפען, געהסט דו פון דארט ארויס.

אויף מארגען בשעה דו ביסט נאך פערטיעפט אין דיינע געדאנקען איבער דעם וואס דו האסט זיך אנגעזעהן און אנגעהערט אין יענעם ארימען הייזעל, קומט דיין חבר, אויך א דאקטאר, און דערצעהלט דיר, אז נעכטען איז א לאקיי אין א קארעטע איהם געקומען רופען. ער האט איהם אוועקגעפיהרט אין איינעם פון די רייכסטע האטעלען, צו א קראנקער, א רייכער דאמע, וועלכע האט פערבראכט איהר גאנצעס לעבען אין טואלעטען־מאכען, אין טאנצען, אויף־זיין גאנצע נעכט אויף בעלער און זיך ארומרייסען מיט א גראבען יונג א מאן. דיין פריינד האט איהר געראטהען צו ענדערן אביסעל איהר לעבענס־ארט, עסען ניט אזעלכע אויפרעגענדע שפייזען, בערוהיגען איהר גייסט און זעהן מאכען אביסעל גימנאסטיק אין שטוב, וואס זאל אויף וויפיעל עס ניט איז ריענען אנשטאט דער קערפערליכער, פראדוקטיווער ארבייט, וועלכע איז נייטיג אויפצוהאלטען דאס געזונד.

מערקווירדיג! איינע שטארבט דערפאר, ווייל איהר גאנצעס לעבען לאנג האט זי ניט געהאט גענוג צו עסען, האט קיין מאל ניט געהאט קיין אברוה; די אנדערע שטארבט אויך, אבער דערפאר, ווייל זי האט אויף איהר לעבען ניט געוואוסט וואס ארבייטען הייסט...

אייב דו האסט איינע פון יענע ווייכע נאטורען, וועלכע קענען זיך צו אלעם צוגעוואוינען, וועלכע קענען אבקומען

מיט אַזיפֿץ אויף די שרעקליכע ערשיינונגען, אָדער פֿער־גיסען מיט אַ כוסה די צרות... דאַן וועסט דו זיך זיכער וואָס ווייטער אַלץ מעהר צוגעוואוינען צו דיזע קאָנ־טראַסטען, און, ע־וועקענדיג אין דיר דעם טהירישען אינסטינקט, וועסט דו ניט מעהר האָבען ווי איין אידעאַל, איין איינציגען וואונש זיך אַריינצומאַכען אין דער רייהע פֿון די „גליקליכע", אום זיך קיינמאָל ניט צו געפֿינען צווישען די אָרעמע און די אונגליקליכע.

אויב דו ביסט אָבער אַ מענש, אויב יעדעס געפֿיהל צייגט זיך אַרויס ביי דיר אין אַ טהאַט, אויב די „חיה" האָט נאָך אין דיר אין גאַנצען ניט געטויטעט דעם „מענ־שען", דאָס אינטעלעקטועלע וועזען, דאַן וועסט דו אין אַ שעהנעם טאָג קומען אַהיים און אויסרופֿען: „ניין, דאָס איז אונגערעכט, דאָס טהאָר ניט אָנגעהן אַזוי! עס האַנדעלט זיך דאָ ניט צו קורירען, אויסצוהיילען די קראַנקהייטען, זאָנדערן זיי צו פֿערמיידען. עטוואָס מעהר וואָהלזיין און אַ בעסערע גייסטיגע ענטוויקלונג וואָלטען גענוג זיין אויס־צומעקען פֿון אונזערע ליסטעס אַ העלפֿט פֿון די קראַנקע און די קראַנקהייטען. צום טייפֿעל מיט די רפואות! לופֿט, עסען, לייכטערע אַרבייט, מיט דעם דאַרף מען אָנפֿאַנגען, אויב ניט, איז די גאַנצע דאָקטאָריע ניט מעהר ווי אַ שווינדעל".

יענעם טאָג וועסט דו האָבען בעגריפֿען דעם סאָציאַ־ליזמוס. דו וועסט זיך וועלען מיט איהם בעקענען ווייטער און אויב דער אַלטרואיזמוס, די מענשענליעבע, איז ניט קיין פוסטעס וואָרט ביי דיר, דאַן וועסט דו ענדליך מוזען אַריינטרעטען אין אונזערע רייהען און, אַזוי ווי מיר, אַרבייטען פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן.

* * *

פֿילייכט אָבער וועסט דו זיך קלערהרען: „אַה, צו וואָס טויג מיר די פראַקסיס? אַזוי ווי דער אַסטראָנאָם, דער

פֿיזיקער, אָדער דער כעמיקער וועל איך מיד גאָר איבער־געבען דער ריינער וויסענשאַפֿט."

לאָמיר זיך אַליאָ ראשית כל פֿערשטענדיגען וואָס דו ווילסט געפֿינען אין דער וויסענשאַפֿט. זאָל עס גאָר פּשוט זיין דאָס פֿערגעניגען, דאָס אונגעהייערע פֿערגעניגען אמת, וואָס אונזער נאָכפֿאָרשען פֿערשאַפֿט אונז? אויב אַזוי, וואָס זשע, פֿרעג איך, איז די נפקא מינה צווישען דעם געלעהרטען, וועלכער גיט זיך איבער דער וויסענ־שאַפֿט, נאָר אום צו פֿערברייגגען זיין לעבען אַנגענעהם, און צווישען דעם שכור, וואָס זוכט אויך אין לעבען זיין מאָמענטאַנעם פֿערגעניגען, און וועלכער געפֿינט עס אין'ם וויין? עס איז אמת גאָר קיין ספק ניט, אַז דער גע־לעהרטער האָט אויסגעקליבען אַ בעסערע קוועלע, פֿון וואַנען צו שעפּען זיינע פֿערגעניגען. דאָס ענדערט דאָך אָבער ניט דעם צוועק, און דער אזוי ווי יענער, דער שכור אַזוי ווי דער געלעהרטער, האָבען דעם זעלבען עגאָאיסטישען ציעל, זייער אייגענעם פערגעניגען.

אָבער ניין, דו וועסט זיך ניט צופֿרידענשטעלען מיט אַזא עגאָאיסטישען לעבען. אַרבייטענדיג פֿיר דער ווי־סענשאַפֿט, מיינסט דו אויך צו אַרבייטען פֿיר דער מענש־הייט. אָט די אידעע וועט זיין דיין וועג־ווייזער אין דיין אונערמידענדער פֿאָרשונג...

יאָ, וואָס פֿאַר אַ שעהנע אילוזיאָן, וואָס פֿאַר א שעהנער חלום! און ווער פֿון אונז האָט עס ניט דורכגעלעבט, זיך איבערגעבענדיג צום ערשטען מאָל דער וויסענשאַפֿט?!

אָבער אויב דו דענקסט ווירקליך אָן דער מענשהייט, אויב דיזער אידעאַל בעגלייטעט עס דיך איז דיין שטודיום, דאַן וועסט דו זיך מוזען אָנשלאָגען אָן אַן אונגעהייערן קלאָץ אויף דיין וועג. רען, אויב דו האָסט אַ ריכטיגע אורטיילסקראַפֿט, אויב דו קענסט קוקען טיעף אין לעבען, וועסט דו גלייך בעמערקען, אַז אין דער יעצטיגער גע־

זעלשאַפֿט איז די וויסענשאַפֿט ניט מעהר ווי אַ „לוקסוס־זאַך", וועלכע דיענט נור צו מאַכען דאָס לעבען פֿון איינינע זים און אַנגענעהם, און צו וועלכער דער גרעסטער טהייל קען לחלוטין ניט צוקומען.

עס איז שוין דאָ מעהר ווי אַ גאַנצער יאַהרהונדערט, זייט די וויסענשאַפֿט האָט פֿעסטגעשטעלט געזונדע בע־גריפֿע איבער די ענטשטעהונג פֿון דער וועלט. ווי קליין איז אָבער די צאָהל פֿון די, וועלכע האָבען געהאַט אַ מעגליכקייט אַנצואייגנען זיך דיזע בעגריפֿע! וויפֿיעל זיינען עס דאָ, וועלכע האָבען זיך געקענט אויסאַרבייטען אַ ווי־סענשאַפֿטליכען, אַ ריכטיגען גייסט פֿון קריטיק?

אַ הייפֿעל פֿון עטליכע טויזענד אפשר, וואָס פֿערלירען זיך אין'ם גרויסען ים פֿון די הונדערטע מיליאָנען, וועלכע זיינען נאָך פֿערוואַקסען מיט פֿאָראורטהיילע, וועלכע גלוי־בען נאָך אין אַלערליי נאַרישקייטען און ווערען דאַרום אונטעריאָכט און אַרומגעפֿיהרט ביי דער נאָז פֿון די רע־ליגיעזע בעטריגער.

אָדער גיב נאָר אַ קוק אויף דער היגיעניע. אָט דיזע וויסענשאַפֿט לערנט אונז, ווי אַזוי צו לעבען, אום אָבצו־היטען די געזונדהייט פֿון אונזער קערפּער; ווי אַזוי אויפֿ־צוהאַלטען איז אַ גוטען צושטאַנד די צוזאַמענהויפֿונג פֿון דער בעפֿעלקערונג. זי ווייזט אונז דעם וועג צו אַן אינ־טעלעקטועלען און מאָראַלישען וואָהלזיין. אָבער איז דען ניט אָט די אונגעהייער גרויסע אַרבייט אַרויסגעוואָרפֿען? האָבען דען אָט די אַלע דיקע ביכער אַסך אַ גרעסערען ווערטה ווי איינפֿאַכע „שמות", וואָס בלייבען נוצלאָז? און פֿאַר וואָס?—ווייל די וויסענשאַפֿט געהערט היינט נאָר צו אַ הייפֿעלע פֿון פריווילעגירטע, פון מיוחסים; ווייל די סאָ־ציאַלע אונגלייכהייט, וועלכע צוטהיילט די געזעלשאַפֿט אין צוויי קלאַסען, אין לאָהן־שקלאַפֿען און קאַפּיטאַליסטען, מאכט, אַז אָט די אַלע לעהרען איבער אונזערע לעבענס־

בעדינגונגען זאָלען אויסקוקען אַזוי ווי אַ חוזק, עפּעס אַזוי ווי אַ מין „פורים־שפּיעל“ פאַר ניין־צעהנטעל פון דער מענשהייט.

איך וואָלט דיר געקענט ברייננגען נאָך אַסך אַזעלכע ביי־שפּיעלע, אָבער איך וועל עס מאַכען בקצור. טרעט נור אַרויס פון די ד׳אמות פון׳ם געלעהערטען; געה נור אַרויס פון פּויסט׳ם שטודיר־צימער, וואו די פענסטער זיינען אַזוי בעדעקט מיט שטויב, אז די שיין פון׳ם טאָג קען קוים אַריינקומען אַהין; געה אַרויס און קוק זיך נור ארום אַבי־סעל, דו וועסט דאַן אויף יעדען שריט און טריט אַליין געפינען בעווייזע פעסטצושטעלען דאָס וואָס איך האָב געזאָגט.

עס האַנדעלט זיך שוין יעצט ניט צו זוכען נייע וואהר־הייטען, מאַכען נייע וויסענשאַפטליכע ענטדעקונגען. עס האַנדעלט זיך, פריהער פאַר אַלעמען צו פערברייטען אָט די וואַהרהייטען, וועלכע די וויסענשאַפט האָט אונז צוגע־שאַרט, זיי אַריינצוברייננגען אין לעבען, זיי צו מאַכען פאַר אַ זאַך וואָס זאָל געהערען אַלעמען, עס איז פאַר אַלעמען נייטיג, אַז די גאַנצע מענשהייט, אַלע, אַלע זאָלען ווערען פעהיג די וואַרהייטען אויפצונעהמען און זיך מיט זיי צו בענוצען. די וויסענשאַפט דאַרף אויפהערען צו זיין אַ „לוקסוס“ און מוז ווערען דער באַזיס, דער גרונד־שטיין פון אַלעמענס לעבען. אָט אַזוי וויל די גערעכטיגקייט.

אַחוץ דעם איז עס נייטיג פיר דער וויסענשאַפט זעלבסט, אַז זי זאָל ניט בלייבען אין אַ ענגען, ארומגעצאַמטען ציר־קעל. זי קען נור דאַן מאַכען פאָרטשריטע, ווען אַ ניי־ענט־דעקטע וואַהרהייט געפינט שוין אָנגעגרייט אַ ברייטען צירקעל פון מענשען, וועלכע זיינען פעהיג איהר אויפצו־נעהמען.

* * *

אָבער אויב דאָס אַלעס וועט דיר אַריין אין קאָפּ, וועסט דו פֿערשטעהן, אַז פֿאַר אַלע זיבען זאַכען איז גאָר נייטיג איבערצובויען דעם גאַנצען בנין, צו ענדערן אין גאַנצען אונזער געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע פֿעראורטהיילט דעם געלעהרטען זיך אָנצושטאָפּען מיט וויסענשאַפֿטליכע וואַהרהייטען, און אַ וועלט מיט מענשען צו בלייבען דום און אונוויסענד, אַזוי ווי זייערע עלטער-זיידעס מיט פֿינף אָדער צעהן יאַהרהונדערטע צוריק. און דאַן, אין דעם טאָג, ווען אָט די אמת וויסענשאַפֿטליכע, אָט די ברייטע, מענשליכע אידעע וועט געפֿינען פּלאַץ ביי דיר אין מוח, וועסטו אָנווערען דעם חשק צו דער „ריינער" וויסענשאַפֿט און דו וועסט נעהמען זוכען מיטלען, ווי אַזוי צו ברייגגען די געזעלשאַפֿטליכע אומוועלצונג וואָס פֿריהער. פֿון יענעם טאָג אָן געהערסט דו דעם סאָציאַליזמוס. דו וועסט ניט מאַכען קיין סך שהיות, וועסט אַריינטרעטען אין אונזערע רייהען און אָנשטאָט דעם וואָס דו האָסט זיך ביז אַהער בעשעפֿטיגט צו פֿערשאַפֿען גענוס און פֿערגעניגען פֿאַר אַ קליין הייפֿעלע פֿון מענשען, וועלכע זיינען שוין זאַט פֿון תענוג אָהן דיין זוכען אויך, וועסטו יעצט אָנהייבען צו אַרבייטען פֿיר דער בעפֿרייאונג פֿון דער אונטערדריקטער, ליידענדער מאַסע.

און זיי זיכער, אַז דאַן, פֿיהלענדיג אַז דו האָסט געטהאָן דיין פֿליכט, און אַז דיינע טהאַטען זיינען אין אַנקלאַנג מיט דיינע געפֿיהלען—דאַן וועסט דו געפֿינען אין זיך אַזאַ גבורה, אַזעלכע כחות, פֿון וועלכע דו האָסט גאָר קיינמאָל ניט גע'חלום'ט אַפֿילו. און אין דעם טאָג— ער איז יעדענפֿאַלס ניט אַזוי ווייט ווי דיינע פּראָפֿעסאָר-ען מיינען—אין דעם טאָג, זאָג איך, ווען ס'ווערט קומען די אומוועלצונג, פֿאַר וועלכער דו האָסט געאַרבייט—דאַן וועט די וויסענשאַפֿט, מיט דער מעכטיגער מיטווירקונג פֿון די אַרבייטער-אַרמעען, וועלכע וועלען איהר קומען צו הילף,

אָננעהמען אַ נייםשוואונג; די לאַנגזאַמע פאָרטשריטע פון היינטצוטאָג וועלען אַנטקעגען יענעם שוואונג האָבען אַ פנים אַזוי ווי איינפאַכע איבונגען, וואָס די קינדער מאַכען אין שולע.

דאַן וועסט דו קענען געניסען פון דער וויסענשאַפט; דיזער גענוס וועט זיין פאַר אַלעמען.

II.

אויב דו האָסט, אַנשטאָט מעדעצין, געהאַט די געלעגענהייט צו לערנען יורי און דו האָסט בדעה צו ווערען אַדוואָקאַט, טראָגסט דו זיך מן הסתם אויך אַרום מיט דעם זעלבען שעהנעם חלום, מאַכסט זיך אויך די פיינע אילוזיאָנען איבער דיין צוקינפטיגע טהעטיגקייט — נאַטירליך, אָננעהמענדיג, אַז דו ביזט פון דער נאַטור אַ מענשענפריינד, מעגליך, אַז דו דיינקסט: „זיך איינװאַרפען אין קאַמפף אויף טויט און לעבען געגען יעדע אונגערעכטיגקייט! זעהן, אַז דאָס „געזעץ", דער אויסדרוק פון דער העכסטער גערעכטיגקייט, זאָל אימער זיעגען. וואָס פאַר אַן אַרבייט קען זיין שעהנער ווי די, האַ?" און דו געהסט אַזוי אַריין אין לעבען, פול מיט צוטרויען צו דיר אַליין און צו דער בעשעפטיגונג, וועלכע דו האָסט זיך אויסגעקליבען.

נון, לאָמיר אַקאָרשט מעביר זיין די סדרה פון „ואלה המשפטים", לאָמיר, ניט בלעטערנדיג, אויפעפענען דעם געריכטליכען טאָגע־בוך און מיר וועלען הערען וואָס דאָס לעבען דערצעהלט אונז.

אָט האָסט דו דאָרט אַ רייכען גוטס-בעזיצער. ער פערלאַנגט, מען זאָל אַראָבטרייבען פון „זיינע" פעלדער דעם בויער, וועלכער צאָהלט ניט דעם אָבגעמאַכטען שטייער פאַר די פעלדער, וואָס ער האָט געדונגען. דאָס געזעץ,

פֿערשטעהט זיך, וויל ניט וויסען פֿון קיין זאַך: אויב דער בויער צאָהלט ניט, מוז ער געהן. ווען מיר קוקען אָבער אַריין מיט מענשליכע אויגען אין דעם פּראָצעס, גע־פֿינען מיר פֿאָלגענדעס: דער גוטס־בעזיצער, דער בעל־הבית, האָט אימער פֿערשווענדעט די שטייערן, וואָס ער האָט אָבגענומען, אויף לוסטיגע מאָהלציימען; דער בויער האָט שטענדיג געאַרבייט. דער גוטס־בעזיצער האָט גאָר ניט געטהאָן זיינע פֿעלדער צו פֿערבעסערן, און פֿונדעסט־וועגען האָבען זיי יעצט דריי מאָל אַזוי פֿיעל די ווערטה ווי מיט 50 יאָהר צוריק. אַ נייע אייזענבאַהן־ליניע לויפֿט יעצט ניט וויים פֿון דאָרט, נייע וועגען זיינען געמאַכט געוואָרען, די זומפּפֿען אָבגעצויגען און דער פֿערנאַכלע־סיגטער, פֿערהאַרטעוועטער באָדען דורכגעגראָבען — אָט דאָס אַלעס האָט די פֿעלדער געגעבען דעם דרייפֿאַכען ווערטה. און דער בויער, וועלכער האָט דערצו פֿיעל בייגעטראָגען, האָט זיך רואינירט, איז אַריינגעפֿאַלען צו וואוכערער אין די הענד, איז פֿערבאָרען אין חובות און קען דעם שטייער ניט צאָהלען. דאָס געזעץ, וואָס איז אימער די רעכטע האַנד פֿון די בעלי בתים, גיט נאַטירליך יעצט אויך דעם גוטס־בעזיצער רעכט. דו אָבער, וואָס די „געזעצליכקייט" האָט נאָך אין דיר ניט געטויטעט דעם געפֿיהל פֿאַר גערעכטיגקייט, וואָס וועסט דו אין אַזאַ פֿאַל טהאָן? וועסט דו פֿערלאַנגען, אַז מען זאָל דעם בויער אַרויסוואַרפֿען אויף'ן מיט'ן וועג? — אַזוי הייסט דאָס געזעץ! אָדער וועסט דו פֿאָדערן, אַז דער גוטס־בעזיצער זאָל דעם בויער אַרויסצאָהלען דעם טהייל פֿון מעהר־ווערטה, וואָס דאָס לאַנד האָט בעקומען דורך זיין אַרבייט? — אַזוי וויל דער יושר, די גערעכטיגקייט. אויף וואָס פֿאַר אַ זייט וועסט דו שטעהן? פֿאַר'ן געזעץ אָבער געגען די גערעכטיגקייט, אָדער פֿאַר דער גערעכטיגקייט און נויט־ווענדיגערווייזע געגען דאָס געזעץ?

דאָרט געהען ארבייטער אַרויס אין סטרייק געגען זייער בעל־הבית, אָהנע איהם צו לאָזען וויסען מיט 15 טעג פֿריהער, אַז זיי וועלען עס טהאָן, אַזוי ווי דער אָפּמאַך איז. וואָס וועסט דו טהאָן אין אַזאַ פֿאַל, אַדוואָקאַט? אויף וועמעס זייט וועסט דו זיך שטעלען? אויף דער זייט פֿון'ם געזעץ, בעסער געזאָגט, פֿאַר'ן בעל הבית, וועלכער האָט אין אַ קריזיס־צייט זיינע לאָהן־שקלאַפֿען עקספּלאָאַטירט אויף אַ שענדליכען אופֿן, אָדער געגען דאָס געזעץ, ד"ה פֿיר די אַרבייטער, וועלכע האָבען די גאַנצע צייט גע־אַרבייט פֿאַר אַ קלעגליכען לוין און האָבען געמוזט צוקוק־קען ווי זייערע פֿרויען און קינדער געהען אויס פֿאַר זייערע אויגען? וועסט דו פֿערטהיידיגען אָט די אויסגעבלאָזענע איי, די „פֿרייהייט פֿון אונטערהאַנדלונג", די פּינקטליכקייט פֿון אַן אָפּמאַך, אָדער דו וועסט זיך שטעלען אויף דער זייט פֿון'ם יושר, פֿון דער גערעכטיגקייט, וועלכע זאָגט, אַז אַ קאָנטראַקט, אַן אָפּמאַך צווישען איינעם וואָס האָט אָפּגעגעסען אַ גוטען מאָהלצייט און צווישען דעם וואָס פֿערקויפֿט זיין אַרבייט פֿאַר אַ ביסען ברויט — אַז אַזאַ קאָנטראַקט האָט קיין ווערטה ניט?

און דאָ האָסט דו נאָך אַ פֿאַקט. אַ מאַן, אָרים גע־קליידעט, דרעהט זיך אַרום אַרום אַ יאַטקע אין פּאַריז. פּלוצלונג לייגט ער די האַנד אויף אַ שטיקעל פֿלייש און אַנטלויפֿט דערמיט. מען יאָגט איהם נאָך, מען כאַפּט איהם, מען אַרעסטירט איהם און מען הויבט אָן אויספֿרע־גען ווער און וואָס ער איז, און אָט וואָס מען געפֿינט אויס: דער מאַן איז אַן אַרבייטער, ער האָט שטענדיג פֿער־דינט מיט שווייס זיין שטיקעל ברויט, יעצט געהט ער אַרום ליידיג, ער קען קיין אַרבייט ניט קריגען. ער און זיין פֿאַמיליע האָבען שוין זייט פֿיער טעג ניט געגעסען. מען בעט זיך רחמים ביים קצב, ער זאָל אָבלאָזען דיזען אונגליקליכען מאַן. ער וויל ניט הערען, „די גערעכטיגקייט

מוז זיעגען!" זאָגט ער, און ער פֿיהרט ווייטער זיין קלאָגע. דער מאַן ווערט פֿער'משפט צו 6 מאָנאַט קערקער. אזוי וויל די בלינדע „גערעכטינקייט"!

ווער דיין געוויסען ניט רעוואָלטירען געגען דאָס געזעץ, געגען דער געזעלשאַפֿט, זעהענדיג טאָג־טעגליך אַזעלכע און עהנליכע אורטהיילע ?!

אָדער פֿילייכט וועסט דו פֿערלאַנגען, אַז דאָס געזעץ זאָל אַרויפֿלייגען איהר אייזערנע האַנד אויף יענעם מאַן, פֿערפֿיהרט, פֿערדאָרבען פֿון זיין קינדהייט אָן, ערצויגען אָהנע ווען עס איז צו הערען אַ וואָרט פֿון צערטליכקייט — וועסט דו פֿאָדערן, אַז דאָס געזעץ זאָל זיך אין איהם נוקם זיין, דערפֿאַר וואָס ער האָט דער'הרג'עט זיין שכן, אום ביי איהם צוצונעהמען 5 פֿראַנק? וועסט דו פֿערלאַנגען, מען זאָל איהם גילאָטינירען (אָפּשניידען דעם קאָפּ אויף אַ מאַשין וואָס הייסט גילאָטינע) אָדער — וואָס איז אַסך ערגער — מען זאָל איהם איינשפּאַרען ערגעץ וואו אין אַן אַסטראָג אויף צוואַנציג יאָהר, ווערענד דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער איז גיכער אַ קראַנקער איידער אַ פֿערברעכער און אַז, יעדענפֿאַלס, פֿאַלט די שולד פֿון זיין פֿערברעכען אויף דער גאַנצער געזעלשאַפֿט!

וועסט דו פֿערלאַנגען, מען זאָל אַריינוואַרפֿען אין די פֿינסטערע קעמערלאַך פֿון קערקער יענע אָרעמע וועבער, וועלכע האָבען, אין אַ מאָמענט פֿון אויפֿרעגונג, אונטער־געצונדען די פֿאַבריק? מען זאָל אַרויפֿציהען אויף דער תליה יענעם מאַן, וועלכער האָט געשאָסען אויף אַ געקרוינטען באַנדיט? מען זאָל אויסשלאַכטען דיזעס רעוואָלטירענדע פֿאָלק, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט אויף די באַריקאַדען די פֿאָהן פֿון דער צוקונפֿט?

— ניין, טויזענד מאָל ניין!

אויב דו וועסט נאָכדענקען אָנשטאָט צו ווידערהאָלען דאָס וואָס מען האָט דיך אויסגעלערנט; אויב דו וועסט

אַנאַליזירען דאָס געזעץ און עס אָפּטהיילען פֿון'ם באַרג פֿון שעהנע, הויך־קלינגענדע פֿראַזען, אין וועלכע מען האָט עס איינגעוויקעלט, אום צו פֿערהיילען זיין אורשפּרונג, וואָס איז קיין אַנדערע זאַך ניט ווי „דאָס רעכט פֿון'ם שטאַרקערן", און זיין עסענץ, זיין עצם, וואָס איז אין אַלע צייטען געווען די אונטערשטיצונג פֿון אַלע אונטערדריקונגען, וואָס די אָרעמע מענשהייט האָט געהאַט דורכצומאַכען אין פֿערלויף פֿון איהר בלוטיגער געשיכטע, — ווען דו וועסט, זאָג איך, בעטראַכטען דאָס געזעץ אין זיין נאַטירליכער פֿאָרם, וועסט דו עס פֿעראַכטען. דו וועסט דאַן בעגרייפֿען, אַז בלייבען אַ דיענער פֿון'ם געשריבענעם געזעץ הייסט גאַנץ איינפֿאַך אָנפֿיהרען טאָג־טעגליך אַ מלחמה מיט'ן געזעץ פֿון'ם געוויסען, מאַכען אַ מסחר מיט דעם אייגענעם געוויסען. און אַזוי ווי אַזאַ קאַמפּף קען לאַנג ניט אָנהאַלטען, וועסט דו מוזען אויסקלייבען איינס פֿון די צוויי: ענטוועדער דו וועסט דערשטיקען אין דיר דיין געוויסען און וועסט ווערען אַ שאַרלאַטאַן, אָדער דו וועסט שלאָגען כפּרות מיט דער טראַדיציאָן, מיט'ן געזעץ, און דו וועסט אונז קומען צו הילף, אַוועקצומאַכען מיט אַלע אונגערעכטיגקייטען: עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע.

דאַן אָבער וועסט דו ווערען אַ סאָציאַליסט, דאַן וועסט דו זיין אַ רעוואָלוציאָנער.

* * *

און דו, יונגער אינזשעניער, וואָס דו טראָגסט זיך אַרום מיט חלומות צו פֿערבעסערן די לאַגע פֿון די אַרבייטער, אַריינפֿיהרענדיג די ערפֿאַהרונגען פֿון דער וויסענשאַפֿט אין דער אינדוסטריע, — וואָס פֿאַר אַן ענטוישונג ערוואַרטעט דיך! דו גיסט זיך אין גאַנצען איבער מיט דיין מוח, דיין ניצליכע גייסטיגע ענערגיע, אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן פֿון אַן אייזענבאַהן, וועלכע וועט זיך ציהען גאַנצע ליניעס,

וועט דורכברעכען הויכע בערג און וועט פֿערבינדען צוויי לענדער, וועלכע די נאַטור האָט אָבגעטהיילט איינע פֿון דער אַנדערער.

אָבער צוטרעטענדיג צו דער אַרבייט זעהסט דו אין יענעם פֿינסטערען טונעל גאַנצע מחנות פֿון פֿערהונגערטע, קראַנקע אַרבייטער; דו זעהסט ווי פֿיעלע פֿון זיי געהען אַהיים, אמת מיט אַ ביסעל קליינגעלד אין די קעשענעס, אָבער מיט זיכערע סימנים פֿון שווינדזוכט אויף זייערע פנים'ער; דו זעהסט ווי ווייט די פֿערברעכערישע קאַרג־שאַפֿט און די נאַכלעסינקייט פֿון דער אייזענבאַהן־קאָמפּאַניע געהט, אַז יעדער וויאָרסט, יעדער מעטער פֿון דער באַהן איז בעצייכענט מיט טויטע קערפּער פֿון די אַרבייטער; און ענדליך, ווען דיין פּלאַן איז אויסגעפֿיהרט, ווען די אייזענ־באַהן איז פֿערטיג, זעהסט דו ווי אַזוי זי דיענט פֿיר אַ פֿיינדליכע אַרמעע איינצוברעכען מיט איהרע קאַנאָנען אין לאַנד...

דו האָסט אויפֿגעאָפּפֿערט דיין גאַנצע יוגענד צו מאַכען אַן ענטדעקונג, וועלכע זאָל לייכטער מאַכען די פּראָדוק־ציאָן און נאָך אַסך אָנשטריינגונג, נאָך אַ שעהן ביסעל שלאָפֿלאָזע נעכט האָסט דו ענדליך געענדיגט דיין אַרבייט; די קאָסטבאַרע ערפֿינדונג איז געמאַכט. דו פֿיהרסט איהר אַריין אין לעבען, מען הייבט אָן פּראַקטיצירען מיט איהר און דער רעזולטאַט איז, אַז דו געפֿינסט אויס, אַז דו האָסט זיך אָבגענאַרט.

צעהן, צוואַנציג טויזענד אַרבייטער ווערען אַרויסגעוואָר־פֿען פֿון די פֿאַבריקען אויף דער גאַס. די וואָס בלייבען, מיינסטענטהיילס קינדער, ווערען בעהאַנדעלט ווי איינפֿאַכע מאַשינען... דריי, פֿיער אָדער העכסטענס צעהן קאַפּי־טאַליסטען וועלען דערפֿון מאַכען זייער פֿערמעגען און וועלען גיסען מיט שאַמפּאַניער ווי וואַסער... האָסט דו דאָס ערוואַרטעט? איז דאָס געוועזן דיין חלום?

און ענדליך שטודירסט דו דורך דעם פּראָגרעס פֿון דער אינדוסטריע פֿון די לעצטע צייטען און דו זעהסט, אַז די געהטאָרין האָט גאָר נישט, ממש גאָר נישט גע־וואונען פֿון דער נעה־מאַשין, וואָס מען האָט אויסגעפֿונען; אַז די אַרבייטער אין דעם גרויסען טונעל סענט גאָט־האַרד שטאַרבען פֿון לעהמונג, טראָטץ די נייע שטיין־לעכערער מיט די דיאַמאַנטענע שפּיצען, — און אויב דו וועסט באַטראַכטען און דורכדיסקוטירען די סאָציאַלע פּראָב־לעמען מיט דער זעלבער גייסטעס־אונאַבהענגיגקייט, וועלכע האָט דיך געפֿיהרט צו זיין ערפֿאָלגרייך אין דיינע ער־פֿינדונגען, וועסט דו מוזען קומען צום שלוס, אַז אונטער דעם יעצטיגען צושטאַנד פֿון פּריוואַט־אייגענטהום און דאָס לוין־סיסטעם, איז יעדע נייע ערפֿינדונג ניט נור קיין טובה ניט פֿאַר'ן אַרבייטער, זאָנדערן אַ חוץ דעם וואָס זי איז ווייט דערפֿון צו פֿערבעסערן אויף אַ האָר זיין לאַגע, מאַכט זי נאָך זיין יאָך אַסך דריקענדער, זיין אַרבייט אַסך שווערער, זיין ליידיג ארומגעהן אַסך עפֿטער און די גע־וועהנליכע קריזיסען אַסך שאַרפֿער, און אַז נור די יעניגע, וועלכע האָבען אַלע מיטלען פֿון גענוס, נור די קענען אין גאַנצען פּראָפֿיטירען פֿון דער ערפֿינדונג.

וואָס וועסט דו אַלזאָ טהאָן, קומענדיג ענדליך צו דיע־זען שלוס? — ענטוועדער דו וועסט אין דיר דערשטיקען דיין געוויסען, דורך סאָפֿיזמען, דורך פּוסטע פּשט'ליך; דאַן, אין אַ שעהנעם טאָג, וועסט דו געבען דיינע עהר־ליכע חלומות פֿון דער יוגענד אין קאַרק אַריין און דו וועסט זוכען אַריינצוקריגען פֿיר דיר אַליין, דאָס וואָס גיט אַ רעכט צום גענוס און צום גליק, — דו וועסט זיך אַלזאָ אַריינוואַרפֿען אין דעם ראַנג פֿון די עקספּלאָאַטאַטאָרס. אָדער, אויב דו האָסט מוטה, וועסט דו זיך אַליין זאָגען: ניין! עס איז ניט די צייט יעצט צו מאַכען ערפֿינדונגען! לאָמיר פֿריהער פֿאַר אַלצדינג אַרבייטען איבערצומאַכען

דעם סיסטעם פֿון פּראָדוקציאָן. דאַן, ווען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום וועט זיין פֿערניכטעט, וועט יעדער נייער פּראָגרעס אין דער אינדוסטריע זיין אַ ברכה און ניט קיין קללה פֿיר דער מענשהייט; דאַן וועט יעדע נייע ערפֿינ־דונג זיין צו גונסטען פֿון אַלעמען. און ווען אָט די גרויסע מאַסע פֿון ארבייטער, וועלכע זיינען יעצט ניט מעהר ווי מאַשינען און וועלכע וועלען דאַן זיין מענשען, ד ע נ ק ע נ ד ע מענשען, וועלען אַנווענדען אין דער אינדוסטריע ביידע זאַכען: אי זייער אינטעליגענץ, זייער שכל און זייער האַנד־אַרבייט — דאַן וועט דער טעכנישער פּראָגרעס קענען אויפֿטהאָן נור אין פֿינפֿציג יאָהר דאָס, וואָס מיר חלום׳ען אפילו ניט דערפֿון יעצט!

* * *

און וואָס זאָגט מען דעם לעהרער פֿון דער שולע? ניט יענעם לעהרער, וועלכער לאַנגווײלט זיך אין זיין בעשעפֿ־טיגונג, ביי וועמען די פּראָפֿעסיאָן זיינע אין אַ לאַסט, ניין! איך מיין יענעם לעהרער, וואָס פֿיהלט זיך גליקליך צווי־שען אַ פֿרעהליכע חברה פֿון אינגלאַך, וועלכע רינגלען איהם אַרום און גלעטען איהם מיט זייערע ליעבליכע בליק־קען; יענער לעהרער וואָס זוכט איינצופֿלאַנצען אין די קליינע קעפּלאַך פֿון זיינע שילער די מענשליכע אידעען, וועלכע ער האָט אַמאָל אויפֿגעכאַפּט מיט אַזוי פֿיעל פֿרייד, ווען ער איז געווען יונג.

יאָ, אָפֿט זעה איך דיך טרויעריג און פֿערטראַכט; איך וויים וואָס עס בויערט דיר דעם מוח. היינט האָט דיין עלטעסטער שילער, וואס איז, אמת, ניט אַזאַ בריה אין לאַטיין, וועלכער איז אָבער אַ גאַנץ גוטער יונג, דערצעהלט מיט אַזוי פֿיעל האַרץ די לעגענדע פֿון ו י ל ה ע ל ם ט ע ל ל. זיינע אויגען האבען געפֿינקעלט; עס האָט אויס־געזעהן, אַז ער וואָלט געקענט דערשטעכען אויף׳ן שטעל אַלע טיראַנען, אָך מיט וואָס פֿאַר אַ פֿייער ער האָט עס

געלייענט דיזען וואַרעמען פֿערז פֿון שיללער:

פֿאַר דעם שקלאַף, ווען ער זיינע קייטען בריכט,
פֿאַר דעם פֿרייען מאַן, ציטערע ניכט!

אָבער, קומענדיג אַהיים, האָט ער אויסצוהערען אַ גאַנצע מחנה פֿון מוסר-זאָגער: זיין מאַמע, זיין טאַטע און זיין פֿעטער שטראָפֿען איהם אויס, פֿאַר וואָס ער האָט קיין דרך ארץ ניט פֿאַר דעם העררן פּאַסטאָר אָדער פֿאַר דעם שמש פֿון דער קירכע... שטונדען לאַנג האַלטען זיי איהם שעהנע דרשות פֿון „אַנשטענדיגקייט, רעספעקט פֿאַר אויטאָריטעט און אונטערוואָרפֿענהייט צו עלטערס פֿון זיך", ביז וואַנען ער לייגט אַוועק שיללער אָן אַ זייט און נעהמט זיך לערנען הלכות „העלפּ יור סעלף", אויסצושטודירען די קונסט „ווי אַזוי אָנצוגעהן אויף דער וועלט".

און דאַן, ערשט נעכטען, האָט מען דיר דערצעהלט, ווי אַזוי די בעסטע פֿון דיינע שילער זיינען אַראָב פֿון וועג. איינער האַלט אין איין פֿאַנטאַזירען פֿון עפּאָלעטען... עס ווילט זיך איהם ווערען אַן אָפֿיציר. דער אַנדערער בשותּפות מיט זיין בעל-הבית, בערייסט און בעצופּט נאָך מעהר דעם מאָגערן לאָהן פֿון די אַרבייטער; און דו, וואָס דו האָסט געהאַט אַזוי פֿיעל האָפֿנונג אויף דיזע יונגע לייט, דו זיצט יעצט פֿערטראַכט און טראַכסט וועגען דעם בי־טערן און טרויעריגען קאָנטראַסט וואָס עקזיסטירט צווישען דעם אידעאַל און דאָס ווירקליכע לעבען.

אַה, דו דענקסט נאָך אימער נאָך! אָבער איך ווייס גאַנץ גוט, אַז עס וועט לאַנג ניט אָנהאַלטען; העכסטענס צוויי יאָהר. ווערענדיג ענטוישט, אָבגענאַרט איין מאָל נאָך'ן אַנדערן, וועסט דו אַוועקלייגען די ביכער פֿון דיינע בעליעבטע פֿערפֿאַסער אויף דער פּאָליצע און דו וועסט קו־מען צום שלום, אַז ווילהעלם טעלל איז אמת געווען אַ גאַנץ עהרליכער מאַן, אָבער נאָך אַלעמען אַ שטיק מטורף; אַז פּאָעזיע איז טאַקי אַן אויסגעצייי־

בענטע זאַך, זיצענדיג ביים אויווען, איבערהויפּט פֿאַר דעם וואָס האָט אַ גאַנצען טאָג געלערנט מיט קינדער „רעגעל־דיגע״ א־ע־ אַנדערע שווערע חשבונות... אָבער, נאָך אַלע זיבען גליקען, שוועבען די פּאָעטען אַרום צווישען די וואָלקענס און זייער פּאָעזיע האָט גאָר ניט צו טהאָן מיט׳ן לעבען און נאָך וויניגער מיט דעם קומענדען בעזוך פֿון דעם הערר אינספּעקטאָר פֿון דער שולע...

אָדער דאָס אַלעס, וואָס דו האָסט פֿאַנטאַזירט אין דער יוגענד, וועט יעצט ווערען ביי דיר אַן איבערצייגונג, אַ פֿעסטע איבערצייגונג. דו וועסט ווערען האָבען אַ ברייטע מענשליכע ערציהונג פֿאַר אַלעמען, אין דער שולע און אויסער־האַלב דער שולע, און זעהענדיג, אַז דאָס איז אונמעגליך צו האַבען ביי די יעצטיגע צושטענדע, וועסט דו מוזען אָנגרייפֿען די גרונד־לאַגע, דעם יסוד פֿון דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט. דאַן, ווען מע וועט דיך אָבזאָגען פֿון דיין שטעלע, דאַן וועסט דו אַריינקומען אין אונזערע רייהען און מיט אונז אין איינעם וועסט דו זאָגען די עלטערע, אָבער ליידער אונוויסענדע מענשען, וואָס פֿאַר אַנציהענדעס ס׳האָט אין זיך דאָס וויסען, וואָס די מענשהייט דאַרף זיין, דאָס וואָס זי קען זיין. דו וועסט קומען אַרבייטען מיט די סאָציאַליסטען פֿאַר די פֿאָלשטענדיגע אומוועלצונג פֿון׳ם יעצטיגען סיסטעם און העלפֿען ברענגען די אמת׳ע גלייכהייט, די וואַהרע ברידערליכקייט און די אונאויפֿהערליכע פֿרייהייט פֿאַר דער גאַנצער וועלט.

* * *

ענדליך איהר אַלע, יונגער אַרטיסט, סקולפּטאָר, מאַהלער, פּאָעט, מוזיקער, זעהט איהר דען ניט, אַז דער הייליגער פֿייער, מיט וועלכען אייערע פֿאַר־עלטערן זיינען געווען בעגאַבט, פֿעהלט אייך היינט, אייך און אייער גלייכען? בעמערקט איהר ניט, אַז די קונסט איז אַריין, ווי מען זאָגט, אין דער שוסטער גאַס?...

און ווי אַזוי האָט עס געקענט אַנדערש זיין? די פריידע, וועלכע מען האָט אַמאָל געהאַט, האָבענדיג ענטדעקט די אַלטע וועלט אין זיך, איבער אַ נייעס, איבערגעבאָרען אין די קוואַלען פון דער נאַטור, דיעזער אַמאָליגער גייסט, וועלכער האָט בעשאַפען די מייסטערווערקע פון דער רעגעסאַנס, די איבערגאַנגס-פעריאָדע פון דעם מיטעלאַלטער צו דער מאָדערנער וועלט - אָט די פריידע איז שוין מעהר ניטאָ אין דער קונסט פון אונזער צייט. די רעוואָלוציאָנערע אידעע וואַרמט איהר ניט אָן, און ניט האָבענדיג קיין אידעאַל, האָט די קונסט כלומר'שט געמיינט צוגעפינען אַזאַ מין זאַך אין'ם רעאַליזם, פאָטאָגראַפירענדיג אין קולירען דעם טוי-טראָפען אויף'ן בלעטעל פון א בוים, נאָכמאַכענדיג ריכטיג די פוס-מוסקעלן פון אַ קוה, אָדער בעשרייבענדיג אַקוראַט. אין פראָזאַ און פאָעזיע, דעם שמוטץ פון אַ רינע אָדער דאָס שלאָפצימער פון אַ רייכער דאַמע.

„אָבער אויב אַזוי, וואָס זשע איז צו טהאָן?" וועט איהר פרעגען.

אויב דער הייליגער פייער, וועלכען איהר פרעטענדירט צו האָבען איז ניט מעהר ווי אַ „רויכעדיגער קנויט", דאַן וועט איהר טהאָן ווייטער וואָס איהר האָט ביז אַהער געטהאָן און אייער קונסט וועט פאַלען, ביז וואַנען איהר וועט ווערען אַן איינפאַכער מאַהלער פון פראָסטע ווענט אָדער אַ פעליטאָנען-שרייבער אין אַ וואָסערע עס ניט איז שונד-צייטונג—דער גרעסטער טהייל פון אייך גליטשען זיך שוין אַראָב מיט'ן פולען שוואונג אויף דיעזע אָנגעצויגענע שטריק...

אָבער, אויב אייער האַרץ קלאַפט ווירקליך אין איינינקייט מיט'ן האַרצען פון דער מענשהייט, אויב אייער אויער הערט זיך צו אַזוי ווי אַן אמת'ר פאָעט צום לעבען, דאַן, שטעהענדיג ביי דיזען ים פוןליידען, וואו די כוואַליעם

געהען אויף און אָב פֿאַר אייערע אויגען, אין רעכטען מיטען פֿון דיעזע מאַסען, וועלכע שטאַרבען פֿאַר הינגער, פֿון דיעזע מתים, וועלכע פֿילען אָן די פֿינסטערע מינען, פֿון דיזע טויטע קערפּער, וועלכע ליגען אין הויפֿענס אַרום די באַריקאַדען, פֿון דיעזע אונגליקליכע פֿערשיקטע, וועלכע מוזען שטאַרבען אונטער די שנעען פֿון סיביר אָדער אויף די טראָפּישע אינזלען, אין רעכטען מיטען פֿון ד'עזען פֿער־צווייפֿעלטען קאַמפּף, וועלכער ווערט אָנגעפֿיהרט פֿאַר אייע־רע אויגען, אין'ם געשריי פֿון שמערץ, וועלכער קומט פֿון די בעזיעגטע און דאָס שכור'ע פֿערשווענדערישע לעבען פֿון די זיעגער, האָבענדיג פֿאַר די אויגען שטענדיג העל־דענמוטה קעמפּפֿענדיג מיט פֿייגהייט, עדעלקייט מיט נידערטרעכטיגקייט—ראַן זאָג איך, אין רעכטען מיטען פֿון דעם אַלעמען וועט איהר ניט קענען בלייבען גלייכגילטיג. איהר וועט זיך אַריינוואַרפֿען אין קאַמפּף און זיך אָננעהמען פֿאַר די אונטערדריקטע, ווייל איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס שעהנע, דאָס ערהאַבענע, דאָס לעבען אַליין אין אימער אויף דער זייט פֿון די, וועלכע קעמפּפֿען פֿאַר ליכט, פֿאַר דער מענשהייט, פֿאַר דער גערעכטיגקייט!

אָבער איהר שטעלט מיך ענדליך אָב!

„אַה, צום טייפֿעל!" זאָגט איהר. „אויב די אַבסטראַקטע וויסענשאַפֿט איז אַ לוקסוסזאַך און די מעריצען־פּראַקסיס אַ שווינדעל; אויב געזעטץ הייסט אונגערעכטיגקייט און די טעכנישע ענטדעקונג איז ניט מעהר ווי אַן איינ־סטרומענט צור עקספּלאָאַטאַציאָן; אויב די שולע איז ניט אים שטאַנדע צו בעזיעגען דאָס יעצטיגע פּראַקטישע לע־בען און די קונסט, אָהן דער רעוואָלוציאָנערער אידעע, מוז דעזשענערירען, אונטערגעהן—אויב אזוי, וואָס זשע בלייבט אונז איבער צו טהאָן?

אָט, איך וועל אייך ענטפֿערן:

אַן אונגעהייער גרויסע און אַנציהענדע אַרבייט; אַן

אַרבייט, וועלכע איז פעהיג צו צוציהען צו זיך די נאָבעלס־טע, די שטאַרקסטע נאַטורען.

וואָס איז דאָס אַזוינס?—איך וועל עס אייך זאָגען.



III.

איהר האָט פאַר זיך צוויי וועגען: ענטוועדער זיך אָב־זעגענען אויף אייביג מיט אייער געוויסען און אין אַ שעהנעם טאָג קומען צום שלום און זיך זאָגען: „מעג די גאַנצע מענשהייט קראַפירען, אַבי איך זאָל לעבען אַ גוטען טאָג, אַבי איך זאָל קענען געניסען די פולע מאָס פון פערגנִיגען, אַזוי לאַנג דאָס פאָלק וועט זיין דום גענוג מיך צו לאָזען עס טהאָן......" אָדער אריינטרעטען אין די רייהען פון די סאָציאַליסטען און אַרבייטען מיט זיי פיר די פאָלשטענדיגע אומוועלצונג פון דער געזעלשאַפט. דאָס איז די נויטווענדיגע, אונפערמיידליכע פאָלגע פון דער צערגלידערונג וואָס מיר האָבען דאָ געמאַכט. דאָס וועט אימער זיין דער שלוס, צו וועלכען יעדער אינטעליגענטער מענש וואָס נויטווענדיגער־ווייזע מוזען קומען, אויב ער אורטהיילט עהרליך און אונפאַרטהייאיש איבער דעם וואָס קומט פאָר פאַר זיינע אויגען, און אויב ער קען בלייבען אונבעאיינפלוסט פון די סאָפיזמען, וועלכע זיין בורזשואַזנע ערציהונג און די פער־אינטערעסירטע מיינונגען פון זיינע פריינדע האָבען אין איהם געזוכט איינצוואָרצלען.

און ווען מען איז איינמאָל צוגעקומען צו דיזען שלוס, שטעלט זיך נאַטירליך באַלד די פראַגע: „וואָס איז צו־טהאָן?"

די אַנטוואָרט ליגט פון אויבען אויף.

געהט נאָר אַרויס פון'ם צירקעל, אין וועלכען איהר געפינט זיך און וואו מען איז צוגעוואוינט פאָרצושטעלען

דאָס פֿאָלק אלס אַ ווילדע באַנדע. קומט צווישען דיזען פֿאָלק און די פֿראַגע ווערט זיך פֿון זיך אַליין אויפֿלייזען.

איהר ווערט זעהן, אַז איבעראַל, איבעראַל, אין פֿראַנקרייך אַזוי ווי אין ענגלאַנד, אין דייטשלאַנד אַזוי ווי אין אַמע־ריקאַ, איבעראַל, וואו עס זיינען דאָ פּריווילעגירטע און אונטערדריקטע, גערט אָן אַן אונגעהייער גרויסע בעוועגונג צווישען די ארבייטער; אַ בעוועגונג, וועלכע האָט פֿאַר איהר צוועק צו צוברעכען אויף אייביג די קייטען פֿון קנעכטשאַפֿט, וואָס די מאָדערנע פֿאַנשטשינאַ, דער קאַ־פּיטאַליסטישער פֿעאָדאַליזם האָט אויף די אַרבייטער אָנ־געטהאָן און צו לייגען דעם גרונד־שטיין, דעם יסוד פֿאַר אַ נייער געזעלשאַפֿט, בעגרינדעט אויף גערעכטיגקייט און גלייכהייט. דאָס פֿאָלק שטעלט זיך שוין יעצט ניט צופֿריע־דען אויסצודריקען זיין ביטערע נויט אין איינעם פֿון יענע טרויעריגע ליעדער, וואָס די מעלאָדיע זייערע ברעכט דאָס האַרץ; יענע ליעדער וואָס די קנעכט פֿון'ם אַכצעהנטען יאָהרהונדערט פֿלעגען זינגען, און וועלכע דער סלאַווישער בויער זינגט נאָך היינט. ניין! דאָס פֿאָלק ארבייט יעצט מיט זיין פֿולען בעוואוסטזיין און טראַכט אַלע הינדערניסע פֿיר זיין בעפֿרייאונג.

זיין געדאַנק איז אימער בעשעפֿטיגט צו בעטראַכטען וואָס צו טהאָן, אום דאָס לעבען, אָנשטאָט דעם וואָס עס איז יעצט א קללה פֿאַר דריי חלקים פֿון דער מענשהייט, זאָל זיין אַ ברכה פֿאַר אַלעמען. ער בעשעפֿטיגט זיך מיט די שווערסטע פּראָבלעמען פֿון דער סאָציאָלאָגיע און בעשט־עבט זיך, זיי אויפֿצולייזען מיט זיין פּראָסטען, מענשליכען פֿער־שטאַנד, מיט זיין בעאָבאַכטונגס־גייסט, מיט זיין ביטערער ערפֿאַהרונג. אום זיך צוזאַמענצורײדען מיט די איבעריגע אונגליקליכע, וועלכע ליידען אַזוי ווי ער פֿון'ם יעצטיגען דרוק, זוכט זיך דער אַרבייטער צו גרופּירען, זיך צו אָר־גאַניזירען. ער גרינדעט פֿעראיינען, וועלכע ווערען אויפֿ־

געהאַלטען מיט שווירינקייטען דורך מאָגערע בייטרעגע; ער זוכט זיך צו פֿערשטענדיגען מיט זיינע מיטליידענדע פֿון דער אַנדערער זייט גרענעץ, און מעהר ווי אַלע פֿילאַנטראָפּען, אַרבייט ער צו ברענגען די צייט, ווען דער קריעג צווישען איין נאַציאָן און די אַנדערע וועט זיין אַן אונמעגליכקייט. אום צו וויסען וואָס זיינע ברידער טהוען, אום זיי בעסער צו קענען און אום צו ענטוויקלען די אידעען און זיי צו פֿערברייטען, האַלט ער אויף — אַך, מיט וואָס פֿאַר אַ מאַטערנים, מיט וואָס פֿאַר אַן אָנשטרענגונג! — זיין אָרעמע אַרבייטער־פּרעסע. ענדליך, ווען די צייט קומט, ווען די שטונדע פֿון אויפֿשטאַנד שלאָגט, הויבט ער זיך אויף און רויטמאַכענדיג די שטיינער פֿון די באַריקאַדען מיט זיין בלוט, וואַרפֿט ער זיך אַריין אין'ם ביטערן קאַמפּף פֿיר דיעזע פֿרייהייטען, וועלכע די רייכע און די מעכטיגע האָבען געוואוסט אויסצוניצען פֿאַר זייערע פּריווילעגיען.

אַך, וואָס פֿאַר אונאויפֿהערליכע אָנשטריינגונגען! וואָס פֿאַר אַ פֿאָרטוועהרענדער קאַמפּף דאָס איז! וואָס פֿאַר אַן אונגעהייערע אַרבייטען, וועלכע מוזען אַלע ווילע איבער אַ נייעם אָנגעהויבען ווערען! דאָ זיינען אַרויסגעפֿאַלען קרעפֿטע — דורך ערמיעדיגונג, דורך קאָרופּציאָן אָדער דורך די שרעקליכע פֿערפֿאָלגונגען, — און מען מוז זיי ערזעצען, זוכען אַנדערע אויף זייער פּלאַץ; דאָרט מוז מען רעאָרגאַניזירען, נאָך אַמאָל צוזאַמענרופֿען די קעמפּפֿער, וועלכע זיינען צושפּרייט געוואָרען דורך די פֿערפֿאָלגונגען, דורך דעם האָגעל פֿון קוילען, וואָס די הערשאַפֿטס־אָרדנונג לאָזט אויף זיי אַראָב!...

די רעוואָלוציאָנערע צייטונגען ווערען אַרויסגעגעבען פֿון מענשען, וועלכע האָבען געמוזט בגנבה אַוועקשלעפּען פֿון דער געזעלשאַפֿט אַ ברעקעלע בילדונג, זיך מוטשענדיג אין הונגער און קעלט און פֿערברענגענדיג גאַנצע נעכט אָהן

שלאָף. די פּראָפּאַגאַנדאַ ווערט אויפגעהאַלטען פון אָרעמע סענטען, וועלכע די פּראָלעטאַריער רייסען אָב פון׳ם נייטיגסטען, וואָס זיי דאַרפען צום לעבען, אָפּטמאָל פון זייער דאַר שטיקעל ברויט. און דאָס אַלעס ווערט געטהאָן אונטער שרעקליכע אומשטענדען, ציטערענדיג, אַז אַט, אַט וועט מען גאָר דאַרפען זעהן ווי די פרוי און קינדער געהן אויס פאַר הונגער; אַט וועט דער בעל־הבית, דער פאַבריקאַנט, זיך דערוויסען, אַז „זיין אַרבייטער, זיין שקלאַף, דרעהט זיך גאָר אַ קאָפּ מיט סאָציאַליזמוס" און... ער און די פאַמיליע וועלען מעגען לייגען די צייהן אויף׳ן פּאָליצע!

אַט דאָס אַלעס וועט איהר זעהן, ווען איהר וועט קומען צווישען פאָלק.

* * *

און אין דיזען אונאויפהערליכען קאַמפּף, ווי אָפּט האָט זיך שוין דער אַרבייטער, צוזאַמענברעכענדיג אונטער דער שווערער לאַסט פון די הינדערנישע, אומזיסט געפרעגט:

„וואו זיינען זיי ערגעץ, יענע יונגע לייט, וועלכע האָבען געלערנט אויף אונזערע קאָסטען? יענע יונגע סטודענטען, וועמען מיר האָבען געשפּייזט און געקליידעט אין דער צייט פון זייער שטודיום? יענע יונגע לייט, פאַר וועמען מיר האָבען מיט איינגעבויגענע רוקענס אונטער דער שווערער משא און מיט ליידיגע בייכער געבויט אַט די הייזער, אַט די אוניווערזיטעטען, אַט די מוזעאומס? יענע, פאַר וועמען מיר האָבען, קראַנקערהייט, מיט בלייכע פּנים׳ער, געדרוקט אַט די פיינע ביכער, וועלכע מיר קענען זאָגאַר ניט לייענען? וואו זיינען זיי ערגעץ, יענע פּראָפעסאָרען, וועלכע פּרעטענדירען צו זיין די פאָרשטעהער פון דער מענשליכער וויסענשאַפט און ביי וועמען די מענשהייט האָט ניט די ווערטה קיין שמעק טאַבאַק?...

וואו זיינען זיי, יענע „מויל־העלדען" וואָס ריידען פון פרייהייט און פערטהיידיגען קיינמאָל ניט אונזער פרייהייט,

וועלכע ווערט געטרעטען מיט די פיס? יענע שרייבער, יענע פּאָעטען, יענע מאַהלער, מיט איין וואָרט אָט די גאַנצע באַנדע פון היפּאָקריטען, וועלכע ריידען פון פאָלק, מיט אויגען פול טרעהרען, און וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט געפונען צווישען אונז, אום אונז צו העלפען אין אונזער קאַמפף?"

איינע פון זיי געפעלט עס צו בלייבען גלייכגילטיג שטעהן פון וויטען; די איבעריגע, דער גרעסטער טהייל פון זיי, קוקען אראָב מיט פעראַכטונג אויף דער „קאַנאַליע", און זיינען בערייט זיך אויף זיי אַרויפצואוואַרפען, ווען זיי זאָלען נאָר וואַגען אָנצוריהרען זייערע פּריווילעגיען.

פון צייט צו צייט בעווייזט זיך אַ יונגער מאַן, וועלכער טרוימט פון פּויקען און פון באַריקאַדען, און וועלכער זוכט סענזאַציאָנעלע סצענען, אָבער קוים דערזעהט ער, אַז דער וועג צו דער באַריקאַדע איז ווייט, אַז די אַרבייט איז זעהר שווער און פּיינליך און אַז די קרענץ פון רויזען, וועלכע ער ערוואַרטעט צו קריגען אין דיזען קאַמפף, זיינען אויסגעמישט מיט דערנער, דאַן זעהט מען איהם שוין מעהר ניט אָן אין די אויגען... מייסטענטהיילס זיינען עס אַזעלכע וואוילע יונגען, וועלכע זוכען צו געווינען דעם צוטרויען פון די אַרבייטער, צו שטימען פאַר זיי, זיי אַרויפזועצען אויף'ן בענקעל, כדי דערנאָך, ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט, צו קענען דעם פאָלק וויזען ווער עלטער איז, ווען ער יועט ווע׳לען איינפיהרען אין פּראַקטיק די אידעען וואָס זיי, די וואוילע יונגען, האָבען אַליין געפּריידיגט: יאָ, דאָס זיינען על פּי רוב אַזעלכע, וועלכע וועלען אפשר, ווען זיי וועלען האָבען די מאַכט, הייסען שיסען אויף די אַרבייטער, ווען זיי וועלען זיך ריהרען איידער זיי, זייערע פיהרער, האָבען געגעבען דעם סיגנאַל.

רעכענט צו צו דעם די נאַרישע בעליידיגונגען, די שטאָלצע פעראַכטונג און די פייגהאַפטע פערלוימדונג וואָס

קומט פֿון א גרויסען טהייל, און איהר וועט האָבען אַלעס, וואָס דאָס פֿאָלק קריגט פֿון דער בורזשואַזער יוגענד, אַלס הילפֿע צו זיין סאָציאַלער ענטוויקלונג.

* * *

און נאָך דעם אַלעמען וועט איהר נאָך אַלץ פֿרעגען: „וואָס זאָלען מיר טאָהן?" דאַן, ווען עס איז דאָ אַזוי פֿיעל צו טאָהן! דאַן, ווען אַ גאנצע אַרמעע פֿון יונגע לייט וואָלטען געפֿונען צו וואָס אָנצואווענדען די גאַנצע קראַפֿט פֿון זייער יונגער ענערגיע, פֿון זייערע יונגע מוחות, פֿון זייער טאַלאַנט, אום צו העלפֿען דאָס פֿאָלק אין זיין אונגעהייער גרויסער אונטערנעהמונג!

איהר ווילט ווימען, „וואָס איז צו טהאָן?"—הערט:

איהר, ליעבהאָבער פֿון דער ריינער וויסענשאַפֿט, אויב איהר זייט דורכדרונגען פֿון די פּרינציפּען פֿון סאָציאַליזמוס, אויב איהר האָט פֿערשטאַנען די ריכטיגע מיינונג פֿון דער רעוואָלוציאָן, וועלכע שטעהט שוין ביי דער טהיר, זעהט איהר דען ניט, אַז מען דאַרף איבּערמאַכען אין גאַנצען די וויסענשאַפֿט, אום צו זעהן, זי זאָל זיין אין אַנקלאַנג מיט די נייע אידעען? בעמערקט איהר ניט, אַז עס האַנדעלט זיך דאָ צו מאַכען, אויף דיזען פֿעלד, אַן ענדערונג, אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט אַריבערשטייגען אין איהר וויכטיגקייט יענע ענדערונג וואָס איז געמאַכט געוואָרען, אין יעדען צווייג פֿון וויסענשאַפֿט אין פֿערלויף פֿון'ם אַכצעהנטען יאָהרהונדערט? פֿערשטעהט איהר ניט, אַז די געשיכטע, וועלכע איז היינט צו טאָג אַ מין בבא מעשה פֿון דער גרויסקייט פֿון קעניגע, פֿון גרויסע לייט און פֿון פּאַרלאַמענטען,—אַז די געשיכטע מוז געשריבען ווערען פֿון'ם שטאַנדפּונקט פֿון פֿאָלק אין דער לאַנגער ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט? אַז די סאָציאַלע עקאָנאָמיע—וועלכע איז היינט ניט מעהר ווי די רעכטפֿערטיגונג פֿון קאַפּיטאַליסטישער רויבעריי—מוז איבערגעאַרבייט ווערען

אויף דאָס נײַ אין איהרע גרונדליכע פּרינציפּען, אַזוי גוט ווי אין איהרע אונצעהלבאַרע אָנווענדונגען? אַז די אַנ־טראָפּאָלאָגיע (די נאַטור געשיכטע פֿון'ם מענשען), די סאָציאָלאָגיע (די לעהרע פֿון געזעלשאַפֿטליכען לעבען) און די עטהיק (די מאָראַל־לעהרע), מוזען פֿאָלשטענדיג איבערגעגאָסען ווערען, און אַז די נאַטור־וויסענשאַפֿטען אַליין, וועלכע ווערען יעצט בעטראַכט גאָר פֿון אַ נייעם שטאַנד־פּונקט, דאַרפֿען איבערגעמאַכט ווערען, וואָס אָנ־בעלאַנגט די אַרט און ווייזע ווי אַזוי צו בעגרייפֿען די נאַטירליכע ערשיינונגען?

פֿערשטעהט איהר דען ניט די נויטווענדיגקייט פֿון דעם אַלעמען?—נון גוט, אויב יאָ, טהוט עס! בענוצט אייערע פֿעהיגקייטען צו גונסטען פֿון אַ גוטער זאַך! העלפֿט אונז איבערהויפּט מיט דעם כוח פֿון אייער קלאָהרער לאָגיק צו בעקעמפֿפֿען יעדען פֿאָראורטהייל און צו לייגען דעם גרונד־שטיין, דעם יסוד פֿאַר אַ בעסערער אָרגאַניזאַציאָן! לערנט אונז צו בעזיצען אין אונזערע אַרגומענטען דעם מוטה פֿון דעם וואַהרען וויסענשאַפֿטליכען פֿאָרשער און איבערהויפּט צייגט אונז, אַזוי ווי אייערע פֿאָרעלטערן האָבען געטאָהן, ווי אַזוי מענשען זיינען מוטהיג גענוג אויפֿצואָפּפֿערן זאָגאַר זייער לעבען פֿאַר דעם זיעג פֿון דער וואַהרהייט?

איהר, דאָקטוירים, וואָס איהר האָט געלערנט דעם סאָ־ציאַליזמוס פֿון ערפֿאַהרונג, הערט ניט אויף אונז צו זאָגען היינט, מאָרגען, יעדען טאָג און ביי יעדער געלעגענהייט, אַז די מענשהייט שטאַרבט וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָב, אויב זי וועט בלייבען ביי די יעצטיגע צושטענדע פֿון עקזיסטענץ און אַרבייט; אַז אייער גאַנצע מעדיצין, אייערע אַלע רפֿואות זיינען אַרויסגעוואָרפֿען, כל זמן די גרויסע מאַסע פֿון דער מענשהייט שמאַכטעט אין אַזעלכע צושטענ־דע, וועלכע זיינען אַבסאָלוט געגען דעם, ווי די היגיענע,

די געזונדהייטס־וויסענשאַפט וויל עס האָבען! איבערצייגט דעם פאָלק, אַז מען מוז פריהער אַוועקמאַכען מיט די אורזאַכען, וועלכע רופען אַרויס די קראַנקהייטען, און זאָגט זיי, שעהמט זיך ניט, זאָגט זיי ווי אַזוי פטור צו ווערען פון דיזע אורזאַכען! קומט מיט אייער ערפאַהרונג, האָבענדיג אַנאַטאָמיש אונטערזוכט אונזער געזעלשאַפט, וועלכע האַלט ביים צופאַלען, און זאָגט אונז וואָס פאַר אַ סאָרט לעבען מיר וואָלטען געדאַרפט און געקענט פיהרען, און, אַזוי ווי אַן אמת'ר עהרליכער אַרצט, ווידערהאָלט פאַר אונז, אַז מען דאַרף זיך ניט אָבהאַלטען אָבצושניידען אַ קראַנקען גליעד פון קערפער, אַ האַנד אָדער אַ פוס, ווען עס קען, פערבלייבענדיג, פערגיפטען דעם גאַנצען קערפער און איהם טרייבען צום טויט...

איהר, וועלכע אַרבייט צו פעראייניגען די וויסענשאַפט מיט דער אינדוסטרי, שעהמט זיך ניט, זאָגט אונז פריי און אָפען, וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון אייערע ערפינדונגען! וויזט די מענשען, וועלכע האָבען ניט דעם מוטה צו געהן מיט פעסטע שריט אַנטקעגען דער צוקונפט, וואָס פאַר נייע ערפינדונגען אָט דער אוצר פון וויסענשאַפט, וואָס מיר האָבען שוין, קען אונז ברענגען; ווי די אינדוסטרי וואָלט געקענט אויסזעהן אונטער אַנדערע, בעסערע צושטענדע; וויפיעל דער מענש וואָלט געקענט אויפטהאָן, ווען ער וואָלט שטענדיג געאַרבייט מיט אַן אויסקוק צו פערמעהרען זיין אייגענע פראָדוקציאָן!

איהר, פאָעטען, מאַהלער, סקולפטאָרען, מוזיקער, אויב איהר פערשטעהט אייער וואַהרע אויפגאַבע און די אינטערעסען פון דער קונסט אַליין, קומט מיט אונז! בענוצט אייער פעדער, אייער פענזיל, אייערע אידעען צו גונסטען פון דער רעוואָלוציאָן! גיט אונז איבער אין אייער פאָעטישען סטיל, אָדער אין אייערע פראַכטפאָלע צייכנונגען, די קעמפפע פון די פעלקער געגען זייערע אונטערדריקער!

וואַרעמט אָן די יונגע הערצער מיט דיזען הערליכען רע־וואָלוציאָנערען פֿייער, וועלכער האָט בעגייסטערט אונזערע פֿאָרעלטערן! זאָגט דער פֿרוי וואָס פֿאַר אַ גרויסקייט, וואָס פֿאַר אַ הערליכקייט עס ליעגט אין דער טהעטיגקייט פֿון איהר מאַן, ווען ער גיט אַוועק זיין לעבען פֿאַר דער בע־פֿרייאונג פֿון דער פֿערשקלאַפּטער מענשהייט! ווייזט דעם פֿאָלק וואָס פֿאַר א העסליכקייט, וואָס פֿאַר אַ גראָבע מיאוס'קייט עס איז דאָ אין'ם יעצטיגען לעבען און גיט אונז צו דער זעלבער צייט אָן די אורזאַכען פֿון דעם אַלע־מען. זאָגט, זאָגט אַרויס אָפֿען, וואָס דאָס לעבען וואָלט געקענט זיין, ווען עס וואָלט זיך ניט, אויף יעדען שריט און טריט, אָנגעקלאַפּט אָן אַן אַנדערן שטיין; ווען עס וואָלט ניט געשטערט געוואָרען יעדע מינוט פֿון אַן אַנ־דער נידערטרעכטיגקייט פֿון דער יעצטיגער סאָציאַלער אָרדנונג!

ענדליך, איהר אַלע, וועלכע האָבען געהאַט דאָס גליק זיך אַנצוואייגנען מיט קענטניסע, איהר טאַלאַנטפֿאָלע מע־נער און פֿרויען, אויב איהר האָט אַ האַרץ, א האַרץ וואָס פֿיהלט, קומט אין אונזערע רייהען, קומט אויסניצען אייע־רע פֿעהיגקייטען צו גונסטען פֿון די, וועלכע דאַרפֿען עס אַזוי נייטיג האָבען! און ווייסט, אַז אויב איהר וועט קומען צו אונז, ניט אַלס בעלי בתים, נאָר אַלס קאַמפּפֿס־גענאָ־סען; ניט צו הערשען, זאָנדערן זיך אייצולעבען אין אַ נייעם צירקעל וואָס שטרעבט צו דער צוקונפֿט; ניט אַזוי צו אונטערריכטען, צו בעלעהרען, ווי זיך אַליין איינצואייג־נען מיט די געדאַנקען און ווינשע פֿון די מאַסען, זיי צו פֿערשטעהן, זיי צו געבען אַ פֿאָרמע און דאַן צו אַרבייטען, אָהן אויפֿהער, אָהן רוה, מיט דעם פֿייער פֿון דער יוגענד, דיזע ווינשע צו רעאַליזירען, זיי אַריינצוברענגען אין דאָס ווירקליכע לעבען,—דאַן, נאָר דאַן וועט איהר פֿיהרען אַ פֿאָלקאָמענעס, אַ ראַציאָנעלעס לעבען! איהר

וועט דאַן זעהן, ווי יעדע איינציגע אַנשטרענגונג אייערע, אין יענעם וועג, וועט טראָגען פריכטע און איבערפלוס; דאַן, ווען אייערע טהאַטען וועלען זיין אין אַנקלאַנג מיט דעם בעפעהל פון אייע־ געוויסען, דאַן וועט איהר ערשט בעמע־קען ווי שטאַרק איהר זייט; איהר וועט ראַן געפי־נען כח׳ת אין אייך אַליין, כחות, וועלכע האָבען געשלאָ־פען אין אייך און פון וועלכע איהר האָט אפילו ניט גע׳חלום׳ט...

יאָ, דער קאַמפף פיר די וואַהרהייט, פיר די גערעכ־טינקייט, פיר די גלייכהייט, און דאס אַלעס אין רעכטען מיטען פון פאָלק, צווישען דער מאַסע — וואָס קען נאָך זיין שעהנער, וואָס קען נאָך זיין ערהאַב׳נער אין לעבען!!

IV.

איך האָב געדאַרפט פערנעהמען דריי לאַנגע קאַפּיטלען, אום צו צייגען די יונגע לייט, וועלכע בעלאַנגען צו דער רייכערער קלאַסע, אַז אין רעכטען מיטען פון דער דילעמאַ, פון׳ם פלאָנטער, אין וועלכען זיי געפונען זיך, וועלען זיי זיין געצוואונגען, אויב זיי זיינען מוטהיג און ערנסט, זיך אַריינ־צוּוואַרפען אין די רייהען פון די סאָצ׳אַליסטען און מיט זי׳ אין איינעם אַרבייטען פאַר דעם ערפאָלג פון דער סאָ־ציאַלער רעוואָלוציאָן. און אין דער אמת׳ן איז דיזע וואַהר־הייט אַזוי איינפאַך! אָבער, ריידענדיג צו די, וועלכע האָ־בען געהאַט אַ בורזשואַזע ערציהונג, געהט׳ס ניט אַזוי לייכט. וויפיעל סאָפיזמען, וויפיעל פערדרעהטע פשט׳לאַך, וויפיעל פאָראורטהיילע דאַרף מען דאָ בעקעמפפען! וויפיעל פעראינטערעסירטע טענות זיינען דאָרט דאָ צו בעזייטיגען!

עס וועט מיר אַסך לייכטער זיין צו ריידען היינט צו אייך, יונגע לייט פון׳ם פ אָ ל ק. דאָ קען איך זיך האַלטען

קורץ, די אומשטענדען אליין טרייבען אייך צו ווערען סאָציאַליסטען, ווי וויניג מוטה איהר זאָלט ניט האָבען נאָר צו דענקען און צו האַנדלען נאָך אייערע איבערצייי־גונגען. דעם אמת זאָגענדיג, איז דאָך דער מאָדערנער סאָ־ציאַליזמוס אַרויס פון רעכטען מיטען פון'ם פאָלק. אויב איינינע בורזשואַזע דענקער זיינען געקומען רעכטפער־טיגען דעם סאָציאַליזמוס פון אַ וויסענשאַפטליכען און פילאָזאָפישען שטאַנדפונקט, אָבער די גרונד־אידעע אַליין איז ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פון'ם אַלגעמיינעם גייסט פון דער אַרבייטער־מאַסע. איז דען דער סאָציאַליזמוס פון דער אינטערנאַציאָנאַלע, וועלכער שטעלט היינט צו טאָג צונויף אונזער בעסטע קראַפט, אויסגעאַרבייט גע־וואָרען ערגעץ אַנדערש ווי אין די אַרבייטער־אָרגאַניזאַ־ציאָנען, אונטער דעם דירעקטען איינפלוס פון די מאַסען?

אַרויסקומען פון די רייהען פון אַרבייטער־פאָלק און זיך ניט איבערגעבען פאַר'ן טריאומפף פון סאָציאַליזמוס, הייסט גאַנץ איינפאַך איגנאָרירען זיך אַליין, פערקוקען די אייגע־נע אינטערעסען, פערלייקענען די היסטאָרישע אויפגאַבע וואָס ליגט אויף זיך אַליין.

* * *

געדענקסט די יענע צייט, אַרבייטער, ווען זייענדיג אַ קליינער אינגעל נאָך, פלעגסט דו אַראָבגעהן אין אַ ווינ־טערטאָג זיך שפּיעלען אין'ם פינסטערן געסעל, וואו דו האָסט געוואוינט? אַ בייסענדע קעלט האָט דורכגענומען דיין גאַנצען קערפּער, איינגעוויקעלט אין דינע קליידער, און די בלאָטע האָט זיך אַריינגעשפּאַרט אין דיינע שיך. דאַן, ווען דו האָסט געזעהן פערבייגעהן פון וויטען יענע פעטע, רייך געקליידעטע קינדער, וועלכע האָבען געקוקט אויף דיר מיט שטאָלץ, מיט פעראַכטונג,—דאַן שוין האָסט דו גוט געוואוסט, אַז אָט די גליקליכע, מזל'דיגע קינדער קומען ניט צו דיר און צו דיינע חברים, ניט אין שכל און

ניט אין ענערגיע. שפּעטער אָבער, ווען דיר איז אויסגע־קומען צו זיין אין אַ שמוציגער פאַבריק, פון פינף אָדער זעכס אַ זייגער אין דער פריה; זיצען גאַנצע צוועלף שטונדען ביי אַ שטורמישער מאשין, און, אַזוי ווי די מאַ־שין אַליין, ווידערהאָלען טאָג פאַר טאָג דיזעלבע ערמי־דענדע אַרבייט, גאַנצע יאָהרען לאַנג,—אין דערזעלבער צייט פלעגען זיי, אָט יענע רייכע קינדער, געהן רוהיג אין די שולען, אין די גימנאַזיומס, איז די אוניווערזיטעטען. און יעצט זיינען דיזעלבע קינדער, אפשר ניט אַזוי קלוג ווי דו, אָבער בעסער געלערנט, געוואָרען דיינע בעלי בתים; זיי ווערען יעצט געניסען דאָס אַנגענעהמסטע פון לעבען, די זיסעסטע פריכטע פון דער ציוויליזאַציאָן—און דו? דו אָרמער טייפעל? וואָס ערוואַרטעט דיך אין לעבען?

מיעד פון דער שווערער פראַצע קומסט דו אין אָבענד אַריין אין אַ קליינעם, פינסטערן און פייכטען צימער, וואו פינף, זעקס פּערזאָנען מוזען זיך צוזאַמענדריקען אויף אַ קליינעם שטח פון עטליכע קוואַדראַט־איילען. דיין מוטער, וועמען דאָס לעבען איז שוין נמאס און מאוס, וועלכע איז פערעלטערט, ניט אַזוי פון יאָהרען ווי פון זאָרג, גיט דיר אַן אָרעמען מאָהל־צייט פון ברויט מיט קאַרטאָפעל און אַביסעל קאַלעמוטנע וואַסער וואָס טראָגט דעם נאָמען „טהיי" צו פערטרינקען. דאָרט, נאָך׳ן עסען, הערסט דו אומער דעם זעלבען פּזמון, די זעלבע טאַגעס־אָרדונג: וואו וועל איך נעהמען מאָרגען צו בעצאָהלען דעם בעקער פאַר ברויט? וואו וועל איך קריגען איבערמאָרגען צו געבען דירה־געלד?

וואָס! וועסט דו אויך מוזען פיהרען דאָס זעלבע פינס־טערע לעבען וואָס דיין פאָטער און מוטער האָבען גע־פיהרט דרייסיג, פערציג יאָהר? וועסט דו זיך צופרידענ־שטעלען צו אַרבייטען דיין לעבען לאַנג, צו פערשאַפען פאַר אייניגע די בעסטע תענוגים, די פערגניגונגען פון

וואָהלויין, פֿון וויסען, פֿון קונסט, און איבערלאָזען פֿאַר זיך די אייביגע זאָרג פֿאַר'ן שטיקעלע ברויט? ווערסט דו זיך ענטזאַגען, ענטזאַגען אויף אייביג פֿון אַלעס וואָס מאַכט דאָס לעבען אַזוי שעהן, אַזוי זיס, און פֿערשאַפֿען דאָס גאַנצע גליק פֿאַר א הייפֿעלע ליידיג־געהער? ווערסט דו אוועקגעבען דיינע בעסטע כחות אין דער שווערער אַרבייט און ניט קענען קיין אַנדער זאַך ווי זאָרגען און קאָפּ־דרעהעניש, אויב ניט עלענד און נויט, ווען די שלעכטע צייטען קומען אָן, דאַן, ווען די אַרבייט שטעלט זיך אָב? איז דאָס אויף וואָס דו געהסט איין אין לעבען?

* *
*

אָדער פֿיליכט ווערסט דו זיך אין גאַנצען מיאש זיין; פֿיליכט ווערסט די אויפֿגעבען יעדע האָפֿנונג אויף בעסע־רעס. ניט זעהענדיג קיין אויסוועג פֿון דער שלעכטער לאַגע, ווערסט דו זיך אפשר טראַכטען: „אַך, גאַנצע דורות זיינען אַריבער אַלץ אין דעם זעלבען צושטאַנד, און איך, קליין מענשעלע, וואָס קען איך טהאָן? איך קען דאָך ניט אי־בערמאַכען אַ גאַנצע וועלט! איך וועל אַלזאָ אַרבייטען און זעהן צו לעבען אַזוי ווי עס לאָזט זיך..."

נון גוט! דאַן אָבער וועט דיר דאָס לעבען אַליין אויפֿ־עפֿענען די אויגען.

אין אַ שעהנעם טאָג וועט קומען דער קריזיס, איינע פֿון יענע „שלעכטע צייטען", וועלכע זיינען שוין ניט מעהר קיין זעלטענע געסט, וואָס קומען און געהען פֿערביי; אַ קריזיס, וואָס הרג'עט אַוועק אַ גאַנצע אינדוסטריע, ברייננט טויזענדער פֿון אַרביימער צו בעטעל־ברויט און טויטעט גאַנצע פֿאַמיליען. גלייך מיט די איבריגע פֿריינדע דיינע, די אַרביימער, ווערסט דו קעמפּפֿען געגען דיזער צרה, דו ועסט אָבער מיעד ווערען, ווערסט זיך באַלד אַרומקוקען, אַז דיין פֿרוי, דיין קינד, דיין פֿריינד, פֿערהונגערן פֿאַר דיינע אויגען, שטאַרבען אָב פֿון שטונדע צו שטונדע און

ענדיגען ענדליך זייער לעבען אויף אַן אָרימען, צובראָכענעם געלעגער, וועהרענד די ליכטיגע גאַסען פֿון דער גרויסער שטאָדט זיינען פֿול מיט לעבען, מיט׳ן פֿרעהליכען לעבען פֿון די רייכע, וועלכע מאַכען זיך אַ גאַנץ קליינעם צימעם פֿון די וואָס קראַפּירען פֿאַר הונגער. דאַן וועסט דו שוין פֿערשטעהן ווי שרעקליך אונזער געזעלשאַפֿט איז; דו וועסט נאָכדיינקען איבער די אורזאַכען פֿון דעם קריזים און מיט אַ בליק פֿון אַ פֿאַרשענדען מענשען וועסט דו אַריינקוקען טיעף אין דער מכה. דו וועסט דאַן זעהן וואָס אָט די יעצטיגע אָרדנונג בעדייטעט, דיזער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, וואָס פֿערטרויט דאָס לעבען פֿון גאַנצע מיליאָנען פֿון מענשען אויף די אונבאַרמהערציגקייט פֿון אַ הייפֿעלע פֿוילענצער; דאַן וועסט דו שוין פֿערשטעהן, אַז די סאָציאַליסטען האָבען רעכט, ווען זיי זאָגען, אַז די יעצטיגע געזעלשאַפֿט מוז, אַז זי קען אין גאַנצען איבערגעבויט ווערען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

אַן אַנדערס מאָל, ווען דיין בעל־הבית וועט דיר וועלען אַראָברייסען נאָך עטליכע סענט פֿון דיין מאָגערן לוין, אום צו פֿערגרעסערן זיין פֿערמעגען, וועסט דו פּראָטעסטירען; ער וועט דיר אָבער ענטפֿערן מיט שטאָלץ: „געה לייג די צייהן אויף די פּאָליצע, אויב דו ווילסט ניט אַרבייטען פֿאַר דעם פּרייז". דאַן וועסט דו בעגרייפֿען, אַז דיין מייסטער שטעלט זיך ניט צופֿרידען מיט דעם וואָס ער שערט פֿון דיר די וואָל אַזוי ווי פֿון אַ שעפּס, נאָר ער האַלט דיך איבערהויפּט פֿאַר אַ נידעריגע סאָרט חיה; ניט גענוג וואָס ער האַלט דיך אין זיינע לאַפּעס דורך דאָס לוין־סיסטעם, וויל ער דיך מאַכען פֿאַר אַ פֿערקויפֿטען, פֿאַר אַ שקלאַף אין אַלע הינזיכטען. דאַן, איינס פֿון די צוויי: ענטוועדער דו וועסט איינבויגען דעם רוקען, וועסט דערשטיקען אין דיר יעדעס געפֿיהל פֿון זעלבסטווירדע און וועסט זיך איינגעוואוינען צו יעדער ערנידעריי־

גונג; אָדער דאָס בלוט וועט אין דיר אויפקאָכען, דו וועסט ווערען אַן עזות־פּנים, וועסט ענטפערן און קריגען די סעק... דאַן, זיך אַרומדרעהענדיג אין די גאַסען, אָהן אַרבייט, וועסטו פערשטעהן, אַז די סאָציאַליסטען האָבען רעכט ווען זיי זאָגען: „רעוואָלטיר! רעוואָלטיר געגען די עקאָנאָמישע שקלאַפעריי!" און דו וועסט אַריינקומען אין אונזערע רייהען און אַרבייטען מיט אונז אין איינעם פיר די פערניכטונג פון אַלע שקלאַפערייען: עקאָנאָמישע פאָליטישע און סאָציאַלע.

אין אַ שעהנעם טאָג וועסט דו ערפאַהרען די געשיכטע פון דיינע אַ בעקאַנטע, יענע שעהנע מיידעל וואָס דו האָסט אַ מאָל אַזוי בעוואונדערט פאַר איהר ליעבליכען בליק, פאַר איהר פיינע אויפפיהרונג, פאַר איהר פרעהליכע בעוועגונג. נאָכדעם ווי זי האָט יאָהרען לאַנג געליטען נויט, האָט זי זיך אַריבערגעקליבען פון'ם דאָרף, וואו זי איז אויפגעצויגען געוואָרען, אין דער גרויסער שטאָדט אַריין. זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז זי וועט דאָרט קיין האָניג ניט לעקען, אָבער זי האָט געהאָפט, אַז זי וועט דאָרט אַם ווענינגסטענס קענען פערדיענען עהרליך איהר שטיקעל ברויט. נון, דו ווייסט יעצט וואָס פון איהר איז געוואָרען... צוגעצויגען פון די שעהנע רייד פון אַ יונגען בורזשואַ האָט זי זיך צו איהם איבערגעגעבען מיט דעם גאַנצען פייער פון איהר יונגער ליעבע, און אין אַ יאָהר אַרום איז זי געבליבען אַליין, פערלאָזען, מיט אַ פּיצעלע קינד אויף דער האַנד... זי האָט פונדעסטוועגען ניט אויפגעהערט צו קעמפּפען, אָבער זי האָט געמוזט פאַלען, און אַך! אין דיזען אונגלייכען קאַמפּף געגען הונגער און קעלט איז די אונגליקליכע געשטאָרבען, ווער ווייס אין וועלכען שפּיטאָל...

יאָ, וואָס פאַר אַן איינדרוק וועט אָט די טרויריגע געשיכטע מאַכען אויף דיר? ענטוועדער דו וועסט זוכען צו

פֿערטרייבען דיזען אונאַנגענעהמען אַנדענקען דורך עטליכע נאַרישע ווערטער. „אָט, דאָס איז ניט די ערשטע און ניט די לעצטע“, וועסט דו זאָגען, און אין אַ שעהנעם אָבענד וועסט דו זיך געפֿינען אין אַ קאָפֿע־הויז, און אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אַנדערע גראָבע יונגען וועט דער אַנדענקען פֿון דיזער אונגליקליכער פֿרוי בעשמוצט ווערען דורך אייערע גראָבע רייד. אָדער דיזע געשיכטע וועט דיר ריהרען דאָס האַרץ; דו וועסט אויפֿזוכען דעם שאַרלאַטאַן, וואָס האָט איהר פֿעראונגליקט, און וועסט איהם וואַרפֿען זיין פֿערברעכען אין פּנים אַריין, דו וועסט נאָכדיינקען איבער די אורזאַכען פֿון דיזע שרעקליכע טראַגעדיען, וועלכע ווידערהאָלען זיך יעדען טאָג, און דו וועסט בעגרייפֿען, אַז זיי וועלען ניט אויפֿהערען כל זמן די געזעלשאַפֿט וועט זיין צוטהיילט אין צווייען: אין אונגליקליכע און הונגעריגע פֿון איין זייט און זאַטע ליידיגגעהער פֿון דער אַנדערער זייט. דו וועסט פֿערשטעהן, אַז עס איז שוין צייט צו מאַכען אַן ענדע מיט דיזער פֿערברעכערישער איינריכטונג און דו וועסט זיך אַריינוואַרפֿען אין'ם לאַגער פֿון די סאָציאַליסטען.

* * *

און איהר, פֿרויען פֿון פֿאָלק, וועט אייך דאָס אַלעס ניט ריהרען? וועט עס ניט אָנוואַרעמען אייערע הערצער? גלעטענדיג דאָס בלאָנדע קעפּעלע פֿון אייער קינד, וואָס טוליעט זיך צו צו אייך, וועט איהר ניט דיינקען אָן דעם שיקזאַל וואָס ערוואַרטעט איהם, אויב דער יעצטיגער סאָציאַלער צושטאַנד וועט זיך ניט ענדערן? וועט איהר ניט דיינקען אָן דער צוקונפֿט, וואָס ערוואַרטעט אייער יונגע שוועסטער און אייערע אייגענע קינדער? ווילט איהר, אַז אייערע זיהן זאָלען זיך אויך מאַטערען, פּונקט אַזוי ווי אייער פֿאָטער האָט זיך געמאַטערט, אין שטענדיגער זאָרג פֿאַר'ן שטיקעלע ברויט, אָהן אירגענד וועלכען אַנדערען

פערגעניגען ווי דעם פון שענק? ווילט איהר, אַז אייערע מענער און אייערע קינדער זאָלען אימער זיין ווי א סחורה געקויפט צו ווערען פון׳ם ערשטען בעסטען, וועלכער האָט גע׳ירש׳ענט פון זיין פאָטער א קאַפּיטאַל צו עקספּלאָא־טירען דערמיט? ווילט איהר, אַז זיי זאָלען אימער בלייבען די שקלאַפען פון׳ם בעל־הבית, זיך לאָזען דערשיסען אין די מלחמות, און ענדליך דיענען אויסצומיסטיגען מיט זייערע טויטע קערפער די פעלדער פון די רייכע?

ניין, טויזענד מאָל ניין! איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אייער האַרץ האָט אין אייך געקאָכט, ווען אייערע מענער האָבען געמוזט אויפגעבען א סטרייק, וועלכען זיי האָבען אַזוי מוטהיג, אַזוי ענטשלאָסען אָנגעפיהרט; ווען זיי האָבען געמוזט, מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּ, אָננעהמען די בעדינ־גונגען, וועלכע דער אָבגעפרעסענער קאַפּיטאַליסט האָט זיי מיט א טאָן פון פעראַכטונג געשטעלט. איך ווייס, אַז איהר בעוואונדערט די שפּאַנישע פרויען, וועלכע געהען, אָהן מורא, פאָראויס אין דער רייהע, ווען עס ברעכט אויס א פאָלקס־אויפשטאַנד; יענע מוטהיגע פרויען, וועלכע שטעלען אויס זייערע הערצער אַנטקעגען די ביקסען פון די סאָלדאַטען. איך ווייס, אַז איהר דערמאָנט מיט דעם־פעקט דעם נאָמען פון יענער העלדישער פרוי, וועלכע האָט דורכגעלעכערט מיט א קויל פון איהר רעוואָלווער די ברוסט פון יענעם ברוטאַלען בעאַמטען, ווען ער האָט זיך ערלויבט צו פערגוואַלטיגען א סאָציאַליסט אין א קעמערל פון תפיסה. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז אייער האַרץ האָט געקלאַפט, ווען איהר האָט געלייענט, ווי אַזוי די פרויען פון׳ם פאַריזער פראָלעטאַריאַט האָבען זיך פער־זאַמעלט, און אונטער א שרעקליכען רעגען פון פייעריגע קוילען האָבען זיי אויפגעמונטערט זייערע מענער צום קאַמפף.

יאָ, איך ווייס עס, און דערפאַר צווייפעל איך ניט, אַז

איהר וועט אויך ניט בלייבען שטעהן פון וויטען; אז איהר וועט זיך פעראייניגען מיט אונז צו ארבייטען פאר די עראָבערונג פון דער צ ו ק ו נ פ ט.

*
* *

איהר אלע, ערנסטע יונגע לייט, מענער און פרויען, בויערן, ארבייטער, בעאמטע און סאָלדאַטען — איהר פערשטעהט אייערע רעכטע, און איהר וועט דארום אריין אין אונזערע רייהען. איהר וועט קומען צו אונז, אייערע ברידער, אונז העלפען פאָרבערייטען די רעוואָלוציאָן, אך! די הערליכע רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט פערניכטען יעדע שקלאַפעריי, וועט צובּרעכען אלע קייטען, וועט אוועקמאַכען מיט אלע אלטע טראַדיציאָנען און וועט שאַפען פאַר דער מענשהייט אַ נייע, גאַנץ נייע וועלט; די רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט ענדליך ברייגען די ו ו א ה ר ע ג ל י י כ ה י י ט, ד י א מ ת'ע פ ר י י ה י י ט: די א ר ב י י ט פ י ר א ל ע מ ע ן, און פאַר אלעמען דער פולער גענוס פון די פריכטע פון זייער אַרבייט, דער פולער גענוס פון אלע זייערע אייגענשאַפטען; דאָס ראַציאָנעלע, מענשליכע און גליקליכע לעבען!

זאָל מען אונז נאָר ניט איינריידען, אז מיר, אַזאַ קליין הייפעלע פון מענשען, זיינען צו שוואַך צו ערגרייכען דעם ערהאַבענעם ציעל, צו וועלכען מיר שטרעבען!

לאָמיר זיך אַקאָרשט איבערציילען און מיר וועלען זעהן וויפיעל מיר זיינען עס, וועלכע ליידען פון אונגערעכטיגקייט!

מיר בויערן, וועלכע ארבייטען פאַר יענעם, עסענדיג אליין די קלייען, אום צו לאָזען די בעסטע זעמעל־מעהל פאַר דעם פריץ, דעם בעל־הבית, מיר זיינען מיליאָנען מענשען. אונזער צאָהל איז אַזוי גרויס, אז מיר אַליין קענען צוזאַמענשטעלען די מאַסע פון'ם פאָלק.

מיר אַרבייטער, וועלכע וועבען זייד און סאַמעט, אום

אַליין צו געהן אין שמאַטעס און טראַנטעס, מיר זיינען גאַנצע מאַסען, און ווען דער סיגנאַל פֿון די פֿאַבריקען ערלויבט אונז צו האָבען אונזער ווייניגע רוה, פֿערפֿלייצען מיר די גאַסען אַזוי ווי אַ טייך וואָס געהט אַריבער.

מיר סאָלדאַטען, וועמען מען פֿיהרט ביי דער נאָז אי־מער אונטער'ן קאַנטשוק; מיר, וועלכע קריגען די קוילען, אום אונזערע עלטסטע זאָלען קענען האָבען די מעדאַלען און דעם כבוד: מיר שוטים, וועלכע האָבען ביז אַהער ניט געוואוסט פֿון קיין אַנדער זאַך נאָר צו שיסען אויף אונזערע ברידער — מיר וואָלטען דאָך נאָר געדאַרפֿט זיך אומקעהרען מיט אַ שטרענגען בליק צו אונזערע עטליכע אויסגעפוצטע, מיט מעדאַלען בעהאַנגענע קאָמאַנדירען, און פֿון זיי וואָלט געוואָרען אַש...

מיר אַלע, וועלכע ליידען און ווערען אונטערדריקט טאָג־טעגליך, מיר זיינען אַזאַ מאַסע וואָס קיין מענש קען ניט איבערציילען; מיר זיינען דער אָקעאַן וואָס שלינגט איין אַלעס.

ווען מיר ווילען נאָר האָבען דעם ווילען צו טהאָן, דאַן וועט גענוג זיין איין אויגענבליק, אַז די גערעכטיגקייט זאָל קומען! אין יענעם מאָמענט ווילען אַלע טיראַנען קייען די ערד!...





VII.

# דער קריעג.

דער שווישפּיעל, וועלכער געהט יעצט אָן אין גאַנץ אייראָפּאַ, אין דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער וועלט, איז אַ זעהר טרויעריגער, נאָר אין דערזעלבער צייט איז ער אויך זעהר בעלעהרענד און אינטערעסאַנט. פֿון איין זייט זעהען מיר דעם קומען און געהן פֿון דיפּלאָמאַטען און פּאָליטישע קרעמערס, און זייער צאָהל ווערט יעדעסמאָל גרעסער, ווען עס פֿיהלט זיך דער ריח פֿון פֿולווער אויף דעם אַלטען קאָנטינענט. מען שליסט נייע דיפּלאָמאַטישע און מיליטערישע פֿערבינדונגען און לייזט אויף אַלטע, מען האַנדעלט און שאַכערט; מען פֿערקויפֿט די מענשליכע בהמות, אום צו בעקומען נייע פֿערבינדעטע. „אונזער פֿירמע גאַראַנטירט אייך זאָ־און־זאָ פֿיעל קעפּ — דערפֿאַר פֿאָדערן מיר פֿון אייער פֿירמע זאָ־און־זאָ פֿיעל לאַנד פֿאַר די מענשליכע סטאַדעס, אַ האַפֿען און די טראַנספּאָרט־קאָסטען, צו פֿערשיקען זייער וואָל". דער, וואָס פֿערשטעהט אַם בעסטען צו בעשווינדלען די אַנדערע אויף דיזען מאַרק, געווינט נאַטירליך אַם מייסטען. אין אונזער פּאָליטישען זשאַרגאָן רופֿט זיך דאָס „דיפּלאָמאַטיע".

פֿון דער אַנדערער זייט זעהען מיר דעם אונענדליכען

וואַקסען פֿון די אַרמעען. עס פֿערגעהט ניט קיין טאָג, וועלכער זאָל אונז ניט ברייגגען די נאַכריכט פֿון נייע ערפֿינדונגען און ענטדעקונגען, אום אויסצושלאַכטען גאַנצע פֿעלקער; יעדער טאָג ברייגגט אונז נייע אויסגאַבען, נייע שטייערס, נייע קרבנות. פֿאַר אונזערע פּאָליטיקער און זשורנאַליסטען גיט עס ניט קיין בעסערער געשעפֿט ווי פּאַטריאָטישע גרויסמויליגקייט און שאָוויניסטישע העצעריי, אום צו ענטוויקלען דעם נאַציאָנאַלען האַס צווישען די פֿעלקער. זאָגאַר אונזערע קינדער בלייבען ניט פֿערשוינט פֿון דעם מאָדערנעם מאָרד־פּאַטריאָטיזמוס. מען אָרגאַניזירט זיי אין זאָגענאַנטע קינדער־בריגאַדען און פֿלאַנצט איין אין זייערע צאַרטע הערצער דעם האַס צו אַנדערע פֿעלקער; מען ענטוויקעלט אין זייערע געדאַנקען אַ בלינדע געהאָרכזאַמקייט צו דער רעגירונג, וועלכע זיצט מאָמענטאַן אויף'ן בענקעל, צו זי איז בלוי אָדער געל, ווייס אָדער שוואַרץ. ווען זיי זיינען אַלט געוואָרען 20 אָדער 21 יאָהר, דאַרפֿען זיי געהן דיענען דעם קייזער אָדער דער רעפּובליק. מען בעלאַדעט זיי ווי די מויל־עזלען מיט פּאַטראָנען, פּראָוויאַנט און אַנדערע געצייג; מען גיט זיי ביקסען אין די הענד, לערענט זיי אוים צו מאַרשירען נאָך דעם קלאַנג פֿון די טרומפּעטען און זיך ערמאָרדען איינער דעם צווייטען מיט אַ קאַניבאַלישע גרויזאַמקייט, ניט געבענדיג זיי די ערלויבעניש צו פֿרעגען: „פֿאַר וואָס? און צו וועלכען צוועק?" זיי שיסען אוים זייערע קוילען אין די הערצער פֿון זייערע מיט־מענשען, פֿון זייערע אייגענע ברידער אפילו, וועלכע די נויט און דאָס עלענד האָבען פֿעראייניגט, ניט קוקענדיג, ווער עס זיינען די קרבנות — דער טרומפּעט בלאָזט; ער רופֿט זיי צום מאָרד!

אָט דאָס איז די גאַנצע חכמה פֿון אונזערע הערשער און ערציהער. אָט דאָס זיינען די אידעאַלען, וועלכע זיי גיבען אונז, און נאָך אין אַזאַ עפּאָכע ווי די יעצטיגע,

ווען די אונטערדריקטע רייכען זיך די הענד אַריבער די גרענעצען פֿון אַלע לענדער.

* * *

„איהר האָט ניט געוואָלט דעם סאָציאַליזמוס, וועט איהר האָבען דעם קריעג, דעם 30 יעהריגען, דעם 50 יעהריגען קריעג!" דאָס זיינען געווען די ווערטער פֿון אַלעקסאַנדער הערצען נאָך דער מפלה פֿון דער רעוואָלוציאָן אין 1848. און מיר האָבען איהם, דעם קריעג, דען אונזער גאַנצער סאָציאַלער לעבען איז אַ שטענדיגער קריעגס-צושטאַנד. ווען די מיילער פֿון די קאַנאָנען פֿערמאַכען זיך שוין יאָ אויף אַ ווײַלע, איז עס נאָר דערפֿאַר, אום אָנצוקלייבען פֿרישע כחות און זיך צוצוגרייטען פֿאַר נייע, נאָך גרעסערע און בלוטיגערע מערדערייען. זייט די לעצטע 20 יאָהר קוקען די פֿעלקער מיט מורא'דיגע אויגען אויף דער צוקונפֿט און ערווארטען אַן אַלגעמיינעם וועלט-קריעג, ניט וויסענדיג — ווארום מען וועט זיך שלאָגען? מיט וועמען? צוליעב וועלכע אורזאכען? און פֿאַר וועמענס אינטערעסען?

אין די אַמאָליגע צייטען האָט מען אָם וויינינגסטען נאָך געוואוסט פֿאַר וואָס און פֿאַר וועמען מען דער'הרג'ט זיך איינער דעם צווייטען. „דיזער קעניג האָט בעליידיגט דעם אונזעריגען — לאָמיר דערפֿאַר פֿערניכטען די איינוואוינער פֿון זיין לאַנד! דיזער הערשער וויל פֿערכאַפּען עטליכע פּראָווינצען פֿון אונזער קעניג — לאָמיר דערפֿאַר אָוועקגעבען אונזער בלוט און לעבען, אום צו רעטען דאָס לאַנד פֿון אונזער קריסטליכען הערשער!" מען האָט זיך געשלאָגען צוליעב די קריעגערייען צווישען די קעניגע; דאָס איז זיכער געווען אַ נאַרישקייט; נאָר די קעניגע האָבען אין בעסטען פֿאַל געקענט צוזאַמענקלייבען עטליכע טויזענד מאַן פֿאַר אַזעלכע אונטערנעהמונגען. אָבער ווי אַזוי קומט עס, דאָס היינט געהען אָן גרויסע מלחמות צווישען

גאַנצע פֿעלקער, וועלכע זוכען זיך צו פֿערניכטען איינע די אַנדערע?

די קעניגע שפּיעלען היינט שוין מעהר קיין גרויסע ראָלע ניט אין דער קריעגס־פֿראַגע. עדוואַרד מאַכט זיך אַ קנאַפּען צימעס פֿון די בעליידיגונגען, וועלכע די פֿראַנצויזישע פּרעסע שליידערט געגען זיין פּערזאָן, און די ענגלענדער וואָלטען קיין האַנד ניט געריהרט, אום צו נעהמען נקמה, פֿאַר די בעליידיגטע עהרע פֿון זייער קעניג. ניקאָליי דער צווייטער, דער אויטאָקראַטישער הערשער פֿון רוסלאַנד, וואָס פֿאַר אַ געמיינער דעספּאָט ער זאָל ניט זיין, ווערט ער גאַנץ רוהיג צונעהמען אַלע גראָבהייטען פֿון דעם ענגלישען פּרעמיער־מיניסטער, ער ווערט ניט פֿערלאָזען זיין פּאַלאַץ, ביז וואַנען די קאַפּיטאַליסטען פֿון פּעטערבורג און די פֿאַבריקאַנטען פֿון מאָסקוואַ — די אייגענטליכע „פּאַ־טריאָטען” פֿון אונזער צייט — וועלען איהם ניט הייסען צו מאָביליזירען זיין אַרמעע.

דאָס איז אין רוסלאַנד ווי אין ענגלאַנד, אין דייטשלאַנד ווי אין פֿראַנקרייך; מען שלאָגט זיך היינט ניט מעהר פֿאַר דעם פֿערגעניגען פֿון די קעניגע; מען שלאָגט זיך פֿאַר דער זיכערהייט פֿון'ם קאַפּיטאַל, פֿאַר די פֿערמעהרונג פֿון די רייכטהימער פֿון די העררען ראָטהשילד, שניידער און קאָמפּאַניע, פֿאַר די פֿערגרעסערונג פֿון דער עקאָנאָ־מישער מאַכט פֿון די בערזען־קעניגע און אינדוסטריע־באַראָנען.

די געגענזייטיגע קאָנקורענץ צווישען דער בורזשואַזיע פֿון פֿערשידענע לענדער האָט פֿערנומען דעם פּלאַץ פֿון די אַלטע שטרייטיגקייטען צווישען די קעניגע.

* * *

עס איז וואַהר, מען רעדט שטענדיג פֿון אַ קאַמפּף פֿאַר דער פּאָליטישער אויבערהעררשאַפֿט. אָבער לאָמיר זיך נאָר אַביסעל נעהנטער צוקוקען צו דער מאַטעריעלער

גרונדלאַגע פֿון דיזער מעטאַפֿיזישער פֿאָרשטעלונג! טהוט נאָר אַ קוק, ווי אַזוי עס מאַניפֿעסטירט זיך געגענווערטיג דער פּאָליטישער איבער־געוויכט פֿון דייטשלאַנד, און איהר וועט באַלד פֿערשטעהן, אַז די גאַנצע פֿראַגע איז ניט מעהר און ניט וויניגער ווי אַ פֿראַגע וועגען דער עקאָנאָמישער איבערהערשאַפֿט אויף'ן וועלט־מאַרק. עס איז קיינמאָל ניט די מיליטערישע איבערהערשאַפֿט, פֿאַר וועלכע דייטשלאַנד, רוסלאַנד, פֿראַנקרייך, ענגלאַנד אָדער עסטרייך געהען קעמפֿפֿען איינע מיט די אַנדערע — זייערע אַלעמענס ציעל איז די בעהערשונג פֿון'ם וועלט־מאַרק. זיי אַלע קעמפֿפֿען פֿאַר די מאַכט, וועלכע זאָל זיי געבען די מעגליכקייט צו צווינגען דעם שכן, ער זאָל מוזען קויפֿען זייערע פּראָדוקטען און סחורות, איהם צו דיקטירען זייערע האַנדעלס־געזעצע א. ז. וו.; די מעגליכקייט אויסצובייטען יענע פֿעלקער, וועלכע זיינען נאָך הינטערשטעליג אין זייער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג; דאָס רעכט איינצופֿיהרען אין פֿרעמדע לענדער זייערע אייזענבאַהנען און אַנדערע פֿערבינדונגען — פֿערשטעהט זיך, ניט פֿאַר דעם נוצען פֿון די איינוואוינער, נאָר אַלס אַ מיטעל צו פֿערשאַפֿען זייערע גרינדער די הערשאַפֿט פֿון'ם מאַרק; זיי אַלע קעמפֿפֿען פֿאַר דאָס רעכט צו פֿערבאַפֿען, ווען עס מאַכט זיך, פֿון אַנדערע אַ האַפֿען אָדער אַ פּראָווינץ, אום צו ענטוויקלען זייער האַנדעל און צו שאַפֿען נייע פּלעצער, וואו צו פֿערקויפֿען די סחורות זייערע.

ווען מיר פֿערגיסען היינט אונזער בלוט אויף די שלאַכטפֿעלדער, איז עס דערפֿאַר, אום צו פֿערשאַפֿען די אינדוסטריע־באַראָנען אַ געווין פֿון עטליכע מיליאָנען, צו עראָבערן פֿאַר אונזערע פֿינאַנץ־קעניגע די הערשאַפֿט פֿון דער בערזע און צו געבען אונזערע אַקציאָנערען די מעגליכקייט צו בויען נייע אייזענבאַהנען און מינען, אום י זאָלען קענען אַרויסשלעפּען פֿון אַזעלכע אונטערנעה־

מונגען אַ רענטע פֿון עטליכע 100.000 פֿראַנק. עס איז ווירקליך טרויעריג, וואָס די מענשען זיינען אַזוי ווייניג קאָנזעקווענט. אויב מיר וואָלטען ווירקליך קאָנזעקווענט געווען, וואָלטען מיר אָנשטאָט צו בעצירען אונזערע פֿאָהנען מיט די רויב־פֿויגעל פֿון די פֿערגאַנגענע צייטען, בעסער אַרויפֿגעשטעלט אַ גאָלדענעם קאַלב אָדער אַ גראָבען געלד־ביימעל; און אָנשטאָט צו רופֿען אונזערע רעגימענטען נאָך די נעמען פֿון בלוטיגע דעספּאָטען, וואָלטען מיר זיי בעסער גערופֿען מיט די נעמען פֿון אונזערע מאָדערנע אינדוסטריע־קעניגע און בערזען־באַראָנען: דריטער ראָטה־שילד רעגימענט, פֿינפֿטער בלייכרעדער־פּאָלק א. ז. וו. אָט דאָס וואָלט געווען דאָס ריכטיגע, מיר וואָלטען דאַן אָם וויינינגסטען געוואוסט, פֿאַר וועמענס אינטערעסען מען פֿיהרט אונז צו דער שחיטה.

*
* *

צו עראָבערן נייע האַנדעלס־פּלעצער און צו צווינגען שוואַכע פֿעלקער צו קויפֿען די סחורות פֿון די מעכטיגע שטאַאַטען, צו זיי זיינען גוט אָדער שלעכט — דאָס איז דער פֿונדאַמענט פֿון דער היינטיגער אייראָפּעאישער און קאָנטינענטאַלער פּאָליטיק, און דאָס איז אויך די אייגענט־ליכע אורזאַכע פֿון די מלחמות וועלכע געהען אָן אין אונזער פּעריאָדע.

אין 18טען יאָהרהונדערט האָט ענגלאַנד צום ערשטען מאָל איינגעפֿיהרט די גרויס־אינדוסטריע אַלס אַ נייע פֿאָרם פֿון דער מענשליכער אויסבייטונג. ענגלאַנד האָט אַריינגעפּאַקט איהרע פּראָלעטאַריער אין די גרויסע שטעדט מען האָט אויסגעפּרעסט זייער אַרבייטס־קראַפֿט נאָך נייע פּלאַנמעסיגע מעטהאָדע און דורך דעם פֿער הונדערטפֿאַכט די פּראָדוקציאָן, אָבער די פּראָדוקטען וועלכע האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין די גרייסע מאַגאַזינען זיינען ניט בעשטימט געווען פֿאַר די הינגער־ליידער,

וועלכע האָבען זיי פערפאַרטיגט. פערדינענדיג קוים אוּם ניט דירעקט אויסצוּגעהן פוּן הונגער, זיינען זיי ניט אימשטאַנדע געזוען צוּ קויפען די וואָל אָדער באַנוועל, וועלכע זיי האָבען געוועבט. די ענגלישע שיפען האָבען דוּרכגעשניטען דעם ים נאָך אַלע ריכטוּנגען, דען זיי זיינען געוועזען זיכער, אַז זיי וועלען אין ערגעץ ניט געפינען קיין קאָנקוּרענטען. זיי האָבען געזוּכט קויפערס פאַר זייערע פראָדוּקטען אויף דעם קאָנטינענט, אין אַזיען, אַמעריקאַ און אויסטראַליען. אין די ענגלישע שטעדט האָט זיך ענט־וויקעלט אַ שרעקליכער עלענד, אָבער די ענגלישע פאַב־ריקאַנטען און קויפלייט האָבען צוּוויפגעקליבען מיליאָנען אין איינציגע יאָהרען. די רייכטהימער פוּן אויסלאַנד האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין די הענד פוּן וועניגע מענשען, און די עקאָנאָמיסטען אויף דעם קאָנטינענט, וועלכע זיינען בעגייס־טערט געוואָרען פוּן דיזער טהאַטזאַכע, האָבען אויפגעפאָ־דערט זייערע לאַנדסלייט, זיי זאָלען נאָכפאָלגען דעם ביישפיעל פוּן די ענגלענדער.

שוין אַם ענדע פוּן׳ם 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך אין פראַנקרייך אָנגעפאַנגען דערזעלבער ענטוויקלוּנגס־פּראָצעס; אויך דאָרטען איז ענטשטאַנדען די גרוים־אינ־דוסטריע. די רעוואָלוּציאָן, וועלכע האָט אַריינגעגעבען די עפענטליכע מאַכט אין אַנדערע הענד, האָט אַריינגעטרי־בען די הוּנגעריגע בויערן אין די שטעדט, וואו זיי האָבען מיטגעהאָלפען פערגרעסערן דעם רייכטהום פוּן דער בוּר־זשואַזיע און געשאַפען אַ נייעם וועג פאַר דער עקאָנאָמי־שער ענטוויקלוּנג. דיזע טהאַטזאַכע האָט געמאַכט אַ גרעסערן איינדרוּק אויף דער ענגלישער בוּרזשואַזיע ווי אַלע רעפּוּבליקאַנישע פּראָקלאַמאַציעס און דאָס בלוּט, וועלכעס איז פערגאָסען געוואָרען אין פאַריז, און צוזאַמען מיט דער אַריסטאָקראַטיע האָט זי ערקלעהרט דעם קריעג געגען דער פראַנצויזישער בוּרזשואַזיע, דעם קריעג אויף

לעבען און טויט, דערפאַר וואָס די פראַנצויזישע קאַפּיטאַ־ליסטען האָבען געוואָלט פערהינדערן דעם פערקויף פון ענגלישע פראָדוקטען אויף דעם קאָנטינענט.

מיר ווייסען, וואָס עס איז געווען די ענדע פון דיזען קריעג. פראַנקרייך איז צולעצט בעזיעגט געוואָרען, אָבער זי האָט זיך עראָבערט דעם פלאַץ אויף דעם וועלט־מאַרק. די פראַנצויזישע און די ענגלישע בורזשואַזיע האָבען זאָ־גאַר שפּעטער געשלאָסען אַן אַליאַנץ פאַר א קורצע צייט, דען זיי האָבען זיך אַנערקענט איינע די אַנדערע אַלס שוועסטער,

אָבער די פראַנצויזישע בורזשואַזיע איז געגאַנגען צו ווייט. זי האָט געוואָלט פערכאַפּען אַלע האַנדעלס־פּלעצער, און איהר אויסבייטונגס־אינסטינקט איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט אפילו ניט בעמערקט דעם אינדוסטריעלען פאָרטשריט, וועלכער האָט זיך ענטוויקעלט אין די אַנ־דערע לענדער. זי האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו פערגרעסערן איהר פראָפיט. אַכטצעהן יאָהר צייט האָט זי געדולדיג ערטראָגען די טיראַניי פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטען; דערפאַר וואָס זי האָט שטענדיג געהאָפט, אַז דער טהראָן־רויבער וועט צווינגען גאַנץ אייראָפּאַ אָנצו־נעהמען זיינע עקאָנאָמישע געזעצע, אָבער ווי באַלד זי האָט געזעהן, אַז ער קען ניט ערפילען דיזען וואונש, האָט זי זיך אָבגעקעהרט פון איהם.

אַן אַנדער נאַציאָן איז אַרויפגעטראָטען אויף דעם עקאָנאָ־מישען קאַמפף־פּלאַץ. אין דייטשלאַנד האָט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג אָנגענומען דיזעלבע פאָרמען. אויך דאָרטען האָט מען אַריינגעבראַכט די פּראָלעטאַריער אין די גרויסע שטעדט, און אין וועניגע יאָהרען איז די צאָהל פון די איינוואוינער געוואָרען צווייטמאָל אַזוי גרויס. אַ געוואַלדיגע אינדוסטריע מיט די בעסטע ווערקצייג און מאַשינען, אונטערשטיצט דורך א רייכע טעכנישע און וויסענשאַפט־

ליבע בילדונג, האָט זיך דאָרטען ענטוויקעלט. די פּראָ־דוקטען האָבען זיך צונויפגעקליבען אין די מאַגאַזינען, אָבער ניט צום נוצען פון די פּראָדוצירער, נאָר אום צו פערגרעסערן דעם געווין פון די פאבריקאַנטען. גרויסע קאַפּיטאַלען האָבען זיך געבילדעט, און מען האָט געזוכט אַ פאָרטהיילהאפטע פערווענדונג פאַר זיי אין אַזיען, אין אַפריקאַ, אין דער טירקיי אָדער אין רוסלאַנד. די בער־לינער בערזע האָט אָנגעהויבען קאָנקורירען מיט דער בער־זע פון פאַריז, זי האָט פערזוכט איהר צו בעהערשען.

די דייטשע בורזשואַזיע האָט יעצט געהאַט נאָר איין וואונש, דעם וואונש זיך צו פעראייניגען אונטער וואָס עס ניט איז פאַר אַ צענטראַלע מאַכט, אפילו אונטער דער פאָהן פון דעם פרייסישען אָדלער. פעראייניגונג, אום צו צווינגען די שכנים צו קויפען די סחורות פון די דייטשע קאַפּיטאַליסטען און אַנצוערקענען זייערע האַנדעלס־געזעצע; פעראייניגונג, אום צו עראָבערן נייע האַפענס ביי דער אָסט־זעע אָדער ביי׳ם אַדריאַטישען ים—אויב מעגליך— פעראייניגונג, אום צו פערניכטען די מיליטערישע מאַכט פון פראַנקרייך, דורך וועלכע זי האָט געצוואונגען גאַנץ אייראָפּאַ וועהרענד די לעצטע 20 יאָהר אַנצוערקענען איהרע עקאָנאָמישע געזעצע; פעראייניגונג, אום צו דיק־טירען פראַנקרייך אין דער צוקונפט די האַנדעלס־קאָנ־טראַקטען.

דער דייטש־פראַנצויזישער קריעג אין 1870 איז געווען דער רעזולטאַט פון דיזע שטרעבונגען. פראַנקרייך בע־הערשט שוין היינט ניט מעהר דעם מאַרק; עס איז דייטש־לאַנד, וועלכע פערזוכט איהם צו בעהערשען. אָבער אויך דיזעס לאַנד שטעהט פאַלשטענדיג אונטער דעם איינפלוס פון דער האַבזוכט און דעם אויסבייטונגס־אינסטינקט פון דעם קאַפּיטאַליזמוס, וועלכער פערזוכט שטענדיג צו פערמעהרען די צאָהל פון זיינע האַנדעלס־פּלעצער, ניט

קוקענדיג אויף די אינדוסטריעלע קריזיסען, די אַלגעמיינע אונזיכערהייט און דאָס סאָציאַלע עלענד, וועלכע גראָבען אונטער זיין עקאָנאָמישען פֿונדאַמענט. די ברעגעס פֿון אַפֿריקאַ, די פֿרוכטבאַרע ערד פֿון קאָרעאַ, די פֿעלדער פֿון פוילען, די סטעפּעז פֿון רוסלאַנד און אונגאַרן, די בלומענרייכע טהאָלען פֿון בולגאַריען, דאָס אַלעס רופֿט אַרויס דעם אַפּעטיט פֿון דער דייטשער בורזשואַזיע. יעדעס מאָל, ווען דער דייטשער קויפֿמאַן רייזט דורך יענע לענ־דער, וועלכע זיינען נאָך זעהר ווייניג קולטיווירט, יעדעס מאָל, ווען זיינע אויגען דערזעהען די קליינע שטעדטלעך מיט זייער פּרימיטיווע אינדוסטריע, פֿערכאַפּט עס איהם ביים האַרצען. זיין רייכע איינבילדונגס־קראַפֿט שפּיעגעלט איהם פֿאָר די גראָבע זעק מיט גאָלד, וועלכע ער וואָלט געקענט אַרויסשלעפּען פֿון דיזע טויטע רייכטהימער, ווען די איינוואוינער פֿון דיזע לענדער וואָלטען זיך געלאָזט אַרויפֿלייגען דעם יאָך פֿון זיין קאַפּיטאַל. און ער בעשליסט ביי זיך אַליין, אַז ער וועט פֿערשפּרייטען די „ציוויליזאַציאָן" ד. ה. דאָס אויסבייטונגס־סיסטעם ביי דער ערשטער גינס־טיגער געלעגענהייט אין די אָריענטאַלישע לענדער. צו־ליעב דיזען צוועק פֿערזוכט ער שוין היינט איינצופֿיהרען זיינע סחורות און אייזענבאַהנען אין רוסלאַנד, איטאַליען און עסטרייך.

אָבער אויך דיזע לענדער הויבען אָן זיך צו בעפֿרייען פֿון דער עקאָנאָמישער אָבהייניגקייט, וועלכע פֿערבינ־דעט זיי מיט די פֿעלקער, וועלכע רינגלען זיי אַרום. זיי טרעטען אַריין אין די רייהע פֿון די אינדוסטריעלע שטאַאַ־טען, און די בורזשואַזיע פֿון דיזע לענדער ווענדעט אָן דיזעלבע מיטלען צו פֿערגרעסערן איהרע רייכטהימער. איטאַליען און רוסלאַנד האָבען אין ווייניגע יאָהרען גע־מאַכט אַ געוואַלדיגען פּראָגרעס אין זייער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג. אָבער די בויערן און אַרבייטער אין דיזע

לענדער לעבען אין דעם שרעקליכסטען עלענד. זיי זיינען ניט אימשטאַנדע צו קויפֿען די פּראָדוקטען, וועלכע זיי אַליין האָבען פֿערפֿאַרטיגט, און דערפֿאַר זוכען די רוסישע, עסטרייכישע און איטאַליענישע פֿאַבריקאַנטען נייע פֿער־קויפֿס־פּלעצער פֿאַר די סחורות זייערע. און ווייל דער מאַרק פֿון אייראָפּאַ איז שוין פֿערנומען געוואָרען פֿון אַנדערע, וואַרפֿען זיי זיך אַרויף אויף אַזיען און אַפֿריקאַ, און דער טאָג איז ניט ווייט, ווען זיי וועלען מוזען קעמפּפֿען געגען אַנדערע קאָנקורענטען, וועלכע וועלען אויך פֿאָדערן זייער חלק פֿון דער גנבה.

***

וואָס פֿאַר אַ דיפּלאָמאַטישע פֿעראייניגונג, וואָס פֿאַר אַ פּאָליטישע אַליאַנץ איז אימשטאַנדע איבערצולעבען אַ לענגערע צייט אין אַן עפּאָכע, וועלכע טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פֿון אונזערע אינדוסטריע־קעניגע? די אַמאָליגע אַליאַנץ צווישען רוסלאַנד און דייטשלאַנד איז ניט מעהר געווען ווי אַ פֿאָרמאַלנע. דער דייטשער קייזער און דער רוסישער צאַר מעגען זיך יעדען טאָג קושען איינער דעם צווייטען, נאָר די רוסישע בורזשואַזיע פֿערהאַסט איה־רע דייטשע קאָנקורענטען פֿון טיעפֿסטען האַרצען, און די דייטשע קויפֿלייט בעטראַכטען די רוסישע קאַפּיטאַליסטען אַלס זייערע נאַטירליכע שונאים. דערמאָהנט זיך נאָר אין די ביטערע אַטאַקען פֿון דער דייטשער פּרעסע, ווען רוס־לאַנד האָט פֿערהעכערט מיט אַ דריטעל די שטייער אויף דייטשע פּראָדוקטען. „דער קריעג געגען רוסלאַנד" — אַזוי זאָגט די דייטשע בורזשואַזיע און די אַרבייטער, וועלכע לאָזען זיך אָבנאַרען פֿון איהר „דער קריעג געגען רוסלאַנד וועט ביי דעם דייטשען פֿאָלק ארויסרופֿען נאָך מעהר סימפּאַטהיע ווי דער קריעג אין 1870."

און ווייטער: איז דען די „ברידערליכע" אַליאַנץ צוויי־שען דייטשלאַנד און עסטרייך ניט געגרינדעט געוואָרען

מיט'ן שווערד? איז דען ניט די צאָל־פֿראַגע (שטייער אויף אויסלענדישע פּראָדוקטען) אַ שטענדיגע דראָהונג צווישען דיביידע מעכטע? און לאָמיר זאָגאַר נעהמען די ביידע פֿעראייניגטע נאַציאָנען עסטרייך און אונגאַרן. האַלטען זיי דען ניט מאַנכעסמאָל גאַנץ נאָהנט דערביי, צו ערקלעהרען זיך אַ צאָל־קריעג איינע די אַנדערע? און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך, דען ווי באַלד עס האַנדעלט זיך אום די אויסבייטונג פֿון די זיד־סלאַווישע לענדער, זיינען די אינטערעסען פֿון די ביידע לענדער פֿיינדליך איינע צו די אַנדערע. און זאָגאַר פֿראַנקרייך אַליין—איז זי ניט געשפּאָלטען אין צוויי לאַגערס, צוליעב דערזעלבער פֿראַגע?

* * *

גאַנץ ריכטיג! „איהר האָט ניט געוואָלט דעם סאָציאַליזמוס, האָט איהר בעקומען דעם קריעג“. און מיר וועלען איהם האָבען נאָך אַ היבשע שטיקעל צייט, ביז וואַנען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן וועט איבערבייטען די יעצטיגע אַבסורדע און קאָרומפּירטע צושטענדע. אינטערנאַציאָנאַלע שיעדס־געריכטע, פֿערקלענערונג פֿון די אַרמעען, פֿריעדענס־קאָנפֿערענצען א.ז.וו.—דאָס אַלעס זיינען ניט מעהר ווי שעהנע חלומות, וועלכע האָבען ניט דעם קלענסטען פּראַקטישען ווערטה. נאָר די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן וועט אַוועקמאַכען מיט דער מלחמה, מיט דעם וואָס זי וועט איבערגעבען די אַרבייטס־געצייג, די מאַשינען און אַלע סאָציאַלע רייכטהימער צו די פּראָדוצירער, צו דער אַרבייטער־קלאַסע. זי וועט רעאָרגאַניזירען די געזעלשאַפֿטליכע פּראָדוקציאָן אויף אַזאַ מין אַרט, אַז עס וועט זיין אונמעגליך אַוועקצורייבען פֿון דעם אַרבייטער די פֿרוכט פֿון זיין אַרבייט. די פּראָדוקציאָן וועט רעגולירט ווערען דורך די מענשליכע בעדירפֿניסע און ניט, ווי היינט, דורך די געגענזייטיגע קאָנקורענץ צווישען די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסען אויף דעם וועלטמאַרק.

יעדער איינער וועט אַרבייטען פֿאַר אלעמען, און אַלע וועלעז אַרבייטען פֿאַר יעדען איינעם. אָט דאָס איז די איינ־ציגע און זיכערסטע גאַראַנטיע פֿאַר דעם אַלגעמיינעם פֿריעדען, וועלכען די פֿעלקער ווינשען פֿון טיעפֿען האַ־צען, און וועלכער ווערט פֿערהינדערט דורך די מאָדערנע אויס־ביטער, די היינטיגע בעזיצער פֿון די סאָציאַלע רייכטהימער.





VIII.

# די רעוואלוציאנערע מינאריטעטע.



לעם וואָס איהר זאָגט אונז, איז גאַנץ גוט און שעהן! אייער אידעאַל, דער קאָמוניס־טישער אנאַרכיזמוס איז אַ פּאָרטרעפּליכע אידעע, און אויב מען וואָלט איהר געקענט פּערווירקליכען, וואָלט עס זיכער געווען די פּערווירקליכונג פּון דעם אַלגעמיינעם וואָהלזיין און דעם פּריעדען צווישען די מענשען. אָבער פּערגעסט ניט, ווי קליין איז די צאָהל פּון די מענשען, וועלכע ווינשען אַזאַ צושטאַנד, ווי ווייניג מענשען פּערשטעהען און בעגרייפּען אייער אידעאַל, און ווי קליין איז דאָס הייפּעלע פּון די, וואָס בעזיצען גענוג מוטה און אָפּפּערוויליגקייט צו אַר־בייטען, אַז דיזער אידעאַל זאָל רעאַליזירט ווערען. איהר זייט נאָר אַ קליינע מינאָריטעט, אַ פּאָר שוואַכע אונבע־דייטענדע גרופּען, וועלכע זיינען צוואוואָרפּען איבער דער גאַנצער וועלט, גאַנץ פּערלאָרען צווישען די גרויסע אינ־דיפּערענטע מאַסען, און אַנטקייגען אייך שטעהט אַ מעכ־טיגער פּיינד מיט גוט אָרגאַניזירטע אַרמעען, אַ פּיינד, וועלכער שטיצט זיך אויף זיין קאַפּיטאַל אויף זיין עפּענט־ליכע מאַכט און אויף די בילדונג זיינע. זייט שוין ענדליך פּערנינפּטיג און גיט אַליין צו, אַז דער קאַמפּף, וועלכען

איהר האָט אונטערנומען, איז פֿיעל צו שווער פֿאַר אייערע שוואַכע כחות". אָט דאָס זיינען די ווערטער, מיט וועלכע געוויסע געגנער פֿון אונז בענוצען זיך ביי יעדער געלעגענהייט; און אויך מאַנכע פֿון אונזערע אייגענע פֿריינד, וועלכע זיינען שוין אויסגעמאַטערט געוואָרען אין קאַמפּף, ווענדען אָן דעם זעלבען אַרגומענט. נון, לאָמיר אַלזאָ זעהן, צו דיזער אַרגומענט איז אַ ריכטיגער אָדער ניט. אַז די אַנאַרכיסטישע גרופּען זיינען נאָר א קליינע מינאָריטעט אין פֿערגלייך צו די מיליאָנען מענשען, וועלכע לעבען אין פֿראַנקרייך, שפּאַניען, איטאַליען אָדער דייטשלאַנד, דיזע טהאַטזאַכע וועט יעדער איינער פֿון אונז צוגעבען; אָבער האָבען דען ניט אַלע קערפּערשאַפֿטען, וועלכע האָבען פֿערטרעטען אַ נייע אידעע, האָבען זיי דען ניט אַלע אָנגעפֿאַנגען זייער פּראָפּאַגאַנדיסטישע טהעטיגקייט אַלס קליינע מינאָריטעטען? עס איז זאָגאַר זעהר וואַהרשיינליך, דאָס וואָס אָנבעלאַנגט אונזער אָרגאַניזאַציאָן, וועלען מיר בלייבען אין דער מינאָריטעט ביז צום טאָג, ווען די רעוואָלוציאָן וועט זיך אָנפֿאַנגען. אָבער איז דען דאָס אַן אַרגומענט געגען אונזערע אידעען? זאָלען מיר אפשר ווערען אָפּאָרטוניסטען, דערפֿאַר וואָס דער אָפּאָרטוניזמוס האָט אין דער יעצטיגער פּעריאָדע די מאַיאָריטעט אויף זיין זייט? ביז 1790 זיינען די ראָיאַליסטען, די אָנהיינגער פֿון'ם קעניגטהום און די קאָנסטיטוציאָנעלע געווען אין דער מאַיאָריטעט אין פֿראַנקרייך. האָבען דען די רעפּובליקאַנער פֿון דיזער צייט צוליעב דעם אַוועקגעוואָרפֿען זייערע רעפּובליקאַנישע אידעען און זיינען פֿאָרלויפֿיג געוואָרען ראָיאַליסטען, ביז וואַנען די מאַיאָריטעט האָט אַליין געפֿאָדערט די אָבשאַפֿונג פֿון דער קעניגליכער מאַכט?

אין דער אמת'ען שפּיעלט די טהאַטזאַכע, וואָס מיר זיינען נאָר אַ קליינע מינאָריטעט, אַ גאַנץ קליינע און אונבעדייטענדע ראָלע. עס האַנדעלט זיך גאָר ניט, צו די

צאָהל פון אונזערע אָנהייגנער איז א גרויסע אָדער אַ קליינע, ניין, אום וואָס עס האַנדעלט זיך, איז צו וויסען, צו אונ־זערע אידעען, די אידעען פון׳ם קאָמוניסטישען אַנאַרכיז־מוס זיינען אין אָנקלאַנג מיט דער גייסטיגער ענטוויקלונג פון אונזער צייט; אַזוי ווי זי מאַניפּעסטירט זיך הויפּט־זעכליך ביי די פעלקער פון דער לאַטײנישער ראַסע. און אין דיזער בעציהונג גיט עס מעהר קיין צווייפעל ניט. דער ציעל פון דער יעצטיגער ענטוויקלונג איז ניט דער טריאומפף פון דער אויטאָריטערער אידעע, ניין, עס איז דער טריאומפף פון דער פאָלקאָמענער פרייהייט פון יעדען איינציגען אינדיווידואום, דער זיעג פון די פרייע פראָדו־צירענדע און קאָנסומירענדע גרופען, דער טריאומפף פון דער קאָמונע, פון דער פרייער פעדעראציאָן. אָבער די מאָדערנע ענטוויקלונג געהט אויך ניט אויף דעם וועג פון דעם איינענטהומס־פריינדליכען אינדיווידואַליזמוס, ניין, די צוקונפט בעלאַנגט צום קאָמוניזמוס, צו דער געמיינשאַפט־ליכער פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן. אין די גרויסע שטעדט האָט מען שוין היינט מעהר קיין מורא ניט פאַר׳ן קאָמו־ניזמוס, פאָרויסגעזעצט, דאָס עס האַנדעלט זיך אום דעם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזמוס. און אין די דערפער געהט די ענטוויקלונג דעמזעלבען וועג. מיט דער אויסנאַהמע פון איינינע בעשטימטע טהיילען אין פראַנקרייך, וואו די בויערן האָבען זיך ענטוויקעלט אונטער גאַנץ בעזונדערע אומ־שטענדען, געפינען מיר כמעט איבעראַל, אַז דער בויער האָט אין אַלגעמיין גענומען זעהר פיעל געמיינשאַפטליכעס מיט אונזערע אידעען, הויפּטזעכליך, ווען עס האַנדעלט זיך אום די געמיינשאַפטליכע בענוצונג פון די אַרבייטס־געצייג. דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואָרום מיר געפינען איבער־אַל בייפאַל—אין די צענטערס פון דער אינדוסטריע און אין די דערפער—ווען מיר ערקלעהרען די אַרבייטער און בויערן אונזערע אידעען. יעדעס מאָל, ווען מיר ריידען צו

זיי אין זייער איינפאַכער, פּראָסטער שפּראַכע, אונטערשטיצט דורך פּראַקטישע ביישפּיעלע, יעדעס מאָל, ווען מיר דער־צעהלען זיי פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן, וועלכע מיר ערוואַרטען, וועלען מיר געווינען זייער סימפּאַטהיע.

און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך. ווען די אַנאַרכיע און דער קאָמוניזמוס וואָלטען ניט מעהר געווען ווי די רעזולטאַטען פון ערגעץ אַ פילאָזאָפישע שפּעקולאַציאָן, ווען דיזע אידעען וואָלטען געבאָרען געוואָרען אין דער שטודיר־שטוב פון אַ גע־לעהרטען דאָקטאָר אָדער פּראָפעסאָר, דאַן וואָלטען זיי זיכער ניט געפונען קיין אָבקלאַנג ביים פאָלק. אָבער דיזע אידעען זיינען אַרויסגעוואַקסען פון די מאַסען. זיי זיינען דער אויס־דרוק פון אַלע געדאַנקען און שטרעבונגען, וועלכע מיר געפינען ביים בויער און אַרבייטער, ווי באַלד ער פאַנגט אָן אַ־אָבצוואוואַרפען פון זיך די גלייכגילטיגקייט און קלעהרט וועגען אַ בעסערע צוקונפט. זיי זיינען דער אויסדרוק פון אַ לאַנגער גייסטיגער ענטוויקלונג, דער אויסדרוק פון די גרויסע שטרעבונגען פון אונזער יאָהרהונדערט. דער קאָ־מוניסטישער אַנאַרכיזמוס איז די פּאָפּולערע אויפפאַסונג פון יענער אומוועלצונג, וועלכע וועט אין גיכען פער־שפּרייטען אין די שטעדט און דערפער דעם גייסט פון גערעכטיגקייט, סאָלידאַריטעט און ברידערליכקייט. דיזע אידעען זיינען אַ־ויסגעוואַקסען פון'ם פאָלק, און דערפאַר וועלען זיי אויך לייכט פערשטאַנען פון די מאַסען, ווען מען שטעלט זיי פאָר אין איינפאַכע און פערשטענדליכע ווערטער.

אָט דאָ ליעגט בעהאַלטען די אייגענטליכע מאַכט פון אונזערע אידעען און ניט אין דער צאָהל פון זייערע אַקטיווע און אָרגאַניזירטע אָנהיינגער, וועלכע זיינען גע־נוג מוטהיג דורכצומאַכען אַלע געפאַהרען פון'ם קאַמפּף און צו טראָגען אַלע קאָנזעקווענצען פון זייער פּראָפּאַ־גאַנדאַ פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציאָן. אָבער אויך

די צאָהל פֿון אונזערע דירעקטע אָנהייננער וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג, און אין דעם טאָג, ווען עס וועט זיך אָנ־פֿאַנגען דער אַלגעמיינער אויפֿשטאַנד, וועט דיזע מינאָריטעט זיך פֿערוואַנדלען אין דער מאַיאָריטעט.

* * *

די געשיכטע גיט אונז טויזענדער ביישפיעלע, אַז די וואָס זיינען פֿאַר דער רעוואָלוציאָן געווען קליינע מינאָריטעטען, זיינען שפעטער געוואָרען דער מעכטיגסטער עלעמענט פֿון דער רעוואָלוציאָן, פֿאָרויס:עזעצט, דאָס זייערע אידעען האָבען אין זיך פֿערקערפערט דעם אַלגעמיינעם שטרעבען פֿון די מאַסען, און ווען—דאָס איז די צווייטע וויכטיגע בעדינגונג—די רעוואָלוציאָן האָט זיך ניט געענדיגט אין אַ צו קורצער צייט, זאָ דאָס די רעוואָלוציאָנערע אידעען האָבען געהאַט די מעגליכקייט זיך צו פֿערשפּרייטען צווישען די מאַסען און צו טראָגען זייער פֿרוכט. דען מיר דאַרפֿען קיינמאָל ניט פֿערגעסען, דאָס עס איז ניט אַ רעוואָלוציאָן פֿון איין אָדער צוויי טעג צייט, וועלכע מיר דאַרפֿען, אום צו פֿערווירקליכען אונזער אידעאַל—די קאָמוניסטישע אַנאַרכיסטישע געזעלשאַפֿט. אַ רעוואָלוציאָן פֿון איינינע טעג קען איבערבייטען אַן אַלטע רעגירונג אויף אַ נייע, זי קען זעצען אין׳ן פּלאַץ פֿון אַ נאַפּאָלעאָן אַ רעפּובליקאַנישען פּרעזידענט, אָבער זי קען קיינמאָל ניט איבערבייטען דעם פֿונדאַמענט פֿון אַ גאַנצער געזעלשאַפֿט. מיר דאַרפֿען פֿיליכט אַ רעוואָלוציאָנערע פּעריאָדע פֿון דריי, פּיער אָדער זעקס יאָהר צייט, אום אויסצופֿיהרען אַ ראַדיקאַלען איבערבייט פֿון די אייגענטהומס־פֿערהעלטניסע און פֿון דער געזעלשאַפֿטליכער גרופּירונג. פֿינף יאָהר רעוואָלוציאָן, פֿון 1788 ביז 1793, זיינען נייטיג געווען צו פֿערניכטען דעם פּעאָדאַליסטישען סיסטעם און די אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע אין פֿראַנקרייך; און עס וועט זיכער נעהמען פּיער אָדער פֿינף יאָהר צייט, איידער מיר

וועלען פֿערניכטען די בורזשואַזיע און די הערשאַפֿט פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם.

אין אַזאַ רעוואָלוציאָנערע פּעריאָדע, ווען דער מענשליכער געדאַנק אַרבייטעט מיט אַן אויסערגעוועהנליכער ענערגיע, ווען די גאַנצע וועלט אינטערעסירט זיך מיט די עפֿענטליכע אַנגעלעגענהייטען, ווען יעדער איינער רעדט, דיסקוטירט און קריטיקירט, אין אַזאַ שטורעמדיגע צייט וועלען די אַנאַרכיסטישע אידעען, וועלכע ווערען שוין היינט פּראָפּאַגאַנדירט דורך די אַנאַרכיסטישע גרופּען, אין אַזאַ צייט וועלען דיזע אידעען געפֿינען אַן אַלגעמיינע פֿערשפּרייטונג צווישען די גרויסע מאַסען פֿון פֿאָלק.

דאַן וועלען די יעניגע וואָס מיר רופֿען היינט די „אינדיפֿערענטע", ווערען איבערצייגטע אָנהיינגער פֿון דער נייער אידעע. דאָס איז ביז יעצט שטענדיג געווען דער פֿאַל מיט נייע אידעען, און די גרויסע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן איז דער בעסטער ביישפּיעל פֿאַר דיזע בעהויפּטונג.

* * *

די רעוואָלוציאָן, וועלכע מיר ערוואַרטען, וועט נאַטירליך האָבען אַ פֿיעל ראַדיקאַלערען כאַראַקטער ווי די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט געהאַט. די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט נאָר צובראָכען די הערשאַפֿט פֿון דער אַריסטאָקראַטיע, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט זי בעגרינדעט די הערשאַפֿט פֿון דער בורזשואַזיע. זי האָט זיך אַבסאָלוט ניט צוגעריהרט צו דעם סיסטעם פֿון פּריוואַט־אייגענטהום, פֿערקעהרט, זי האָט זאָגאַר פֿערשטאַרקערט די מאַכט פֿון דיזען סיסטעם, זי האָט דורכגעבראָכען אַ וועג פֿאַר דער פֿערווירקליכונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג. אָבער פֿון דער אַנדערער זייט האָט דיזע רעוואָלוציאָן געהאַט אַ גרויסאַרטיגען ערפֿאָלג — די אָבשאַפֿונג פֿון דער לייבאייגענשאַפֿט. זי האָט פֿערניכטעט

די לייבאייגענשאַפֿט מיט געוואַלד, און דיזער מיטעל איז געוועזן טויזענדמאָל ווירקזאַמער ווי די געזעצליכע אָבשאַפֿונג פֿון דעם פֿעאָדאַליזמוס. די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן איז געוועזן דער אָנפֿאַנג פֿון אַ גאַנצע ערע פֿון רעוואָלוציאָנען, וועלכע פֿאָלגען זיך איינע די אַנדערע אין קורצע פעריאָדען און פֿיהרען אונז וואָס ווייטער אַלס נעהנטער צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. זי האָט ענטוויקעלט ביי דעם פֿראַנצויזישען פֿאָלק יענעם רעוואָלוציאָנערען אינסטינקט, אָהן וועלכען די פֿעלקער פֿון גאַנץ אייראָפּאַ וואָלטען נאָך היינט געשמאַכטעט אונטער דעם שענדליכען יאָך פֿון לייבאייגענשאַפֿט. זי האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה אַ גאַנצע וועלט פֿון נייע און פֿרוכטבאַרע אידעען פֿאַר דער צוקונפֿט; זי האָט ענטוויקעלט אין די הערצער פֿון די אונטערדריקטע דעם רעבעלישען גייסט און האָט געגעבען דעם פֿראַנצויזישען פֿאָלק אַ רעוואָלוציאָנערע ערציהונג. ווען פֿראַנקרייך האָט אין 1871 פּראָקלאַמירט די קאָמונע, ווען דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק בעגריסט היינט מיט בעגייסטערונג די אידעען פֿון׳ם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזמוס, וועהרענד די אַנדערע פֿעלקער לעבען נאָך אַלס אין דער אויטאָריטערער און קאָנסטיטוציאָנעלער פעריאָדע, איז עס דערפֿאַר, ווייל דיזעס פֿאָלק האָט דורכגעמאַכט אַם ענדע פֿון׳ם 18טען יאָהרהונדערט אַ געוואַלדיגע רעוואָלוציאָן פֿון פֿיער יאָהר צייט.

און דאָך, ווי טרויעריג איז געוועזן דער צושטאַנד אין פֿראַנקרייך, איידער די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען! און ווי קליין, ווי אונענדליך קליין איז געוועזן די צאָהל פֿון די מענשען, וועלכע האָבען דאַן געטרוימט פֿון דער אָבשאַפֿונג פֿון דער קעניגליכער מאַכט און דער פֿערניכטונג פֿון דער לייבאייגענשאַפֿט!

דער בויער האָט געלעבט אין אַזאַ עלענד און אונוויסענהייט, פֿון וועלכע מיר קענען זיך היינט אפילו ניט

מאַכען קיין פאָרשטעלונג. פערלאָרען אין זיינע דערפער, אָבגעשלאָסען פון אַלע רעגעלמעסיגע בעציהונגען צו דער איבריגער וועלט, ניט וויסענדיג, וואָס עס טהוט זיך צוואַנציג מיילען אַוועק פון זיין דערפעל, האָט עס אויסגעזעהן, אלס ווען דיזע אָרעמע, אונגליקליכע בעשעפעניסע, וועלכע זיינען געגאַנגען מיט איינגעבויגענע רוקענס הינטער דעם פלוג אָדער זיינען געלעגען אין דערהיים אין זייערע שמוציגע, פערפעסטעטע לעכער, וואָלטען בעשטימט געווען פאַר אַן אייביגע לייבאייגענשאַפט. א געמיינשאַפטליכע פערשטענדיגונג צווישען זיי איז געווען אַ זאַך דער אונמעגליכקייט; יעדער אויפשטאַנד איז באַלד אונטערדריקט געוואָרען דורך די זעלנער, און די רעדעלפיהרער האָט מען אויפגעהאַנגען אויף אַ גאַלגאַן פון 18 פוס די הויך, וועלכער איז געשטאַנען נאָהנט ביי ן ברונען. פון די וויניגע אונבעקאַנטע פראָפּאַגאַנדיסטען, וועלכע האָבען געוואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף, אויפוועקענדיג אין די הערצער פון די וויניגע בויערן, וועלכע האָבען דעם מוטה געהאַט זיך צוצוהערען צו זייערע רייד, דעם האַס געגען זייערע אונטערדריקער און די האָפנונג אויף אַ בעסערע צוקונפט, פון זיי איז איבערהויפּט ניט דאָ וואָס צו ריידען, דען זייער צאָהל איז געווען צו קליין און אונבעדייטענד. דער בויער האָט אפילו נים דעם מוטה געהאַט צו בעטען אַ שטיק ברויט אָדער אַ פערלייכטערונג פון די שווערע אָבגאַבען, וועלכע ער האָט געדאַרפט אַוועקצאָהלען זיינע הערן. לייענט נאָר די אַלטע דאָקומענטען פון די דערפער, און איהר וועט זיך איבערצייגען, אַז דיזע בעהויפּטונגען זיינען ריכטיג.

די בורזשואַזיע פון יענער עפּאָכע האָט זיך הויפטזעכליך אויסגעצייכענט דורך איהר נידריגע פייגהייט. נאָר איינציגע אינדיווידוען האָבען געהאַט דעם מוטה צו אַטאַקירען די רעגירונג, און אויפצווועקען דעם רעבעלישען גייסט דורך

העלרישע טהאַטען. אָבער די גרויסע מאַיאָריטעט פֿון דער בורזשואַזיע איז געלעגען אויף די קניע פֿאַר דעם קעניג, דעם הויף, דער אַריסטאָקראַטיע און איהרע דיענער. די דאָקומענטען און אַקטען פֿון די געמיינדעס אין יענער עפּאָכע גיבען אונז גענוג בעווייזע פֿאַר דעם נידריגען און שקלאַפֿישען גייסט פֿון דער בורזשואַזיע. עס איז געווען די עקעלהאַפֿטעסטע פֿייגהייט, וועלכע עס קען נאָר געבען; דיזע פֿייגהייט האָט זיך אַרויסגעהערט פֿון אַלע איהרע ווערטער, און מען דאַרף זיין אַזוי בלינד ווי הערר לואי בלאַן און אַנדערע שמייכלער פֿון דער בורזשואַזיע, אום ניט צו פֿיהלען דיזע שרעקליכע פֿייגהייט. די וועניגע רעוואָלוציאָנערע פֿון יענער פעריאָדע האָבען געקוקט מיט פעסימיסטישע אויגען אויף די מענשען, וועלכע האָבען זיי אַרומגערינגעלט, און קאַמיל דעמולען איז פֿאָלקאָמען גערעכט געווען, ווען ער האָט געזאָגט די בעריהמטע ווערטער: „קוים וואָס מיר זיינען געווען אַ רוצענד רעפובליקאַנער אין פּאַריז פֿאָר 1789.

* * *

און דאָך, וואָס פֿאַר אַן אומווענדונג דאָס איז געווען מיט דריי אָדער פֿיער יאָהר שפּעטער! די היסטאָרישע פּאַסירונגען האָבען וואָס ווייטער אַלס מעהר אָבגעשוואַכט די מאַכט פֿון'ם קעניגטהום, און דאָס פֿאָלק האָט אָנגעפֿאַנגען צו רעוואָלטירען. אין 1787 האָבען שטאַטגעפֿונדען איינציגע קלענערע בויערן־רעוואָלטען, פּונקט ווי די הייניגע קלענערע סטרייקס, וועלכע ברעכען אוים אין פֿערשידענע שטעדט פֿון פֿראַנקרייך; נאָר מיט דער צייט האָבען דיזע רעוואָלטען געפֿונען אַ גרעסערע פֿערשפּרייטונג, זיי זיינען אַלגעמיין געוואָרען, און עס איז אָנגעקומען שווער זיי צו בעזיעגען. מיט צוויי יאָהר פֿריהער האָט דער בויער אפילו ניט געוואַגט צו פֿאָדערן אַ פֿערלייכטערונג פֿון די אָבגאַבען (פּונקט ווי מען פֿאָדערט היינט אַ בע־

סערען לוין), נאָר מיט צוויי יאָהר שפּעטער, אין 1789 איז דער בויער שוין געגאַנגען פיעל ווייטער. אַן אַלגעמיינע אידעע ברעכט זיך דורך אַ וועג: „די פאָלשטענדיגע בעפרייאונג פון דעם יאָך פון די אַדעלמענער, די גלחים און די בירגערליכע אייגענטהימער". ווי באַלד דער בויער האָט געזעהן, אַז די רעגירונג האָט מעהר קיין מאַכט ניט צו דערשטיקען די רעוואָלטען, האָט ער זיך איבעראַל אויפגעהויבען געגען זיינע פיינדע. עטליכע ענערגישע מענער האָבען אונטערגעצונדען די ערשטע שלעסער און פאַלאַצען, און די ברענענדע פּאַלאַצען האָבען שוין בעלייכטעט דעם הימעל, ווען די גרויסע מאַסע האָט נאָך געקוקט מיט אַ שקלאַפּישער מורא אויף איהרע העררן. ערשט דאַן האָט זיך דער בויער דערמאָהנט אויפצוהייבגען די שטייערבעאַמטע אויף דעם זעלבען גאַלגאַן, אויף וועלכעז מען האָט פריהער אויפגעהאַנגען די פאָרקעמפפער פוז דער בויערן-רעוואָלוציאָן. אָבער דיזעס מאָל קומט ניט קיין מיליטער צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד. די רעוואָלוציאָן פערשפּרייט זיך פון אָרט צו אָרט, פון דאָרף צו דאָרף, און באַלד האָט זי אַרומגענומען אַ העלפט פון גאַנץ פראַנקרייך.

וועהרענד די צוקונפטיגע רעוואָלוציאָנערען פון דער בורזשואַזיע זיינען נאָך געלעגען אויף די קניע פאַר דעם קעניג, וועהרענד די פערזאָנען, וועלכע האָבען שפּעטער געשפּיעלט אַזאַ גרויסע ראָלע אין דער רעוואָלוציאָן, האָבען נאָך אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום איינצושטילען דעם אויפשטאַנד, וועהרענד דעם האָבען זיך די שטעדט און דערפער בעפרייט פון זייערע טיראַנען, לאַנג בעפאָר דער פאַרלאַמענט האָט זיך פערזאַמעלט און מיראַבאָ האָט געהאַלטען זיינע רעדען. הונדערטער פון רעוואָלטען האָבען אויסגעבראָכען אין די דערפער (דער היסטאָריקער טען בעריכטעט פון מעהר אלס 300 אויפשטענדען), איידער

די פאַריזער, וועלכע זיינען בעוואַפענט געווען מיט שפיע־זען און איניגע אַלטע קאַנאָנען, האָבען געשטורמט די באַסטיליע.

אָט אַזוי איז עס געווען אונמעגליך צו דערשטיקען די רעוואָלוציאָן. אויב דיזע רעוואָלוציאָן וואָלט נאָר אויסגע־בראָכען אין פאַריז, אויב עס וואָלט נאָר געווען אַ ריין פאַרלאַמענטאַרישע רעוואָלוציאָן, וואָלט זי געווים דער־טרונקען געוואָרען אין בלוט. די געגנער פון דער רעוואָ־לוציאָן וואָלטען געטראָגען די פאָהן פון דער רעאַקציאָן פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָדט צו שטאָדט, און די בויערן און פראָלעטאָריער וואָלטען געפאַלען פון זייערע שווערדען און ביקסען. צום גליק האָט די רעוואָלוציאָן באַלד אין אָנפאַנג אָנגענומען אַן אַנדערן כאַראַקטער. זי האָט אויסגעבראָכען אין טויזענדער פלעצער אין דערזעלע־בער צייט; די רעוואָלוציאָנערע מינאָריטעטען אין יעדען דאָרף, אין יעדער שטאָדט, שטאַרק און מעכטיג דורך זייער מוטה און דורך די שטילע סימפאַטהיע, וועלכע זייע־רע אידעען האָבען געפונען ביי די מאַסען, האָבען זיך ענערגיש גענומען צו דער אַרבייט, און מיט דער הילפע פון די רעבעלישע מאַסען האָבען זיי געשטורמט די שלע־סער, די שטאָדט־הייזער, די באַסטיליע. זיי האָבען טעראָ־ריזירט די אַריסטאָקראַטען און די רייכע בירגער און אָב־געשאַפט די פריווילעגיעס; מיט איין וואָרט, די מינאָרי־טעט האָט געגעבען דעם ערשטען סיגנאַל צו דער רע־וואָלוציאָן, און דיזער סיגנאַל האָט די מאַסען בעגייסטערט צום קאַמפף פאַר זייער פרייהייט.

⁂

די רעוואָלוציאָן, וועלכע מיר זעהען קומען אין פאָרויס, וועט האָבען דעם זעלבען כאַראַקטער. די אידעען פון׳ם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזמוס, וועלכע ווערען היינט נאָר פערטרעטען פון אַ שוואַכע מינאָריטעט, וועלען וואַס

ווייטער אַלס מעהר אַריינדרינגען אין די מוחות פֿון'ם פֿאָלק און געפֿינען זייער וועג צו דער גרויסער מאַסע. ווי גרינג עס זאָל ניט זיין די צאָהל פֿון אונזערע גרופּען, מעכטיג דורך די אונטערשטיצונג פֿון'ם פֿאָלק, וועלען זיי זיין די ערשטע, וועלכע וועלען פֿונאַנדערוויקלען די רויטע פֿאָהן פֿון דעם אויפֿשטאַנד. נעהמענדיג אין אָנבעטראַכט, אַז די רעוואָלוציאָן וועט אויסברעכען אין הונדערטער פלעצער צו דערזעלבער צייט, וועט זי דורך דעם פֿע־הינ־דערן די איינפֿיהרונג פֿון אַ נייע רעגירונג, וועלכע וואָלט נאָר געווען אַן אָבהאַלט פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון דער רעוועלוציאָנערער בעוועגונג. די רעוואָלוציאָן וועט פֿאָרט־געזעצט ווערען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען זי וועט האָבען אויסגעפֿיהרט איהר היסטאָרישע אויפֿגאַבע — די אָבשאַפֿונג פֿון שטאַאַט און אייגענטהום. דאַן וועט דאָס גאנצע פֿאָלק פֿערטהיידיגען די אידעען פֿון די יעצטיגע מינאָריטעטען, און דיזע גרויסע רעבעלישע מאַסע, וועלכע וועט אָנפֿיהרען דעם קאַמפף געגען דער רעגירונג און געגען דעם סיסטעם פֿון פריוואַט־אייגענטהום, וועט אונז פֿיהרען צום קאָמוניז־מוס און אַנאַרכיע.





IX.

# די ארדנונג.



ס פֿערגעהט כמעט ניט קיין טאָג, אַז מען זאָל אונז ניט אויפֿוואַרפֿען, וואָס מיר בע־נוצען זיך מיט דעם וואָרט „אַנאַרכיע", אום אויסצודריקען דעם ציעל פֿון אונזערע שטרעבונגען, אַ וואָרט, וועלכער שרעקט אָב פֿיעלע מענשען פֿון אונזער בעוועגונג.— „אייערע אידעען זיינען פֿאָרטרעפֿליך"—אַזוי זאָגט מען אונז—„נאָר איהר אַליין מוזט צוגעבען, דאָס איהר האָט זיך אויסגעקליבען זעהר אַ שלעכטען נאָמען פֿאַר אייער בעוועגונג. געוועהנליך פֿערשטעהט מען מיט דעם וואָרט אַנאַרכיע ניט מעהר ווי אונאָרדנונג, כאַאָס; עס רופֿט אַרויס די פֿאָרשטעלונג פֿון פֿיינדליכע אינטערע־סען, פֿון מענשען, וועלכע לעבען אין אַ שטענדיגע מלחמה איינע מיט די אַנדערע, און וועלכע זיינען געגנער פֿון יעדער פֿריעדליכער געזעלשאַפֿט".

* * *

צו ערשט מוזען מיר בעמערקען, דאָס אַ קאַמפף־פּאַר־טיי, אַ געוויסע ריכטונג, וועלכע פֿערקערפּערט אין זיך אַ בייע אידעע, האָט זעלטען ווען געהאַט די מעגליכקייט זיך אַליין אויסצוקלייבען דעם נאָמען איהרען. ניט די

„גואיסען" פֿון בראַבאַנט, 1) האָבען ערפֿונדען זייער נאָמען, וועלכער איז שפּעטער אַזוי פּאָפּולער געוואָרען. צוערשט איז דיזעס וואָרט געווען אַ שפּאָט־נאָמען—און אַ גוט ערפֿונדענער—שפּעטער איז ער אַלגעמיין אָנגענומען געוואָרען פֿון דער פֿערפֿאָלגטער פּאַרטיי, און צולעצט האָט מען דיזען נאָמען אָבגעגעבען דעם גרעסטען כבוד. און איבערהויפּט קען מען ניט בעשטרייטען, אַז דיזער נאָמען האָט ענטהאַלטען אין זיך אַ גאַנצע אידעע.

און וואָס איז געווען מיט די „סאַנקילאָטען" 2) פֿון 1793? —די געגנער פֿון דער פֿאָלקס־רעוואָלוציאָן האָבען ערפֿונדען דיזען נאָמען. אָבער האָט דיזער נאָמען ניט אויסגעדריקט אַ גאַנצע אידעע? גאַנץ געוויס! די אידעע פֿון דעם פֿאָלקס־אויפֿשטאַנד, דעם אויפֿשטאַנד פֿון די הונגעריגע און באָרפֿוסיגע מאַסען געגען די ראָיאַליסטען, געגען אַלע זאָגענאַנטע פּאַטריאָטען און יאַקאָבינער, וועלכע האָבען געהאַט אַ זיכערע עקזיסטענץ; זיי זיינען דאָס געווען די אייגענטליכע פֿיינדע פֿון'ם פֿאָלק, טראָץ די עקזעלהאַפֿטע ליגענס און שמייכלערייען פֿון די בירגערליכע היסטאָריקער, דען זיי האָבען פֿעראַכטעט און פֿערהאַסט די ברייטע מאַסען צוליעב זייער עלענד, זייער רעוואָלוציאָנערער בעגייסטערונג און זייער שטרעבען צו פֿרייהי'ט און גלייכהייט.

---

1) דאָס וואָרט גואיסען (Gueux) מיינט אייגענטליך „בעטלערס". אַזוי האָט מען גערופֿען די רעבעלען אין האָלאַנד און בעלגיען, וועלכע האָבען אָנגעפֿיהרט אין 16טען יאָהרהונדערט אַ פֿערצווייפֿעלטען קאַמפּף געגען די פּאָליטישע און רעליגיעזע טיראַניי פֿון דעם שפּאַנישען קעניג פֿיליפּ דער 2טער. (דער איבערזעצער).

2) „סאַנקילאָט", ד. ה. „אָהן הויזען", אַזוי האָט מען גערופֿען די רעוואָלוציאָנערע אַרבייטער פֿון די פּאַריזער פֿאָרשטעדט, וועלכע האָבען געשפּיעלט אַזאַ וויכטיגע ראָלע אין דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. (דער איבערזעצער).

דאָסזעלבע איז געווען דער פֿאַל מיט די „ניהיליסטען". וואָס פֿאַר אַ כאַאָס פֿון פֿערשידענע מיינונגען, פֿון גוטע און שלעכטע וואָרטשפּיעלערייען האָט דיזער נאָמען אַרויס־גערופֿען אין דער גאַנצער זשורנאַליסטישער וועלט; און צולעצט האָט מען געגלויבט, אַז דיזעס וואָרט איז דער נאָמען פֿון אַ פֿאַנאַטישע רעליגיעזע סעקטע, וועלכע איז דורכגעדרונגען פֿון אַ מעכטיגער רעוואָלוציאָנערער קראַפֿט און ענערגיע.

טורגעניעוו האָט דיזען נאָמען צום ערשטען מאָל אָנ־געווענדעט אין זיין ראָמאַן „פֿאָטערס און זיהן". די עלטערן, זייענדיג אויפֿגערעגט איבער די אונגעהאָרכזאַמקייט פֿון זייערע קינדער, האָבען זיך בענוצט מיט דיזען נאָמען, אום אָבצולאַכען פֿון זייערע אידעען. די זיהן האָבען אָנגענומען דעם נאָמען, און שפּעטער, ווען זיי האָבען בעמערקט, אַז דיזער נאָמען איז די אורזאַכע פֿון פֿיעלע מיספֿערשטענ־דעניסע, און ווען זיי האָבען זיך געוואָלט אָבשאָקלען פֿון איהם, איז עס געווען אונמעגליך. די פּרעסע און דאָס פּובליקום האָבען ניט געוואָלט אַנדערש רופֿען די רוסישע רעוואָלוציאָנערען ווי נאָר ניהיליסטען. אין אַלגעמיין גענו־מען איז דער נאָמען גאָר ניט אַזוי שלעכט, דען ער ענטהאַלט אין זיך אַ גרויסע אידעע. ער לייקענט אָב אַלע ערשיינונגען און אינסטיטוציאָנען, וועלכע שטעלען פֿאָר די יעצטיגע ציוויליזאַציאָן, יענע ציוויליזאַציאָן, וועלכע גרינ־דעט זיך אויף די אונטערדריקונג פֿון איין קלאַסע דורך די אַנדערע. דיזער נאָמען איז די אָבלייקנונג פֿון דעם גאַנ־צען עקאָנאָמישען אויסבייטונג־סיסטעם, די אָבלייקנונג פֿון דעם שטאַאַט, פֿון דער געוואַלד, פֿון דער גאַנצער בור־זשואַזנער פּאָליטיק, דער אָפֿיציעלער וויסענשאַפֿט און די בירגערליכע מאָראַל־אַנשויאונגען; די אָבלייקנונג פֿון יענער קונסט, וועלכע איז ניט מעהר ווי די דינסט־מויד פֿון די אויסבייטער, די נעגאַציאָן פֿון אַלע לעבערליכע און היפּאָ־

קריטישע געוואוינהייטען און מנהגים, וועלכע די פֿער־
גאַנגענהייט האָט אונז איבערגעלאָזען בירושה; מיט איין
וואָרט, דער ניהיליזמוס איז די אַבסאָלוטע אָבלייקנונג פֿון
אַלע פּרינציפּען און אינסטיטוציאָנען, וועלכע ווערען
אַנערקענט פֿאַר הייליג אין דער מאָדערנער בורזשואַ־
ציוויליזאַציאָן.

דאָסזעלבע האָט אויך געטראָפֿען מיט די אַנאַרכיסטען.
ווען אין די אַלטע „אינטערנאַציאָנאַלע" האָט זיך ענטוויי־
קעלט אַ ריכטונג, וועלכע האָט אָבגעלייקענט יעדע
אויטאָריטעט, יעדע פֿאָרם פֿון הערשאַפֿט אין דער גע־
זעלשאַפֿטליכער גרופּירונג, האָט דיזע ריכטונג זיך צוערשט
גערופֿען „פֿעדעראַליסטישע פּאַרטיי" אָדער „אַנטי־עטאַ־
טיסטען" ד. ה. געגנער פֿון'ם שטאַאַט. אין יענער צייט האָט
מען אויסגעמידען צו רופֿען די נייע פּאַרטיי אַן אַנאַרכיס־
טישע; דען דורך דאָס וואָרט „אַן־אַרכיע" (אַזוי האָט מען
עס דאַן געשריעבען) וואָלט מען איהר לייכט געקענט פֿער־
בייטען מיט די „פּרודהאָניסטען", וועמעס עקאָנאָמישע
רעפֿאָרם־אידעען די „אינטערנאַציאָנאַלע" האָט דאַן גראַדע
בעקעמפּפֿט. נאָר די געגנער פֿון דער נייער ריכטונג האָ־
בען איהרע אָנהייגער שטענדיג גערופֿען אַנאַרכיסטען,
מיט דער אַבזיכט זיי צו דיסקרעדיטירען, אַרויסצורופֿען
מיספֿערשטענדניסע און זיי פֿאָרצושטעלען אַלס מענשען,
וועלכע האָבען נאָר איין ציעל, נאָר איין צוועק: אָנצומאַ־
כען אונאָרדנונג און שפּאַלטונגען אין דער בעוועגונג, ניט
קוקענדיג אויף די פֿאָלגען.

די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג האָט באַלד אָנגענומען דעם
נאָמען, וועלכען מען האָט איהר געגעבען. צוערשט האָט
מען געפֿאָדערט, אַז מען זאָל אָבטהיילען די זילבע „אַן"
פֿון דעם וואָרט „אַרכיע" דורך אַ שטריכעל, אום אָנצוּ־
דייטען דורך דיזע פֿאָרם, אַז דאָס גריעכישע וואָרט
אַנאַרכיע מיינט אייגענטליך „געגען געוואַלד" און ניט

אונאָרדנונג, ווי מען שטעלט עס געוועהנליך פֿאָר. נאָר ביס־לעכווייז האָט מען זיך פֿערגעסען אָן דעם שטריכעל, און דאָס וואָרט האָט בעקומען זיין יעצטיגע פֿאָרם.

דאָס וואָרט „אַנאַרכיע" איז פֿון דעם ענגלישען פֿילאָזאָף בענטהאַם אין 1816 דעפֿינירט געוואָרען ווי פֿאָלגט: „דער פֿילאָזאָף, וועלכער האָט די אַבזיכט צו רעפֿאָרמירען אַ שלעכטעס געזעץ, פֿאָדערט ניט אויף די בירגער צו רע־וואָלטירען געגען דיזעס געזעץ. דער כאַראַקטער פֿון דעם אַנאַרכיסט איז אַ גאַנץ אַנדערער. ער לייקענט אָב דאָס געזעץ אין אַלגעמיין, ער אַנערקענט ניט זיין בערעכטיגונג און פֿאָדערט אויף די מענשען, זיי זאָלען זיך ניט אונטער־וואַרפֿען און רעוואָלטירען געגען איהם". דער בעגריף פֿון דעם וואָרט איז היינט בעדייטענד פֿיעלזייטיגער און רייכער: דער אַנאַרכיסט שטרעבט ניט נאָר צו אַ געזעצ־לאָזען צושטאַנד; ער לייקענט אויך אָב יעדע עפֿענטליכע געוואַלד, יעדע אויטאָריטעט. נאָר אין אַלגעמיין גענומען איז דער אורשפּרינגליכער זין פֿון דעם וואָרט אַנאַרכיע געבליבען דערזעלבער: עס איז די נעגאַציאָן פֿון געוואַלד און אויטאָריטעט, אין וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם זיי זאָלען זיך ניט מאַניפֿעסטירען.

* * *

„אָבער דאָס וואָרט רופֿט אַרויס די פֿאָרשטעלונג פֿון קריעג און אונאָרדנונג צווישען די מענשען"—אַזוי זאָגט מען אונז.

לאָמיר זיך אַביסעל דורכריידען, אפשר וועלען מיר קומען צו אַן איינפֿערשטענדעניס! אום וואָס פֿאַר אַן אָרדנונג האַנדעלט עס זיך אייגענטליך? איז עס די גע־זעלשאַפֿטליכע האַרמאָניע, פֿון וועלכע מיר אַנאַרכיסטען טרוימען? די האַרמאָניע, וועלכע וועט זיך פֿריי ענטוויקלען אין אַלע מענשליכע בעציהונגען, ווען די מענשהייט וועט מעהר ניט זיין געשפּאָלטען אין צוויי פֿערשיעדענע קלאַ־

סען, פֿון וועלכע די איינע דאַרף זיך אויפֿאָפּפֿערן צו גונסטען פֿון די אַנדערע? די האַרמאָניע, וועלכע וועט מוזען ענטשטעהען דורך די געמיינשאַפֿטליכקייט פֿון די אינטערעסען, ווען אַלע מענשען וועלען זיין פֿעראייניגט אין אַ גרויסע פֿאַמיליע, ווען יעדער איינער וועט אַרבייטען פֿאַר דעם וואָהלזיין פֿון אַלע, און אַלע וועלען אַרבייטען פֿאַר דעם וואָהלזיין פֿון יעדעם איינעם? האַנדעלט עס זיך דען אום דיזע אָרדנונג? געוויס ניט! אלע די, וועלכע וואַרפֿען אונז אויף, אַז מיר ווילען פֿערניכטען די „אָרדנונג", מיינען ניט די האַרמאָניע פֿון דער צוקונפֿטיגער געזעל־שאַפֿט, ניין, זיי ריידען פֿון דער היינטיגער אָרדנונג, פֿון דער אָרדנונג, וועלכע די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט האָט בעשאַפֿען. און וואָס פֿאַר אַן אָרדנונג איז דאָס, וועל־כע מיר אַנאַרכיסטען בעקעמפֿען אַזוי שטאַרק?

די היינטיגע אָרדנונג פֿערקערפּערט אין זיך אַ צושטאַנד, וואו ניין צעהנטעל פֿון דער מענשהייט מוזען האָרעווען, אום צו בעפֿרידיגען דעם לוקסוס, די בעדירפֿניסע און די נידריגע ליידענשאַפֿטען פֿון עטליכע ליידיגגעהער.

ניין חלקים פֿון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענשהייט לעבען אונטער אַזעלכע בעדינגונגען, וועלכע פֿערהינדערן אַ געזונדען לעבען און די פֿערנינפֿטיגע ענטוויקלונג פֿון זייערע גייסטיגע פֿעהיגקייטען. דיזע ניין צעהנטעל שטעהען ניט פֿיעל העכער פֿון געוועהנליכע חיות, קוים וואָס זיי זיינען אימשטאַנדע צו בעפֿרידיגען זייערע נויטווענדיגסטע לעבענס־בעדירפניסע, זיי זיינען אויסגעשלאָסען פֿון אַלעם דעם, וואָס מאַכט אונזער לעבען אַנגענעהם און טהייער: פֿון דעם שטודיום פֿון די וויסענשאַפֿטען פֿון דער שעהנ־הייט פֿון דער קונסט. — און אַזאַ צושטאַנד רופֿט זיך אָרדנונג!

די היינטיגע אָרדנונג איז דער אויסדרוק פֿון הונגער און עלענד, וועלכע שטעלען פֿאָר דעם נאָרמאַלען צושטאַנד

פֿון אונזער געזעלשאַפֿט. דו קענסט איהר געפֿינען ביי די בויערן פֿון אירלאַנד, וועלכע געהען אויס פֿון הונגער; אין רוסלאַנד, וואו איין דריטעל פֿון די בויערן שטאַרבען אַוועק פֿון דיפֿטעריט, טיפֿוס און הונגער, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען ניט גענוג ברויט, טראָץ דעם וואָס די רוסישע פּאָמעשטשיקעס שיקען אַרויס טויזענדער און טויזענדער צענטנער פֿרוכט אין אויסלאַנד—אָט דאָס איז די אָרדנונג. מיליאָנען איטאַליענער זיינען געצוואונגען צו פֿערלאָזען זייער שעהנע היימאַט, זיי וואַנדערן אַרום איבער דער גאַנצער וועלט, אום צו געפֿינען אַ געלעגענהייט אויסצוגראָבען אַ טונעל, וואו דער לעבען פֿון יעדען אַרבייטער איז אין אַ שטענדיגער געפֿאַהר—אַט דאָס רופֿט זיך אָרדנונג. מען רויבט אַוועק פֿון דעם בויער די ערד און פֿערווענדעט איהר בעסער פֿאַר דער יאַגד; האַלבע לענדער לאָזט מען בעסער ליעגען ווילד און אונפֿרוכטבאַר, איידער מען זאָל איבערגעבען די ערד צו די, וועלכע האָבען דעם איינציגען וואונש איהר צו קולטיווירען.—אָט דאָס רופֿט זיך אָרדנונג.

טויזענדער און טוזענדער פֿרויען זיינען געצוואונגען צו פּראָסטיטואירען זייערע קערפּערס, אום איינצושטילען דעם הונגער פֿון זייערע קינדער; יונגע קינדערלעך, בלומען, וואָס האָבען קוים וואָס אָנגעפֿאַנגען צו בליהען, געהען צו גרונדע אין די פֿאַבריקען; דער אַרבייטער איז ניט מעהר ווי אַ מאַשין—און דאָס אַלעס רופֿט זיך היינט אָרדנונג. די היינטיגע אָרדנונג איז די מוטער פֿון די רעבעלישע אַרבייטער, וועלכע ערשיינען פֿאַר די טהויערען פֿון די רייכע. זי איז די מוטער פֿון רעבעלישע פֿעלקער, וועלכע אַטאַקירען די טהראָנען פֿון זייערע טיראַנען.

אַ קליינע מינאָריטעט האָט זיך געמאַכט צום בעהערר־שער פֿון דער גאַנצער מענשהייט, און זיי ערציהען זייערע קינדער צו פֿערנעהמען שפּעטער זייערע פּלעצער און

אויפֿצוהאַלטען זייער ברוטאַלע הערשאַפֿט דורך פֿערראַטה, קאַרופּציאָן, געוואַלד און מאַסען־מערדערייען.—אָט דאָס רופֿט זיך אָרדנונג.

די היינטיגע אָרדנונג איז דער שטענדיגער קריעג פֿון איין מענשען געגען דעם צווייטען, פֿון איין קלאַסע געגען די אַנדערע, פֿון איין נאַציאָן געגען אַ צווייטע. זי דריקט זיך אויס אין דעם קלאַנג פֿון די קאַנאָנען, וועלכע פֿערמאַכען קיינמאָל ניט זייערע אייזערנע מיילער אין אייראָפּאַ, אין דער פֿערוויסטונג פֿון בליהענדע פֿעלדער, אין די אויסשלאַכטונג פֿון גאַנצע גענעראַציאָנען אויף די שלאַכטפֿעלדער, וואו מען צושטערט אין איין יאָהר דאָס, וואָס די אַרבייט פֿון גאַנצע יאָהרהונדערטער האָט לאַנגזאַם בעשאַפֿען.

די אָרדנונג דריקט זיך אויס אין דער גייסטיגער פֿערשקלאַפֿונג, אין דער ערנידעריגונג פֿון דער מענשליכער ראַסע, וועלכע מען אונטערדריקט מיט ריטער און שווערדען. זי דריקט זיך אויס אין די אַלע אָפּפֿער, וועלכע פֿאַלען יעדען טאָג אין די מינען און פֿאַבריקען, אום צו בעפֿריעדיגען די האַבזוכט פֿון איינינע מאָנאָפּאָליסטען. און ווען די אונגליקליכע הויבען אָן זיך צו בעקלאָגען איבער זייער צושטאַנד, דאַן ענטפֿערט מען זיי מיט ביקסען און קאַנאָנען.

די אָרדנונג האָט געפֿונען איהר אויסדרוק אין די בלוטבאַד פֿון דער פּאַריזער קאָמונע, וואו 35.000 מענער, פֿרויען און קינדער זיינען צוריסען געוואָרען פֿון די גראַנאַטען. זייערע טויטע קערפּערס זיינען פֿערברענט געוואָרען אין קאַלך און בעגראָבען געוואָרען אונטער די שטיינער פֿון די פּאַריזער גאַסען. זי דריקט זיך אויס אין דעם טראַגישען שיקזאַל פֿון דער רוסישער יוגענד, וועלכע מען בעגראָבט אין די קערקערס, אין דעם שנעע פֿון סיביר, און איהרע עדעלסטע און ריינסטע כאַראַקטערע שטאַרבען אויף דעם גאַלגאַן.

אַט דאָס רופֿט די וועלט היינט אָרדנונג!

* * *

און וואָס רופֿען זיי אייגענטליך אונאָרדנונג? אונאָרדנונג רופֿען זיי דעם פֿערזוך פֿון די פֿעלקער צו צוברעכען די קייטען פֿון דיזער שענדליכער אָרדנונג, צו צושטעהרען איהרע קערקערס און צו קעמפֿפֿען פֿאַר אַ בעסערע צוקונפֿט. אונאָרדנונג רופֿען זיי די ערהאַבענסטע און הערר'ליכסטע פעריאָדען אין דער מענשליכער געשיכטע.

די אונאָרדנונג דריקט זיך אוים אין דער בעפֿרייאונג פֿון דעם מענשליכען געדאַנק אין אַלע פעריאָדען פֿאַר דער רעוואָלוציאָן; אין דער פֿערניכטונג פֿון די אַלטע, טויטע פֿאָרמען און סיסטעמען, וועלכע די פֿערגאַנגענע יאָהרהונדערטע האָבען אָנערקענט פֿאַר הייליג; אין אַ גאַנצען ים פֿון נייע אידעען, מוטהיגע ערפֿינדונגען און אין דער לייזונג פֿון די פּראָבלעמען דער וויסענשאַפֿט.

די אונאָרדנונג האָט זיך מאַניפֿעסטירט אין דעם אונטערגאַנג פֿון דער אַלטער שקלאַפֿעריי, אין דעם אויפֿשטאַנד פֿון די קאָמונען, אין דער אָבשאַפֿונג פֿון דער לייבאייגענשאַפֿט און אין דעם יעצטיגען שטרעבען צו צוברעכען די קייטען פֿון עקאָנאָמישער און סאָציאַלער שקלאַפֿעריי.

די אונאָרדנונג האָט זיך מאַניפֿעסטירט אין דעם אויפֿשטאַנד פֿון די רעבעלישע בויערן געגען זייערע גלחים און הערר'ן, ווען זיי זיינען ענדליך אַרויסגעקראָכען פֿון זייערע הייהל'ען און האָבען געפֿאָדערט זייער פלאַץ אונטער דער ליכטיגער זון, פֿראַנקרייך, וועלכע האָט צובראָכען די מאַכט פֿון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע און געגעבען אַ טויטקלאַפּ דער אַלטער קנעכטשאַפֿט פֿון האַלב אייראָפּאַ, פֿראַנקרייך איז געווען די מוטער פֿון אונאָרדנונג.

וואָס זיי רופֿען אָן אונאָרדנונג, דאָס זיינען די וואונדערבאַרסטע עפּאָכען אין דער מענשליכער געשיכטע, ווען גאַנצע גענעראַציאָנען האָבען אַוועקגעגעבען זייער

..

לעבענס פֿאַר די פֿערניכטונג פֿון דער אַלטער קנעכטשאַפֿט און אַ בעסערע און שעהנערע צוקונפֿט.

עס זיינען די עפּאָכען, ווען דער מענשליכער געניוס ענטוויקעלט זיך מיט אַ ריעזיגער קראַפֿט און ענערגיע; ער שליידערט אַרויס די פֿעלקער פֿון זייער אַלטען וועג און גיט זיי נייע אידעען און נייע שטרעבונגען, אָהן וועלכע די מענשהייט וואָלט קיינמאָל ניט אַרויסגעקומען פֿון דער אַלטער שקלאַפֿעריי.

די אונאָרדנונג איז די מוטער פֿון די ערהאַבענסטע ליידענשאַפֿטען, די מוטער פֿון דער גרעסטער אָפּפֿער־ווילינגקייט, זי איז די העלדען־געשיכטע פֿון דער העכסטער און ריינסטער מענשען־ליעבע!

און יעצט זאָגט אַליין: איז דען דאָס וואָרט „אַנאַרכיע", וועלכעס דריקט אויס די אָבלייקנונג פֿון דיזער שענדליכער אָרדנונג, און וועלכעס דערמאָהנט אונז אין די גרעסטע און וואונדערבאַרסטע מאָמענטען אין דעם לעבען פֿון די פֿעלקער — זאָגט אַליין, איז דיזעס וואָרט ניט דער בעס־טער און געלונגענסטער אויסדרוק פֿאַר אַ אידעע, פֿאַר אַ בע־וועגונג, וועלכע האָט פֿאַר איהר ציעל די עראָבערונג פֿון אַ בעסערע צוקונפֿט?





X.

# די קאָמונע

ווען מיר בעהויפטען, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן וועט זיך אָנפֿאַנגען דורך די בעפֿרייאונג פֿון די קאָמונען, אַז דיזע פֿאָלקאָמען אונאַבהייניגיגע, פֿון יעדער שטאַאטליכער הערשאַפֿט בעפֿרייטע קאָמונען זיינען די נויטווענדיגע בעדינגונג פֿאַר דעם ערפֿאָלג פֿון דער רעוואָלוציאָן, ענטפֿערט מען אונז געוועהנליך, אַז מיר ווילען אַריינפרעסען דאָס לעבען אין אַלטע געזעלשאָפֿטליכע פֿאָרמען, וועלכע האָבען זיך שוין לאַנג איבערגעלעבט. — „די קאָמונע" — אַזוי זאָגט מען אונז — „די קאָמונע איז אַ געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציאָן פֿון דער פֿערגאַנגענהייט. מיט דעם וואָס איהר ווילט צושטערען דעם שטאַאט און פֿערנעהמען זיין פלאַץ דורך די פֿרייע קאָמונען, געהט איהר צוריק צו דער פֿערגאַנגענהייט. איהר ווילט אונז פֿיהרען צוריק אין די פֿינסטערע צייטען פֿון מיטעלאַלטער, איהר ווילט צושטערען די נאַציאָנאַלע איינינקייט, וועלכע האָט אונז אָבגעקאָסט אַזוי פֿיעלע אָפּפֿער אין פֿערלויף פֿון דער געשיכטע, איהר ווילט ווידער אויפֿלעבען פֿון דאָס ניי די אַלע בלוטיגע מלחמות, וועלכע זיינען אָנגעגאַנגען צווישען די אַלטע קאָמונען".

לאָמיר אַלזאָ זעהן צו דיזער אַרגומענט איז אַ בערעכ־טיגטער אָדער ניט.

פֿאַר אַלעם איז נויטווענדיג צו קאָנסטאַטירען, אַז יעדער פֿערגלייך מיט דעו פֿערגאַנגענהייט האָט נאָר אַ רעלאַטי־ווען ווערטה. זאָלען מיר זאָגאַר אָננעהמען, אַז די קאָמונע, פֿון וועלכע מיר רעדען, וואָלט ניט מעהר געווען ווי אַ נייע אויפֿלאַגע פֿון די מיטעלאַלטערליכע געמיינדעס; אָבער איז עס דען ניט גאַנץ נאַטירליך און זעלבסטפֿערשטענד־ליך, אַז די היינטיגע קאָמונע קען ניט אָננעהמען דיזעלבע פֿאָרמען ווי מיט זיעבען הונדערט יאָהר צוריק? גיט עס דען איבערהויפּט אַ מעגליכקייט, דאָס אין אונזער צייט, אין דעם יאָהרהונדערט פֿון אייזענבאַהנען און טעלעגראַ־פֿען, אין דער עפּאָכע פֿון דער קאָסמאָפּאָליטישער ווי־סענשאַפֿט און דעם שטענדיגען פֿאָרשען נאָך דער ריינער וואַהרהייט, גיט עס דען איבערהויפּט אַ מעגליכקייט, פֿרעג איך, אַז די אינערליכע און אויסערליכע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער היינטיגער קאָמונע זאָל שטעהן אויף דער זעלביגער שטופֿע ווי די קאָמונע פֿון׳ם 12טען יאָהרהונדערט? וואָלט עס דען ניט געווען אַ גאַנץ נייע ערשיינונג, אַ גאַנץ נייער פּראָדוקט פֿון נייע אומשטענדען און בעדינגונגען און פֿאָל־גליך אויך מיט גאַנץ נייע ווירקונגען און רעזולטאַטען? און איבערהויפּט וואָלט עס בעסער געווען פֿאַר אונזערע געגנער, די פֿערטהיידיגער פֿון׳ם שטאַאַט אין זיינע פֿערשידענע פֿאָרמען, אַז זיי זאָלען זיין פּאָרזיכטיגער מיט זייער אַר־גומענט, דערפֿאַר וואָס מיר וואָלטען זיי געקענט ענטפֿערן מיט דערזעלבער בעהויפּטונג.

מיר וואָלטען זיי געקענט ענטפֿערן — און מיט פֿיעל מעהר רעכט — אַז גראַדע זיי זיינען די יעניגע, וועלכע ריכטען זיך שטענדיג נאָך דער פֿערגאַנגענהייט; אַז דער שטאַאַט איז פּונקט אַזאַ אַלטע געזעלשאַפֿטס־פֿאָרם ווי די קאָמונע. דער גאַנצער אונטערשייד בעשטעהט אין דעם,

דאָס ווערענד דער שטאַאַט האָט שטענדיג פֿאָרגעשטעלט אין דער מענשליכער געשיכטע די אָבלייקנונג פֿון יעדער פֿרייהייט, דעם אַבסאָלוטיזמוס, די הערשאַפֿט פֿון דעם קאַפּריז, דעם עשאַפֿאָט און די טאָרטור, רעפּרעזענטירען אָבער די בעפֿרייאונג פֿון די קאָמונען, די אויפֿשטענדע פֿון די פֿעלקער געגען דעם שטאַאַט די וואונדערבאַרסטע און הערליכסטע פּעריאָדען אין דער היסטאָרישער ענטוויקלונג. ווען מיר בליקען צוריק אויף דער פֿערגאַנגענהייט, דאָן איז עס ניט לואי דער 11טער אָדער לואי דער 12טער, אויך ניט קאַטהאַרינאַ די צווייטע, וועלכע רופֿען אַרויס אונזער אויפֿמערקזאַמקייט — ניין, עס זיינען די קאָמונען פֿון פֿלאָרענץ און אַמאַלפֿי, די קאָמונען פֿון טולוז און לאַאָן, פֿון ליטיך און קורטרע, די רעפּובליקען פֿון נירנבערג, אויגסבורג, פּסקאָוו און נאָווגאָראָד.

אין דיזער בעציהונג קענען פוסטע ווערטער און געדאַנקענלאָזע בעהויפּטונגען ווייניג וואָס העלפֿען, דען היער דאַרף מען שטודירען, אַנאַליזירען און פֿערגלייכען און ניט ריידען גלאַט אין דער וועלט אַריין, אַזוי ווי הערר לאַוולע*) און זיינע איבערגעבענע שילער פֿלעגען טהאָן, וועלכע האַבען זיך אויסווענדיג געלערנט זייער שפּריכעל: „די קאָמונע איז דער מיטעלאַלטער, פֿאָלגליך דאַרף מען איהר פֿערדאַמען!“

„דער שטאַאַט איז אַ געשיכטע פֿון פֿערברעכען און מערדערייען, דערפֿאַר דאַרף מען איהם פֿערדאַמען!“ אָט דאָס איז אונזער ענטפֿער.

* * *

עס איז אַ גרויסער אונטערשייד אין דעם גאַנצען אינערליכען כאַראַקטער צווישען דער קאָמונע פֿון'ם מיטעל-

*) לאַוולע איז אַ בעקאַנטער פּאָליטיש-עקאָנאָמישער שריפֿטשטעלער. (דער איבערזעצער.)

אַלטער און דער קאָמונע, וועלכע וואָלט היינט געקענט, און וועלכע וועט וואהרשיינליך אין גיכען עקזיסטירען. א לאַנגע פעריאָדע פון זעקס ביז זיבען יאָהרהונדערטע ליעגט צווישעןביידע, א פעריאָדע מיט איהרע טויזענדער און טויזענדער ערפאַהרונגען און דעם גאַנצען גייסטיגען פּראָגרעס, וועלכען די מענשהייט האָט דורכגעמאַכט וועהרענד דיזער צייט. לאָמיר זיך א ביסעל נעהנטער צוקוקען צו די וויכטיגסטע פון דיזע ערפאַהרונגען.

וואָס איז געווען דער הויפּט־ציעל פון דער „פערשוועהרונג" אָדער „פעראייניגונג", אין וועלכע די בירגער פון די שטעדט זיינען אָרגאַניזירט געווען אין 12טען יאָהרהונדערט? דער ענטפער איז א קורצער: זייער ציעל איז געווען צו בעפרייען זיך פון יעדען הערר, וועלכער האָט זי, אונטערדריקט. די בירגער — קויפליים און האַנדווערקער — האָבען זיך פעראייניגט און אָבגעגעבען א שבועה, אז „זיי וועלען מעהר ניט דערלאָזען, דאָס ווער עס זאָל ניט זיין, זאָל טהאָן שלעכטס צו איינעם פון זייערע מיטגליעדער און איהם בעהאַנדלען אַלס א שקלאַף". די קאָמונע בעקעמפּפט אַלזאָ איהרע אַלטע אונטערדריקער מיט די וואַפען אין די הענד. „קאָמונע" — אזוי זאָגט א שרייבער פון'ם 12טען יאָהרהונדערט, וועלכען אָגיסטען טהיערי ציטירט אין זיינע ווערק — „קאָמונע איז א ניי, אַבשייליך וואָרט; פערשטעהן פערשטעהט מען דערמיט אַזעלכע לייט, וועלכע זיינען פערפליכטעט צו בעצאָהלען אָבגאַבען, און וועלכע בעצאָהלען זייער הערר נאָר איינמאָל אין יאָהר די שטייער. ווען דיזע לייט בעגעהען א פערברעכען, דאַרפען זיי נאָר בעצאָהלען א געוויסע סומע געלד, וועלכע ווערט בעשטימט דורך א קאָנטראַקט; זאָנסט קען מען זיי קיין זאַך ניט טהאָן. אויך זיינען זיי בעפרייט פון אַלע אָבגאַבען, וועלכע די לייבאייגענע פלעגען דאַרפען צאָהלען". די קאָמונע פון'ם מיטעלאַלטער האָט זיך אַלזאָ אויפגע־

הויבען געגען די הערךן. דער אויפשטאַנד געגען דעם שטאַאַט, צו בעפרייען זיך פון זיין טיראַניי, דאָס וועט זיין די אויפגאַבע פון דער היינטיגער קאָמונע. דאָס איז אַ גרויסער אונטערשייד, דען מיר דאַרפען ניט פערגעסען, דאָס עס איז געוועזן דער שטאַאַט, דער פון׳ם קעניג רע־פרעזענטירטער שטאַאַט, וועלכער האָט שפּעטער, ווען ער האָט געזעהן, אַז די קאָמונען ווילען זיך אין גאַנצען בע־פרייען פון זייערע הערךן, געשיקט זיינע אַרמעען געגען זיי, אום — אַזוי האָט געשריבען דער כראָניסט — „צו בעשטראָפען די פרעכהייט פון דיזע מויל־אַפען, וועלכע האָבען זיך אויפגעהויבען צוליעב זייער קאָמונע און רע־וואָלטירט געגען דעם קעניג".

די קאָמונע דער צוקונפט וועט לייכט בעגרייפען, אַז זי טהאָר ניט אָנערקענען קיין אויבערהעררשאַפט איבער זיך, אַז זי האָט זיך אויסשליסליך אָבצוגעבען מיט איהרע איי־גענע אינטערעסען און מיט די אינטערעסען פון די אַנדערע קאָמונען, מיט וועלכע זי איז פריי פערבונדען. זי וועט בעגרייפען, אַז עס זיינען נאָר פאַראַנען צוויי מעגליכקייטען: אָדער די קאָמונע וועט זיין פריי און אונאַבהיינגיג, זי אַליין וועט איינפיהרען אַלע אינסטיטוציאָנען, וועלכע זי האַלט פאַר נייטיג און רעפאָרמירען אָדער אָבשאַפען אין גאַנצען אַזעלכע, מיט וועלכע זי איז ניט איינשטימיג — אָדער זי וועט אויך ווייטער בלייבען דאָס, וואָס זי איז געוועזן ביז אַהער: אַ ווערקצייג פון דעם שטאַאַט, אַן אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט דעם בעזונדערען צוועק איהם צו אונטער־שטיצען, אַ קערפּערשאַפט, וועלכע איז בעשריינקט אין אַלע איהרע בעוועגונגען, און וועלכע דאַרף שטענדיג מורא האָבען, אַז עס וועט זיך מאַכען אַ שטרייט צווישען איהר און דעם שטאַאַט, וועלכער קען פעראורזאַכען איהר אונ־טערגאַנג. די קאָמונע דער צוקונפט וועט פערשטעהן, אַז זי דאַרף פערניכטען דעם שטאַאַט און פערנעהמען זיין

פלאַץ דורך די פרייע פעדעראַציאָן, און זי וועט זיכער האַנדלען לויט דיזער ערקענטניס. און דאָס וויכטיגסטע איז, וואָס זי וועט האָבען די מאַכט אַזוי צו האַנדלען. היינט זיינען עס ניט נאָר די קליינע שטעדט, וועלכע וויקלען פונאַנדער די פאָהן פון'ם אויפשטאַנד פאַר דער פרייער קאָמונע — עס איז פאַריז, ליאָן, מאַרסייל, קאַרטהאַגענאַ, וועלכע פיהרען היינט אָן דיזען קאַמפף, און די צייט איז ניט מעהר ווייט, ווען אַלע גרויסע שטעדט וועלען קעמפ־פען אונטער דערזעלבער פאָהן. אָט דאָס וועט זיין דער גרויסער אונטערשייד צווישען דעם קאַמפף, וועלכען די אַלטע קאָמונען האָבען אָנגעפיהרט און דעם גרויסען קאַמפף דער צוקונפט.

* * *

האָט די קאָמונע פון'ם מיטעלאַלטער, נאָכדעם ווי זי האָט זיך ערקעמפט איהר אונאַבהייניגקייט פון די אַדעל־מענער, האָט זי זיך אין דערזעלבער צייט אויך בעפרייט פון די רייכע בורזשואַ, וועלכע האָבען ביסלעכווייז מאָנאָ־פאָליזירט די רייכטהימער פון דער שטאָדט דורך דעם האַנדעל?—ליידער ניט! נאָכדעם ווי די בירגער האָבען צושטערט די פעסטע שלעסער פון די אַדעלמענער, האָבען זיי געזעהן ווי אין דער שטאָדט גופא זיינען ענטשטאַנדען די פעסטע שלעסער פון די רייכע קויפלייט, וועלכע האָ־בען פערזוכט זיי צו אונטעריאָכען. די אינערליכע געשיכטע פון די אַלטע קאָמונען איז די געשיכטע פון אַ ביטערן קאַמפף צווישען רייכע און אָרעמע, אַ קאַמפף, וועלכער האָט זיך געוועהנליך געענדיגט דורך דעם אַריינמישען זיך פון'ם קעניג. וואָס מעהר די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך ענטוויקעלט אינערהאַלב דער קאָמונע, וואָס מעהר דאָס פאָלק איז פערשקלאַפט געוואָרען דורך די נייע אַדעלמענער, אַלס מעהר האָבען די מאַסען פערשטאַנען, אַז עס לוינט זיי ניט צו פערטהיידיגען די קאָמונע, דערפאַר וואָס זיי

האָבען ניט געהאַט וואָס צו פֿערטהיידיגען. און זיי האָבען פֿערלאָזען די זעלבע מויערן, וועלכע זיי האָבען פֿריהער אויפֿגעבויט געגען די פֿיינדע, און וועלכע זיינען יעצט געווען די פֿעסטונגען פֿאַר אַ נייע שקלאַפֿעריי. זיי האָבען עס איבערגעלאָזט צו די רייכע קויפֿלייט צו פֿערטהיידיגען די שטאָדט; אָבער זיי, די קויפֿלייט, זיינען באַלד בעזיעגט געוואָרען. זייענדיג אָבגעשוואַכט דורך דעם לוקסוס און די שמוציגע ליידענשאַפֿטען זייערע, זיינען זיי באַלד געצוואונגען געווען איבערצוגעבען די שליסעל פֿון זייערע שטעדט צו די העראָלדען פֿון'ם קעניג. אין אַנדערע קאָמונען האָבען די רייכע אַליין געעפֿענט די טהויערן פֿאַר די קעניגליכע אָדער קייזערליכע פֿיינדע, אום זיך צו שיצען געגען די ראַכע פֿון'ם פֿאָלק.

אָבער וועט דען די קאָמונע פֿון דעם נייעם יאָהרהונדערט ניט צוערשט פֿערזוכען אַוועקצומאַכען מיט דער סאָציאַלער אונגלייכהייט? וועט זי דען ניט צונעהמען די אַלע סאָציאַלע רייכטהימער, וועלכע האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אינערהאַלב איהרע גרענעצען און זיי איבערגעבען צו די, וועלכע וועלען זיך בענוצען מיט זיי, אום צו שאַפֿען און צו פֿערגרעסערן דעם אַלגעמיינעם וואָהלזיין? וועט עס דען ניט זיין די ערשטע טהאַט פֿון דיזער קאָמונע צו פֿערניכטען די מאַכט פֿון פריוואַט־אייגענטהום, אום צו פֿערהינדערן די נייע ענטוויקלונג פֿון דער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט צו גרונדע געריכטעט די קאָמונען פֿון'ם מיטעלאַלטער? וועט זי זיך פֿעראייניגען מיט בישאָפֿען און גלחים? וועט זי נאָכפֿאָלגען דעם ביישפּיעל פֿון אונזערע עלטער־זיידעס, פֿאַר וועמען די קאָמונע איז ניט מעהר געווען ווי אַ שטאַאַט אינערהאַלב דעם שטאַאַט, און וועלכע, נאָכדעם ווי זיי האָבען צובראָכען די הערר־שאַפֿט פֿון דעם קעניג און די אַדעלמענער, האָבען אַליין ווידער איינגעפֿיהרט אַלע איינצעלהייטען פֿון דעם הערר־

שאַפּטס־סיסטעם, דערפאַר וואָס זיי האָבען נאָך ניט פער־שטאַנען, אַז יעדע הערשאַפט, אפילו ווען מען זאָל איהר אָבגרענעצען דורך די מויערן פון אַ שטאָדט, טראָגט זי דאָך אויף זיך דעמזעלבען בלוטדורשטיגען און פערברעכע־רישען כאַראַקטער? ווען די פּראָלעטאַריער פון אונזער צייט אַזוי האַנדלען ווי די אַלטע פלאָרענטינער האָבען גע־האַנדעלט, וועלכע האָבען אָבגעשאַפט אַלע אַריסטאָקראַטישע טיטלען, און אין דערזעלבער צייט האָבען זיי רוהיג צוגע־קוקט ווי עס האָט זיך ענטוויקעלט אין זייער שטאָדט אַ נייע אַריסטאָקראַטיע—די אַריסטאָקראַטיע פון'ם געלד־זאַק? ווען זיי האַנדלען ווי זייערע פאָרגענגער, וועלכע, נאָכדעם ווי זיי האָבען געהאַט ערלאָבערט דעם שטאָדט־הויז, האָבען זיי פונקט ווידער איינגעפיהרט דעמזעלבען סיסטעם, וועלכען זיי האָבען קורץ בעפאָר פערניכטעט? מיט איין וואָרט: ווען די פּראָלעטאַריער פון אונזער צייט מעהר ניט טהאָן ווי איבערבייטען די פּערזאָנען און זיך ניט צוריהרען צו די אינסטיטוציאָנען?

זיי וועלען זיכער בעסער און פּראַקטישער האַנדלען! די קאָמונע דער צוקונפט וועט געוויס לערנען פון דער גע־שיכטע, זי וועט זיין אַ ריכטיגע קאָמונע. איהר ציעל וועט ניט נאָר זיין די קאָמונאַלע פערוואַלטונג, זאָנדערן פאַר אַלעם די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן. דערזעלבער רעוואָ־לוציאָנערער גייסט, וועלכער וועט בעשטימען איהר פּאָלי־טישע שטעלונג, וועט זיך אויך אַרויסווייזען אין דער אָר־גאַניזאַציאָן פון דער פּראָדוקציאָן און דעם אויסטויש פון די פּראָדוקטען. זי וועט ניט אָבשאַפען דעם שטאַאַט, אום איהם שפּעטער ווידער צוריק אויפצובויען! ניין, די צוקונפ־טיגע קאָמונע וועט אָנווענדען איהר גאַנצע קראַפט און ענערגיע, אום צו פערניכטען יעדע מעגליכקייט פאַר די ענטשטעהונג פון אַ נייע רעגירונג, און דערפאַר וועט זי אויך ניט אָנגעטרויען איהר פרייהייט און אונאַבהייניגקייט צו דעם גליק־שפּיעל פון דעם שטים־צעטעל סיסטעם.

II.

האָבען די קאָמונען אין מיטעלאַלטער, נאָכדעם ווי זיי האָבען אַראָבגעוואָרפען פון זיך דעם יאָך פון זייערע העררן, האָבען זיי דען פערזוכט אין דערזעלבער צייט צו פערניכטען דעם פונדאמענט פון זייער ווירקליכער מאכט? האָבען זיי געהאָלפען די בויערן, וועלכע האָבען אַרומגערינגעלט זייערע שטעדט, און זיי פערזאָרגט מיט וואפען, אין וועלכע די לייבאייגענע פון די דערפער האָבען זיך דאַן אַזוי שטאַרק געניטיגט? ליידער האָבען זיי דאָס ניט געטהאָן. די מייסטע פון זיי האָבען זיך געלאָזט בעאיינפלוסען פון אַ קליינגייסטיגען עגאָאיזמוס, זיי האָבען זיך אָבגעטהיילט פון אַלעס, וואָס האָט געלעבט אויסערהאַלב זייערע מויערן. ווי אָפט האָט עס געטראָפען, אַז זיי האָבען פערמאַכט זייערע טהויערען, צוליעב קלייגליכע אינטערעסען, פאַר די, וועלכע האָבען געזוכט שוץ און הילפע אין זייערע מויערן! ווי אָפט האָבען איהרע בירגער רוהיג צוגעזעהן, ווי מען האָט ערמאָרדעט די אונגליקליכע פאַר זייערע אויגען, אָבוואָהל זיי וואָלטען גאַנץ גוט אימשטאַנדע געווען זיי צו העלפען! זיי זיינען שטאָלץ געווען אויף זייער אייגענע פרייהייט, אָבער זיי האָבען קיינמאָל ניט געדיינקט צו בעפרייען די, וועלכע האָבען געוואוינט אויסערהאַלב זייערע מויערן און האָבען געזיפצט און געקרעכצט אונטער דעם שווערען יאָך פון קנעכטשאַפט און שקלאַפעריי. מאַנכע פון די אַלטע קאָמונען האָבען זאָגאַר ערלאָבערט זייער אונאַבהייגנגיקייט דורך די קנעכטשאַפט פון זייערע שכנים. און אויסערדעם, זיינען דען די רייכע בורזשואַ אין דיזע קאָמונען ניט דירעקט פעראינטערעסירט געווען, אַז די לייבאייגענע פון די דערפער זאָלען בלייבען צוגעבונדען צו דער ערד פון זייערע העררן, אַז זיי זאָלען זיך קיינמאָל ניט אויסלערנען די קונסט פון האַנדעל און אינדוסטריע, דען צוליעב דעם

זיינען זיי דאָך געצוואונגען געווען צו קויפֿען די פּראָדוקטען פֿון דער אינדוסטריע: אייזען, מעטאַלען א.ז.וו. אין די שטעדט? און ווען די האַנדווערקער וואָלטען זיך זאָגאַר געוואָלט פֿעראייניגען מיט די לייבאייגענע אין די דערפֿער, וואָס וואָלטען זיי געקענט אויפֿטהאָן געגען דעם ווילען פֿון די רייכע קויפֿלייט, וועלכע האָבען אַלע פֿעסטונגען און די גאַנצע מיליטערישע מאַכט געהאַט אין זייערע הענד?

אָבער וואָס פֿאַר אַן אונטערשייד עקזיסטירט יעצט צווישען דעם וואָס איז היינט און דעם וואָס איז געווען! וואָלט דען אַ זיעגרייכע פּאַריזער קאָמונע היינט צופֿריעדען געווען מיט אַ מעהר אָדער וועניגער פֿרייע שטאָדט־פֿערוואַלטונג? געוויס ניט! ווען די פּראָלעטאַריער פֿון פּאַריז וועלען היינט צוברעכען זייערע קייטען דורך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, וועט עס אין דערזעלבער צייט זיין אַ רעוואָלוציאָן פֿון די לאַנד־אַרבייטער. זאָגאַר דאַן, ווען די שטאָדט פּאַריז וועט נאָך דאַרפֿען קעמפּפֿען פֿאַר איהר פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, זאָגאַר דאַן וועט זי שוין אויפֿפֿאָדערן די בויערן: נעהמט צו די ערד, די גאַנצע ערד! זי וועט זיך ניט לאָזען בעאיינפֿלוסען פֿון קלייניגייסטיגע פֿאָרשטעלונגען און פּוסטע ווערטער, און אויב נייטיג, וועלען איהרע בראַווע זיהן אונטערשטיצען די רעוואָלוציאָן פֿון די בויערן אין די אַרומיגע דערפֿער מיט די וואַפֿען אין די הענד, זיי וועלען מיטהעלפֿען פֿערטרייבען די גרונדבעזיצער און פּראָצענטניקעס און איבערגעבען די ערד צו די, וועלכע וועלען איהר בעאַרבייטען און קולטיווירען, אום צו בעפֿריעדיגען די אַלגעמיינע בעדירפֿניסע.

די קאָמונע פֿון'ם מיטעלאַלטער האָט פֿערזוכט זיך אָבצושליסען פֿון דער איבריגער וועלט הינטער איהרע מויערן; אָבער די קאָמונע פֿון דעם נייעם יאָהרהונדערט וועט געפֿינען איהר הויפּט־קראַפֿט אין דעם פּרינציפּ פֿון אַלגעמיינהייט און פֿערשפּרייטונג. אָנשטאָט צו פֿערטהיידיגען

די קאָמונאַלע פּריווילעגיעס, וועט זי בעסער פֿערטרעטען דעם גרויסען פּרינציפּ פֿון דער מענשליכער סאָלידאַריטעט.

*
* *

די מיטעלאַלטערליכע קאָמונען האָבען זיך געקענט אַבשליסען פֿון דער איבעריגער וועלט, און ביז צו אַ געוויסען גראַד זיינען זיי אימשטאַנדע געווען זיך אָבצוטהיילען פֿון די אַרומיגע שטעדט. און ווען אַ שטאָדט האָט זיך שוין יאָ פֿערבונדען מיט אַנדערע קאָמונען, איז דער פֿערבאַנד מייסטענטהיילס בעשריינקט געווען אויף די פֿערטהיידיגונג פֿון די אַלגעמיינע רעכטע געגען דעם פֿעאָדאַלהערר, אָדער עס איז געווען אַ געגענזייטיגער קאָנטראַקט צום געמיינשאַפֿטליכען שוץ פֿון די אויסווערטיגע אונטערנעהמונגען פֿון די קאָמונען. זאָגאַר די גרעסערע פֿעראיינינגונגען צווישען די שטעדט, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין נאָרד־איטאַליען, אין שפּאַניען, אין בעלגיען, האָבען זיך באַלד אויפֿגעלייזט אין איינצעלנע גרופּען, אָדער זיי זיינען פֿערניכטעט געוואָרען פֿון די גרעסערע שטאַאַטען, ווייל די אינטערעסען און פּריווילעגיעס פֿון די פֿערשידענע שטעדט זיינען געווען צו אונגלייכמעסיג, און פֿאָלגליך האָבען דיזע פֿעראייניגונגען ניט געהאַט קיין פֿעסטען פֿונדאַמענט.

אויך דאָס איז אַ געוואַלדיגער אונטערשייד צווישען די אַלטע קאָמונען און די, וועלכע וועלען זיך ענטוויקלען אין דער צוקונפֿט: היינט וואָלט אַ קליינע קאָמונע ניט געקענט עקזיסטירען קיין אַכט טאָג צייט, ניט האָבענדיג קיינע בעציהונגען צו די איבריגע שטעדט און דערפֿער. די מאַכט פֿון די אומשטענדען וואָלט איהר באַלד געצוואונגען אָנצוהאַלטען שטענדיגע פֿערבינדונגען מיט די צענטערס פֿון אינדוסטריע, האַנדעל און קונסט, און דיזע צענטערס וואָלטען ווידער געצוואונגען געווען אויפֿצועפֿענען זייערע טהירען פֿאַר די איינוואוינער פֿון די אַרומיגע דערפֿער און קאָמונען און פֿאַר די ווייטערע שטעדט.

ווען איינע פון דיזע גרויסע שטעדט וועלט פלוצלונג פראָקלאַמירט „די קאָמונע", ווען זי וועלט אָבגעשאַפט דאָס פריוואַט־אייגענטהום און איינגעפיהרט אַ פאָלקאָמענע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן, ד. ה. די געמיינשאַפטליכע בענוצונג פון דעם געזעלשאַפטליכען רייכטהום, די אַר־בייטס־געצייג און די פראָדוקטען, דאַן וואָלטען זיך די מאַגאַזינען פון דיזער שטאָדט, פאָרויסגעזעצט, אַז זי וואָלט ניט אַרומגערינגעלט געווען פון פיינדליכע אַרמעען, אין גיכען אָנגעפילט מיט די פראָדוקטען פון די אַרומיגע דערפער, און די ליפעראַנטען פון ווייטע האַפענס וואָלטען איהר פערזאָרגט מיט די נייטיגע רויהשטאָפען. פון דער אַנדערער זייט וואָלטען די אינדוסטריע־פראָדוקטען פון דער שטאָדט געפונען קויפערס אין אַלע פיער עקען וועלט. פרעמדע וואָלטען געקומען פון אַלע לענדער, און אַלע— בויערן און בירגער פון די אַרומיגע שטעדט אין אויסלענ־דער וואָלטען דערצעהלט אין זייער היימאַטה פון דעם וואונדערבאַרען לעבען אין יענער פרייער שטאָדט, וואו אַלע אַרבייטען געמיינשאַפטליך, וואו עס גיט ניט מעהר קיין אָרעמע און אונטערדריקטע, וואו יעדער איינער קען פריי געניסען די פרוכט פון זיין אַרבייט, וואו קיינער קען ניט מאָנאָפּאָליזירען די אַרבייט פון אַ צווייטען מענשען. ביין, היינט האָבען מיר ניט וואָס מורא צו האָבען, אַז די קאָמונע וועט זיין אַן אָבגעשלאָסענע וועלט פאַר זיך. ווען די איינוואוינער פון די קאָמוניסטישע קאָלאָניען אין אַמע־ריקאַ האָבען זיך בעקלאָגט איבער די שוואַכע און אונ־אַנגענעהמע זייטען פון זייערע קליינע געזעלשאַפטען, האָבען זיי קיינמאָל ניט דערמאָנט זייער אָבגעשלאָסענהייט פון דער איבעריגער געזעלשאַפט, פערקעהרט, איינע פון זייערע שטענדיגע קלאַגען איז געווען דער איינפלוס פון דער בירגערליכער וועלט אויף זייערע קאָמונאַלע אַנגעלע־גענהייטען.

דער האַנדעל, דער אויסטויש פֿון די פּראָדוקטען, וועלכע האָבען אַוועקגעמאַכט מיט אַלע גרענעצען, זיי זיינען אין דערזעלבער צייט די צושטערער פֿון די קינסטליכע מויערן, הינטער וועלכע די איינוואוינער פֿון די מיטעלאַלטערליכע שטעדט האָבען זיך בעהאַלטען איינע פֿאַר די אַנדערע. זיי האָבען שוין היינט אָרגאַניזירט שטענדיגע געגענזייטיגע בעציהונגען צווישען די מענשען, וועלכע האָבען אין מיטעל־אַלטער קיינמאָל ניט עקזיסטירט. אַלע שטעדט און דער־פֿער אין דעם וועסטליכען טהייל פֿון אייראָפּאַ זיינען היינט צו טאָג אַזוי ענג פֿערבונדען איינע מיט די אַנדערע, דאָס עס איז פּשוט אונמעגליך, דאָס איינע זאָל זיך קענען אָבשליסען פֿון די איבריגע. עס גיט ניט קיין דערפֿעל, אין וואָס פֿאַר אַ פֿערוואָרפֿענעם ווינקעל עס זאָל זיך ניט געפֿינען, וועלכער האָט ניט זיין אינדוסטריעלען צענטער, וועלכער זאָל איהם צוציהען, און פֿון וועלכען ער קען זיך אויף קיין פֿאַל ניט אָבטהיילען.

* * *

אָבער די ענטוויקלונג פֿון די גרויסע אינדוסטריע־צענטערס האָט נאָך מעהר אויפֿגעטהאָן.

זאָגאַר נאָך היינט צו טאָג וואָלט דער קליינגייסטיגער „לאָקאַל־פּאַטריאָטיזמוס" געקענט אַרויסרופֿען געוויסע שטרייטיגקייטען צווישען צוויי פֿערוואַנדטע קאָמונען, ער וואָלט געקענט פֿערהינדערן אַ דירעקטע פֿערבינדונג צווישעןביידע און וואָלט זאָגאַר געקענט פֿעראורזאַכען אַ געגענ־זייטיגען ברודער־קריעג. אָבער לאָמיר זאָגאַר אָננעהמען דאָס אַזעלכע קריעגערייען וואָלטען געקענט פֿערהינדערן אַ דירעקטע פֿעדעראַציאָן צווישען די ביידע קאָמונען; אין אַזאַ פֿאַל וואָלטען זיי אָבער טראָץ דעם פֿעדערירט געוועזן דורך די פֿערמיטלונג פֿון די גרויסע צענטערס. עס טרעפֿט זעהר אָפֿט היינט צו טאָג, דאָס צוויי פֿערוואַנדטע

געמיינדעס האָבען קיינע בעציהונגען איינע צו די אַנדערע, און אַ דירעקטער פערקעהר וואָלט גיבער אַרויסגערופען נייע שטרייטיגקייטען, איידער צו שאַפען אַ געוויסע סאָלידאַריטעט צווישען דיביידע. אָבער ביידע קאָמונען האָבען אַ געמיינשאַפטליכען צענטער, מיט וועלכען זיי זיינען איינג פערבונדען, און אָהן וועלכען זיי וואָלטען ניט געקענט עקזיסטירען. וואָס פאַר קריעגערייען עס זאָלען אַלזאָ ניט אָנגעהן צווישען די ביידע קאָמונען, קענען זיי דאָך ניט פערהינדערן אַ געוויסע פעראייניגונג דורך די פערמיטלונג פון דער גרויסער שטאָדט, אין וועלכער זיי פערקויפען ביידע זייערע פראָדוקטען און וואו זיי קויפען איין דאָס וואָס זיי דאַרפען. יעדע פון די ביידע קאָמונען איז דירעקט געצוואונגען צו נעהמען אָנטהייל אין דיזער פערבינדונג, אום אויפצוהאַלטען איהרע בעציהונגען צו דעם צענטער.

אָבער דיזער נאַטירליכער צענטער וועט ניט זיין קיין געפאַהר פאַר די קאָמונען, וועלכע רינגלען איהם אַרום. צו דאַנקען די אונענדליכע פערשידענהייט פון די מענשליכע בעדירפניסע שטעהען היינט אַלע מענשליכע גרופירונגען אין פערבינדונג מיט מעהרערע צענטערס, און וואָס מעהר דיזע בעדירפניסע וועלען זיך ענטוויקלען, אַלס מעהר וועט מען זוכען אויסצוגעפינען נייע קוועלען זיי צו בעפרידיגען. אונזערע בעדירפניסע זיינען אַזוי פערשידען, זיי בייטען זיך אַזוי גיך, דאָס עס איז גאַנץ אונמעגליך, דאָס איין פעדעראַציאָן זאָל זיי קענען בעפריעדיגען. די קאָמונע וועט זיך אַלזאָ דאַרפען פערבינדען מיט נאָך אַנדערע קערפערשאַפטען. פון איין זייט וועט זי זיין פערבונדען מיט געוויסע פעדעראַטיווע קערפערשאַפטען, אום צו פערזאָרגען איהרע מיטגליעדער מיט לעבענסמיטעל; פון דער צווייטער זייט וועט זי זיין פערבונדען מיט אַנדערע צענטערס, אום זיך צו פערשאַפען אַנדערע נויטווענדיגע זאַכען, צ. ב. ש.

מעטאַלען, קוילען א.ז.וו. און פון דער דריטער און פערטער זייט וועט זי זיך מוזען פעדערירען מיט אַזעלכע גרופּען, וועלכע וועלען איהר קענען פערזאָרגען מיט שטאָפען פאַר קליידער, מיט קונסט-ווערק און טויזענדער אַנדערע זאַכען. ווען מיר טהוען אַ קוק אויף אַן עקאָנאָמישע לאַנד-קאַרטע, פון וואָס פאַר אַ לאַנד זי זאָל ניט זיין, וועלען מיר באַלד אויסגעפינען, דאָס עס גיט אין ערגעץ ניט קיין בעשטימטע ווירטהשאַפטליכע גרענעצען. איבעראַל פערמישען זיך די געביטען פון פראָדוקציאָן און אויסטויש איינע מיט די אַנדערע און ערגענצען זיך געגענזייטיג. אַט אַזוי וועלען די פעדעראַציאָנען פון די קאָמונען, ווי באַלד מען וועט מעהר ניט פערהינדערן זייער פרייע ענטוויקלונג, זיך איבעראַל פערמישען און בעריהרען איינע מיט די אַנדערע, זיי וועלען בעדעקען דאָס לאַנד מיט אַ גאַנצען נעץ פון גע־געגענזייטיגע פערבינדונגען; און דיזע וואונדערבאַרע אָרגאַ־ניזאַציאָן איז פיעל שטאַרקער ווי די זאָגענאַנטע איינהייט פון די שטאַאַטליכע גרופּירונגען, וועלכע זיינען פערבונדען ווי די ריטער, וועלכע רינגעלען אַרום די האַק פון דעם ליקטאָר.*)

אַלע די יעניגע, וועלכע ווילען אונז איינרעדען, אַז די קאָמונען, ווי באַלד זיי וועלען זיך בעפרייען פון דער שטאַאַטליכער טיראַניי, וועלען זיך אַטאַקירען און פער־ניכטען איינע די אַנדערע דורך אינערליכע מלחמות, פערגעסען איין זאַך: נעמליך, די איינגע פערבינדונג, וועלכע עקזיסטירט שוין היינט צו דאַנקען די אינדוסטריעלע און

*) ליקטאָרען זיינען געווען אַזאָרט הייגקער אין אַלטען רוים; זיי האָבען שטענדיג בעגלייטעט די רוימישע קאָנסולען און אויסגעפיהרט זייערע בעפעהלען. דער ליקטאָר האָט שטענדיג געטראָגען מיט זיך אַ בינטעל ריטער מיט אַ האַק, אַלס אַ סימן, דאָס ער האָט די אויפגאַבע אויסצופיהרען קערפערליכע שטראָפען אָדער דעם טויטעס-אורטהייל. (דער איבערזעצער)

קאָמערציעלע צענטערס און דער גרויסער צאָהל פֿון דיזע צענטערס, צו דאַנקען די אונצעהלבאַרע שטענדיגע בע־ציהונגען פֿון איין שטאָדט מיט די אַנדערע. דיזע פּעסי־מיסטישע נביאים בעגרייפֿען ניט דעם געוואַלדיגען אונ־טערשייד צווישען דעם מיטעלאַלטער מיט זיינע אָבגעשלאָסענע שטעדט, זיינע פּרימיטיווע האַנדעלס־קאַראַוואַנען, וועלכע האָבען געוואַנדערט איבער שלעכטע וועגען, שטענדיג מורא האָבענדיג פֿאַר די איבערפֿאַלען פֿון די רויב־ריטער, און די מאָדערנע צייט מיט איהרע אייזענבאַהנען, איהרע אונגעהייערע פּראָדוקטען פֿאַר דעם האַנדעל, איהרע בריעף און טעלעגראַמען, איהרע געוואַלדיגע אידעען און וועלט־בעוועגענדע געדאַנקען, וועלכע פֿליסען פֿון שטאָדט צו שטאָדט ווי די כוואַליעס פֿון אַ גרויסען טייך. דיזע צוויי־פֿלער האָבען ניט די קלענסטע פֿאָרשטעלונג פֿון דעם גע־וואַלדיגען אָבגרונד, וועלכער טהיילט פֿונאַנדער דיביידע עפּאָכען, וועלכע זיי פֿערזוכען צוצוגלייכען איינע צו די אַנדערע.

און אויסערדעם, צייגט אונז דען ניט די מאָדערנע גע־שיכטע, אַז דער אינסטינקט פֿון פֿעדעראַציאָן איז היינט שוין געוואָרען אַן אונפֿערמיידליכער בעדירפֿניס פֿון דער מענשהייט? ווען דער שטאַאַט וואָלט פלוצלונג אונטערגע־גאַנגען דורך וואָס פֿאַר אורזאַכען עס זאָל ניט זיין, ווען דער גאַנצער אונטערדריקונגס־אָרגאַניזמוס וואָלט פלוצלונג פֿערניכטעט געוואָרען, וואָלטען זיך זאָפֿאָרט ענטוויקעלט איבעראַל פֿרייע פֿעראייניגונגען. מיר דאַרפֿען זיך נאָר דערמאָנען אָן די פֿרייוויליגע פֿעדעראַציאָנען פֿון דער בעוואַפֿענטער בורזשואַזיע אין דער צייט פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, אָדער אָן די פֿרייע פֿעראיי־ניגונגען אין שפּאַניען, וועלכע האָבען גערעטעט די אונ־אַבהייניגקייט פֿון דיזען לאַנד, ווען דער שפּאַנישער שטאַאַט איז שוין כמעט אין גאַנצען פֿערניכטעט געוואָרען

פֿון די זיעגרייכע אַרמעען פֿון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען. ווי באַלד דער שטאַאַט איז מעהר ניט אימשטאַנדע אויפֿ־צוהאַלטען זיינע געצוואונגענע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלען זיך ענטוויקלען די פֿרייע פֿעראייניגונגען אַלס אַ נאַטירליכע ערשיינונג פֿון די נייע אומשטענדען. לאָמיר פֿערניכטען דעם שטאַאַט, און אויף זיינע רואינען וועט זיך ענטוויקלען אַ נייע געזעלשאַפֿט, וועלכע וועט זיך גרינדען אויף די פֿרייע פֿעדעראַציאָן פֿון די קאָמונען. און דיזע געזעלשאַפֿט וועט אין דער אמת'ען זיין אַן „אונטהיילבאַרע און איינינגע" קערפּערשאַפֿט, עס וועט זיין אַ פֿרייע געזעלשאַפֿט און דורך די פֿרייהייט איהרע וועט זי זיין איינינג און סאָלידאַריש.

* * *

אָבער עס גיט נאָך אַן אַנדער פּונקט, וועלכער איז ווערט דערמאָנט צו ווערען. פֿאַר דעם בורזשואַ אין מיטעלאַלטער איז די קאָמונע געווען אַן איזאָלירטער שטאַאַט, וועלכער איז דורך זיינע גרענעצען שאַרף אָב־געטהיילט געווען פֿון אַלע אַנדערע שטעדט. פֿאַר אונז איז די „קאָמונע" ניט אַן אָבגעגרענעצטע פֿעראייניגונג פֿון מענשליכע וואוינונגען, זאָנדערן אַ פּאַסענדער אויסדרוק פֿאַר אַ גרופּירונג פֿון גלייכע, וועלכע ווייסען ניט פֿון קיין גרענעצען און קיין מויערן. יעדע גרופּע אינערהאַלב דער קאָמונע וועט נויטווענדיגערווייזע בעלאַנגען צו אַנדערע גרופּען און אַנדערע קאָמונען און זיך פֿעדערירען מיט זיי. און דיזער פֿערבאַנד צווישען די פֿערוואַנדטע גרופּען פֿון פֿערשידענע קאָמונען וועט זיין פּונקט אַזוי פֿעסט ווי די פֿערבינדונג צווישען יעדער גרופּע און דער קאָמונע, צו וועלכע זי בעלאַנגט. די גרופּען־פֿערבינדונג וועט אַלזאָ פֿאָרמירען אַ גרויסע קאָמונע פֿון געמיינשאַפֿטליכע אינ־טערעסען, און איהרע מיטגליעדער וועלען זיין פֿערשפּרייט איבער טויזענדער שטעדט און דערפֿער. מאַנכע אינדיווי־דוען וועלען זיך גרופּירען מיט אַנדערע אינדיווידוען, וועלכע

זיינען צוזייעט איבער הונדערטער פֿערשידענע שטעדט, אום צו בעפֿרידיגען זייער אינדיווידועלען געשמאַק.

שוין היינט ענטוויקלען זיך פֿרייע גרופּירונגען אויף אַלע געביטען פֿון דער מענשליכער טהעטיגקייט. דיזע געזעל־שאַפֿטען ווערען ניט נאָר געגרינדעט פֿון אַזעלכע מענשען, וועלכע ווילען בעפֿריעדיגען דורך זיי זייערע ליטעראַרישע, וויסענשאַפֿטליכע אָדער קינסטלערישע בעדירפֿניסע, עס זיינען אויך ניט אימער אָרגאַניזאַציאָנען אום אָנצופֿיהרען דעם מאָדערנעם קלאַסען־קאַמפּף.

עס איז שווער צו געפֿינען איין צווייג פֿון דער מענש־ליכער טהעטיגקייט, וועלכער זאָל ניט געפֿינען זיין פֿער־טרעטונג דורך אַזעלכע קערפּערשאַפֿטען, און די צאָהל פֿון דיזע געזעלשאַפֿטען וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג. יעדען טאָג עראָבערן זיי נייע געביטען פֿאַר זייער טהעטיגקייט און זאָגאַר אַזעלכע, וועלכע זיינען פֿריהער אויסשליסליך פֿון'ם שטאַאַט פֿערוואַלטעט געוואָרען. ליטעראַטור, קונסט, ווי־סענשאַפֿט, ערציהונג, האַנדעל, אינדוסטריע, פֿערגניגונגען, היגיענע, מוזעאומס, אויסווערטיגע אונטערנעהמונגען, עקס־פּעדיציאָנען צו ענטדעקען די ביידע פּאָלען פֿון דער ערד, זאָגאַר די פֿערטהיידיגונג פֿון'ם לאַנד, פּלעגע פֿון די פֿערוואונדעטע, פֿערטהיידיגונג געגען אונטערדריקער און אָפֿטמאָל זאָגאַר געגען דעם בעשלוס פֿון די געריכטען, אויף אַלע דיזע געביטען זעהען מיר די ענטוויקלונג פֿון דער פּריוואַט־איניציאַטיווע אין דער פֿאָרם פֿון פֿרייע גרופּירונגען. דאָס איז די טענדענץ, די וויכטיגסטע שטרע־בונג פֿון אונזער יאָהרהונדערט.

און דיזע שטרעבונג וועט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר ענטוויקלען, זי וועט שאַפֿען אַ נייען, אונגעהייערען פֿעלד פֿאַר דער מענשליכער טהעטיגקייט און לייגען די פֿונדאַ־מענטען פֿון דער צוקונפֿטיגער געזעלשאַפֿט. די פֿרייע גרופּען ווען פֿאָרמירען די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער סאָצ־

יאַלער קאָמונע, זיי וועלען אַרונטערוואַרפֿען די מויערן און אויסמעקען די גרענעצען צווישען די מענשען. טויזענדער און טויזענדער קאָמונען וועלען ענטשטעהן אין אַלע טהיילען פֿון דער וועלט, זיי וועלען זיך רייכען די ברודער־האַנד אַריבער טייכען, בערג און ימים און וועלען פֿער־איינינען אַלע מענשען און פֿעלקער אויף דעם ערדקוגעל אין אַ גרויסע פֿאַמיליע פֿון פֿרייע און גלייכע.





XI.

# די פאריזער קאמונע

## I.



ם 18טען מערץ 1871 האָט זיך דאָס פֿאָלק פֿון פּאַריז אויפֿגעהויבען געגען אַ רעגירונג, וועלכע איז פֿון אַלעמען פֿערהאַסט און פֿעראַכטעט געוואָרען, און האָט ערקלעהרט פּאַריז פֿאַר אַ פֿרייע, אונאָבהייניגע שטאָדט, וועלכע וועט פֿון יעצט אָן און ווייטער אַליין בעזאָרגען איהרע אייגענע אַנגעלעגענהייטען.

דיזע אָבשאַפֿונג פֿון דער צענטראַלער שטאַאטס-מאַכט האָט זיך אָבגעשפּיעלט אָהן די געוועהנליכע ערשיינונגען פֿון אַ רעוואָלוציאָן, אָהן קאַמפּף מיט ביקסען און שווערדען, אָהן טייכען בלוט און באַריקאַדען. די רעגירער זיינען ענטלאָפֿען געוואָרען פֿאַר די בעוואַפֿענטע אַרבייטער אין די גאַסען, די זעלנער האָבען פֿערלאָזען די שטאָדט, די בעאַמטע האָבען זיך אויף גיך אַוועקגעטראָגען קיין ווער־סאַיל און האָבען געשלעפּט מיט זיך, וואָס זיי האָבען נאָר געקענט. די גאַנצע רעגירונג איז פּלוצלונג פֿערשוואונדען ווי אַ טייבעל מוטענע וואַסער פֿאַר אַ פֿרישען פֿריהלינגס־ווינד, און אַם 19טען מערץ אין דער פֿריה איז פּאַריז בעפֿרייט געוועןן פֿון אַלדאָס שמוץ, וואָס האָט פֿערפּעסטעט די גרויסע שטאָדט.

אַזוי האָט דיזע רעוואָלוציאָן אויפֿגעעפֿענט אַ נייע ערא. אין דער לאַנגער רייהע פֿון די אומוועלצונגען, דורך וועלכע די פֿעלקער האָבען זיך דורכגעבראָכען אַ וועג פֿון דער שקלאַפֿעריי צו דער פֿרייהייט. מיט דעם וואָרט „פֿאַריזער קאָמונע" איז געבאָרען געוואָרען אַ נייע אידעע, אַן אידעע, וועלכע וועט זיין דער אויסגאַנגס-פּונקט פֿון אַלע קומענדע רעוואָלוציאָנען.

אַזוי ווי עס איז שטענדיג דער פֿאַל געוועזן מיט אַלע גרויסע אידעען, אַזוי איז אויך דיזע אידעע ניט געבאָרען געוואָרען אין דעם מוח פֿון אַ פֿילאָזאָף, אין דעם מוח פֿון אַ געוויסען אינדיווידואום, זי האָט זיך ענטוויקעלט אין די מאַסען אַלס אַ קינד פֿון דער אַלגעמיינער צייט-שטרעבונג. אין אָנפֿאַנג איז זי נאָך געוועזן דונקעל און אונקלאָהר, און אפילו פֿאַר מאַנכע פֿון די, וועלכע האָבען איהר געהאָלפֿען פֿערווירקליכען און אַוועקגעלייגט זייערע לעבענס פֿאַר איהר, איז דיזע אידעע נאָך ניט אַזוי קלאָהר און דייטליך געוועזן ווי פֿאַר אונז. יענע קעמפּפֿער האָבען אַליין נאָך ריכטיג ניט פֿערשטאַנען דעם אינערליכען כאַראַקטער פֿון דער רעוואָלוציאָן, וועלכע זיי האָבען אָנגעפֿיהרט, און די פֿרוכטבאַרקייט פֿון דעם נייעם פּרינציפּ, וועלכען זיי האָבען פֿערזוכט צו רעאַליזירען. ערשט נאָך דעם ערשטען פּראַקטישען פֿערזוך זיינען מיר אימשטאַנדע געוועזן צו בעגרייפֿען די גאַנצע וויכטיגקייט און די צוקינפֿטיגע בעדייטונג פֿון דיזער אידעע, ערשט דורך די רייכע גייסטיגע אַרבייט, וועלכע האָט זיך אָנגעפֿאַנגען זייט יענעם פֿערזוך, איז דער נייער פּרינציפּ מעהר פֿערטיעפֿט און שאַרפֿער פֿאָרמולירט געוואָרען, אַזוי דאָס מיר דערקענען יעצט קלאָהר און דייטליך זיין פֿולע שעהנהייט און גערעכטיגקייט און די גאַנצע וויכטיגקייט פֿון זיינע קאָנזעקווענצען.

* * *

וועהרענד די לעצטע פֿינף אָדער זעקס יאָהר בעפֿאָר

דער קאָמונע האָט דער פראַנצויזישער סאָציאַליזמוס דורכ־
געמאַכט אַ נייע און גלענצענדע ענטוויקלונג ; פון דאַמאָלסט
אָן האָט איין פראַגע אַם מייסטען בעשעפטיגט די פראָ־
פּאַגאַנדיסטען פון דער קומענדער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן
—די פראַגע ווי אַזוי מען קען אַם בעסטען צופאַסען די
פּאָליטישע גרופּירונג פון דער געזעלשאַפט צו דער גרוי־
סער עקאָנאָמישער אומוועלצונג, וועלכע וועט איין גיכען
שטאַטפינדען, פעראורזאַכט ווערען דורך די מאָדערנע
אינדוסטריעלע ענטוויקלונג ; און דיזע פראַגע האָט אַרויס־
גערופען נאָך אַ צווייטע פראַגע פון דערזעלבער וויכטיג־
קייט, די פראַגע: ווער עס וועט אָבשאַפען דעם פּריוואַט־
אייגענטהום און איבערנעהמען די אַלע סאָציאַלע רייכ־
טהימער, די גאַנצע סאָציאַלע ירושה פון אונזערע עלטערן
צו גונסטען דער אַלגעמיינהייט.

די „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן" האָט
פערענטפערט דיזע פראַגע. די פעראייניגונג, די סאָציאַלע
גרופּירונג דער צוקונפט—אַזוי האָבען געזאָגט איהרע אַנ־
הייגנער—דאַרף זיך ניט בעשריינקען אויף איין נאַציאָן, זי
דאַרף אַרומנעהמען די גאַנצע מענשליכע געזעלשאַפט און
אוועקמאַכען מיט אַלע קינסטליכע גרענעצען. און דיזער
גרויסער געדאַנק האָט באַלד געפונען אַן אָבקלאַנג אין די
הערצער פון אַלע פעלקער. זינט דאַן האָט די „אינטער־
נאַציאָנאַלע" געלעבט און געמאַכט פּראָגרעס טראָץ אַלע
פערפאָלגונגען פון דער פעראייניגטער רעאַקציאָן, און ווען
עס וועט קומען די צייט, ווען די רעבעלישע פעלקער
וועלען אַוועקראַמען אַלע הינדערניסע פון דעם וועג פון
זייער ענטוויקלונג, וועט זי ערשבערן די גאַנצע וועלט דורך
די אינערליכע קראַפט פון איהרע אידעען.

און וואָס זיינען די אייגענטליכע רעזולטאַטען, וועלכע
דיזע גרויסע פעראייניגונג האָט אונז איבערגעלאָזען בירושה?
צוויי גרויסע אידעען און שטרעבונגען פערענטפערן דיזע

פראַגע: די איינע רופט זיך פאָלקס-שטאַאט, די צווייטע אַנאַרכיע.

די דייטשע סאָציאַליסטען זיינען מיט דער מיינונג, אַז דער שטאַאַט דאַרף איבערנעהמען דעם גאַנצען געזעל-שאַפטליכען רייכטהום און איהם צוטהיילען צווישען די אַרבייטער-פעראייניגונגען, ער דאַרף אָרגאַניזירען די פראָ-דוקציאָן און דעם אויסטויש פון די פראָדוקטען און אויפ-פאַסען אויף די פערזענליכע זיכערהייט און די עקזיסטענץ-בעדינגונגען פון דער געזעלשאַפט.

די מייסטע סאָציאַליסטען פון די ראָמאַנישע לענדער, שטיצענדיג זיך אויף זייערע רייכע ערפאַהרונגען, בעהויפ-טען, דאָס אַזאַ מין שטאַאַט—שוין גאָר ניט ריידענדיג, אַז ער האָט איבערהויפט ניט קיין מעגליכקייט צו עקזיסטירען—וואָלט געווען די ערגסטע טיראַניי, און אָנשטאָט אַנצוער-קענען דיזע אידעע, וועלכע איז גענומען געוואָרען פון דער פערגאַנגענהייט, האָבען זיי בעסער אויפגעשטעלט אַ נייעם אידעאַל—די אַנ-אַרכיע; ד.ה. די אָבשאַפונג פון אַלע שטאַאַטען און די אָרגאַניזאַציאָן פון אונטען נאָך אויבען דורך די פרייע פעראייניגונג פון די פאָלקס-קרעפטע, דורך די פעדעראַציאָן פון די פראָדוצירער און קאָנסומירער.

איינינע אָנהייגער פון דער שטאַאַטס-אידעע, וועלכע זיי-נען ווייניגער בעאיינפלוסט געוואָרען פון די אויטאָריטערע פאָראורטהיילען, גיבען אַליין צו, אַז די אַנאַרכיע איז אַ מעהר אידעאַלע פאָרם פון אָרגאַניזאַציאָן איידער דער פאָלקס-שטאַאַט; אָבער לויט זייער מיינונג איז די פערווירקליכונג פון דיזען אידעאַל נאָך אַזוי וויים, דאָס עס איז אַרויסגעוואָרפענע אַרבייט, ווען מיר זאָלען זיך שוין יעצט בעשעפטיגען מיט דיזער אידעע. פון דער צווייטער זייט האָט די אַנאַרכיע ניט געהאַט קיין בעשטימטע און איינפאַכע פאָרם פאַר איהרע רייכע געדאַנקען, אום אויפצואווייזען, אַז דיזע גע-דאַנקען שטיצען זיך אויף אַ בעוועגונג, וועלכע עקזיסטירט

שוין צווישען די מאַסען. די אָרגאַניזאַציאָן פֿון פֿאַך־פֿער־אייניגונגען און קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפֿטען, וועלכע זאָלען עקזיסטירען אויסערהאַלב דעם שטאַאַט און זיך גע־גענזייטיג פֿערבינדען, טראָץ די קינסטליכע גרענעצען, דיזער געדאַנק איז געוועזן צו אונבעשטימט און צו ווייניג אין אַנקלאַנג מיט די ווירקליכע אומשטענדען; אויסער־דעם האָט מען לייכט געקענט בעגרייפֿען, אַז עס איז אונ־מעגליך דאָס אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן זאָל אין זיך פֿעראייניגען די גאַנצע פֿיעלזייטיגקייט פֿון די מענשליכע בעציהונגען. פֿאָלגליך איז נייטיג געוועזן אויסצוגעפֿינען אַזאַ פֿאָרם, וועלכע זאָל אויסדריקען אַזוי קלאָהר און דייטליך ווי נאָר מעגליך דעם אייגענטליכען ציעל פֿון דיזער ריכטונג, און וועלכע נעהמט אין דערזעלבער צייט איהרע וויכטיגסטע עלעמענטען פֿון דער פּראַקטישער ווירקליכקייט.

נאַטירליך, אויב עס וואָלט זיך נאָר געהאַנדעלט צו ענטדעקען אַ געוויסע טהעאָריע, וואָלטען מיר זיכער גע־זאָגט: ריינע טהעאָריען האָבען אַ קליינע וויכטיגקייט; דען אַזוי לאַנג ווי אַ נייע אידעע האָט ניט געפֿונען איהר קלאָהרען און בעשטימטען אויסדרוק, אַן אויסדרוק, וועלכער רעכענט זיך מיט דער ווירקליכקייט פֿון לעבען, אַזוי לאַנג וועט זי קיינמאָל ניט בעאיינפֿלוסען די מוחות און אויפֿ־מונטערן די מענשען צו אַן ענטשיידענדען קאַמפּף. דאָס פֿאָלק וואַרפֿט זיך ניט אויף אַן אונבעקאַנטע זאַך, אויב עס קאָן זיך ניט שטיצען אויף אַ בעשטימטע און קלאָהר פֿאָרמולירטע אידעע, וועלכע זאָל זאָ־צו־זאָגען זיין דער אָנפֿאַנגס־פּונקט פֿון זיינע שטרעבונגען.

און דיזער פּונקט ווערט בעשטימט דורך דאָס לעבען אַליין.

* * *

דורך די בעלאַגערונג פֿון די דייטשע אַרמעען איז פּאַריז פֿינף מאָנאַטען צייט אָבגעשלאָסען געוועזן פֿון דער גאַנצער

אויסערליכער וועלט, די גאַנצע שטאָדט איז געווען אָבהיינגיג פֿון איהר אייגענע קראַפֿט און איהרע איינוואוינער האָבען גענוג געלעגענהייט געהאַט זיך צו בעקענען מיט די עקאָנאָמישע, מאָראַלישע און גייסטיגע קוועלען און הילפֿס־מיטלען זייערע. יאַ, דאָס פֿאָלק האָט פֿערשטאַנען זיין מאַכט און זיך אויסגעלערנט ווי צו בענוצען מיט איהר. אין דערזעלבער צייט האָט עס אויך בעגריפֿען, אַז די גאַנצע באַנדע פֿון פוסטע פלאַפלערס, וועלכע האָבען פֿערנומען דעם פלאַץ פֿון דער רעגירונג, איז אַבסאָלוט ניט אימשטאַנדע עפּעס אויפֿצוטהאָן, ניט פֿאַר די פֿערטהיידיגונג פֿון פֿראַנקרייך און ניט פֿאַר די אינערליכע ענטוויקלונג. דאָס פֿאָלק האָט געזעהן ווי די רעגירונג האָט שטענדיג פֿערזוכט צו פֿערהינדערן אַלצדינג, וואָס די אינטעליגענץ פֿון אַ גרויסע שטאָדט וואָלט געקענט ענטוויקלען; עס האָט ערקענט די גאַנצע אונמעכטיגקייט און אונפֿעהיגקייט פֿון יעדער רעגירונג, ווען עס האַנדעלט זיך אָבצוהאַלטען אַ גרויסען אונגליק אָדער צו מאַכען אַ וועג פֿאַר דער סאָציאַלער ענטוויקלונג. וועהרענד דער בעלאַגערונג האָט דאָס פֿאָלק איבערגעליטען אַלע צרות, דאָס עלענד פֿון די אַרבייטער און פֿערטהיידיגער פֿון דער שטאָדט איז געווען אונבעשרייבליך, אין דערזעלבער צייט, ווען איינִיגע פּאַראַזיטען האָבען געלעבט אַ גוטען טאָג, און דאַנק דער רעגירונג האָבען אַלע פֿערזוכע אַוועקצומאַכען מיט דיזען שענדליכען צושטאַנד, זיך געענדיגט מיט אַ פיאַסקאָ. יעדעס מאָל, ווען דאָס פֿאָלק האָט פֿערזוכט אַרויסצורופֿען אַ פֿרייהייטליכע בעוועגונג, האָט איהם די רעגירונג אָנגעטהאָן קייטען, און אַזוי האָט זיך גאַנץ פֿון זיך אַליין ענטוויקעלט די אידעע צו ערקלעהרען פאַריז פֿאַר אַ אונאַבהיינגיגע קאָמונע, וועלכע זאָל נאָר דאָס אויספֿיהרען אינערהאַלב איהרע מויערן, וואָס דער פֿאָלקס־גייסט פֿאָדערט.

און פּלוצלונג האָט זיך דאָס וואָרט קאָמונע אַרויסגעריסען פון אַלעמענס ליפּען.

* * *

די קאָמונע פון 1871 האָט מעהר ניט געקענט זיין ווי אַ שוואַכער פּערזוך. זי איז ענטשטאַנדען נאָך אַ בלוטיגען קריעג, צוויי אַרמעען, די פראַנצויזישע און די דייטשע, זיינען יעדען אויגענבליק בערייט געווען איהר צו דערשטיקען, און דערפאַר האָט זי ניט געהאַט דעם מוטה זיך אין גאַנצען אַרויפצוואואַרפען אויף דאָס עקאָנאָמישע געביעט. זי האָט זיך ניט ערקלעהרט סאָציאַליסטיש און האָט ניט פערזוכט צו עקספּראָפּריאירען דעם קאַפּיטאַל און צו אָרגאַניזירען די אַרבייט, זי האָט אפילו ניט ריכטיג פערזוכט אויסצוגעפינען די ריכטיגע הילפס-קרעפטע פון דער שטאָדט. זאָגאַר מיט דער טראַדיציאָן פון׳ם שטאַאַט, מיט דעם פערטרעטונגס-סיסטעם האָט זי ניט אין גאַנצען געבראָכען, זי האָט ניט פערזוכט צו פערווירקליכען אין אַ גרויסען מאַסשטאַב דיזע איינפאַכע און נאַטירליכע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זי האָט פערשפּראָכען, מיט דעם וואָס זי האָט פּראָקלאַמירט די פאָלשטענדיגע אונאַבהיינגיגקייט און די פרייע פעראייניגונג פון אַלע קאָמונען. אָבער עס איז זיכער, דאָס ווען די פאַריזער קאָמונע וואָלט עקזיסטירט נאָך עטליכע מאָנאַטען לענגער, וואָלט די מאַכט פון די אומשטענדע איהר אַליין געצוואונגען צו שטרעבען נאָך דיזע ציעלען. לאָמיר ניט פערגעסען, אַז די בורזשואַזיע האָט געדאַרפט פיער יאָהר צייט פון שטענדיגע רעוואָלוציאָנען, אום איבערצובייטען די מאָנאַרכיסטישע שטאַאַטספאָרם אויף אַ בירגערליכע רעפּובליק, און פאָלגליך דאַרפען מיר זיך ניט וואונדערן, ווען דאָס פאָלק פון פּאַריז האָט ניט אַריבערגעשפּרונגען מיט איין מאָל דעם גאַנצען אָבגרונד, וועלכער טהיילט אָב די אַנאַרכיסטישע קאָמונע פון דער רעגירונג פון די אָפיציעלע רויבערס. אָבער מיר

זיינען איבערצייגט, אַז די נעכסטע רעוואָלוציאָן אין פֿראַנקרייך פּונקט ווי אין שפּאַניען וועט זיין אַ קאָמוניסטישע, אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט פֿאָרטזעצען די אַרבייט פֿון דער פּאַריזער קאָמונע, וועלכע איז אונטערבראָכען געוואָרען דורך די מערדערייען פֿון די ווערסאַילער.

די קאָמונע איז בעזיעגט געוואָרען, און די בורזשואַזיע האָט גענומען ראַכע—מיר ווייסען ווי אַזוי—פֿאַר דעם שרעק, וואָס דאָס פֿאָלק האָט איהר פֿעראורזאַכט, ווען עס האָט אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך דעם יאָך פֿון זיינע אונטערדריקער. זי האָט דייטליך בעוויזען דורך דעם, אַז די מאָדערנע געזעלשאַפֿט איז צוטהיילט אין צוויי קלאַסען: פֿון איין זייט די אַרבייטער, וועלכע זיינען געצוואונגען אַוועקצוגעבען דעם קאַפּיטאַליסט מעהר ווי אַ העלפֿט פֿון זייערע פּראָדוקטען, און וועלכע דיינקען ליידער נאָך פֿיעל צו וויינינג איבער די פֿערברעכען, וועלכע זייערע בעלי בתים בענעהען געגען זיי; און פֿון דער צווייטער זייט עטליכע ליידיגגעהער און פּאַראַזיטען, וועלכע קענען ניט מעהר ווי די בעפֿרידיגונג פֿון זייערע טהירישע אינסטינקטען, זיי פֿערהאַסען זייערע שקלאַפֿען און זיינען בערייט זיי צו ערמאָרדען ווי פּראָסטע חיות.

נאָכדעם ווי די בורזשואַזיע האָט אַרומגערינגעלט דאָס פֿאָלק פֿון פּאַריז פֿון אַלע זייטען און האָט פֿערשטעלט יעדען אויסוועג, האָט זי פֿערזאַמעלט איהרע ברוטאַלע זעלנער, זיי אָנגע׳שכור׳ט מיט וויין און געזאָגט צו זיי: „טויטעט דיזע וועלף, צוזאַמען מיט זייערע פֿרויען און קינדער!" און צום פֿאָלק האָבען זיי געזאָגט:

„וואָס איהר זאָלט ניט טהאָן, שטאַרבען מוזט איהר! צו איהר וועט קעמפֿפֿען מיט די וואַפֿען אין די הענד—שטאַרבען מוזט איהר! צו איהר וועט אונז איבערגעבען אייערע וואַפֿען—שטאַרבען מוזט איהר! איהר מעגט זיך פֿערטהיידיגען אָדער בעטען רחמנות, ס׳איז אַלץ איינס—שטאַרבען מוזט איהר! וואו איהר זאָלט נאָר אַ בליק טהאָן, רעכטס, לינקס, פֿון פֿאָרענט, פֿון הינטען, אַרויף אָדער אַראָב —

שטאַרבען מוזט איהר! איהר שטעהט ניט נאָר אויסערהאַלב פון אַלע געזעצע, איהר שטעהט אויך אויסערהאַלב דער מענשליכקייט, ניט אייער עלטער, ניט אייער געשלעכט קענען אייך ראַטעווען, אייך און די אייעריגע—שטאַרבען מוזט איהר! אָבער צוערשט מוזט איהר נאָך בעקומען אַ קליינעם געשמאַק פון אייער שיקזאַל, מיט דעם וואָס איהר מוזט צוזעהן ווי אייערע פרויען, אייערע שוועסטער, אייערע מוטערס, אייערע טעכטער, אייערע זיהן וועלען שטאַרבען, אפילו אין די וויגעלעך! מען וועט אַרויסשלעפען די פערוואונדעטע פון די האָספּיטעלער און זיי ערמאָרדען פאַר אייך אין די אויגען, צושניידען זייערע קערפּערס מיט די באַיאָנעטען, צושמעטערן די קעפּ זייערע מיט די קאָלבען פון די ביקסען. און דאַן וועט מען זיי רייסען ביי זייערע צושמעטערטע פיס, ביי די פערבלוטיגטע אָרעמס זייערע און זיי אַ שליידער טהאָן אין די גראָבענס פון דעם שאָסעע ווי אַ הויפען בלוטיגען מיסט.—שטאַרבען מוזט איהר, שטאַרבען, שטאַרבען!"*)

וועט דאָס פאָלק, וועלכעס איז ערמאָרדעט געוואָרען אין זיינע טויזענדער, געטויטעט פערניכטעט דורך הונגער און מאַטערנים, דורך די גרויזאַמע ראַכע פון געוויסענלאָזע שורקען, דורך דעם שענדליכען פערראַטה פון פיינג שפּיאָנען, דורך אַלע מעגליכע געמיינהייטען פון זיינע בלוט-דורשטיגע היינקער, וועט דאָס פאָלק ווען עס איז פערגעסען אין דיזע אַלע מערדערייען?

ניין, און טויזענדמאָל ניין! די קאָמונע איז דערטרונקען געוואָרען אין בלוט, אָבער בעזיעגט האָט מען איהר ניט— זי וועט ווידער אויפשטעהן תחית המתים! און דאָס איז ניט קיין פוסטער חלום פון די בעזיעגטע, וועלכע האָבען זיך אויסגעמאָלט אַ שעהנעם בילד, אום צו פערגעסען די ליידען פון דער געגענוואַרט, ניין! די קאָמונע איז היינט דער בעשטימטער און קלאָהרער אויסדרוק פון דער

*) דיזע צייל‌ען זיינען אַרויסגענומען פון ארטהור אַרנולד'ס בע־קאַנטע שריפט: „L'Histoire populaire et parlementaire de la Commune de Paris".

סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט אין גיכען אויפוועקען די וועלט מיט איהר דונער. דיזער געדאַנק דורכדרינגט היינט די פעלקער, זיי האָבען איהם אָנגעשריבען אויף זייער פאָהן, און מיר זיינען איבערצייגט, אַז דער נייער דור וועט אויספיהרען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אינערהאַלב די קאָמונע, אַז ער וועט מאַכען אַן ענדע צו דער קאַ־פיטאַליסטישער אויסבייטונג, אַז ער וועט בעפרייען די פעלקער פון דער טיראַניי פון'ם שטאַאַט און שאַפען אין דער מענשליכער ענטוויקלונג אַ נייע ערא פון פרייהייט, גלייכהייט און סאָלידאַריטעט!



II.

צעהן יאָהר זיינען שוין אַריבער, זייט דאָס פאָלק פון פאַריז האָט געשטירצט יענע רעגירונג פון פעררע־טהער, וועלכע האָבען נאָך דעם אונטערגאַנג פון'ם צווייטען קייזער־רייך אַריינגענומען די עפענטליכע מאַכט אין זייערע הענד; צעהן יאָהר זיינען שוין פערגאַנגען, זייט די פאַריזער פראָלעטאַריער האָבען פראָקלאַמירט די קאָמונע, די אַבסאָלוטע אונאַבהייניגקייט און זעלבסט־פערוואַלטונג פון דער שטאָדט פאַריז.*) און דאָך בליקען מיר נאָך אַלס צוריק מיט בעגייסטערונג אויף דעם 18טען מערץ 1871, די בעסטע עראינערונגען פון דעם פראָלע־טאַריאַט אין אַלע לענדער זיינען פערבונדען מיט דיזען אונפערגעסליכען טאָג און יעדעס יאָהר פייערן הונדערט־טויזענדער אַרבייטער דעם אָנדיינקען פון דער קאָמונע, אין אייראָפאַ, אין די פעראייניגטע שטאַאַטען, אין זיד־אַמעריקאַ, זייערע הערצער זיינען דורכגעדרונגען מיט דיזעלבע גע־פיהלען, דיזעלבע האָפנונגען, זיי רייכען זיך די הענד אַריבער די גרענעצען און ימים, דערמאָנענדיג זיך אָן

*) געשריבען געוואָרען אַם 17טען מערץ 1881.

דעם אויפשטאַנד פון זייערע ברידער און שוועסטער אין פּאַריז. דען די אידעע, פאַר וועלכע די פּאַריזער אַרבייטער האָבען פערגאָסען זייער בלוט, פאַר וועלכע זיי האָבען געליטען אין די שטראַף-קאָלאָניעס פון ניי־קאַלעדאָניען, איז איינע פון יענע אידעען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך אַ גאַנצע רעוואָלוציאָן, אַ געדאַנק, אונטער וועמענס באַנער עס איז דאָ אַ פּלאַץ פאַר אַלע רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען פון די פעלקער, וועלכע קעמפּפען פאַר זייער בעפרייאונג.

נאַטירליך, ווען מיר וואָלטען נאָר געקוקט אויף די פּראַקטישע האַנדלונגען פון דער קאָמונע, וואָלטען מיר געמוזט צוגעבען, אַז די אידעע, וועלכע האָט איהר אינס־פּירירט, איז ניט געוועזען אַזוי ברייט און טיעף, אַז זי האָט נאָר פאָרגעשטעלט אַ קליינעם טהייל פון איהר אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערען פּראָגראַם. אָבער ווען מיר בליקען ניט נאָר אויף די אויסערליכע פאָרמען, ווען מיר בעשעפטיגען זיך מעהרער מיט דעם גייסט, וועלכער האָט דורכגע־דרונגען די פאָלקס־מאַסען און זיי געפיהרט צום אויפשטאַנד פון׳ם 18טען מערץ, ווען מיר קוקען אויף די טענדענצען, אויף דעם אינערליכען כאַראַקטער פון זייערע שטרעבונגען, וועלכע האָבען ניט קיין צייט געהאַט פערווירקליכט צו ווערען, דערפאַר וואָס זייערע ערשטע בליהונגען זיינען שוין באַלד אין אָנפאַנג דערשטיקט געוואָרען אונטער גאַנצע בערג פון ערמאָרדעטע פרייהייטס־קעמפּפער, ערשט דאַן וועלען מיר פערשטעהן די גאַנצע היסטאָרישע בע־דייטונג פון דיזער בעוועגונג און די סימפּאַטהיע, וועלכע זי האָט געפונען ביי די אַרבייטער פון אַלע לענדער. די קאָמונע בעגייסטערט אונזערע הערצער ניט דורך דעם וואָס זי האָט אויפגעטהאָן; נאָר דורך דעם וואָס זי וועט אויפטהאָן אין דער צוקונפט.

* * *

פֿון וואַנען קומט דיזע אונבעזיעגבאַרע קראַפֿט, וועלכע האָט פֿעראייניגט די גאַנצע סימפּאַטהיע פֿון די אונטער־דריקטע מאַסען אין דעם אויפֿשטאַנד פֿון 1871? וואָס פֿאַר אַן אידעע פֿערקערפּערט אין זיך די פּאַריזער קאָמונע? און וואַרום איז דיזע אידעע אַזוי סימפּאַטיש, אַזוי טהייער פֿאַר די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער?

דער ענטפֿער איז ניט שווער. די רעוואָלוציאָן פֿון 1871 איז געווען אַ ריכטיגע פֿאָלקס-בעוועגונג. דאָס פֿאָלק אַליין האָט איהר אַרויסגערופֿען, זי איז געבאָרען געוואָרען אין זיין שויס, די בעוועגונג האָט געפֿונען אין די ברייטע מאַסען איהרע פֿאָרקעמפּפֿער, איהרע העלדען, איהרע מערטירער און פֿאַר דיזע „נידערטרעכטיגקייט" וועט די בורזשואַזיע דעם פּראָלעטאַריאַט קיינמאָל ניט מוחל זיין. די אידעע, וועלכע האָט אַרויסגערופֿען יענע רעוואָלוציאָן — אָבוואָהל זי איז דאַן נאָך געווען אונקלאָהר און פֿילייכט אין גאַנצען אונבעוואוסט, אָבער טראָץ דעם דייטליך צו דערקענען אין יעדע פֿון איהרע האַנדלונגען — איז דער געדאַנק פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט אונז ענדליך ברייגען פֿולע פֿרייהייט און אמת'ע גלייכהייט פֿאַר אַלע, נאָך הונדערטע און הונדערטע יאָהרען פֿון קאַמפּף און ליידען.

דאָס איז געווען די רעוואָלוציאָן פֿון דעם „נידערטרעכטיגען" פֿאָלק, וועלכעס האָט געהאַט די חוצפּה צו קעמפּפֿען פֿאַר זיינע רעכטע.

מען האָט פֿערזוכט, און מען פֿערזוכט נאָך אַלץ אָבצושוואַכען דעם אמת'ען כאַראַקטער פֿון דיזער רעוואָלוציאָן ערקלעהרענדיג, אַז די קאָמונע איז ניט מעהר געווען ווי אַ פּראָסטער פֿערזוך צו ערלאָבערן די פּאָליטישע אונאַבהייגיגקייט פֿון פּאַריז, אום צו פֿאָרמירען אַ קליינעם שטאַאַט אינערהאַלב דעם גרויסען פֿראַנצויזישען שטאַאַט. אָבער דיזע בעהויפּטונג איז אין גאַנצען אַ פֿאַלשע. פּאַריז האָט ניט גע'חלום'ט זיך אָבצוטהיילען פֿון פֿראַנקרייך,

פּונקט ווי זי האָט ניט גע׳חלום׳ט צו עראָבערן אַנדערע טהיילען פֿון׳ם לאַנד מיט די וואַפֿען אין די הענד; עס האָט זיך איהר קיינמאָל ניט פֿערוועלט זיך אָבצושליסען פֿון דער וועלט הינטער איהרע מויערן פּונקט ווי אַ מאָנאַך אין זיין מאָנאַסטיר. ווען פּאַריז האָט געפֿאָדערט פֿאַר זיך פּאָליטישע אונאַבהייננגיגקייט, ווען זי האָט פּראָטעסטירט געגען דעם אַריינמישען זיך פֿון דער צענטראַלער געוואַלד אין איהרע אייגענע אַנגעלעגענהייטען, איז עס געווען דערפֿאַר ווייל אין דיזער אונאַבהייננגיגקייט האָט זי געזעהן די איינציגע מעגליכקייט אויסצואַרבייטען די גרונדלאַגען פֿון אַ נייער געזעלשאַפֿטס-פֿאָרם, אום צו פֿערווירקליכען אויף אַזאַ מין אַרט די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אינערהאַלב די אייגענע מויערן איהרע. די בעציהונגען פֿון דער פּראָדוקציאָן און דעם אויסטויש פֿון די פּראָדוקטען וואָלטען בעקומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, דורך דעם וואָס זיי וואָלטען זיך געגרינדעט אויף דעם פֿונדאַמענט פֿון סאָציאַלער גלייכהייט, און די מאָראַל פֿון אונזער געזעלשאַפֿט וואָלט זיך מאַניפֿעסטירט אין גאַנץ נייע פֿאָרמען אויף דער געזונדער גרונדלאַגע פֿון אַלגעמיינער גלייכהייט און סאָלידאַריטעט.

די קאָמונאַלע אונאַבהייננגיגקייט איז אַלזאָ ניט מעהר געווען ווי אַ מיטעל פֿאַר דאָס פֿאָלק פֿון פּאַריז, נאָר די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן איז געווען זיין ציעל.

דיזער ציעל וואָלט זיכער עררייכט געוואָרען, ווען די רעוואָלוציאָן פֿון׳ם 18טען מערץ וואָלט דורכגעמאַכט איהר נאַטירליכע ענטוויקלונג, ווען דאָס פֿאָלק פֿון פּאַריז וואָלט ניט אויסגעשלאַכטעט געוואָרען פֿון די ווערסאַליער מערדער. אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר, אַז פֿון דעם ערשטען טאָג אָן, ווען דאָס פֿאָלק פֿון פּאַריז האָט פּראָקלאַמירט זיין פּאָליטישע אונאַבהייננגיגקייט, האָט עס פֿערזוכט אויס-צוגעפֿינען אַ קלאָהרען און בעשטימטען אויסדרוק פֿאַר

אַלעם דאָס, וואָס עס וואָלט נויטהוענדיג געווען פאַר דעם פאָלשטענדיגען ערפאָלג פון דער רעוואָלוציאָן. נאַטירליך, אַ ווירקליכע גרויסע אידעע ענטוויקעלט זיך ניט אין איין טאָג, ווי גיך די נייע אידעען זאָלען זיך ניט פערשפרייטען אין רעוואָלוציאָנערע פעריאָדען. אמת׳ע גרויסע אידעען דאַרפען שטענדיג אַ געוויסע צייט פאַר זייער ענטוויקלונג, אום איינצודרינגען אין די מאַסען און צו געפינען אַ פראַקטישען אויסדרוק — און דיזע צייט האָט געפעהלט דער פאַריזער קאָמונע. און אויסערדעם דאַרפען מיר ניט פערגעסען, דאָס פונקט אין יענער צייט האָט דער מאָדערנער סאָציאַליזמוס אַליין דורכגעמאַכט אַ גרויסע אומענדערונג אין זיינע טהעאָרעטישע און פראַקטישע אַנשויאונגען. די פאַריזער קאָמונע איז פונקט ענטשטאַנדען אין מיטען צוויי ענטוויקלונגס-פעריאָדען פון׳ם מאָדערנעם סאָציאַליזמוס. אין 1871 האָט דער אויטאָריטערער, מעהר אָדער ווייניגער רעליגיעזער שטאַאַטס-סאָציאַליזמוס מעהר ניט געהאַט קיין איינפלוס אויף די פאָרטגעשריטענע גייסטער פון יענער עפּאָכע. וואו געפינט איהר היינט אַ פאַריזער, וועלכער וואָלט צופרידען געווען, ווען מען וואָלט איהם איינגעשפּאַרט אין אַ קאָמוניסטישע אַרבייטס-קאַזאַרמע? פון דער צווייטער זייט איז דער קאָלעקטיוויזמוס, וועלכער וויל פעראייניגען די בעזונדערע בעצאָהלונג פון דעם פּראָדוצירער מיט דעם קאָלעקטיווען אייגענטהום, אַבסאָלוט ניט פערשטאַנען געוואָרען, און די שוועריגקייטען פון זיין פראַקטישער פערווירקליכונג האָט צוגעצויגען ווייניג אָנהיינגער. דער פרייער קאָמוניזמוס, דער אַנאַרכיסטישער קאָמוניזמוס איז דאַן כמעט אין גאַנצען געווען אונבעקאַנט און האָט ניט געקענט אָנפיהרען דעם קאַמפּף געגען די אַנהיינגער פון דעם הערשאַפטס-סיסטעם.

דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום די האַנדלונגען פון דער קאָמונע זיינען געווען אַזוי אונבעשטימט, דען זאָגאַר די

סאָציאַליסטען האָבען ניט געהאַט דעם מוטה צו פאָדערן די באַלדיגע פערניכטונג פון דעם פריוואַט-אייגענטהום, דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט געהאַט קיין פעסטען און קלאָהרען ציעל. אָט אַזוי האָט מען זיך צולעצט געטרייסט מיט דעם געדאַנק, וועלכער איז שטענדיג געווען די גאַנצע האָפנונג פון אַלע אָפּטימיסטישע ערעמענטען: „לאָמיר צוערשט זיעגען, דאַן וועלען מיר שוין זעהן, וואָס עס איז ווייטער צו טהאָן!"

* * *

צוערשט דאַרף מען זיעגען, און דאַן וועט מען זעהן, וואָס מען קען ווייטער טהאָן! פונקט ווי עס וואָלט מעגליך געווען צו גרינדען אַ פרייע קאָמונע און ניט צוצוריהרען זיך צום פריוואַט-אייגענטהום; פונקט ווי עס וואָלט מעגליך געווען צו בעזיעגען די פיינדע, אָהנע דירעקט צו פעראינטערעסירען די מאַסען פאַר דעם ערפאָלג פון דער רעוואָלוציאָן, מיט דעם וואָס מען גיט זיי אַ פּראַקטישען אויסדרוק פאַר דעם אַלגעמיינעם מאַטעריעלען, גייסטיגען און מאָראַלישען נוצען פון די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען. מען האָט צוערשט געוואָלט פערזיכערן די עקזיסטענץ פון דער קאָמונע, אום שפּעטער דורכצופיהרען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן, אָנשטאָט צו פערזיכערן די עקזיסטענץ פון דער קאָמונע דורך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן!

דאָסזעלבע איז געווען מיט דעם שטאַאַטס-פּרינציפּ. דורך די פּראָקלאַמאַציאָן פון דער פרייער קאָמונע האָט דאָס פאָלק פון פאַריז אייגענטליך פּראָקלאַמירט אַ ריין אַנאַרכיסטישען פּרינציפּ; אָבער דערפאַר וואָס די אַנאַרכיסטישע אידעען זיינען אין יענער צייט זעהר שוואַך פערשפּרייט געווען צווישען די מאַסען, זהאָט מען זיך אָבגעשטעלט אויף'ן האַלבען וועג, מען האָט דעם אויטאָריטערען פּרינציפּ נאָך געשטיצט אינערהאַלב דער קאָמונע,

מיט דעם וואָס מען האָט אויסגעוועהלט אַ זאָגענאַנטען קאָמונאַל־ראַטה.

אויב מיר גיבען ווירקליך צו, אַז מען דאַרף ניט קיין בעזונדערע רעגירונג, אום צו רעגלען די געגענזייטיגע בעציהונגען צווישען די קאָמונען, וואַרום זאָלען מיר אָנערקענען די נויטווענדיגקייט פֿון אַ רעגירונג, אום צו רעגלען די געגענזייטיגע בעציהונגען פֿון יענע גרופּען, וועלכע פֿאָרמירען די קאָמונע? און ווען מיר זיינען איבערצייגט, אַז די פֿרייע איניציאַטיווע איז פֿאָלקאָמען אימשטאַנדע צו שאַפֿען אַ פֿערשטענדיגונג צווישען די קאָמונען פֿון פֿערשידענע שטעדט, ווען עס האַנדעלט זיך אום אַ געמיינשאַפֿטליכע אונטערנעהמונג, וואַרום זאָלען מיר אָבלייקענען די פֿרייע איניציאַטיווע אינערהאַלב די גרופּען, וועלכע פֿאָרמירען די קאָמונע? אַ רעגירונג אינערהאַלב דער קאָמונע האָט ניט מעהר בערעכטיגונג צו עקזיסטירען ווי אַ רעגירונג אויסערהאַלב פֿון איהר.

אין 1871 האָט דאָס פֿאָלק פֿון פּאַריז, וועלכעס האָט שוין געשטירצט אַזוי פֿיעל רעגירונגען, געמאַכט דעם ערשטען פֿערזוך צו רעוואָלטירען געגען דאָס רעגירונגס־סיסטעם אין אַלגעמיין; לײדער האָבען די מאַסען זיך שפּעטער ווידער געלאָזט פֿערבלענדען די אויגען פֿון דעם רעגירונגס־אַבערגלויבען און האָבען זיך אַליין אויסגעקליבען אַ רעגירונג. די פֿאָלגען פֿון דעם זיינען אַלגעמיין בעקאַנט. מען האָט געשיקט די איבערגעבענסטע מענער אין שטאָדט־הויז; דאָרטען, צווישען גאַנצע בערג פֿון אָנגעשריבענע פּאַפּיר, זיינען זיי פֿערדאַמט געווען צו בלייבען אונטהעטיג, מען האָט זיי געצוואונגען צו רעגירען, וועהרענד זייער אינסטינקט האָט געפֿאָדערט פֿון זיי צו זיין מיט דעם פֿאָלק און צו געהן ווייטער. אויף אַזאַ מין אופֿן זיינען זיי געצוואונגען געווען צו דעבאַטירען אין אַ צייט, ווען עס האָט זיך געפֿאָדערט צו האַנדלען, זיי האָבען

ביסלעכווייז פֿערלאָרען די בעריהרונג מיט די מאַסען און זיינען געוועזען אונפֿעהיג עפּעס אויפֿצוטהאָן. זייענדיג אָבגעטהיילט פֿון'ם פֿאָלק, דאָס האַרץ פֿון דער רעוואָלוציאָן, האָבען זיי ניט נאָר פֿערלאָרען זייער אייגענע איניציאַטיווע, נאָר זיי האָבען אויך באַלד פֿערהינדערט די איניציאַטיווע פֿון די מאַסען.

* * *

די פּאַריזער קאָמונע איז ענטשטאַנען אין אַ זאָגענאַנטער איבערבייטונגס-פּעריאָדע, אין וועלכער די סאָציאַליסטישע אידעען און דאָס אויטאָריטעטס-פּרינציפּ האָבען דורכגעמאַכט גרינדליכע פֿערענדערונגען, זי איז ענטשטאַנען אין דער שלוס-פּעריאָדע פֿון אַ בלוטיגען קריעג אונטער דעם דונער פֿון די פּרייסישע קאַנאָנען, און דיזע אַלע אומשטענדע האָבען פֿערורזאַכט איהר באַלדיגען אונטערגאַנג.

אָבער דער אמת'ער פֿאָלקס-כאַראַקטער פֿון דיזער בעוועגונג האָט איהר בעשטימט אַלס דעם אָנפֿאַנג פֿון אַ נייע עראַ אין דער רייהע פֿון די רעוואָלוציאָנען, און איהרע אינערליכע אידעען האָבען איהר געמאַכט צום אָנזאָגער פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. די בלוטיגע און אונמענשליכע מערדערייען, דורך וועלכע די בורזשואַזיע האָט געפֿייערט דעם אונטערגאַנג פֿון דער קאָמונע, די נידריגע ראַכע, וועלכע דיזע היינקער האָבען גענומען וועהרענד ניין יאָהר צייט אָן זייערע געפֿאַנגענע, האָט אויפֿגעעפֿענט אַן אָבגרונד צווישען דער בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכער קען קיינמאָל מעהר אויסגעפֿילט ווערען. אין דער קומענדער רעוואָלוציאָן וועט דאָס פֿאָלק וויסען, ווי אַזוי צו האַנדלען. עס וועט וויסען, וואָס עס האָט צו ערוואַרטען פֿון זיינע געגנער, אויב זיין זיעג וועט ניט זיין קיין פֿאָלשטענדיגער. דיזע לעהרע וועט קיינמאָל ניט פֿערגעסען ווערען!

מיר ווייסען, אַז אין דעם טאָג, ווען די קאָמונען פון פראַנקרייך וועלען זיך אויפהויבען, ווען דאָס פאָלק ניט מעהר דאַרפען אויסקלייבען קיין רעגירונג, אום צו ערוואַר־טען פון איהר דעם בעפעהל פאַר די רעוואָלוציאָנערע מאַסרעגלען, וועלכע זיינען נויטוועגדיג. נאָכדעם ווי די האַבגיעריגע פאַראַזיטען וועלען זיין פערניכטעט, ווען דאָס פאָלק צונעהמען דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען רייכטהום און איהם ערקלעהרען אַלס געמיינשאַפטליכעס אייגענטהום, לויט די פרינציפען פון'ם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזמוס. און נאָכדעם ווי די מאַסען וועלען האָבען פאָלשטענדיג פערניכטעט די אינסטיטוציאָנען פון פריוואַט־אייגענטהום, שטאַאט און רעגירונג, וועלען זיי זיך פריי אָרגאַניזירען לויט די נויט־ווענדיגקייטען און בעדירפניסע פון'ם לעבען. אַזוי ווען די מענשהייט צובּרעכען איהרע קייטען און צושמעטערן איהרע פאַלשע געטער; אַ הערליכע צוקונפט ווען זיך אויפטהאָן פאַר איהר, אַ געזעלשאַפט אָהן הערר'ן און אָהן שקלאַפען, און די בעפרייטע מאַס׳ן וועלען זיך דערמאָהנען מיט ליעבע און בעגייסטערונג אָן יענע עדעלע מערטירער, וועלכע האָבען בעצאָהלט פאַר דעם ערשטען פערזוך פון דער אַלגעמיינער בעפּרייאונג מיט זייער בלוט און טויזענדער שרעקליכע ליידען. זייערע געשטאַלטען וועלען אונז צייגען דעם ריכטיגען וועג צו פרייהייט און גליק.



III.

די עפענטליכע פערזאַמלונגען, וועלכע פינדען שטאַט יעדען 18טען מערץ אין דער גאַנצער סאָציאַליס־טישער וועלט, פערדינען אונזער פולע אויפמערקזאַמקייט, ניט נאָר אַלס מאַניפעסטאַציאָנען פון דער פראָלעטארישער אַרמעע, זאָנדערן אַלס אַן אויסדרוק פון די געפיהלען און

שטרעבונגען וועלכע נעהמען דורך די סאָציאַליסטען פון אַלע לענדער. אויף דיזע אַרט קענען מיר בעסער אָבמעסטען די אינערליכע קראַפט פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג ווי דורך אַלע אַנדערע מעטהאָדען, ניט לאָזענדיג זיך בע־איינפלוסען דורך די אונבעשטימטע ערפאָלגען פון דער שטים־קאַסטען־טאַקטיק.

אין דער ווירקליכקייט פייערן די פראָלעטאַריער אין זייערע פערזאַמלונגען אַם 18טען מערץ ניט נאָר דעם העלדישען מוטה פון די פאַריזער אַרבייטער, זיי פער־בריינגען אויך ניט די צייט מיט דעם וואָס זיי פאָדערן ראַכע פאַר די שענדליכע מערדערייען, וועלכע די בורזשואַזיע האָט בעגאַנגען אין מאַי 1871 ; דערמאָהנענדיג זיך אין דעם העלדישען קאַמפף פון זייערע ברידער און שוועסטער אין פאַריז, געהען זיי אין דערזעלבער צייט ווייטער. זיי זוכען אויסצוגעפינען די פעהלער פון דער קאָמונע, ניט דערפאַר אום צו קריטיקירען געוויסע פערזאָנען, נאָר אום צו ערקלעהרען ווי אַזוי די פאָראורטהיילען, וועלכע האָבען דאַמאָלסט נאָך עקזיסטירט אינערהאַלב די פראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציאָנען אין בעצוג צו דעם אייגענטהום און דער אויטאָריטעט, האָבען פערהינדערט, אַז די רעוואָלוציאָנערע אידעען זאָלען זיך קענען פריי ענטוויקלען און בעלייכטען די גאַנצע וועלט מיט זייערע לעבענדיגע שטראַהלען.

די גרויסע לעהרע פון 1871 איז געוועזן אַ געוואַלדיגער נוצען פאַר די פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, זי האָט פערניכטעט די אַלטע פאָראורטהיילע, און די אַרבייטער ווייסען יעצט זעהר גוט דעם אייגענטליכען כאַראַקטער און די אינערליכע נויטווענדיגקייטען פון ז י י ע ר קומענדער רעוואָלוציאָן.

* * *

פון איצט אָן איז זיכער, אַז דער נעכסטער אויפשטאַנד פון די קאָמונען וועט ניט נאָר בלויז זיין אַ קאָמונאַליסטישע

בעוועגונג. די, וואָס גלויבען נאָך אַלס, אַז פריהער דאַרף מען שאַפען אַן אונאַבהייננגיגע קאָמונע, אום שפּעטער דורכצופיהרען אין איהרע מויערן עקאָנאָמישע און סאָצ־יאַלע רעפאָרמען, זיי זיינען שוין לאַנג איבערגעיאָגט גע־וואָרען פון דער ענטוויקלונג פון׳ם פאָלקס־גייסט. מיר ווייסען היינט, אַז די קאָמונען פון דער קומענדער רעוואָ־לוציאָן וועלען נאָר דאַן בעקומען אַ פעסטען פונדאַמענט און אַ זיכערע גאַראַנטיע פאַר זייער אונאַבהייננגיקייט, ווען זיי וועלען אָנווענדען רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע מאַסרעגלען, דורך די אָבשאַפונג פון פריוואַט־אייגענטהום און די פערניכטונג פון אַלע שטאַאַטליכע פאָרמען.

אין דעם טאָג, ווען די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג וועט זיך האָבען אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט, אַז דאָס פאָלק וועט אַוועקראַמען די רעגירונג, און ווען די בורזשואַזיע, וועלכע קען נאָר עקזיסטירען אונטער דעם שוץ פון׳ם שטאַאַט, וועט פערלירען דעם קאָפּ און ניט מעהר ווייסען, וואו זי איז אין דער וועלט, אין דעם טאָג — וועלכער איז פיעל נעהנטער ווי פיעלע שטעלען זיך פאָר — וועט דאָס רע־בעלישע פאָלק ניט אָבוואַרטען, ביז די קלוגשאַפט פון א נייע רעגירונג וועט אויסאַרבייטען און דורכפיהרען בע־שטימטע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע רעפאָרמען. ניין, דאָס פאָלק וועט אַליין אָבשאַפען דעם פריוואַט־אייגענטהום דורך דער רעוואָלוציאָנערער עקספּראָפּריאַציאָן, און וועט צונעהמען דעם גאַנצען סאָציאַלען רייכטהום, וועלכער האָט זיך אָנגעזאַמעלט דורך די אונערמידליכע אַרבייט פון די פערגאַנגענע גענעראַציאָנען. דאָס פאָלק וועט זיך ניט בעגנוגען צו עקספּראָפּריאירען די אייגענטהימער, וועלכע האָבען מאָנאָפּאָליזירט דעם גאַנצען סאָציאַלען רייכטהום אָהן אַ שום רעכט, דורך פּאַפּירענע בעשליסע און אונ־פרוכטבאַרע געזעצליכע דעקרעטען, ניין, דאָס פאָלק וועט באַלד צונעהמען אַלצדינג, עס וועט זיך בענוצען מיט די

אַלגעמיינע רייכטהימער און בעווייזען דורך דער טהאַט, אַז עס האָט אַ רעכט אַזוי צו האַנדלען. די אַרבייטער וועלען אַליין אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן אין די פֿאַבּ־ריקען און וואָרקשאָפּס; זיי וועלען איבערבייטען די איינגע, שמוציגע לעבער, וואו זיי האָבען פֿריהער געוואוינט, אויף די געזונדע הייזער און וואוינונגען פֿון די קאַפּיטאַליסטען. אין אַלע שטעדט וועלען די אַרבייטער ערקלעהרען דעם געזעלשאַפֿטליכען רייכטהום אַלס געמיינשאַפֿטליכעם און קאָמונאַלעס אייגענטהום און וועלען זיך בענוצען מיט איהם, פּונקט ווי די בורזשואַזיע וואָלט עס קיינמאָל פֿון זיי ניט אַוועקגע׳גנב׳ט. און ווען די אַריסטאָקראַטען פֿון דער אינ־דוסטריע, וועלכע רויבען אַוועק פֿון דעם אַרבייטער די פֿרוכט פֿון זיין אַרבייט, ווען זיי וועלען שוין מעהר ניט זיין די בעזיצער פֿון די פֿאַבריקען און מאַגאַזינען, די בעזיצער פֿון אַלע רייכטהימער, דאַן וועט די פּראָדוקציאָן רוהיג קענען אָנגעהן, דען זי וועט זיך גרינדען אויף די פֿרייע אַרבייט און זיך צופּאַסען צו די פֿאָדערונגען און בעדירפֿניסע פֿון׳ם פּראַקטישען לעבען. „קיינמאָל האָט מען אין פֿראַנקרייך ניט אַזוי פֿלייסיג געאַרבייט" — שרייבּט דער בעקאַנטער פֿראַנצויזישער היסטאָריקער מישלע — „ווי אין 1793, נאָכדעם ווי מען האָט צוגענומען די ערד פֿון די פֿעאָדאַל־בעזיצער". — און קיינמאָל, זאָגען מיר, האָט מען נאָך ניט אַזוי פֿלייסיג געאַרבייט, ווי מען ווען אַרבייטען אין דעם טאָג ווען די אַרבייט וועט ענדליך זיין בעפֿרייט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג, און ווען יעדער פֿאָרטשריט פֿון׳ם אַרבייטער וועט זיין אַ נייע קוועלע פֿאַר דעם וואָהלזיין פֿון דער גאַנצער קאָמונע.

***

וואָס אָנבעלאַנגט דעם סאָציאַלען רייכטהום, האָט מען פֿערזוכט צו מאַכען אַ געוויסען אונטערשייד, און צוליעב דיזען אונטערשייד איז מען זאָגאַר געגאַנגען אַזוי וויים צו שפּאַלטען

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין צוויי פערשידענע לאַגערם. יענע ריכטונג, וועלכע רופט זיך היינט קאָלעקטיוויסטיש,*) מיט דעם וואָס זי וויל פערנעהמען דעם פּלאַץ פון דעם קאָלעקטיוויזמוס פון דער אַלטער „אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן" (וועלכע האָט אונטער דיזען וואָרט קיין אַנדער זאַך ניט פערשטאַנען ווי דעם אַנטי־אויטאָ־ריטערען קאָמוניזמוס) דורך אַ מין דאָקטרינערען קאָלעק־טיוויזמוס פערזוכט צו מאַכען אַן אונטערשייד צווישען דעם קאַפּיטאַל, וועלכער איז נויטווענדיג פאַר דער פּראָ־דוקציאָן, און דעם רייכטהום, וועלכער דינט צו בעפרידיגען די בעדירפניסע פון'ם לעבען. די מאַשינען, פאַבריקען, רוי־שטאָפען, אייזענבאַהנען און דאָס לאַנד בעלאַנגען צו דער ערשטער אָבטהיילונג; די וואוינונגען, די פאַרטיגע פּראָדוקטען, די קליידער און לעבענס־מיטעל בעלאַנגען צו דער צווייטער אָבטהיילונג. לויט די לעהרען פון דיזער ריכטונג בעלאַנגען די ערשטע צו דער אַלגעמיינהייט; זיי דאַרפען זיין קאָלעקטיוועס אייגענטהום, נאָר די לעצטע מוזען בעטראַכטעט ווערען אַלס פּריוואַט־אייגענטהום.

מען האָט פערזוכט צו שאַפען אַ וויסענשאַפטליכע גרונד־לאַגע פאַר דיזע אונטערשיידונג; אָבער דער געזונדער פערשטאַנד פון'ם פאָלק האָט באַלד אויסגעפונען, אַז דיזע טהעאָריען האָבען ניט קיין פּראַקטישען ווערטה, און דאָס עס איז אַ זאַך דער אונמעגליכקייט זיי צו פערווירקליכען. זייענדיג אונקלאָהר און אונבעשטימט אין דער טהעאָריע, מוזען דיזע אידעען באַלד דורכפאַלען, ווי באַלד זיי בע־ריהרען זיך מיט'ן פּראַקטישען לעבען. דער אַרבייטער האָט פערשטאַנען, אַז דאָס הויז, אין וועלכען מיר וואוינען, די קוילען און די גאַז, וועלכע מיר פערברענען, די נאַהרונג, וועלכע האַלט אויף דעם מענשליכען אָרגאַניזמוס, די

*) אין פראַנקרייך רופען זיך די זאָגענאַנטע געדיסטען אָדער מאַרק־סיסטען קאָלעקטיוויסטיש. (דער איבערזעצער.)

קליידונג, מיט וועלכע דער מענש בעשיצט דעם קערפּער זיינעם, דאָס בוך, אין וועלכען מיר זוכען בעלעהרונג, זאָגאַר די לוקסוס־זאַכען, מיט וועלכע מיר בענוצען זיך, דאָס אַלעס איז פּונקט אַזוי נויטווענדיג פאַר זיין עקזיס־טענץ, פאַר דעם ערפאָלג פון דער פּראָדוקציאָן און פאַר די ווייטערע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט ווי די מאַ־שינען און פאַבריקען, די רוי־שטאָפען און אַנדערע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. די אַרבייטער וויסען גאַנץ גוט, אַז די עקזיסטענץ פון דעם פּריוואַט־אייגענטהום פאַר די איבען דערמאָהנטע רייכטהימער איז אין דערזעלבער צייט די ווייטערע עקזיסטענץ פון אונגלייכהייט, אונטערדריקונג און אויסבייטונגען וועלכע וואָלט, באַלד אין אָנפאַנג פער־ניכטעט די רעזולטאַטען פון דער סאָציאַלער עקספּראָפּרי־אַציאָן. דערפאַר לייגען זיי אַלע קאָלעקטיוויסטישע טהעאָריען רוהיג אָן אַ זייט און שטרעבען דירעקט צו די איינפאַכע און פּראַקטישע פאָרמען פון דעם אַנטי־אויטאָריטערען קאָמוניזמוס.

און אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר שוין היינט, אַז די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריער אין זייערע פערזאַמ־לונגען פאָדערן קלאָהר און דייטליך זייער רעכט אויף דעם גאַנצען סאָציאַלען רייכטהום. זיי ערקענען די נויטווענ־דיגקייט אָבצושאַפען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום אין אַלע זיינע פאָרמען — אין דער פּראָדוקציאָן און אין די מיטלען, וועלכע דינען צו בעפרידיגען די אינדיווידועלע בעדירפ־ניסע פון די מענשען. „ווי באַלד עס וועט אויסברעכען די רעוואָלוציאָן, וועלען מיר באַלד צונעהמען אַלע רייכטהימער אין די שטעדט און זיי ערקלעה־ען אלס געמיינשאַפטליכעס אייגענטהום פון אַלע!" אַזוי זאָגען די פיהרענדע שטימען פון די אַרבייטער, און די צוהערער בעשטעטיגען עס דורך זייער איינשטימיגען בייפאַל.

„זאָל יעדער נעהמען פון די פולע מאַגאַזינען, וויפיעל

ער וועט דאַרפֿען, און איהר מענש זיין זיכער, אַז אין די קאָרן־שפּייכלער פֿון אונזערע שטעדט געפֿינט זיך גענוג נאַהרונגס־מיטלען, אום צו שפּייזען אַלע, ביז וואנען די פֿרייע פּראָדוקציאָן וועט זיך אָנפֿאַנגען. אין די קליידער־מאַגאַזינען פֿון אונזערע שטעדט געפֿינען זיך גענוג שטאָפֿען, אום צו בעקליידען אַלע איינוואוינער; דיזע שטאָפֿען און קליידער געפֿינען יעצט קיינע קויפֿער ניט, צוליעב דעם אַלגעמיינעם עלענד. עס איז זאָגאר פֿאַראַנען גענוג לוקסוס־זאַכען, אום יעדער איינער זאָל האָבען א מעגליכקייט אויסצוקלייבען נאָך זיין געשמאַק."

אָט אַזוי שטעלט זיך פֿאָר דאָס פֿאָלק דעם אָנגאַנג פֿון דער רעוואָלוציאָן; דיזער געדאַנק הערט זיך אַרויס פֿון אַלע אַרבייטער־פֿערזאַמלונגען: די באַלדיגע איינפֿיהרונג פֿון דעם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזמוס און די פֿרייע אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער פּראָדוקציאָן; אָט דאָס זיינען דיביידע פּונקטען, וועלכע די פּראָלעטאַריער בעגרייפֿען וואָס ווייטער אַלס דייטליכער, און די קאָמונען וועלען אין דער קומענדער רעוואָלוציאָן, וועלכע איז נעהנטער ווי פֿיעלע גלויבען, געוויס ניט ווידערהאָלען די אַלטע פֿעהלער פֿון זייערע פֿאָר־קעמפֿער, וועלכע האָבען פֿערשפּריצט זייער עדעלעס בלוט, אום דורכצוברעכען אַ וועג פֿאַר דער צוקונפֿט.

* *
*

וואָס אָנבעלאַנגט אַ צווייטען, ניט ווייניגער וויכטיגען פּונקט, נעמליך די פֿראַגע וועגען דער רעגירונג, עקזיסטירט פֿאָרלויפֿיג נאָך ניט די זעלבע איינשטימיגקייט צווישען די מאַסען, נאָר די צייט איז ניט מעהר אַזוי ווייט, ווען די אַלגעמיינע מיינונג וועט אויך אין דיזער בעציהונג זיין אַ פֿעסטע און בעשטימטע.

עס איז בעקאַנט, אַז עס עקזיסטירען געגענווערטיג צוויי גרונד־פֿערשיעדענע אַנזיכטען איבער דיזע פֿראַגע. „מיר מוזען באַלד אַם ערשטען טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן

אָרגאַניזירען אַ רעגירונג, וועלכע זאָל אַריינגעהמען די גאַנצע מאַכט אין איהרע הענד"—אַזוי זאָגען די אָנהייגער פון איין ריכטונג. „דיזע שטאַרקע, מעכטיגע און ענטשלאָסענע רעגירונג וועט די רעוואָלוציאָן דורכפיהרען, מיט דעם וואָס זי וועט אַרויסלאָזען איהרע דעקרעטען און בעשטי־מונגען און זיך פערשאַפען נעהאָרכזאַמקייט דורך דער געוואַלד".

„איהר האָט אַ טעות!" זאָגען די אַנדערע. „יעדע צענט־ראַלע געוואַלד, וועלכע האָט די אויפגאַבע צו רעגירען אַ פאָלק, איז אונגליקליכער ווייזע צוזאַמענגעזעצט פון גאַנץ פערשיעדענע עלעמענטען, און ווייל דאָס הערשאַפטס־פרינציפּ איז שטענדיג געווען דער טויט פון יעדער פרייער איניציאַטיווע פון די מאַסען, פאָלגליך איז אַזאַ רעגירונג דער גרעסטער הינדערניס פאַר דער ענטוויקלונג פון דער רעוואָלוציאָן. פאַר יענע קאָמונען, וועלכע זיינען בעריים צו געהן פאָרווערטס, איז אַ צענטראַלע רעגירונג דער גרעסטער שאָדען, אָבער זי איז אויך ניט אומשטאַנדע אריינצוגעבען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט צו די געמיינדעס, וועלכע זיינען וויניגער פראָגרעסיוו און פאָרטגעשריטען.— אין דער זעלבער צייט וועט זי זיין אַ שטענדיגער הינ־דערניס אינערהאַלב דער רעוואָלוציאָנערער קאָמונע אַליין. אָדער די קאָמונאַלע רעגירונג וועט בעשריינקען איהר גאַנצע טהעטיגקייט אויף די געזעצליכע בעשטעטיגונג פון אַזעלכע האַנדלונגען, וועלכע זיינען פראַקטיש שוין דורכגעפיהרט געוואָרען—אויב אַזוי איז זי אַ העכסט איבערפליסיגע און געפעהרליכע אינסטיטוציאָן—אָדער אָבער זי וועט שטענדיג וועלען שטעהן אָן דער שפּיצע פון אַלע בעוועגונגען, און אויב אַזוי, וועט זי בעשטימען אַזעלכע זאַכען, וועלכע דאַר־פען זיך צוערשט פריי ענטוויקלען אין'ם פאָלק, אום זיי זאָלען זיין לעבענס־פעהיג. זי וועט אָנווענדען טהעאָריען, אין דער צייט ווען די גאנצע געזעלשאַפט, ווען דער

שאַפענדער גייסט, וועלכער ענטוויקעלט זיך יעדעס מאָל אין דעם סאָציאַלען אָרגאַניזמוס, ווי באַלד די אונטערדריקטע צוברעכען זייערע קייטען און עפענט אויף פאַר זייערע אויגען אַ נייען, ווייטען האָריזאָנט, וועט דאַרפען אויסגעפינען נייע פאָרמען פאַר דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. די מענער פון דער רעגירונג וואָלטען ניט מעהר געווען ווי אַ הינדערניס פאַר דיזע אינערליכע ענטוויקלונג, זיי וואָלטען קיינמאָל ניט אימשטאַנדע געווען אויפצוטהאָן כאָטש אַ קליינעם טהייל פון דעם, וואָס זיי וואָלטען ווירקליך געקענט אויפטהאָן, ווען זיי וואָלטען פערבליבען צוזאַמען מיט די מאַסען, אַנשטאָט זיך אָבצושליסען פון׳ם פאָלק אין די איינגע ביוראָס און צו פערלירען זייער קראַפט מיט פרוכטלאָזע דעבאַטען. דערפאַר איז אַזאַ רעגירונג ניט מעהר ווי אַ הינדערניס, אַ געפאַהר, קיין גוטס קען פון איהר ניט אַרויסקומען, נאָר זי איז אַ גינסטיגער באָדען פאַר די ענטוויקלונג פון אַלע שלעכטע און שעדליכע קרעפטע, און דערפאַר האָט זי קיין רעכט ניט צו עקזיסטירען."

ווי ריכטיג און נאַטירליך דיזער אַרגומענט זאָל ניט זיין, האָט ער אָבער דאָך זעהר פיעל צו קעמפפען מיט די אַלטע פאָראורטהיילען, וועלכע זיינען ענטוויקעלט און איינגעוואָרצעלט געוואָרען אין די מענשליכע הערצער זייט יאָהרהונדערטע פון די, וואָס זיינען דירעקט פעראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פון דעם רעגירונגס־אַבערגלויבען, צוזאַמען מיט דעם אַבערגלויבען אָן גאָט און פריוואַט־אייגענטהום.

דיזער פאָראורטהייל—דער לעצטער פון דער רייהע: גאָט, אייגענטהום און רעגירונג—עקזיסטירט נאָך אַלץ און איז אַ גרויסע געפאַהר פאַר דער קומענדער רעוואָלוציאָן. אָבער טראָץ דעם קענען מיר שוין יעצט זעהן, ווי דיזע פאַלשע אידעע פערלירט ביסלעכווייז איהר אַמאָליגען

איינפּלוס אויף די מאַסען. „מיר ווילען אַליין בעזאָרגען אונזערע אָנגעלעגענהייטען, מיר וועלען ניט וואַרטען אויף די בעפעהלען פון דער רעגירונג, מיר וועלען אַוועקמאַכען מיט אַלע די, וועלכע וועלען זיך פאָרשטעלען פאַר אונז אַלס פּאַפּען, קאַפּיטאַליסטען און רעגירער!" אזוי זאָגען שוין היינט פיעלע פּראָלעטאַריער. און ווען די אַנאַרכיסטען וועלען פאָרטזעצען זייער קאַמפּף געגען דעם אַבערגלויבען פון שטאַאַט און רעגירונג, ווען זיי וועלען אַליין ניט אַראָבגעהן פון וועג און וועלען ניט נעהמען קיין שום אַנטהייל אין דעם קאַמפּף פאַר די ערובערונג פון דער עפענטליכער מאַכט, דען קענען מיר האָפען, אַז אין דער קורצער צייט, וועלכע בלייבט אונז נאָך ביז צום אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן, וועט דיזער אַלטער פאָראורטהייל, דיזער פינסטערער אַבערגלויבען אָן די נויטוועדיגקייט פון'ם שטאַאַט אויף אזוי פיעל אָבגעשוואַכט זיין, אַז ער וועט מעהר ניט קענען אַראָבפיהרען די אַרבייטער פון'ם ריכטיגען וועג.

* * *

אָבער טראָץ דעם גיט עס נאָך אַלץ אַ פראַגע, וועלכע איז ליידער זעהר שטאַרק פערנאַכלעזיגט געוואָרען אין די פאָלקס־פעראיינינגונגען, וועלכע מיר האָבען פריהער פער־זוכט צו כאַראַקטעריזירען. איך רעדט יעצט פון דער בויער־ן־פראַגע, פון וועלכער מען הערט כמעט קיין וואָרט ניט דערמאָהנען אין די עפענטליכע פערזאַמלונגען. די גאַנצע אַגיטאַציאָן בעשריינקט זיך אויף די איינוואוינער פון די שטעדט, און עס קומט כמעט אויס, אז פאַר די אַרבייטער עקזיסטירט דער בויער איבערהויפּט ניט. זאָגאַר די רעדנער, ערקלעהרענדיג דעם כאַראַקטער פון דער קומענדער רעוואָלוציאָן, מיידען אויס צו ריידען וועגען די בויערן און וועגען דער ערד. די מייסטע פון זיי קענען גאָר ניט דעם בויער און האָבען ניט דעם מוטה צו ריידען

אין זיין נאָמען. דאַרפֿען מיר ערשט ערקלעהרען, וואָס פֿאַר אַ געפֿאַהר עס קען ענטשטעהן צוליעב דיזער פֿער־נאַכלעסיגונג? די בעפֿרייאונג פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט איז איבערהויפּט אונמעגליך, אויב די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג וועט ניט דורכנעהמען די דערפֿער. דער אויפֿשטאַנד פֿון די שטעדט וואָלט ניט אָנגעהאַלטען קיין יאָהר צייט, ווען ער זאָל ניט אונטערשטיצט ווערען דורך די רעוואָלטען פֿון די בויערן. ווען מען וועט אָבשאַפֿען די שטייערן, די היפּאָטעקען, די אָבגאַבען פֿאַר די בענוצונג פֿון דער ערד און אַלע אַנדערע איינריכטונגען, וועלכע דריקען און שטיקען דעם בויער, דאַן וועלען אויך די דאָרף־קאָמונען גאַנץ זיכער אָנהויבען צו בעגרייפֿען דעם גרויסען נוצען פֿון דער רעוואָלוציאָן. אָבער עס וואָלט געווען אונזיניג צו רעכנען אויף די סימפּאַטהיע און די הילפֿע פֿון די בויערן, ניט אָנפֿיה־ענדיג קיין רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען זיי. עס איז אונבעדינגט נויטוועגדיג, מיר זאָלען שוין היינט וויסען, וואָס דער בויער וויל, ווי אַזוי מען נעהמט אויף די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציאָן אין די דערפֿער, און ווי אַזוי מען קען לייזען די שווערע פֿראַגע וועגען דעם גרונד־אייגענטהום. מיר מוזען דעם לאַנד־אַרבייטער ערקלעהרען די ציעלען פֿון זיינע ברידער, די אינדוסטריע־אַרבייטער, אום ער זאָל בעגרייפֿען, אַז דיזער קאַמפּף וועט איהם ניט ברייגגען קיין שאָדען. און פֿון דער צווייטער זייט איז נויטוועגדיג, אַז דער שטאָדט־אַרבייטער זאָל רעספּעקטירען דעם בויער און מאַרשירען מיט איהם שולטער אָן שולטער.

אָבער אום צו עררייכען אַזאַ צושטאַנד, איז נויטוועגדיג, אַז די אַרבייטער פֿון די שטעדט זאָלען העלפֿען מיט אַלע מיטלען צו פֿערשפּרייטען די סאָציעליסטישע און רעוואָלוציאָנערע אידעען אין די דערפֿער. עס איז וויכטיג, אַז אין יעדער שטאָדט זאָל עקזיסטירען אַ בעזונדערע אָרגאַניזאַ־

ציאָן, אַסעקציאָן פֿון דעם בונד פֿאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די לאַנד־אַרבייטער; דען דיזע פּראָפּאַגאַנדאַ איז פֿון דערזעלבער וויכטיגקייט ווי די אַגיטאַציאָן אין די צענטערס פֿון דער אינדוסטריע.

אמת, דער אָנפֿאַנג וועט זיין אַ שווערער. אָבער לאָמיר ניט פֿערגעסען, אַז דאָ האַנדעלט זיך אום דעם ערפֿאָלג פֿון דער רעוואָלוציאָן. די רעוואָלוציאָן וועט נאָר דאַן זיין אַ זיעגרייכע, ווען די פֿאַבריק־אַרבייטער וועלען געהן האַנד אין האַנד מיט די בויערן, אום צו ערקעמפֿפֿען די פֿרייהייט פֿאַר אַלע, אום צו שאַפֿען גליק און וואָהלזיין אין די קליינע הייזלאַך פֿון די בויערן פּונקט ווי אין די גרויסע פֿאַבריקען פֿון דער אינדוסטריע.





XII.

# די אגרארישע פראגע.

## I.

איינע פון די וויכטיגסטע פראגען בעשעפטיגט געגענווערטיג די גייסטער פון אייראפא: די אגרארישע פראגע, די פראגע איבער דער לאנדווירטשאפט, וואס פאר נייע פארמען דאס גרונד־איינענטהום און די קולטיווירונג פון דער ערד וועלען אננעהמען אין דער צוקונפט.

צו וועמען זאל די ערד בעלאנגען? ווער דארף איהר בעארבייטען, און ווי אזוי דארף מען איהר בעארבייטען?

יעדער איינער, וועלכער האט זיך אויפמערקזאם צוגעקוקט צו די פאסירונגען אין אירלאנד, ענגלאנד, שפאניען, איטאליען און אין געוויסע טהיילען פון רוסלאנד און דייטשלאנד, וועט צוגעבען, אז דיזע פראגען בעלאנגען צו די וויכטיגסטע פראבלעמען פון אונזער צייט. אין די ארעמע דערפלאך מיט זייערע בויערן און פעלד־ארבייטער, וועלכע מען האט ביז יעצט בעטראכטעט אלס איינע פון די נידריגסטע קלאסען אין דער געזעלשאפט, אין יענע דערפלאך ענטוויקעלט זיך ביסלעכווייז א געוואלדיגע רעוואלוציאן.

דער הויפט־ארגומענט, מיט וועלכען די געגנער פון סאציאליזמוס האבען זיך ביז יעצט געקענט בענוצען, איז

געוועזען די בעהויפּטונג, אַז די סאָציאַלע פראַגע פּעראינטע־רעסירט נאָר די אַרבייטער אין די שטעדט, אַז דיזע פראַגע האָט פאַר די לאַנד־אַרבייטער ניט דעם קלענסטען ווערטה, און אָבוואָהל די אידעע פון דער אָבשאַפונג פון פּריוואַט־אייגענטהום און פון דער סאָציאַלער עקספּראָפּריאַציאָן האָט אַרויסגערופען די בעגייסטערונג און צושטימונג פון די אינדוסטריע-אַרבייטער, האָט דיזע אידעע אָבער ניט געמאַכט דעם גרינגסטען איינדרוק אויף דאָס לאַנד־פּראָלעטאַריאַט. די בויערן און לאַנד־אַרבייטער—אַזוי זאָגט מען אונז—ווילען ניט וויסען פון די סאָציאַליסטען, און אויב די אַרבייטער אין די שטעדט וועלען אין אַ שעהנעם טאָג מאַכען דעם פּערזוך צו פּערווירקליכען די סאָציאַליסטישע אידעען, וועלען די לאַנד־אַרבייטער באַלד אָבקיהלען זייער בעגייסטערונג און זיי צוריקפיהרען אויף'ן רעכטען וועג.

מיר מוזען צוגעבען, אַז מיט פערציג אָדער פופציג יאָהר צוריק האָט דיזער אַרגומענט געהאַט אַ געוויסע בערעכ־טיגונג, אַם ווייניגסטען פאַר געוויסע לענדער. אין איין געגענד האָבען די בויערן געלעבט אונטער גינסטיגע אומ־שטענדען, אין אַ צווייטער געגענד האָבען זיי געטראָגען זייערע ליידען מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּ און אַ שטומפּער אונטערוואָרפענהייט, און אַזוי האָט מען ווייניג וואָס גע־הערט, אַז זיי זיינען אונצופרידען געוועזען מיט זייער לאַגע. אָבער היינט האָט זיך די געשיכטע אין גאַנצען איבערגע־ביטען. דורך די קאָנצענטראַציאָן פון דעם גרונד־אייגענ־טהום אין די הענד פון ווייניגע רייכע גרונד־בעזיצער, וועלכע האָבען אַוועקגערויבט דאָס לאַנד פון די בויערן, האָט זיך ענטוויקעלט אַ שטאַרקער לאַנד־פּראָלעטאַריאַט; די שווערע אָבגאַבען, וועלכע דער שטאַאַט האָט אַרויפ־געלייגט אויף די לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקציאָן, די איינפיהרונג פון דער מאַשינעריע אין דער לאַנדווירט־שאַפט, די קאָנקורענץ פון אַמעריקאַ און אויסטראַליען און

די גיבע פערשפרייטונג פון די אידעען און געדאַנקען, וועלכע דערגרייכען היינט דעם קלענסטען דערפעל, דיזע אַלע אומשטענדען האָבען אַרויסגערופען זייט די לעצטע דרייסיג ביז פערציג יאָהר אַ פאַלשטענדיגע איבערבייטונג אין די לאַנד־ווירטשאַפטליכע פערהעלטניסע. היינט עקזיסטירט שוין אין אייראָפּא אַ מעכטיגע בעוועגונג פון די לאַנדארבייטער, און דיזע בעוועגונג גיט דער קומענדער רעוואָלוציאָן פיעל מעהר קראַפט און בעדייטונג, ווי וואָלט געהאַט, ווען די בעוועגונג וואָלט נאָר בעשריינקט געוועזען אויף די גרויסע שטעדט.

ווער האָט ניט געלייענט די מערקווירדיגע נייעס פון אירלאַנד? מיט אַ קורצע צייט צוריק האָט אַהעלפט פון דער בעפעלקערונג אָנגעפיהרט דעם אויפשטאַנד געגען די רייכע לענדלאָרדס און גרונדבעזיצער.

די בויערן האָבען זיך אָבגעזאָגט צו בעצאָהלען זייערע אָבגאַבען צו די גרונד־בעזיצער, און אפילו די, וואָס האָבען נאָך געוואָלט בעצאָהלען, האָבען עס ניט געוואַגט, דערפאַר וואָס זיי האָבען מורא געהאַט פאַר די „איירישע לענד פראָטעקשען ליג“, דיזע מעכטיגע געהיימע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט געהאַט איהרע גרופען אין אַלע דערפער, אום צו בעשטראָפען די יעניגע, וועלכע האָבען ניט געפאָלגט איהרע פאָדערונגען: ניט צו בעצאָהלען קיין רענט און קיינע אָבגאַבען צו די גרונד־בעזיצער. די לענדלאָרדס האָבען מורא געהאַט צו פאָדערן די געלדער. דען אום איינצומאָהנען די רענט, וועלכע מען האָט זיי געשולדעט, וואָלטען זיי אַם וועניגסטען געדאַרפט 100.000 פאָליציסטען, און דאָס וואָלט זיכער אַרויסגערופען אַ גאַנצען אויפשטאַנד. ווען אַ גרונד־בעזיצער האָט געוואָלט אַרויסטרייבען אַ בויער פון זיין הייזעל, דערפאַר וואָס ער האָט ניט געצאָהלט קיין רענט, האָט ער געדאַרפט שיקען ניט וויניגער ווי 100 פאָליציסטען, אום צו ברעכען דעם

אַמאָל פּאַסיווען און אַמאָל בעוואַפּענטען ווידערשטאַנד פון עטליכע טויזענד בויערן, וועלכע זיינען באַלד געקומען העלפען זייער קאַמעראַד. און ווען עס האָט איהם שוין יאָ געלונגען דעם בויער אַרויסצוטרייבען, האָט ער זיכער ניט געפונען קיין צווייטען, וועלכער זאָל זיך דערוועגען צו דינגען פון איהם די פערלאָזענע פאַרם. און ווען עס האָט זיך שוין יאָ געפונען אַ בויער, וועלכער האָט זיך אַריינ־געצווינגען אין אַזאַ פאַרם, איז ער באַלד געצוואונגען געווען זיך אָבצוטראָגען פון דאָרטען, דען מען האָט אַרויסגעלאָזט די בהמות זיינע פון די שטאַלען, פערברענט דאַס קאָרן און די „ליג" אָדער אַנדערע געהיימע געזעלשאַפטען האַ־בען איהם אַליין פעראורטהיילט צום טויט. פאַר די לענד־לאָרדס איז די לאַגע וואָס ווייטער אַלץ ערגער געוואָרען. אין מאַנכע געגענדען האָט דאַס לאַנד פערלאָרען ביז 75 פראָצענט פון איהר אַמאָליגען ווערטה, און אין אַנדערע טהיילען פון אירלאַנד האָט נאָר נאָך עקזיסטירט דער נאָ־מען פון דעם גרונד־בעזיצער, דען אין דער ווירקליכקייט האָט ער מעהר קיין מאַכט ניט געהאַט; די לענד־לאָרדס האָבען אפילו מורא געהאַט צו בעזוכען זייער אייגענע לאַנד, אָדער זיי האָבען מיטגעבראַכט שטאַרקע אָבטהיי־לונגען פּאָליציסטען, וועלכע האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין די אייזערנע וועכטער־הייזלאַך פאַר די טהויערען. די פעל־דער זיינען ניט בעאַרבייט געוואָרען; אין 1879 האָט זיך דער שטח פון דער קולטיווירטער ערד פערקלענערט מיט 35.000 העקטאַר, און לויט די בעריכטען פון דעם „Financial Reformer" האָבען די לענדלאָרדס פערלאָרען ניט ווייניגער ווי 250 מיליאָן פראַנק.

די לאַגע איז געווען אַזוי ערנסט, אַז דער ענגלישער פרעמיר מיניסטער גלאַדסטאָן, איידער ער האָט זיך גע־זעצט אויף'ן ביינקעל, האָט געגעבען די פערטרעטער פון אירלאַנד דעם פאָרמאַלנעם פערשפּרעכען, אַז ער וועט

פֿאָרלייגען דעם פּאַרלאַמענט אַ געזעץ, וועלכעס זאָל צווינ־גען די אַלטע גרונדבעזיצער אָבצוגעבען זייער לאַנד צו־ליעב דעם אַלגעמיינעם וואָהלזיין פֿון די בויערן; דאָס לאַנד זאָל ערקלעהרט ווערען אַלס נאַציאָנאַלעס אייגענטהום און פֿערקויפֿט ווערען צום פֿאָלק, וועלכעס זאָל בעצאָהלען דעם ווערטה אין 25 יעהרליכע אָבצאָהלונגען.

זעלבסטפֿערשטענדליך האָט אַזאַ געזעץ קיינמאָל ניט געקענט קריגען די צושטימונג פֿון'ם ענגלישען פּאַר־לאַמענט, דען דאָס וואָלט אין דערזעלבער צייט געהייסען אַ טויט־קלאַפּ פֿאַר די ענגלישע גרונדבעזיצער. דער גע־דאַנק, אַז דיזע פֿראַגע קען געלייזט ווערען אויף אַ פֿריד־ליכען און געזעצליכען אופֿן, איז איינפֿאַך לעכערליך. עס איז מעגליך, אַז עס וועט זיך דער רעגירונג נאָך אַמאָל איינגעבען צו פֿערהינדערן אַן אַלגעמיינעם בויערן־אויפֿ־שטאַנד, אַזוי ווי עס האָט איהר געלונגען אין 1846; אָבער די אַלגעמיינע לאַגע וועט זיך דורך דעם ניט פֿערבעסערן, פֿערקעהרט, זי וועט נאָך ווערען ערגער, און מען דאַרף ניט זיין קיין נביא, אום צו זאָגען אין פֿאָראויס, אַז דער טאָג איז ניט מעהר ווייט, ווען די בויערן אין אירלאַנד וועלען ענדליך פֿערלירען די געדולד נאָך לענגער איבערצוטראָגען אַלע ליידען און שמערצען. ווי באַלד עס וועט זיך נאָר מאַכען אַ מאָמענטאַנער קריזיס אין דעם ענגלישען רע־גירונגס־סיסטעם, וועלען זיך די בויערן פֿון אירלאַנד, אונ־טערשטיצט דורך די געהיימע געזעלשאַפֿטען און פֿון דער אַגראַרישער מיטעל־קלאַס, וועלכע ווינשט אַ נייע רעוואָ־לוציאָן ווי אין 1793 צו גונסטען איהרע אייגענע אינטע־רעסען, אויפֿהויבען געגען זייערע אונטערדריקער. זיי וועּ־לען פֿערברענען די שלעסער פֿון זייערע הערן און צו־נעהמען די פֿרוכט; ערשט דאַן ווען זייערע אונטערדריקער וועלען זיין אַנטלאָפֿען, און ווען די קינסטליכע גרענעצען וועלען אויסגעמעקט ווערען, ערשט דאַן וועט זיך דער בויער

קענען בענוצען מיט דער ערד, נאָך וועלכע ער האָט גע־בײנקט זייט יאָהרען און יאָהרען.

* * *

אויך אין שפּאַניען זיינען די אומשטענדען און די אַל־געמיינע לאַגע פון די בויערן גאַנץ עהנליך ווי אין איר־לאַנד. אין די פּראָווינצען אַנדאַלוזיאַ און וואַלענסיאַ, וואו דאָס גאַנצע לאַנד איז דאָס אייגענטהום פון עטליכע רייכע גרונדבעזיצער, גיט עס גרויסע מאַסען פון הונגעריגע בויערן, וועלכע זיינען פעראייניגט אין אָרגאַניזאַציאָנען און פיהרען אָן אַ שטענדיגען און אונבאַרמהערציגען קריעג געגען זייערע גרונדבעזיצער. אין אַ פינסטערע נאַכט לאָזט מען אַרוים די סטאַדעס פון די שטאַלען, מען פער־ברענט די בוים־פלאַנצונגען און די קאָרן־שפּייכלער פון די גרונדבעזיצער, און די יעניגע, וועלכע גיבען איבער דער רעגירונג די פעראורזאַכער פון דיזע טהאַטען, פאַלען דורך דעם מעסער פון די געהיימע געזעלשאַפטען, פונקט ווי די בעאַמטע פון׳ם שטאַאַט, וועלכע דערוועגען זיך זיי צו פערפאָלגען. אין דער פּראָווינץ וואַלענסיאַ פיהרען די קליינע בויערן אָן אַ שטענדיגען ווידערשטאַנד און ענט־זאַגען זיך צו בעצאָהלען די אָבגאַבען זייערע, און וועה איז צו דעם, וועלכער רעספּעקטירט ניט די אַלגעמיינע פער־פליכטונגען. אַ מעכטיגער געהיימער בונד דערמאָנט איהם דורך זיינע מאַניפעסטען, וועלכע מען קלעבט אין דער נאַכט אויף די ביימער, אַז יעדער פערראַטה פון דער גע־מיינשאַפטליכער זאַכע וועט גרויזאַם בעשטראָפט ווערען, דורך די פערניכטונג פון די סטאַדעס און פעלדער, און אויב נויטיג, דורך דעם טויט פון דעם פעררעטהער.

אין יענע געגענדען, וואו דאָס לאַנד איז מעהר צוטהיילט, רופט דער שפּאַנישער שטאַאַט אַליין אַרויס די אונצופרי־דענהייט פון די בויערן. די רעגירונג לייגט אַרויף אויף די בויערן און קליינע אייגענטהימער אַזוי פיעל בעזונדערע

שטייערן און אָבגאַבען, אַז די צאָהל פֿון די פֿאַרמס, וועלכע די רעגירונג האָט צוגענומען, און וועלכע זי זוכט עפֿענטליך צו פֿערקויפֿען, ניט געפֿינענדיג קיינע קויפֿערס, בעטרעפֿט אַם וויינִיגסטען עטליכע צעהנדליג טויזענד. אין מאַנכע געגענדען זיינען די בויערן פֿאָלשטענדיג רואינירט געוואָרען, און דער הונגער מאַכט, אַז די בויערן שליסען זיך צוזאַמען און רעוואָלטירען געגען די שטייערן פֿון דער רעגירונג.

דיזעלבע לאַגע געפֿינען מיר אין איטאַליען. אין די מייסטע פּראָווינצען איז דער קליינער בויער אין גאַנצען רואינירט געוואָרען. שמאַכטענדיג אונטער דעם שרעקליכען עלענד, וועלכען דער שטאַאַט האָט איהם פֿעראורזאַכט, קען ער ניט מעהר בעצאָהלען די אָבגאַבען און די רעגירונג נעהמט צו פֿון איהם אָהן רחמנות דעם לעצטען שטיקעל לאַנד. אין פֿערלויף פֿון איין יאָהר האָט די איטאַליענישע רעגירונג צוגענומען ניט וויינִיגער ווי 6644 קליינע בויערן־גיטער, פֿון וועלכע יעדע איז ווערטה געווען 99 פֿראַנק. קען מען זיך שוין וואונדערן, ווען עס געהט אָן אַ שטענדיגער אויפֿשטאַנד אין דיזע פּראָווינצען? אַמאָל איז עס אַ פֿאַנאַטיקער, וועלכער פֿעראייניגט עטליכע טויזענד בויערן אַרום זיך און פּריידיגט זיי אַ מין רעליגיעזען קאָמוניזמוס, און די בויערן האַלטען אַזוי לאַנג צוזאַמען, ביז וואַנען די קוילען פֿון די זעלנער טרייבען זיי פֿונאַנדער; אָן אַנדערשמאָל בעפֿאַלען די איינוואוינער פֿון אַ דאָרף דעם גרויסען גרונדבעזיצער, זיי נעהמען צו דאָס ניט־קולטיווירטע לאַנד און בעאַרבייטען די ערד אויף זייער אייגענעם רעכנונג; און אָפֿט טרעפֿט עס, אַז גאַנצע מאַסען פֿון הונגעריגע פֿעלד־אַרבייטער פֿערזאַמלען זיך פֿאַר׳ן שטאָדהויז און פֿאָדערן ברויט און אַרבייט, ערקלעהרענדיג, אַז ווען מען וועט קיין זאַך ניט טהאָן פֿאַר זיי, וועלען זיי אָנהויבען צו רעוואָלטירען.

דיזע פאַקטען זיינען קיינע אויסנאַהמען, זיינען דען די בויער־רעוואָלטען, וועלכע זיינען אָנגעגאַנגען אין פראַנקרייך ביז צום מאַי 1789, געווען צאָהלרייכער? און דאָך זיינען דיזע רעוואָלטען און אויפשטענדע, אָבוואָהל זיי האָבען זיך אין דער ערשטער צייט ניט אַזוי שטאַרק און ענערגיש מאַניפעסטירט, געווען די איינלייטונג צו דער שפּעטערער רעוואָלוציאָן פון די גרויסע שטעדט.

* * *

אין רוסלאַנד האָט די אַגראַרישע פראַגע אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, אַז זי דערמאָנט אונז אין פיעלע בעציהונגען אָן די לאַגע אין פראַנקרייך פאַר דעם יאָהר 1789. אמת, די פערזענליכע לייבאייגענשאַפט עקזיסטירט ניט מעהר, און יעדע בויערן־געמיינדע בעזיצט אַ געוויסען שטיק לאַנד; אָבער די ערד איז מייסטענטהיילס אַזוי שלעכט און אַזוי קליין, די גרונדשטייער, וועלכע די געמיינדע דאַרף צאָהלען דעם גרונדבעזיצער שטעהט אַזוי ווייניג אין אָנקלאַנג מיט דעם אייגענטליכען ווערטה פון דעם לאַנד, און די אָבגאַבען, וועלכע דער בויער דאַרף צאָהלען דעם שטאַאַט, זיינען אַזוי אונערטרעגליך שווער, אַז דריי פערטעל פון די רוסישע בויערן לעבען אין אַ שרעקליכען עלענד. זייערע מיטלען צום לעבען זיינען אַזוי קאַרג, אַז אַ שלעכטער יאָהר קען אָנמאַכען אַ גאַנצע הונגערס־נויט אין געוויסע געגענדען, וועלכער פערניכטעט דאָס לעבען פון טויזענדער און טויזענדער מענשען.

אָבער דער רוסישער בויער האָט אָנגעהויבען צו רעוואָלטירען געגען דעם טרויעריגען צושטאַנד, אין וועלכען ער געפינט זיך. נייע אידעען און נייע האָפנונגען אויף אַ בעסערע צוקונפט ענטוויקלען זיך אין יענע געגענדען, וועלכע זיינען מעהר פערבונדען דורך די אייזענבאַהנען מיט די גרויסע צענטערס פון דער קולטור. דער בויער האָט נאָר איין וואונש, נאָר איין האָפנונג, ער איז איבער־

ציינט, אַז דורך אירגענד אַ פֿאַסירונג וועט מען אָבשאַפֿען די גרונד־שטייער און איהם צוריקגעבען די ערד, פֿון וועלכע ער בעטראַכט זיך אַלס דעם ריכטיגען אייגענטהי־מער. ווען אַן אַרטהור יונג 1) זאָל היינט וואַנדערן איבער רוסלאַנד, וואָלט ער דאָרטען געקענט הערען דיזעלבע שטימען, דיזעלבע האָפֿנונג'ען, וועלכע ער האָט פֿאַר 1789 געהערט אין פֿראַנקרייך. אין געוויסע פּראָווינצען פֿיהרען די בויערן אָן אַ שטענדיגען קאַמפּף געגען די פּאָמעשטשי־קעס און מען פֿיהלט דאָרט דעם איינפֿלוס פֿון אַ שטאַרקע אַגיטאַציאָן. און ווען די רעגירונג וועט אַמאָל פֿערלירען דעם קאָפּ, ווען אירגענד וועלכע פּאָליטישע פּאַסירונגען וועלען דעסאָרגאַניזירען דעם שטאַאַטס־מעכאַניזמוס, דאַן וועלען מיר זיך גאַנץ געוויס דערלעבען, אַז די בויערן וועלען זיך אויפֿהויבען אין גאַנצע געגענדען און דער פֿייער פֿון דער רעוואָלוציאָן וועט זיך פֿערשפּרייטען פֿון דאָרף צו דאָרף אָהן אַ בעשטימטען פּלאַן און אָהן אַ בעשטימטע אָרגאַניזאַציאָן; 2) און אַזאַ אויפֿשטאַנד, וועלכער קען אָנ־געהן פֿאַר עטליכע יאָהר צייט, וואָלט געווען אַ שרעק פֿאַר דער רעגירונג און אַרמעע, עס וואָלט געווען די איינלייז־טונג פֿון אַ געוואַלדיגער רעוואָלוציאָן, וועלכע וואָלט גענווירקט אויף גאַנץ אייראָפּאַ.

* *
*

ווען מיר זעהען אַלזאָ, אַז די לאַנדווירטשאַפֿטליכע פֿראַ־גע האָט אין די אויבענדערמאָנטע לענדער אָנגענומען אַזאַ געוואַלדיגען כאַראַקטער, ווען מיר מוזען ערוואַרטען, אַז די רעבעלישע בויערן וועלען אין אַ שעהנעם טאָג

---

1) ענגלישער היסטאָריקער, וועלכער האָט געמאַכט גרעסערע ריי־זען אין פֿראַנקרייך, קורץ פֿאַר דעם אויסברוך פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָליציאָן. (דער איבערזעצער).

2) דער יעצטיגער צושטאַנד אין רוסלאַנד בעווייזט, אַז קראָפּאָטקין'ס נביאות זיינען ניט געווען קיין פֿאַלשע. (דער איבערזעצער).

פערשפרייטען דעם פייער פון דער רעוואָלוציאָן אין די פערשידענע טהיילען פון אייראָפּאַ, און ווען די סאָציאַלע עקספּראָפּריאַציאָן פון די גרויסע גרונדבעזיצער וועט אָנ־געהן אין די בעטרעפענדע לענדער אין אַ גרויסען מאַס־שטאַב, מוזען מיר דען ניט אננעהמען, אַז דיזע בעוועגונג וועט האָבען אַ מעכטיגע ווירקונג אויף אַלע זאָגענאַנטע ציוויליזירטע שטאַאַטען אין אייראָפּאַ? גאַנץ געוויס! אין די פאָלגענדע קאַפּיטלען וועלען מיר אונטערזוכען די לאַגע פון דער לאַנדווירטשאַפט אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטש־לאַנד און דער שווייץ און דעם געוואַלדיגען איינפלוס פון אַ נייעם עלעמענט אין דער אַגריקולטור, נעמליך די אינ־דוסטריעלע מעטהאָדע אין דער לאַנדווירשאַפט, וועלכע געהט יעצט אָן אין אַמעריקאַ און אויסטראַליען, און וועלכע האָט שוין אַרויסגערופען אַזוי פיעל קלאָגען דאָ אין ענג־לאַנד; און נאָכדעם ווי מיר האָבען צום שלוס נאָך געהערט די נייע אידעען, וועלכע ענטוויקלען זיך אין די מוחות פון די בויערן אין די אויבענדערמאָנטע לענדער, וועלכע בעטראַכטען זיך אַלס די פעסטונגען פון דער ציוויליזאַציאָן, וועלען מיר זעהן, אַז דיזע פראַגע מאַניפעסטירט זיך געגענוווערטיג אין אַלע לענדער פון אייראָפּאַ, אָבוואָהל איהרע פאָרמען זיינען ניט איבעראַל דיזעלבע, אין רוסלאַנד, אין פראַנקרייך, אין שפּאַניען און איטאַליען, אין ענגלאַנד און איבעראַל. און מיר וועלען זעהען, אַז די יעצטיגע לאַגע איז אַ געפעהרליכע, און אַז די צושטענדע קענען ניט מעהר אָנגעהן לענגער אויף אַזאַ שטייגער. די צייט איז ניט מעהר ווייט, ווען די אַלטע געזעלשאַפטליכע פאָרמען וועלען זיך אין גאַנצען איבערבייטען, אַ נייע אָרדנונג וועט זיך ענטוויקלען אויף דער וועלט, אַ צושטאַנד, וואו דער בויער וועט מעהר ניט זיין דער לעצטער אין דער געזעל־שאַפט, ווען ער וועט זיין אַ מענש גלייך צו אַלע מענשען און האָבען זיין פּלאַץ ביין טיש פון לעבען; אַ געזעלשאַפט,

וואו די דערפֿער ווערען מעהר ניט זיין די פֿינסטערע פונקטען פֿון דומהייט און אונוויסענהייט, זאָנדערן די קוועלען פֿון דעם אַלגעמיינעם גליק און וואָהלזיין פֿון דער מענשהייט.



II.

אין לעצטען קאַפּיטעל האָבען מיר געזעהן, אין וואָס פֿאַר אַ טרויעריגען און אונערטרעגליכען צושטאַנד עס געפֿינען זיך די בויערן און פֿעלד־אַרבייטער אין אירלאַנד, שפּאַניען, איטאַליען און רוסלאַנד. עס איז גאַנץ קלאָהר, דאָס אונטער אַזעלכע אומשטענדען זיינען די רעוואָלטען און אויפֿשטענדע פֿון די בויערן אַ גאַנץ נאַטירליכע און אַלגעמיינע ערשיינונג אין יענע לענדער. אָבער אויך אין די לענדער, וועלכע שטעלצירען פֿאַר דער וועלט מיט זייער קולטור און ציוויליזאַציאָן, אין ענגלאַנד, פֿראַנקרייך, דייטשלאַנד און אפילו אין דער שווייץ איז די לאַגע פֿון'ם בויער אונערטרעגליך שלעכט.

לאָמיר אָננעהמען פֿאַר אַ ביישפּיעל ענגלאַנד. נאָך מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק איז ענגלאַנד געוועזען אַ לאַנד, וואו דער בויער האָט בעאַרבייט זיינע אייגענע פֿעלדער און געמאַכט אַ מענשליכען לעבען. היינט איז ענגלאַנד דאָס קלאַסישע לאַנד פֿון עטליכע אונגעהייער רייכע גרונד־בעזיצער און פֿון אַ האַלב־פֿערהונגערטען, עלענדען לאַנד־פּראָלעטאַריאַט. פֿיער פֿינפֿטעל פֿון דער גאַנצער קולטי־ווירטער ערד, ד.ה. 23,976,000 העקטאַר בעלאַנגען צו אַ קליינע מינאָריטעט פֿון 2,340 גרויסע גרונדבעזיצער. אַ דריט־חלק פֿון גאַנץ ענגלאַנד איז דאָס אייגענטהום פֿון 700 לאָרדען; מאַנכער פֿון דיזע רייכע אַריסטאָקראַטען קען מאַכען אַ רייזע פֿון 30 מיילען אָהנע אַריבערצוטרע־טען דעם גרענעץ פֿון זיין לאַנד; מאַנכער ענגלישער גראַף

בעזיצט אַ גאַנצע פּראָווינץ, וועהרענד די איבריגע ענגלישע גרונדבעזיצער, ד.ה. אַ האַלבע מיליאָן פאַמיליען, מוזען זיך בעגנוגען יעדע מיט אַ דריטעל העקטאַר לאַנד, פונקט גענוג פאַר אַ הייזעל און אַ קליינעם גאָרטען.

2340 פאַמיליען האָבען אַן איינקומען פון 100,000 ביז 10 מיליאָן פראַנק אַ יאָהר. דער הערצאָג פון וועסטמינסטער און דער הערצאָג פון בעדפאָרד געווינען יעדערער 20,000 פראַנק אַ טאָג, דאָס מאַכט העכער 1000 פראַנק די שטונדע; דיזע רייכע פאַראַזיטען פערדינען אין 60 מינוטען צייט אַ גרעסערע סומע, ווי אַן אַרבייטער קען פערדינען וועהרענד אַ גאַנץ יאָהר. און אין דערזעלבער צייט גיט עס הונדערט טויזענדער פאַמיליען פון אָרעמע פעלד־ארבייטער, וועלכע האָרעווען שווער און ביטער פון אין דער פריה ביז ביי נאַכט און פערדינען ניט מעהר ווי 300 ביז 1000 פראַנק אַ יאָהר. דער בויער, דער, וואָס מאַכט די ערד פּרוכטבאַר און ניצליך, פיהלט זיך גליקליך, ווען ער פערדינט 12 ביז 15 פראַנק אַ וואָך, האָרעווענדיג 14 ביז 16 שטונדען אַ טאָג—פונקט אַזוי פיעל, אום ניט צו שטאַרבען פון הונגער.

פון איין זייט זעהן מיר דעם געוואַלדיגען רייכטהום און די וואַהנזיניגע פערשווענדונג פון עטליכע פאַראַזיטען און לייריגגעהער און פון דער צווייטער זייט דאָס שרעקליכע און אונערטרעגליכע עלענד פון די בויערן.

די פּערפאַסער פון „געלעהרטע" ביכער וועלען אייך געוויס דערצעהלען, אַז צו דאַנקען דיזער קאָנצענטראַציאָן פון'ם גרונד־אייגענטהום אין די הענד פון ווייניגע מענשען, איז ענגלאַנד געוואָרען דאָס פּרוכטבאַרסטע און קולטיווירטעסטע לאַנד. די רייכע אַריסטאָקראַטען, וועלכע זיינען אַליין ניט אימשטאַנדע צו בעאַרבייטען זייערע פעלדער, פערדינגען קליינע שטיקער לאַנד צו די פאַרמערס, און דיזע פאַרמערס, וועט מען אייך דערצעהלען, האָבען געמאַכט

פון דיזע שטיקלאך ערד אמת'ע מוסטער פון א ראציאָ־נעלער פעלד־ווירטשאפט.

מיט א צייט צוריק איז דיזע בעהויפטונג געווען אַן אמת'ע, נאָר היינט איז זי ניט מעהר ריכטיג.

אונגעהייער גרויסע שטיקער לאַנד ווערען איבערהויפּט ניט קולטיווירט, מען מאַכט פון זיי גרויסע פּאַרקען, אום דער גרונדבעזיצער זאָל האָבען די מעגליכקייט איינצולאַדען אין הערבסט זיינע געסט פאַר דער יאַגד. טויזענדער מענ־שען וואָלטען געקענט פערדינען זייער ברויט אויף דיזער ערד! אָבער די רייכע לאָרדען אַרט עס ווי די וואַנד; זיי ווייסען שוין ניט מעהר ווי אַזוי צו פערשווענדען זייער רייכטהום, און עס מאַכט זיי פערגניגען צו האָבען אַ ווילדע שטיק לאַנד פאַר דער יאַגד און צו פערהינדערן דעם קולטיווירען פון דער ערד.

ריעזיגע פעלדער, וועלכע זיינען פריהער קולטיווירט געוואָרען, זיינען היינט ניט מעהר ווי גרויסע פוטער־פלע־צער פאר די שעפסען און בהמות. טויזענדער און טויזענ־דער בויערן זיינען פערטריבען געוואָרען פון די רייכע גרונדבעזיצער פון זייערע פעלדער; מען האָט אַוועקגע־רויבט פון זיי די ערד אויף אַ גאַנץ געזעצליכען אופן, און די אַקערס, וועלכע האָבען פריהער געשפּייזט דאָס פאָלק, זיינען איבערגעביטען געוואָרען אין גרויסע לאָנקעס, אום אויפצוהאָדעווען די אָקסען, ד.ה. אום צו פערזאָרגען די רייכע מיט פלייש. די קולטיווירטע ערד אין ענגלאַנד ווערט וויי־ניגער פון טאָג צו טאָג. פון 1868 ביז 1869 האָט עס געגעבען אין ענגלאַנד 1,600,000 העקטאַר קאָרן־פעלדער; היינט*), גיט עס מעהר ניט ווי 1,200,000 העקטאַר**). מיט 15 יאָהר צוריק האָט יעדער העקטאָר לאַנד פּראָדוצירט

*) דיזער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען אין 1880.

**) פערגלייך די צאָהלען, וועלכע די "Times" האָט פערעפענ־טליכט דעם 15טען אָקטאָבער 1880.

26 העקטאָליטער ווייץ אָדער קאָרן, היינט פּראָדוציררט ער נאָר 22 העקטאָליטער.

זאָגאָר די פּאַרמערס, וועלכע בעאַרבייטען 50 ביז 100 העקטאָר לאַנד, און וועלכע פערזוכען אַליין צו ווערען גרונדבעזיצער, אום צו מאַכען אַ בעקוועמען לעבען פון פרעמדער אַרבייט, זאָגאָר זיי געהען היינט צו גרונדע. דורך די האַבגיריגקייט פון די גרויסע גרונדבעזיצער, וועלכע פאָדערן אַלץ גרעסערע סומען פאַר דעם פערדינגען די ערד, זיינען זיי ניט אימשטאַנדע צו פערבעסערן זייער אַרבייטס־מעטהאָדע דורך די נייע טעכנישע ערפינדונגען, אום זיי זאָלען קענען קאָנקורירען מיט אַמעריקאַ און אויסטראַליען. די צייטונגען זיינען שטענדיג אָנגעפילט מיט אַנאָנסען פון פאַרמען, וואָס זיינען צו פערדינגען.

אַ קריטיק פון דעם יעצטיגען צושטאַנד פון דער ענגלישער לאַנדווירטשאַפט לאָזט זיך אויסדריקען אין ווייניגע ווערטער: די גרויסע מאַסע פון דער לאַנד־בעפעלקערונג ווערט פערטריבען פון זייער ערד, און דיזע האַלב־פערהונגערטע מענשען זיינע געצוואונגען צו זוכען הילפע אין די גרויסע שטעדט, אין די צענטערס פון דער אינדוסטריע און אָנצופיהרען אַ קאָנקורענץ אויף לעבען און טויט. די ערד בעלאַנגט צו אַ קליין הייפעל גרונדבעזיצער, וועלכע ציהען אַרויס פון איהר מיליאָנען און מיליאָנען; און דיזע פאַראַזיטען פערברייננגען זייער לעבען מיט ליידיגגעהן און פערשווענדען דעם בלוטיגען שוויים פון די הונגעריגע בויערן און פעלד־אַרבייטער. די קלאַסע פון די פעכטער אָדער פאַרמערס, ד.ה. די יעניגע, וועלכע ווילען זיך ערהאַלטען אַלס קליינע גרונדבעזיצער, ווערען רואינירט דורך די אונגעהייער גרויסע אָבגאַבען און זיינען געצוואונגען צו נעהן האַנד אין האַנד מיט דעם לאַנד־פּראָלעטאַריאַט, אום אַוועקצונעהמען די ערד פון די גרויסע גרונדבעזיצער. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען אין ענגלאַנד האָט צו ליידען

פֿון דיזע אוננאַטירליכע פֿערהעלטניסע אין דער לאַנד־ווירטשאַפֿט.

* * *

וואָס פֿאַר אַ וואונדער איז עס, ווען אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז די „נאַציאָנאַליזירונג פֿון דער ערד" גע־וואָרען די מאָטאָ פֿון אַלע אונצופֿרידענע. די גרויסע „ליג אָף אַגריקולטשור ענד לייבאָור" (פֿעראייניגונג פֿון אַקערבוי און אַרבייט) האָט שוין אין 1869 געפֿאָדערט, דאָס אַלע שטיקער לאַנד פֿון די גרויסע לאָרדען זאָלען ערקלעהרט ווערען אַלס אייגענטהום פֿון דער גאַנצער נאַציאָן. און דיזע אידעע האָט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר פֿערשפּרייט צווישען די מאַסען. אויך די „פֿעראייניגונג פֿון די לאַנד־אַרבייטער", אַן אָרגאַניזאַציאָן מיט 150,000 מיטגלידער, וועלכע האָט נאָך מיט צעהן יאָהר צוריק קיין אַנדער ציעל ניט געהאַט ווי די פֿערהעכערונג פֿון'ם לוין דורך סטרייקס, פֿאָדערט היינט די עקספּראָפּריאַציאָן פֿון די גרויסע גרונדבעזיצער.

די „אייריש פּראָטעקשען ליג" (פֿעראייניגונג צום שוץ פֿון די בויערן אין אירלאַנד) האָט אויך שוין געגרינדעט איהרע אָרגאַניזאַציאָנען אין ענגלאַנד און שאָטלאַנד, און איבעראַל געפֿינט זי אָנהיינגער און סימפּאַטיזירער. מען ווייס אָבער אויך ווי אַזוי דיזע אָרגאַניזאַציאָן וועט האַנדלען. צוערשט וועט זי ערקלעהרען, אַז די „ליג" האָט בעשלאָסען אַראָב־צונעהמען אַ פֿערט־חלק פֿון דער רענט, וועלכע די בויערן דאַרפֿען צאָהלען די גרונדבעזיצער און זי וועט אָנווענדען אַלע מיטלען צו פֿערהינדערן, אַז די יעניגע, וועלכע האַנ־דלען לויט דעם בעשלוס, זאָלען ניט אַרויסגעטריבען ווערען פֿון זייערע פֿאַרמס. שפּעטער, ווען די צאָהל פֿון איהרע אַנהיינגער וועט זיך פֿערמעהרען, וועט זי פּראָקלאַמירען, אַז מען דאַרף דעם גרונדבעזיצער אין גאַנצען ניט צאָהלען קיין רענט, און זי וועט בעוואַפֿנען די בויערן, אום זיי זאָלען

זיין אימשטאַנדע אויסצופיהרען דאָס זייעריגע. און ווי באַלד עס וועט קומען דער גינסטיגער מאָמענט, וועט זי האַנדלען, אַזוי ווי די פראַנצויזישע בויערן האָבען געהאַנדעלט אין 1789—1793; זי וועט בעקעמפפען די רייכע לאָרדען מיט פייער און שווערד און זיי צווינגען זיך צו ענטזאַגען פון דער ערד, פון זייער גרונד־אייגענטהום.

וואָס פאַר אַ נייע פאָרם וועט דאָס גרונד־אייגענטהום אָננעהמען נאָך דיזער רעוואָלוציאָן אין ענגלאַנד? עס איז שווער דיזע פראַגע שוין יעצט צו פערענטפערן; ווייל דער כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציאָן וועט בעשטימט ווערען דורך די קירצערע אָדער לענגערע צייט, וועלכע די רעוואָלוציאָנערע פעריאָדע וועט פערנעהמען און הויפטזעכליך דורך די קראַפט פון דעם ווידערשטאַנד, וועלכען די רעוואָלוציאָנערע אידעען וועלען געפינען אין דעם לאַגער פון דער אַריסטאָקראַטיע און בורזשואזיע. נאָר איין זאַך איז געוויס: ענגלאַנד שטעהט פאַר דער אָבשאַפונג פון דעם אינדיווידועלען גרונד־אייגענטהום, און דער ווידערשטאַנד פון די אַריסטאָקראַטישע און בירגערליכע לאַנד־פערכאַפּער וועט נאַטירליך פערהינדערן, אַז דיזע ענטוויקלונג זאָל קענען אָנגעהן אויף אַ פרידליכען אופן; אויב דאָס ענגלישע פאָלק וועט וועלען אויספיהרען זיין ווילען, וועט זי געצוואונגען זיין צו בענוצען זיך מיט דער געוואַלד.



III.

מיינע פריינדע אין די פראַנצויזישע דערפער וועלען גאַנץ זיכער אַרויספלאַצען מיט אַ געלעכטער, ווען איך וועל זיי דערצעהלען, וואָס מען רעדט וועגען זיי אין יענע שעהנע ביכער, וועלכע די הערען דעפוטאַטען און נאַציאָנאַל־עקאָנאָמען אין די גרויסע שטעדט האָבען אָנגעשריבען. אין

דיזע ביבער פֿערזיבערט מען אונז, אַז כמעט יעדער איינ־
ציגער פֿראַנצויזישער בויער איז אַ רייכער מאַן און פֿאָלקאָמען
צופֿרידען מיט זיין שיקזאַל; מען דערצעהלט אונז, אַז ער
האָט גענוג לאַנד, גענוג בהמות, אַז זיינע פֿעלדער ברייגנען
איהם אַריין שווערעס געלד, און אַז די שטייערן און אָבגאַבען,
וועלכע ער דאַרף בעצאָהלען צום שטאַאַט און די גרויסע
גרונדבעזיצער, איז אַזוי גרינג, אַז ער קען אָבשפּאָרען אַ
היבשע ביסעל געלד יעדעס יאָהר אין באַנק.

איך בין איבערצייגט, אַז די בויערן וועלען מיר ענטפֿערן,
אַז דיזע שרייבער זיינען פוסטע קעפּ, גראָבע יונגען, און
זיי וועלען זיין פֿאָלקאָמען גערעכט.

לאָמיר זיך אַביסעל נעהנטער צוקוקען, צו די עלעמענטען,
ד.ה. צו די 23 ביז 24 מיליאָן מענשען, וועלכע שטעלען
פֿאָר די פֿראַנצויזישע לאַנד־בעפֿעלקערונג; און מיר וועלען
באַלד דערקענען, ווי פֿיעלע פֿון דיזער גרויסער צאָהל
מענשען זיינען עס צופֿרידען מיט זייער יעצטיגער לאַגע
און ווינשען ניט קיין איבערבייט פֿון זייער יעצטיגען
צושטאַנד.

*
* *

צוערשט געפֿינען מיר 8,000 גרויסע גרונדבעזיצער (ד.
ה. אונגעפֿעהר 40,000 פּערזאָן צוזאַמען מיט זייערע פֿאַמי־
ליען), וועלכע בעזיצען גרויסע אימעניעס אין דער פּיקאַרדיע,
אין דער נאָרמאַנדיע און אין אַנזשו, גיטער, וועלכע ברייגגען
זיי אַריין 10.000 ביז 200.000 פֿראַנק אַ יאָהר.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז דיזע הערען האָבען זיך אויף־
קיין זאַך צו בעקלאָגען. אין זומער פֿערברייגגען זיי עטליכע
מאָנאַטן אויף זייערע אימעניעס, און נאָך דעם ווי זיי האָבען
זיך אָנגעפֿילט די קעשענעס מיט די שווער פֿערהאָרעוועטע
גראָשענס פֿון די בויערן און פֿעלד־אַרבייטער, פֿעשווענדען
זיי דאָס געלד אין די גרויסע שטעדט. דאָרטען טרינקען זיי
שאַמפּאַניער־ווייַן פֿון פֿולע גלעזער און פֿערברייגגען די־

צייט מיט פרויען, פאַר וועלכע זיי פערשווערען גאַנצע פערמעגענס; דיזע פאַראַזיטען וואַרפען אַרויס גרעסערע סומען אין איין טאָג, ווי אַ פאַמיליע וואָלט געדאַרפט, אום צו לעבען זעקס מאָנאַט צייט. קיין צווייפעל, דיזע מענשען האַבען זיכער ניט קיין אורזאַכע זיך אויף ווערען צו בע־קלאָגען. זייער איינציגע זאָרג איז די גייסטיגע ענטוויקלונג פון דעם פעלד־אַרבייטער, וועלכער איז היינט ניט מעהר אַזוי געדולדיג און געהאָרכזאַם ווי אין די גוטע אַלטע צייטען, ווען ער האָט געהאָרעוועט און געהונגערט, ניט אויסריידענדיג קיין וואָרט.

פון דיזער זאָרט מענשען וועלען מיר יעצט ניט ריידען. מיט זיי וועלען מיר זיך דורכריידען אין דעם טאָג, ווען די רעוואָלוציאָן וועט זיך אָנפאַנגען.

***

די פראָצענטניקעס, די פיה־הענדלער, די פראָפעסיאָנעלע שווינדלערס, וועלכע בעטריגען דעם בויער ביי יעדער געלעגענהייט, דיזע רויב־פויגעל, וועלכע קומען אין די דערפער מיט ליידיגע קעשענעס, און ווען זיי קומען צוריק אין די שטעדט, זיינען זיי רייכע גרונדבעזיצער און באַנקירען; די יוריסטען און אַדוואָקאַטען, וועלכע מאַכען פון דער קלענסטער קלייניגקייט אַ פראָצעס, די אינזשענערען און די גאַנצע באַנדע פון בעאַמטע, וועלכע פלינדערן די קאַסען פון'ם שטאַאַט און די געמיינדעס, ווען אַ קאָמונע—פער־פיהרט דורך די עצות פון די, וועלכע זיינען דערביי פער־אינטערעסירט געוועזן—האָט זיך פערשולדיגט, דערפאַר וואָס זי האָט אויסגעגעבען גרעסערע סומען, אום אויסצופוצען דעם דאָרף אָדער דאָס הויז פון'ם בירגערמייסטער; דיזע גאַנצע באַנדע פון פאַראַזיטען און ליידינגעהער, וועלכע בייטען אויס די בויערן אויף דעם שענדליכסטען אופן, זיי האָבען נאַטירליך אויך קיין גרונד צו זיין אונצופרידען מיט דעם יעצטיגען צושטאַנד. ווען מען וואָלט ערקלעהרט דיזע

מענשען, אַז עס איז אונבעדינגט נויטוועגדיג איבערצובייטען דעם היינטיגען צושטאַנד פון די בויערן, וואָלטען זיי געווען די ערגסטע געגנער; ווייל דיזער צושטאַנד איז פאַר זיי די גרונדלאַגע פון זייער עקזיסטענץ—בויערן, וועלכע רואי־נירען זיך דורך דעם אויסשרייבען פון וועקסלען, פאַרמערס וועלכע פערלירען זייער גאַנצען פערמעגען דורך לעכערליכע פראָצעסען, אונוויסענדע מענשען, וועלכע לאָזען זיך אויס־זויגען די בלוט פון דיזע וואַמפּירען, געמיינדעס, וועלכע לאָזען זיך פיהרען ביי דער נאָז פון זייערע בירגערמייסטערס, אַ שטאַאַט, וועלכער וואַרפט אַרויס זיינע געלדער אָהן אַ נוצען—אָט דאָס ווילען זיי גראַדע, דיזע אַלע בעאַמטע, וועלכע מאַכען אַ לעבען פון דער אונוויסענהייט פון זייערע מיטמענשען. און ווען דער פראַנצויזישער בויער וועט ענדליך זיין אין גאַנצען רואינירט, ווען מען וועט פון איהם שוין קיין זאַך מעהר ניט קענען אַרויסציהען, דאַן וועלען דיזעלבע לייטע אָנפיהרען דעמזעלבען געשעפט אין אונגאַרן, אין דער טערקיי און, אויב נייטיג, אין כינאַ. דער בעטרוג און די אויסבייטונג ווייסען ניט פון קיין פאָטערלאַנד.

גאַנץ געוויס, דיזע מענשען זיינען העכסט צופרידען פון דעם יעצטיגען צושטאַנד. אָבער וויפיעל זיינען זיי? הונ־דערט־טויזענד? אפשר אַ מיליאָן, ווען מען רעכענט מיט די פאַמיליען זייערע. פאַר צו רואינירען די דערפער זיינען עס לייד פיעל צו פיעל, מעהר ווי גענוג, אָבער אין דעם טאָג, ווען דער בויער וועט זיך ענדליך אויפהויבען און זיי אַ קיצעל טהאָן מיט'ן מיסט־גאָבעל, וועלען עס זיין פיעל צו ווייניג, אום זיי זאָלען זיך קענען פערטהיידיגען.

* *
*

נאָך דעם קומט נאָך אַ קלאַס מענשען, די גרונדבעזיצער, וועלכע האָבען 50 ביז 200 העקטאַר לאַנד. די מייסטע פון זיי ווייסען נאָך ניט, וואו דער שוך דריקט זיי; און אויב מען וועט ריידען מיט זיי וועגען אַן איבערבייט פון

די יעצטיגע אומשטענדען, ווערט זיך זיי זיכער שטעלען צוערשט די פֿראַגע, צו זיי וועלען דורך דעם ניט פֿיליכט פֿערלירען דאָס, וואָס זיי בעזיצען היינט. די יעניגע פֿון זיי, וועלכע געפֿינען זיך מאָמענטאַן אין אַ שלעכטע לאַגע, האָפֿען, אַז אין אַ שעהנעם טאָג, וועלען זיי האָבען אַן ערפֿאָלג, סיי דורך אַ גליקליכע שפעקולאַציאָן אָדער אַ גינסטיגע געלעגענהייט אין דער לאַנדווירטשאַפֿטליכער אינדוסטריע, סיי דורך די ירושה פֿון אַ רייכען פֿערוואַנדטען, וועלכער ווערט פֿיליכט זיין אַזוי פֿריינדליך און בעגעהען זעלבסט-מאָרד, אום זייער לאַגע זאָל ווידער ווערען אַ גוטע. די מייסטע פֿון דיזער קלאַס מענשען ווייסען ניט, וואָס דאָס איז אַזוינס: נויט און אַרבייט. זיי אַליין בעאַרבייטען ניט די ערד; דאָס איז די אויפֿגאַבע פֿון די פֿעלד-אַרבייטער, וועלכע זיי בעצאָהלען 250 ביז 300 פֿראַנק אַ יאָהר פֿאַר זייער אַרבייט, וועלכע ברייגנט זיי אַריין עטליכע טויזענדער.

מיר צווייפֿלען ניט אַ מאָמענט, אַז דיזע קלאַסע ווערט זיין אַ געגנער פֿון דער רעוואָלוציאָן; זיי זיינען שוין היינט די פֿיינדע פֿון דער פֿרייהייט, די יעניגע, וועלכע העלפֿען מיט ענטוויקלען די אונגלייכהייט אין די דערפֿער, די פֿערטהיידיגער פֿון דער אויסבייטונג. אמת זייער צאָהל איז ניט אַזוי קליין; עס זיינען 200.000 פערזאָן און צוזאַמען מיט זייערע פֿאַמיליען זיינען עס אפשר 800.000 מענשען. זיי רעפרעזענטירען אַ מאַכט, וועלכע מען דאַרף ניט אונטערשעצען; דער שטאַאַט בעטראַכטעט זיי אַלס אַ זעהר וויכטיגען עלעמענט, און זייער רייכטהום פֿערשאַפֿט זיי אויך אַ געוויסען איינפֿלוס אויף די געמיינדעס, וועלכער פֿערגרעסערט נאַטירליך זייער פּראָפֿיט. אָבער וואָס פֿאַר אַ ווערדע האָבען זיי אין דער צייט פֿון אַ פֿאָלקס-אויפֿשטאַנד? זיי וועלען זיין די לעצטע זיך צו פֿערטהיידיגען; זיי וועלען זיך רוהיג צוריקציהען אין זייערע הייזער און אָבוואַרטען די פֿאָלגען פֿון דעם געוויטער.

* * *

די, וואָס האָבען 10 ביז 50 העקטאָר לאַנד, זיינען צאָהל-רייכער ווי די פֿריהער דערמאָנטע קלאַסע. עס זיינען מעהר ווי 250.000 פערזאָן, צוזאַמען מיט זייערע פֿאַמיליען אַלזאָ כמעט 1.200.000 מענשען. דיזע קלאַסע בעזיצט אומגע-פֿעהר אַ פֿערט-חלק פֿון דער קולטיווירטער ערד אין פֿראַנקרייך.

דיזער טהייל פֿון די פֿראַנצויזישע לאַנד-בעוואוינער האָט אַ בעדייטענדע מאַכט, צוליעב זייער איינפֿלוס אין די פּראָ-ווינצען און זייער טהעטיגקייט. וועהרענד די מיטגלידער פֿון די פֿריהער דערמאָנטע קלאַסען וואוינען צום גרויסען טהייל אין די שטעדט, בעאַרבייטען דיזע בויערן אַליין זיי-ערע פֿעלדער; זיי האָבען נאָך ניט פֿערלאָזען זייער דער-פֿעל און זיינען פֿערבליבען בויערן אין אַלע זייערע האַנ-דלונגען און געפֿיהלען. עס זיינען זייערע קאָנסערוואַטיווע אידעען, אויף וועלכער די רעאַקציאָנערען פֿערלאָזען זיך אַם מייסטען.

אין דעם ערשטען העלפֿט פֿון'ם 19טען יאָהרהונדערט איז געווען אַ צייט, ווען די אַלגעמיינע לאַגע פֿון דיזען קלאַס בויערן איז געווען זעהר אַ גינסטיגע, און עס איז געווען אַ גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג, ווען זיי, וועלבע זיי-נען ערשט ענטשטאַנדען דורך דער גרויסער רעוואָלוציאָן, האָבען פֿריהער פֿון אַלעם געזוכט צו בעהאַלטען אַלעס דאָס, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט זיי געגעבען; און דאָס איז געווען די אורזאַכע, וואַרום זיי זיינען שטענדיג געווען די ביטערסטע געגנער פֿון יעדער סאָציאַלער פֿערענדערונג, דערפֿאַר ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז זיי וועלען ווי-דער פֿערלירען דאָס וואָס זיי האָבען ערשט קירצליך גע-וואונען. אָבער זייט די לעצטע דרייסיג יאָהר האָט זיך זייער לאַגע זעהר שטאַרק פֿערענדערט. אין געוויסע טהיילען, הויפּטזעכליך אין דעם זיד-עסטליכען טהייל פֿון פֿראַנקרייך, איז די אַלגעמיינע לאַגע פֿון דיזער קלאַסע נאָך היינטצוטאָג

אַ גאַנץ גוטע, אָבער אין אַלע איבריגע טהיילען פיהרען זיי אָן אַ ביטערען קאַמפף מיט נויט און עלענד. דאָרטען זיינען זיי שוין ניט מעהר אימשטאַנדע אָבצושפּאָרען גרע־סערע אָדער קליינערע סומען געלד, און עס קומט זיי אָן זעהר שווער צו פערגרעסערן זייער לאַנד, וועלכעס פער־קלענערט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר, צוליעב די צו־טהיילונגען וואָס קומען פאָר דורך די ירושות. פון דער צווייטער זייט איז עס היינט אונמעגליך פאַר זיי אויסצו־דינגען לאַנד אונטער דיזעלבע גינסטיגע בעדינגונגען ווי־אַמאָל; פערקעהרט, מען פאָדערט היינט פון זיי אונגע־הייער הויכע אָבגאַבען.

זייערע קליינע, איבעראַל צושפּרייטע שטיקלאַך לאַנד קענען זיי קיינמאָל ניט אַזוי גוט קולטיווירען, אום זיי זאָ־לען זיי אַריינברייננגען די אָבגאַבען, וועלכע זיי דאַרפען בעצאָהלען. דער קאָרן ברייננגט כמעט גאָר נישט אַריין, און די פערמעהרונג פון די בהמות ברייננגט אויך ניט אַריין קיין גרויסען פראָפיט.

דער שטאַאַט און די געמיינדע רואינירען זיי מיט זייערע שטייערן; פאַר וואָגענס, פערד, דרעש־מאַשינען, מיסט, פאַר אַלצדינג דאַרפען זיי בעצאָהלען בעזונדערע אָבגאַבען. דיזע קליינע אויסגאַבען קלייבען זיך אָן צו פראַנקען און דער ליסט פון די אָבגאַבען פאַנגט אָן אַזוי לאַנג צו ווערען ווי אין דער צייט פון דעם קעניגרייך. דער בויער איז היינט ווידער דאָסזעלבע לאַסט־טהיער פון'ם שטאַאַט ווי אין די אַלטע צייטען.

די פּראָצענטניקעס בערויבען זיי; די וועקסלען ריכטען זיי צו גרונדע; די היפּאָטעקען פערניכטען זיי, און דער הענדלער פון דער שטאָדט בייטעט זיי אויס אויף דעם ערגסטען אופן, מיט דעם וואָס ער לאָזט זיך פאַר דעם קלענסטען געצייג בעצאָהלען פון זיי דעם דריי־און פיער־פאַכען פרייז. זיי בטראַכטען זיך נאָך אימער אַלס די־

אייגענטהימער פון זייער לאַנד; אָבער אין דער ווירקליכקייט איז זיי מעהר ניט געבליבען ווי דער נאָמען. מיט זייער אַרבייט קאָרמעווען זיי די פראָצענטניקעס און בעאַמטע, מיט זייער שוויים פערזאָרגען זיי די פרוי פון דעם רייכען פאַבריקאַנט מיט זיידענע קליידער און עקיפאַזשען און גיבען די ליידיגגעהער אין די שטעדט די מעגליכקייט צו לעבען א גוטען טאָג אויף זייערע קאָסטען.

דיינקט איהר ווירקליך, אַז דיזע מענשען ווייסען ניט זייער שיקזאַל? איהר האָט א טעות, זיי ווייסען גאַנץ גוט, וואו דער שוך דריקט זיי, און ווען דאָס עלענד וועט זיי ערשט אַרומנעהמען פון אַלע זייטען, וועלען זיי געוויס ניט פערפעהלען די געלעגענהייט, זיך גרינדליך אָבצורעכנען מיט דיזע העררען, וועלכע לעבען פון זייער שוויים און בלוט.

* *
*

אָבער אַלע דיזע קלאַסען, פון וועלכע מיר האָבען ביז יעצט גערעדט, פאָרמירען ערשט א צעהנט־חלק פון דער לאַנד־בעפעלקערונג—און דער רעסט?

דער רעסט, דאָס זיינען אומגעפעהר 4 מיליאָן פאַמי־ליען־פאָטערס, ד.ה. אַלזאָ 18 מיליאָן מענשען, וועלכע האָ־בען ניט מעהר ווי פינף, פיער, דריי אָדער צוויי העקטאָר לאַנד; זעהר אָפט האָבען זיי ניט מעהר ווי איין העקטאָר אָדער אַ צעהנט־חלק פון אַ העקטאָר, און נאָך עפטער בעזיצען זיי קיין זאַך ניט. און פון דיזער צאָהל גיט עס 8 מיליאָן מענשען, וועלכע פיהרען אָן אַ פערצווייפעלטען קאַמפף פאַר זייער עקזיסטענץ. צעהנדליגער טויזענדער פון זיי שיקען זייערע זיהן און טעכטער אין די שטעדט, וואו זיי האָרעווען שווער און ביטער, אום צו פערדינען זייער שטיקעל ברויט. ווייטערע 7 מיליאָן האָבען ניט מעהר ווי אַן אָרעמע שטיקעל לאַנד—אַ הייזעל מיט אַ קליין גער־טעל, אָדער אָבער זיי בעזיצען קיין זאַך ניט און פערדינען זייער לעבען אַלס לוין־אַרבייטער.

צום שלום בלייבט נאָך איבער אַ מיליאָן הונגעריגע קבצנים, מענשען, וועלכע געהען ביסלעכווייז אוים פון נויט און עלענד, און וועלכע וואָלטען העכסט צופרידען געווען, ווען זיי וואָלטען זיך כאָטש געקענט אָנעסען מיט טרוקע־נעם ברויט און קאַרטאָפעל.

אָט דאָס איז דער צושטאַנד, אין וועלכען די גרויסע מעהרצאָהל פון דער פראַנצויזישער לאַנד־בעפעלקערונג געפינט זיך.

אָבער דיזע גרויסע מאַסען וועלכע האָבען קיין ווערדע ניט פאַר די בערעכנונגען פון די עקאָנאָמיסטען, האָבען אָבער פאַר אונז דעם גרעסטען ווערטה; דען זיי אַליין זיינען די אייגענטליכע בויערן, די אמת׳ע בעאַרבייטער פון דער ערד. אַלע אַנדערע קלאַסען זיינען ניט מעהר ווי פּאַראַזיטען, וועלכע לעבען פון דעם בויער׳ס שוויים און אַרבייט.

אָט דאָס זיינען די בויערן, פון וועלכע מען בעהויפּטעט, אַז זיי זיינען רייך און צופרידען פון זייער שיקזאַל, אַז זיי ווינשען ניט קיין ענדערונג פון זייער לאַגע און קעהרען זיך אָב פון די סאָציאַליסטען.

* * *

צו ערשט מוזען מיר בעמערקען, אַז די בויערן האָבען זיך נאָך קיינמאָל ניט אָבגעקעהרט פון אונז, ווען מיר האָ־בען גערעדט מיט זיי און זיי איבערגעגעבען אונזערע אי־דעען אין אַ קלאָהרער און פערשטענדליכער שפּראַכע. אמת, מיר האָבען זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט פאַר זיי אַלס זייערע פּאָליטישע פערטרעטער און זיי געבעטען, זיי זאָ־לען אונז געבען זייע־ע שטימען, אום צו בעקומען אַ פּלאַץ אין פּאַרלאַמענט, אפילו ניט אום צו קריגען דעם פּלאַץ פון אַ פעלד־וועכטער. מיר האָבען זיי קיינמאָל ניט פער־דרעהט די קעפּ מיט די טהעאָריען פון דעם זאָגענאַנטען וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס. מיר האָבען זיי קיינמאָל ניט געראַטהען צו שיקען זייערע זיהן נאָך פּאַריז, אום

אָנצושרייבען די אַדוואָקאַטען אין פּאַרלאַמענט. מיר האָבען זיי אפילו ניט געראַטהען איבערצוגעבען זייער שטיקעל לאַנד אין די הענד פון'ם שטאַאַט, אום זיינע בעאַמטע זאָלען עס קענען צוטהיילען, אַזוי ווי עס געפעלט זיי אַם בעסטען. אויב מיר וואָלטען זיי דערצעהלט אַזעלכע נאַרישקייטען, וואָלטען זיי גאַנץ גערעכט געווען, ווען זיי וואָלטען זיך אָבגעקעהרט פון אונז.

נאָר ווען מיר האָבען זיי ערקלעהרט וואָס מיר פערשטעהען מיט דעם וואָרט רעוואָלוציאָן, האָבען זיי אונז פאָלקאָמען גערעכט געגעבען און געענטפערט, אַז זיי זיינען איינשטימיג מיט אונזערע אידעען.

* * *

אָט האָט איהר, וואָס מיר האָבען געזאָגט צו די בויערן, און וואָס מיר ועלען קיינמאָל ניט מיד ווערען זיי צו זאָגען:

„אַמאָל מיט פיעלע יאָהר צוריק, האָט די גאַנצע ערד בעלאַנגט צו די געמיינדעס. די מיטגליעדער פון די געמיינדעס, זיינען געווען די, וועלכע האָבען בעאַרבייט די ערד מיט זייערע אייגענע הענד. אָבער דורך פערשידענע שמוציגע מיטלען, דורך גנבה, געוואַלד, רויב, בעטרוג א.ז.וו. האָט עס די שפעקולאַנטען געלונגען צוצונעהמען די ערד. אַלע פעלדער, וועלכע בעלאַנגען היינט צו הערר א. אָדער צו מאַדאַם ב., זיינען פריהער געווען דער אייגענטהום פון דער קאָמונע. היינט איז נאָר דער בויער געצוואונגען צו בעאַרבייטען זיינע פעלדער, אום צו מאַכען אַ קלעגליכען לעבען מיט זיין פאַמיליע, וועהרענד דער רייכער, וועלכער לייגט ניט קיין פינגער אין קאַלטע וואַסער, לעבט זיך אַ גוטען טאָג אין לוקסוס און איבערפלוס, אַוועקרויבענדיג פון זיינע מיטמענשען די פרוכט פון זייער אַרבייט. דערפאַר איז נויטווענדיג, אַז די בויערן זאָלען זיך אָרגאַניזירען אין קאָמונען און צוריק צונעהמען די ערד, אום די יעניגע, וועלכע זיינען פאַרטיג איהר אַליין צו בעאַרבייטען, זאָלען זיך קענען בענוצען מיט איהר.

„די היפּאָטעקען זיינען אַ געמיינער שווינדעל, וועלכען מען בענעהט געגען אייך. קיינער האָט ניט קיין רעכט צוּ־צונעהמען די ערד אייערע, דערפֿאַר וואָס ער האָט אייך פֿריהער אַמאָל אויסגעבאָרגט געלד; דען עס איז געוועז די אַרבייט פֿוּן אייערע עלטערן, וועלכע האָבען קולטיווירט דאָס לאַנד, געבויט די דערפֿער, אויסגעטריקענט די זומפּען אוּן געמאַכט וועגען, וועלכע האָט דער ערד געגעבען איהר אייגענטליכען ווערטה, אוּן אייער אַרבייט מאַכט איהר פֿרוּכטבאַר. די אינטערנאַציאָנאַלע פֿעראייניגוּנג פֿוּן די בויערן האָט אַלזאָ די אויפֿגאַבע צוּ פֿערברענען אַלע היפּאָ־טעקען־וועקסלען אוּן אָבצושאַפֿען דיזע פֿערהאַסטע אינ־סטיטוּציאָן.

„די שטייערן אוּן אָבגאַבען, וועלכע רואינירען אייך, ווערען אויפֿגעגעסען פֿוּן די בעאַמטע, ד.ה. פֿוּן אַזעלכע מענשען, וועלכע ברייננען אייך ניט דעם קלענסטען נוּצען זאָנדערן נאָר שאָדען. דערפֿאַר בעצאָהלט קיין שטייער ניט! פּראָקלאַמירט די פֿאָלשטענדיגע אוּנאַבהייננגיקייט פֿוּן אייערע קאָמוּנען אוּן ערקלעהרט, אַז איהר פֿערשטעהט בעסער צוּ בעזאָרגען אייערע אַנגעלעגענהייטען ווי די נאָבעלע הערען אין פּאַריז.

„איהר דאַרפֿט וועגען אוּן שאָסעען? — זעהר גוּט! זאָלען זיך די איינוואוינער פֿוּן די פֿערוואַנדטע קאָמוּנען פֿערשטענדיגען איינע מיט די אַנדערע, אוּן איהר וועט האָבען בעסערע וועגען, ווי דאָס מיניסטעריוּם פֿוּן די עפֿענטליכע אַרבייטען איז אימשטאַנדע צוּ מאַכען פֿאַר אייך.— איהר ווילט אַן אייזענבאַהן? די געמיינדעס, וואָס זיינען פֿעראינטערעסירט אין דעם, ווען געוויס בעסער אויספֿיהרען אַזאַ אוּנטערנעהמוּנג ווי די רייכע פֿאַבריקאַנטען אוּן מאָנאָ־פּאָליסטען, וועלכע פֿערדינען עטליכע מיליאָן דערביי אוּן גיבען אייך שלעכטע אַרבייט. איהר דאַרפֿט שוּלען? איהר זייט אַליין אימשטאַנדע זיי צוּ גרינדען, פֿיעל בעסערע אוּן

פראַקטישערע שולען, ווי די הערדן אין פּאַריז קענען אייך פערשאַפען. איהר דאַרפט ניט דעם שטאַאט, אום ער זאָל זיך אַריינמישען אין אייערע אייגענע אַנגעלעגענהייטען. שולען, שאָסעען, אייזענבאַהנען, קאַנאַלען א. ז. וו. דאָס אַלעם קענט איהר אַליין פיעל בעסער אויספיהרען, און איהר מעגט זיין זיכער, אַז עס וועט אייך קאָסטען פיעל ביליגער.

„אפשר דיינקט איהר, אַז עס איז נייטיג צו האָבען אַ געוויסען שוץ געגען פרעמדע ערָאָבערער? דאַן לערנט זיך בעסער אַליין אוים זיך צו פערטהיידיגען און טרויט ניט אָן אייער זיכערהייט צו די גענעראַלען, וועלכע וועלען אייך געוויס פערראַטהען און פערקויפען. פערשטעהט, אַז ביז יעצט איז קיין אַרמעע ניט אימשטאַנדע געווען אָבצוהאַלטען פרעמדע ערָאָבערער, אָבער דאָס פאָלק, הויפּטזעכליך די בויערן, ווען זיי זיינען ווירקליך פעראינטערעסירט געווען צו ערהאַלטען זייער אונאַבהייננגיגקייט, זיינען אימער שטאַרקער געווען פון די מעכטיגסטע אַרמעען.

„איהר דאַרפט אַרבייטס-געצייג און מאַשינען? רעדט זיך דורך מיט די אַרבייטער אין די שטעדט און זיי וועלען אויסטוישען זייערע פראָדוקטען מיט די אייעריגע, איהר מעגט זיין זיכער, אַז איהר וועטביירע פראָפיטירען דערביי, דען דורך אייער דירעקטע פערבינדונג פערשפּאָרט איהר דעם הענדלער און קויפמאַן, וועלכע קלייבען אָן אַ פער־מעגען, מיט דעם וואָס זיי בע׳גנב׳ענען דעם אַרבייטער, וועלכער מאַכט די געצייג, און אין דערזעלבער צייט בע־טריגען זיי דעם בויער, וועלכער קויפט עס.

„האָט ניט קיין מורא פאַר דער רעגירונג; דיזע רעגירונגען ווי שטאַרק און מעכטיג זיי זאָלען ניט אויסזעהן, פאַלען באַלד צוזאַמען, ווען דאָס פאָלק הויבט זיך אויף געגען זיי; מיר האָבען שוין אָפטמאָל געזעהן, אַז זיי זיינען פערשוואונדען אין וויייניגע שטונדען, און זייט זיכער, אַז פריהער אָדער שפּע־טער וועלען אויסברעכען אין גאַנץ איירָאָפּאַ רעוואָלוציאָנען,

וועלכע וועלען אונטערגראָבען די פונדאַמענטען פון דער אויטאָריטעט. בענוצט זיך מיט דער געלעגענהייט און פערניכטעט די רעגירונג און צו מאַכען אייער אייגענע רעוואָלוציאָן, ד. ה. צו פערטרייבען די גרונדבעזיצער און צו ערקלעהרען זייערע גיטער אַלס קאָמונאַלעס אייגענטהום; אויסצופלינדערן די פראָצענטניקעס, צו פערניכטען די היפאָטעקען און צו פראָקלאַמירען אייער אַבסאָלוטע אונאַבהייניגקייט. די אינדוסטריע־אַרבייטער וועלען דאָס זעלבע טהאָן אין די שטעדט, און דאַן מעגט איהר זיך אָרגאַניזירען אין קאָמונען און בעצירקען. אָבער זייט פאָרזיכטיג! גלויבט ניט יענע העררן, וועלכע שטעלען זיך פאָר פאַר אייך אַלס די פריינדע פון די בויערן, אום אייך אַראָבצופיהרען פון׳ם רעוואָלוציאָנערען וועג! האַנדעלט זעלבסטשטענדיג! פערלאָזט זיך ניט אויף אַנדערע, קיינער וועט אייך ניט העלפען, אויב איהר וועט זיך אַליין ניט העלפען!"

***

אָט אַזוי רעדען מיר צו די בויערן. מיר האָבען נאָר צו קעמפפען מיט איין שוועריגקייט: די בויערן זיינען איינשטימיג מיט אונזערע אידעען, נאָר פיעלע פון זיי צווייפלען אין דער מעגליבקייט זיי צו פערווירקליכען.

„אַלעס וואָס איהר דערצעהלט אונז איז זעהר גוט," זאָגען זיי, „ווען די בויערן וואָלטען זיך געגענזייטיג פערשטענדיגט און אָרגאַניזירט אַ גרויסע און שטאַרקע פעראייניגונג!"

אָט דאָס איז טאַקע אונזער אויפגאַבע; פאַר דעם אַרבייטען מיר! צוערשט פערשפרייטען מיר אונזערע אידעען דורך וואָרט און שריפט אין די דערפער און פראָווינצען, נאָכדעם וועלען מיר שאַפען אַ פערבאַנד צווישען די איינוואוינער פון די פערשידענע דערפער, און ווען עס וועט קומען דער טאָג פון דער רעוואָלוציאָן, דאַן וועלען מיר קעמפפען מיט זיי צוזאַמען, פאַר זייערע און פאַר אונזערע אינטערעסען.



XIII.

# די רעפרעזענטאטיווע רעגירונג.

I.

ען מיר בעטראַכטען די מענשליכע געזעלשאַפֿטען, זייערע פֿונדאַמענטאַלע גרונדלאַגען און אינסטיטוציאָנען, ניט אַכטענדיג אויף די וויניגער וויכטיגע און פֿערבייגעהענדע ערשיינונגען פֿון'ם סאָציאַלען לעבען, ווען מיר דערקענען, אַז די פּאָליטישע אָרדנונג, אונטער וועלכע זיי לעבען און עקזיסטירען, איז שטענדיג דער אויסדרוק פֿון דער עקאָנאָמישער אָרדנונג, וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט אין דעם געזעלשאַפֿטליכען אָרגאַניזמוס. די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן בייט זיך ניט איבער לויט דעם ווילען פֿון די געזעצגעבער; אמת, זי קען איבערבייטען דעם נאָמען איהרען, היינט קען זי זיך פֿאָרשטעלען אין דער פֿאָרמע פֿון אַ מאָנאַרכיע און מאָרגען אַלס אַ רעפּובליק; אָבער דיזער איבערבייט איז נאָר אַן אויסערליכער, ער בעריהרט ניט דעם אינערליכען לעבען פֿון דער געזעלשאַפֿט און פּאַסט זיך שטענדיג צו צו דעם עקאָנאָמישען סיסטעם, מיט איין וואָרט, די פּאָליטישע פֿאָרמע פֿון דער געזעלשאַפֿט איז שטענדיג דער אויסדרוק פֿון איהרע עקאָנאָמישע בעדינגונגען און אין דערזעלבער צייט די בעשטעטיגונג און דער פֿונדאַמענט פֿון דיזע בעדינגונגען.

ווען עס טרעפט מאַנכעסמאָל, אַז די פּאָליטישע ענט־
וויקלונג פון אַ לאַנד איז ניט אין אָנקלאַנג מיט זיין
עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, אָדער בעסער געזאָגט, ווען די
פּאָליטישע הערשאַפט פון אַ לאַנד איז הינטערשטעליג
אין פערגלייך צו זיין עקאָנאָמישער ענטוויקלונג, דאַן ווערט
זי פּלוצלונג געשטירצט, פערענדערט און איבערגעביטען,
ביז וואַנען זי פּאַסט זיך צו צו די עקאָנאָמישע פאָרמען.
און פערקעהרט, ווען עס מאַכט זיך אין אַ רעוואָלוציאָן,
אַז די ענטוויקלונג פון דער פּאָליטישער אָרדנונג יאָגט
אַריבער די עקאָנאָמישע פערענדערונגען, דאַן בלייבט זי
ניט מעהר ווי אַ פּוסטע פאָרמע, אַ טויטער בעגריף אין די
געזעץ־ביכער פון דער קאָנסטיטוציאָן, וועלכע האָט ניט
דעם קלענסטען פּראַקטישען ווערטה. אַזוי איז צ.ב.ש. די
„ערקלעהרונג פון די מענשען־רעכטע" אין דער צייט פון
דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, אונגעאַכטעט וואָס
פאַר אַ ראָלע זי האָט געשפּיעלט אין דער געשיכטע, ניט
מעהר און ניט ווייניגער ווי אַ היסטאָרישער דאָקומענט,
און די שעהנע ווערטער „פרייהייט, גלייכהייט און ברידער־
ליכקייט," וועלכע די רעוואָלוציאָן האָט אונז איבערגעלאָזט
בירושה, זיינען ניט מעהר ווי אַ זיסער חלום אָדער אַ
היפּאָקריטישער ליגען, וועלכען מען האָט אָנגעשריבען אויף
די מויערן פון די קירכען און געפענגניסע, אַזוי לאַנג ווי
פרייהייט און גלייכהייט וועלען ניט זיין דער פונדאַמענט
פון די עקאָנאָמישע בעציהונגען צווישען די מענשען. דאָס
אַלגעמיינע שטים־רעכט צ.ב.ש. וואָלט געווען אַן אונמעג־
ליכע זאַך אין אַ געזעלשאַפט, וועלכע גרינדעט זיך אויף
דעם פעאָדאַליזמוס און די לייבאייגענשאַפט, פּונקט ווי דער
אַבסאָלוטיזמוס קען ניט זיין די פּאָליטישע פאָרמע פון אַ
געזעלשאַפט וועלכע גרינדעט זיך אויף דאָס, וואָס מיר רופען
היינט די פרייהייט פון געגענזייטיגער פערשטענדיגונג, און
וועלכעס איז אין דער אמת'ן ניט אַנדערש ווי די פרייהייט
פון דער אויסבייטונג.

די אַרבייטער פון וועסט־אייראָפּא האָבען דאָס גוט פערשטאַנען. זיי ווייסען אָדער זיי פיהלען אינסטינקטיוו, אַז דער געזעלשאַפטליכער לעבען וועט אַזוי לאַנג דערשטיקט ווערען אין די פּאָליטישע אינסטיטוציאָנען פון אונזער צייט, אַזוי לאַנג ווי עס וועט עקזיסטירען די הערשאַפט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם. זיי ווייסען, אַז דיזע אינסטיטוציאָנען, טראָץ די שעהנע נעמען זייערע, זיינען ניט מעהר ווי די סיסטעמאַטישע קאָררופּציאָן, און אַז די „הערשאַפט פון'ם שטאַרקען" איז אין דער ווירקליכקייט דער טויט פון יעטוועדער פרייהייט, דער אונטערגאַנג פון'ם מענשליכען פּראָגרעס; זיי ווייסען, אַז דער איינציגער מיטעל, אום אַוועקצוּמאַכען מיט דיזע אַלע הינדערניסע, איז אַ נייער געזעלשאַפטליכער צושטאַנד, וואו די עקאָנאָמישע בעציהונגען צווישען די מענשען וועלען זיך ענטוויקלען אויף דעם באַזיס פון דעם געמיינשאַפטליכען אייגענטהום. זיי ווייסען אויך, אַז אום דורכצופיהרען אַ ווירקליכע פּאָליטישע רעוואָלוציאָן, איז נויטווענדיג דורכצופיהרען אַן עקאָנאָמישע רעוואָלוציאָן.

אָבער פּונקט דערפאַר וואָס די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאָרמען זיינען אַזוי איינג פערבונדען איינע מיט די אַנדערע, גראַדע דערפאַר איז עס אַ זעלבסטפערשטענדליכע זאַך, דאָס אַ רעוואָלוציאָן אום איבערצובייטען דעם היינטיגען אָנגאַנג פון דער פּראָדוקציאָן און דעם אויסטויש פון די פּראָדוקטען וואָלט ניט געקענט שטאַטפינדען, ווען זי וואָלט ניט אין דערזעלבער צייט איבערגעביטען די אַלע פאָרמען און איינריכטונגען, וועלכע מיר רופען געוועהנליך מיט דעם נאָמען „פּאָליטישע אינסטיטוציאָנען." די אָבשאַפונג פון פּריוואַט־אייגענטהום און אויסבייטונג און די איינפיהרונג פון דעם קאָלעקטיווען אָדער קאָמוניסטישען אייגענטהום וועט קיינמאָל ניט קענען אויסגעפיהרט ווערען, ווען מיר זאָלען זיך אין דערזעלבער צייט ניט צוריהרען צו דער

הערשאַפֿט פֿון אונזערע פּאַרלאַמענטען און קעניגע. יעדער נייער עקאָנאָמישער סיסטעם פֿאָדערט אַ נייעם פּאָליטישען סיסטעם; דיזע וואַהרהייט ווערט היינט פֿון אַלעמען אַזוי גוט פֿערשטאַנען, אַז די גאַנצע גייסטיגע אַרבייט, וועלכע מאַניפֿעסטירט זיך געגענווערטיג אונטער די מאַסען פֿון'ם פֿאָלק, בעשעפֿטיגט זיך מיט די ביידע זייטען פֿון דער פֿראַגע. ריידענדיג איבער די עקאָנאָמישע צוקונפֿט, דיסקוטירט מען אויך וועגען דער פּאָליטישער צוקונפֿט און לעבען די ווערטער „קאָלעקטיוועס אייגענטהום" און „קאָמוניזמוס" הערען מיר אויך די ווערטער „פֿאָלקס־שטאַאַט", „פֿרייע קאָמונע", „אַנאַרכיע" אָדער נאָך בעסער, מען פֿערבינדעט זאָגאַר די ביידע שטרעבונגען אין איין בעגריף, ריידענדיג פֿון דעם „אויטאָריטערען קאָמוניזמוס", דעם „אַנאַרכיסטישען קאָמוניזמוס", די קאָלעקטיוויסטישע געמיינדע א. ז. וו.

* * *

„אויב איהר ווילט זיין ערפֿאָלגרייך מיט אייער שטודיום, מוזט איהר פֿריהער אָנפֿאַנגען זיך צו בעפֿרייען פֿון די אַלע פֿאָראורטהיילען, וועלכע מען האָט איינגעוואָרצעלט אין אייערע מוחות!" דיזע ווערטער, מיט וועלכע אַ בעריהמטער אַסטראָנאָם פֿלעגט איינלייטען זיינע פֿאָרלעזונגען, קענען אויך אָנגעווענדעט ווערען אין אַלע צווייגען פֿון דער מענשליכער וויסענשאַפֿט. פֿאַר דער סאָציאַלער וויסענשאַפֿט האָבען זיי זאָגאַר נאָך אַ פֿיעל גרעסערע בעדייטונג ווי פֿאַר דער פֿיזיק; דען פונקט אין דער סאָציאָלאָגיע בעגעגנען מיר זיך מיט אונצעהלבאַרע פֿאָראורטהיילע, וועלכע די פֿערגאַנגענהייט האָט אונז א־בערגעלאָזען בירושה, מיט פֿיעלע פֿאַלשע פֿאָרשטעלונגען, וועלכע זיינען דירעקט ערפֿונדען געוואָרען, אום אָבצונאַרען דאָס פֿאָלק און מיט אַסך היפּאָקריטישע און סאָפֿיסטישע פֿראַזען און פוסטע בעהויפּטונגען, מיט וועלכע מען פֿערבלענדעט די אויגען

פון דער גרויסער מאַסע. מיר האָבען אַלזאָ אויסצופיהרען
אַ געוואַלדיגע שטיק אַרבייט, אום צו שאַפען אַ זיכערען
פונדאַמענט פאַר דער ווייטערער ענטוויקלונג.

צווישען דיזע אַלע פאָראורטהיילען געפינען מיר איינעם,
וועלכער פערדינט אונזער בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט,
ניט נאָר ווייל ער בילדעט די גרונדלאַגע פון אַלע אונזערע
מאָדערנע פאָליטישע אינסטיטוציאָנען, נאָר מיר געפינען
זאָגאַר זיינע סמנים אין די מייסטע סאָציאַלע טהעאָריען,
וועלכע ווערען פראָפּאַגאַנדירט פון די רעפאָרמערס. עס איז
דער פאָראורטהייל, וועלכער מאַכט די פעלקער גלויבען אין
דעם זאָגענאַנטען פערטרעטונגס־סיסטעם,
אין דער רעפּרעזענטאַטיווער רעגירונג,
וועלכע פיהרט אויס דעם ווילען פון'ם פאָלק.

* * *

אַם ענדע פון'ם 18טען יאָהרהונדערט האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק געשטירצט די מאָנאַרכיע, און דער לעצטער זעלבסטהעררשער האָט בעצאָהלט זיינע אייגענע פערברעכען און די פערברעכען פון זיינע פאָרגענגער אויף דעם עשאַפאָט.

אייגענטליך וואָלט מען בעדאַרפט ערוואַרטען, דאָס פונקט אין אַזאַ צייט, ווען אַל דאָס גרויסע און גוטע וואָס די רעוואָלוציאָן האָט אויפגעטהאָן דורך די איניציאַטיווע און די ענערגיע פון די אינדיווידועןאָדער גרופען, צו דאַנקען דער שוואַכקייט און דעם באַנקראָט פון דער צענטראַלער רעגירונג, מען וואָלט אייגענטליך בעדאַרפט ערוואַרטען, זאָג איך, אַז אין אַזאַ צייט זאָל דאָס פאָלק זיך ניט אונטערוואַרפען פון דאָס ניי אונטער דעם יאָך פון אַ נייע מאַכט, וועלכע גרינדעט זיך פונקט אויף דיזעלבע פּרינציפּען ווי די אַלטע, און וועלכע האָט לאָגישערווייזע געמוזט זיין נאָך פיעל שטאַרקער, דערפאַר וואָס זי איז נאָך ניט קאָרומפּירט און אָנגעשטעקט געוועןפון די איבלען פון דער אַלטער רעגירונג.

ליידער איז דאָס ניט געווען דער פֿאַל. זייענדיג בעאיינ־פֿלוסט פֿון דעם אַלטען פֿאָראורטהייל, דאָס אַ רעגירונג איז אונבעדינגט נויטווענדיג, און פֿון דער כלמוריש׳דיגער פֿרייהייט און דעם וואָהלזיין, ווּעלכען — אַזוי האָט מען זיך איינגערעדט — די ענגלישע און אַמעריקאַנישע קאָנסטי־טוציאָן גאַראַנטירען זייערע בירגער, האָט דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק זיך אויך געגעבען אַ קאָנסטיטוציע; שפּעטער האָט עס אָפֿטמאָל איבערגעביטען זיינע פּאָליטישע סיסטעמען אין אַלע זייערע איינצעלהייטען, אָבער אַלע האָבען זיך געגרינדעט אויף דעמזעלבען גרונד־פּרינציפּ: דאָס פֿער־טרעטונגס־סיסטעם, די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג. צו מאָנאַרכיע אָדער רעפּובליק, ס׳איז אַלעס איינס. דאָס פֿאָלק רעגירט זיך קיינמאָל ניט אַליין, זאָנדערן עס ווערט רעגירט פֿון זיינע מעהר אָדער וויינינגער גוט אויסגעקליבענע פֿערטרעטער. צוערשט פּראָקלאַמירט עס זיין סואווערעניטעט, זיין פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, אָבער באַלד דערויף פֿערניכטען די מאַסען אַליין זייער רעכט. זיי קלייבען אויס — אַמאָל בעסער, אַמאָל ערגער — זאָגענאַנטע פֿאָלקס־פֿערטרעטער, און דיזע קליינע צאָהל דעפּוטאַטען נעהמען אויף זיך די אויפֿגאַבע צו פֿערטרעטען די פֿערשידענסטע און אָפֿטמאָל דירעקט אַנטאַגאָניסטישע אינטערעסען פֿון דער אַלגעמיינהייט און צו בעשטימען די אַלע קאָמפּלי־צירטע בעציהונגען צווישען די איינוואוינער פֿון פֿראַנקרייך.

שפּעטער זעהען מיר דעמזעלבען איבערבייט אין אַלע אַנדערע לענדער פֿון אייראָפּאַ. אַלע פֿעלקער האָבען ביס־לעכוייז געשטירצט זייערע אַבסאָלוטע מאָנאַרכיען און איינגעפֿיהרט ביי זיך אין דערהיים דעם פּאַרלאַמענטאַרישען סיסטעם. זאָגאַר דער אָריענטאַלישער דעספּאָטיזמוס האָט נאָכגעפֿאָלגט דיזען ביישפּיעל. בולגאַריען, סערביען און די טירקיי מאַכען עקספּערימענטען מיט דער קאָנסטיטוציאָ־נעלער מאָנאַרכיע, און זאָגאַר אין רוסלאַנד פֿערזוכט מען

איבערצובייטען דעם יאָך פֿון דער זעלבסטהעררשונג אויף דעם לייכטערן יאָך פֿון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער פֿערזאַמלונג.

דאָס ערגסטע איז, אַז פֿראַנקרייך, וועלכע פֿערזוכט שטענדיג אויסצוגעפֿינען נייע וועגען, מאַכט פֿון דעסטוועגען אימער ווידער פֿון דאָס ניי דיזעלבע טעות׳ען. דאָס פֿאָלק, פֿיהלענדיג אַ טיעפֿען עקעל נאָך אַלע די טרויעריגע ערפֿאַהרונגען, וועלכע עס האָט געמאַכט מיט דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג, פֿערניכטעט איהר אין אַ שעהנעם טאָג; אָבער אויף׳ן צווייטען טאָג קלויבט מען שוין ווידער אויס אַ זאָגענאַנטע פֿאָלקס־רעגירונג, מען בייט איבער די נעמען, און דיזעלבע העררען צו וועלכע די מאַסע האָט אָנגעטרויט די רעגירונג, פֿערקויפֿען דאָס לאַנד צו אַ באַנדיט, וועלכער איז די אורזאַכע, וואָס פֿרעמדע עראָבערער פֿערווּסטען די פֿרוכטבאַרע פֿעלדער פֿון פֿראַנקרייך.

מיט צוואַנציג יאָהר שפּעטער מאַכט דאָס פֿראַנצויזישע פֿאָלק דעמזעלבען פֿעהלער. פּאַריז איז פֿריי, די רעגירונג און די אַרמעע האָבען פֿערלאָזען די שטאָדט, אָבער טראָץ דעם דיינקט מען נאָך אַלס ניט אויסצוגעפֿינען אַ נייע פּאָליטישע פֿאָרם, וועלכע זאָל געבען די מעגליכקייט אויסצופֿיהרען אַ נייע עקאָנאָמישע אָרדנונג. דאָס פֿאָלק איז גליקליך וואָס מען האָט איבערגעביטען דעם פֿערהאַסטען נאָמען פֿון דעם קייזעררייך אויף דאָס וואָרט רעפּובליק און די רעפּובליק אויף דער קאָמונע, און מען פֿערזוכט נאָך אַמאָל איינצופֿיהרען דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם אינערהאַלב דער קאָמונע; מען פֿערפֿעלשט די נייע אידעע דורך די פֿערפֿוילטע טראַדיציאָנען פֿון דער פֿערגאַנגענהייט. אַ פֿערזאַמלונג פֿון מענער מיט די פֿערשידענסטע אידעען און אַנשויאונגען, וועלכע זיינען פֿעראייניגט געוואָרען דורך דעם צופֿאַל פֿון די וואַהלען, נעהמען איבער די איניציאַטיווע פֿון די מאַסען; מען געטרויט זיי אָן די נייע אָרגאַניזאַציאָן פֿון אַלע מענשליכע בעציהונגען, וועלכע וואָלט

אַליין אימשטאַנדע געווען צו געבען דער קאָמונע קראַפֿט און לעבען.

די אַלטע קאָנסטיטוציעס ווערען פֿערניכטעט און די רעוואָלוציאָן בלאָזט זיי אַוועק ווי אַ הערבסט-שטורם די פֿערוועלקטע בלעטער. אָבער וואָס מאַכט עס: דער מענש דערמאָנט זיך שטענדיג אין זיין ערשטע ליעבע; די זעכצעהנטע קאָנסטיטוציאָן איז צוריסען, לאָמיר מאַכען די זיבעצעהנטע...

***

אין דער טהעאָריע גיט עס רעפֿאָרמערס, וועלכע שרעקען זיך אפילו ניט אָב פֿאַר אַ פֿאָלקאָמענע אומוועלצונג פֿון די עקאָנאָמישע פֿאָרמען פֿון דער געזעלשאַפֿט, מענשען, וועלכע שטעלען זיך פֿאַר זייער ציעל די אָבשאַפֿונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציאָנסווייזע און אַ גרינדליכען איבערבייט אין דער פּראָדוקציאָן און דעם אויסטויש פֿון די פּראָדוקטען. אָבער ווי באַלד עס האַנדעלט זיך צו ערקלעהרען זייער פּאָליטישען אידעאַל—נאַטירליך אויך נאָר אין דער טהעאָריע — האָבען זיי ניט דעם מוטה צוצוריהרען זיך צו דעם פֿערטרעטונגס-סיסטעם. אונטער דער פֿאָרם פֿון'ם „פֿאָלקס-שטאַאַט" אָדער דער „פֿרייער געמיינדע" פֿערזוכען זיי אום יעדען פּרייז אויפֿצוהאַלטען דיזען זאָרט רעגירונג. גאַנצע פֿעלקער, גאַנצע ראַסען פֿערטהיידיגען נאָך מיט דער גרעסטער איינגעשפּאַרטקייט דיזען סיסטעם.

גליקליכערווייזע פֿאַנגט עס אויך אין דיזער בעציהונג אָן ליכטיג צו ווערען אין די מוחות. דאָס פֿערטרעטונגס-סיסטעם ווערט היינט ניט נאָר פּראַקטיצירט אין אַזעלכע לענדער, ועמענס נעמען מיר האָבען אפילו פֿריהער קיים געוואוסט; דיזער סיסטעם עקזיסטירט אָדער האָט עקזיסטירט אין אַלע לענדער פֿון אייראָפּאַ אין אַלע זיינע פֿע־שידענע און אונצעהלבאַרע פֿאָרמען — פֿון דער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע ביז דער רעוואָלוציאָנערער

קאָמונע — און איבעראַל האָט מען געזעהן, אַז די גרויסע האָפֿנונגען, וועלכע די פֿעלקער האָבען אַרויפֿגעלייגט אויף דיזען זאָרט רעגירונג זיינען ענטוישט געוואָרען; איבעראַל איז דיזער סיסטעם געוועזן אַן אינסטרומענט פֿאַר אַלע מעגליכע אינטריגעס און פֿאַר די פּערזענליכע אינטערעסען פֿון איינצעלנע מענשען, אַ דירעקטע הינדערניש פֿאַר דער פֿאָלקס־איניציאַטיווע און די נאַטירליכע ענטוויקלונג פֿון די מאַסען. מען הויבט ענדליך אָן צו פֿערשטעהן, אַז דער גלויבען אין די „פֿאָלקס־רעגירונג" איז פּונקט דערזעלבער ווי דער גלויבען אין גאָט און די קעניגע. נאָך מעהר! מען הויבט ענדליך אָן צו בעגרייפֿען, אַז די איבלען פֿון דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם זיינען ניט נאָר די נאַטירליכע פֿאָלגען פֿון דער היינטיגער סאָציאַלער אונגלייכהייט, נאָר דיזער סיסטעם וואָלט זאָגאַר אַרויסגערופֿען דיזעלבע איבלען אין אַ געזעלשאַפֿט, וואו אַלע מענשען וואָלטען געהאַט דיזעלבע רעכטע אויף דעם קאַפּיטאַל און די אַרביט. און עס איז זיכער, אַז דער טאָג איז ניט מעהר אַזוי ווייט, ווען דער פּלאַץ פֿון דיזער אינסטיטוציאָן, וועלכע — לויט דער פֿאַרטרעפֿליכער ערקלערונג פֿון דזשאָן סטואַרט מיל — איז אייגענטליך נאָר ענטשטאַנדען, אום זיך צו שיצען פֿאַר דעם שנאָבעל און שאַרפֿע נעגעל פֿון די קעניגליכע רויב־פֿויגעל, דער טאָג איז ניט מעהר אַזוי ווייט, ווען דער פּלאַץ פֿון דיזען סיסטעם וועט פֿערנומען ווערען פֿון אַ נייער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע שטעהט אין אָנקלאַנג מיט די ווירקליכע בעדירפֿניסע פֿון דער מענשהייט און מיט דעם פּרינציפּ, וועלכער זאָגט אונז: אַז די בעסטע אַרט צו זיין פֿריי איז די, זיך ניט פֿערטרעטען צו לאָזען, און די עפֿענטליכע אַנגעלעגענהייטען, די אַנגעלעגענהייטען פֿון אַלעם אַליין צו בעזאָרגען און זיי ניט אָנצוגעטרויען דעם ווילען און דער מאַכט פֿון עטליכע אויסערוועהלטע מענשען.

מיר האָפען, אַז דער לעזער וועט קומען צו דעמזעלבען שלוס, נאָכדעם ווי מיר וועלען אויפווייזען אַלע איבלען פון דעם פערטרעטונגס-סיסטעם, וועלכע בילדען אַן אָרגאַנישען טהייל פון דעם גאַנצען סיסטעם אין יעדער מענשליכער גרופּירונג, וועלכע גרינדעט זיך אויף איהם, אונטער וואָס פאַר אַ נאָמען און פאָרמען עס זאָל ניט זיין.

II.

„אונזערע מאָדערנע מנהגים און געוואוינהייטען זיינען פאַר אונז אַ גוטער שוץ געגען די פערבלענדעניש פון'ם אַבסאָלוטיזמוס; אָבער עס גיט יעצט אַנדערע פערבלענדונגען, פאַר וועלכע מיר דאַרפען זיך היטען, פערבלענדונגען, וועלכע זיינען בעשאַפען געוואָרען דורך די געזעצליכע אָרדנונג און דעם פערטרעטונגס-סיסטעם!" אַזוי האָט געשריבען דער בעקאַנטער פראַנצויזישער היס-טאָריקער אָגוסטען טהיערי אין 1828.*) דער ענגלישער פילאָזאָף בענטהאַם האָט כמעט דאָס זעלבע געזאָגט. אָבער אין יענע צייטען האָט מען זיך ניט צוגעהערט צו זייערע ווערטער. אַלע זיינען דאַן איינגעגלויבט געווען אין דעם פאַרלאַמענטאַריזמוס, און זיינע וועניגע קריטיקער האָט מען געענטפערט — און מיט אַ געוויסען רעכט זאָגאַר — „אַז דער פאַרלאַמענטאַרישער רעגירונגס-סיסטעם האָט נאָך ניט דורכגעמאַכט זיין פאָלשטענדיגע ענטוויקלונג, און אַז מען קען נאָך ניט אָבגעבען קיין ריכטיגען אורטהייל וועגען איהם, אַזוי לאַנג ווי ער גרינדעט זיך נאָך ניט אויף דעם אַלגעמיינעם, גלייכען און דירעקטען שטים-רעכט."

פון דאַן אָן איז דאָס אַלגעמיינע שטים-רעכט געוואָרען אַ טהייל פון אונזערע פּאָליטישע מנהגים און געוואוינהיי-

*) Lettres sur l'Histoire de France ; lettre XXV.

טען, די בורזשואזיע — נאכדעם ווי זי האט א לאנגע צייט געקעמפפט געגען דעם אלגעמיינעם שטים־רעכט — האט ענדליך בעגריפען, אז זי קען קיין זאך ניט פערלירען דורך דעם און האט בעשלאסען אנצונעהמען דעם אלגעמיינעם וואהל־רעכט. אין די פעראייניגטע שטאאטען פון נארד־אמעריקא עקזיסטירט דיזע אינסטיטוציאן שוין העבער הונדערט יאהר צייט מיט אלע די רעכטע און פרייהייטען, וועלכע זיינען נויטוועגדיג פאר איהר עקזיסטענץ. ביסלעכ־ווייז האט דאס אלגעמיינע שטים־רעכט אויך געפונען א באדען אין פראנקרייך און דייטשלאנד, אבער דער אייגענט־ליכער כאראקטער פון דעם פערטרעטונגס־סיסטעם איז איבעראל געבליבען דער זעלבער, פונקט ווי אין דער צייט פון בענטהאם און טהיערי. דאס אלגעמיינע שטים־רעכט איז ניט אימשטאנדע געוועזען צו פערבעסערן דעם כאראקטער פון דעם פערטרעטונגס־סיסטעם, פערקעהרט, זיינע שלעכטע זייטען האבען זיך וואס ווייטער אלס דייטליכער ארויסגע־צייגט. דאס איז אויך די אורזאכע, וואָרום דיזע אינסטיטוציאן רופט הייגט ניט נאר ארויס די קריטיק פון רעוואלוציאנערן ווי צ. ב. ש. פרודהאן, נאר זאגאר מענער ווי מיל *) און ספענסער **) רופען אונז צו: „היט זיך פאר דעם פאר־לאמענטאריזמוס!" דאס פאלק האט שוין געהאט גענוג געלעגענהייט קענען צו לערנען דעם אמת'ן ווערטה פון דעם פארלאמענטארישען סיסטעם, און מען וואלט געקענט אנפילען גאנצע בענדער מיט די שלעכטע זייטען פון דיזער אינסטיטוציאן, וועלכע וואלטען זיכער געפונען אן אבקלאנג אין די מוחות פון די לעזער. מיט איין ווארט, דאס פער־טרעטונגס־סיסטעם איז גע'משפט און פעראורטהיילט געווארען.

*) „די פרייהייט"; „די רעפרעזענטאטיווע רעגירונג."

**) „איינלייטונג צו דער סאציאלאגיע"; „דער פרינציפ פון סאציא־לאגיע"; א.ז.וו.

די אָנהייִנגער פֿון דיזען סיסטעם — און צווישען זיי גיט עס פֿיעלע, וואָס זיינען שטאַרק אין גלויבען, אָבער שוואַך אין פֿערשטאַנד — ווערען ניט מיד אונז צו דערמאָנען אָן די גרויסע ערפֿאָלגען, וועלכע דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס האָט אונז פֿערשאַפֿט. ביי זיי קומט אויס, אַז דאָס פֿער־טרעטונגס־סיסטעם איז די אייגענטליכע אורזאַכע פֿון די אַלע פּאָליטישע פֿרייהייטען, וועלכע מיר געניסען היינט צו טאָג, און פֿון וועלכע מען האָט אפילו ניט גע'חלום'ט אין דער צייט פֿון דער אַלטער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע. אָבער הייסט דען דאָס ניט צו פֿערבייטען די ווירקונג מיט דער אורזאַכע?

אין דער ווירקליכקייט איז עס ניט דאָס פֿערטרעטונגס־סיסטעם, דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס, וואָס האָבען אונז געגעבען און פֿערזיכערט די ווייניגע רעכטע און פֿרייהייטען, וועלכע מיר האָבען זיך ערוואָרבען אין פֿערלויף פֿון'ם פֿערגאַנגענעם יאָהר־הונדערט. ניין, עס איז געווען די גרויסע בעוועגונג פֿון דעם פֿרייען געדאַנק, דער גייסטיגער ליבעראַליזמוס, וועלכען די רעוואָלוציאָן האָט געבאָר־ען; אָט דיזע גרויסע בעוועגונג האָט אַרויסגעריסען פֿון די רעגי־רונגען די אַלע פּאָליטישע פֿרייהייטען צוזאַמען מיט דער זאָגענאַנטער פֿאָלקס־פֿערטרעטונג, און עס איז דערזעלבער גייסט פֿון פֿרייהייט, דער גייסט פֿון רעוואָלט, וועלכער פֿערטהיידיגט דיזע רעכטע געגען די שטענדיגע אַטאַ־קען פֿון די רעגירונגען און זאָגאַר פֿון די פּאַרלאַמענטען. פֿרייוויליג גיט די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג קיינמאָל ניט קיין ווירקליכע פֿרייהייטען; פֿערקעהרט, וואו זי האָט נאָר אַ מעגליכקייט, פּאַסט זי זיך צו צום דעספּאָטיזמוס. אַרויס־צורייסען פֿון די פּאַרלאַמענטען אירגענד וועלכע רעכטע און פֿרייהייטען, איז פֿערבונדען מיט דיזעלבע אַנשטריי־נגונגען און שוועריגקייטען, וועלכע זיינען נויטווענדיג געווען אין דער צייט פֿון די זעלבסטהעררשער דער פֿערגאַנגענ־

הייט, און אפילו דאַן, ווען די מאַסען האָבען שוין יאָ געצוואונגען זייערע זאָגענאַנטע פֿערטרעטער אַנצוערקענען זייערע רעכטע, דאַרפֿען זיי זיין שטענדיג גרייט זיי צו פֿערטהיידיגען געגען די אַטאַקען פֿון'ם פּאַרלאַמענט, פּונקט ווי געגען די רעאַקציאָנערע אַנגריפֿע פֿון די קעניגע, זיי דאַרפֿען זיי אָבהיטען יעדען טאָג, יעדע שטונדע, און ווען עס גיט אין אַ לאַנד ניט קיין געוויסע קלאַסע, וועלכע לעבט אונטער בעסערע עקאָנאָמישע בעדינגונגען, און וועלכע איז שטענדיג פֿאַרטיג צו פֿערטהיידיגען איהרע רעכטע אויסער־האַלב דעם פּאַרלאַמענט געגען יעדע אַטאַקע, דאַן וועלען דיזע פֿרייהייטען זיכער ניט לאַנג עקזיסטירען. דאָרט, וואו עס עקזיסטירט ניט אַזאַ קלאַסע אָדער וואו עס גיט ניט קיין איינינקייט אין דער פֿערטהיידיגונג, דאָרטען וועלען די פּאָליטישע פֿרייהייטען פֿערניכטעט ווערען, צו עס איז פֿאַראַנען אַ פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג צו ניט. אין דיזע לענדער איז דער פּאַרלאַמענט ניט מעהר ווי דער עמפּ־פֿאַנג־סאַלאָן פֿון דעם קעניג. די פּאַרלאַמענטען אין די באַלקאַן־שטאַאַטען, אין דער טערקיי, אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד זיינען די בעסטע בעווייזע פֿאַר דיזע בעהייפּטונג.

מען דערצעהלט אונז זעהר פֿיעל וועגען די פּאָליטישע פֿרייהייטען אין ענגלאַנד, און מען וויל אונז איינריידען, אַז דיזע פֿרייהייטען זיינען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי די פֿריכטע פֿון'ם פּאַרלאַמענט. מען פֿערגעסט אָבער דורך וואָס פֿאַר מיטלען, מיטלען פֿון אַ ריין רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער, יעדע איינציגע פֿון דיזע פֿרייהייטען איז אַרויסגעריסען געוואָרען פֿון'ם פּאַרלאַמענט. די פּרעס־פֿרייהייט, די פֿרייהייט צו קריטיקירען די געזעצ־געבונג, די פֿרייהייט זיך צו פֿעראייניגען, דיזע אַלע רעכטע זיינען אַרויסגעריסען געוואָרען פֿון'ם ענגלישען פּאַרלאַמענט דורך אַן אַגיטאַציאָן, וועלכע האָט כמעט געהאַט דעם כאַראַקטער פֿון אַ אָפֿענעם אויפֿשטאַנד. ווען די ענגלישע

אַרבייטער האָבען'היינט דאָס רעכט זיך צו פֿעראייניגען און אוועקצולייגען די אַרבייט, איז עס דערפֿאַר ווייל זיי האָבען געגרינדעט זייערע טרייד־יוניאָנס און אָנגעפֿיהרט זייערע סטרייקס טראָץ די בעשליסע פֿון'ם פּאַרלאַמענט און טראָץ די תליות פֿון 1813. נאָך מיט עטליכע צוואַנציג יאָהר צוריק האָט דאָס ענגלישע פֿאָלק געמוזט פֿערטהיידיגען זיין רעכט צו דעמאָנסטרירען אין די גאַסען און אויף די עפֿענטליכע פּלעצער פֿון לאָנדאָן געגען א קאָנסטיטוציאָנעלען מיניסטעריום, מיט דעם וואָס די אויפֿגערעגטע מאַסען האָבען אַרונטערגעריסען די אייזערנע גראַטעס פֿון הייד־פּאַרק און האָבען אַטאַקירט די פּאָליציסטען, וועלכע האָבען זיי געוואָלט פֿערהינדערן צו מאַרשירען אין פּאַרק. ניט דורך פּאַרלאַמענטאַרישע פּורים־שפּיעלערייען פֿערטהיידיגט די ענגלישע בורזשואַזיע איהרע רעכטע, זאָנדערן דורך אַן אַגיטאַציאָן אויסערהאַלב דעם פּאַרלאַמענט, מיט דעם וואָס זי פֿעראייניגט עטליכע הונדערט טויזענד מענשען, וועלכע מאַרשירען פֿאַרביי די הייזער פֿון די אַריסטאָקראַטען אָדער מיניסטאָרען, אום איבערצושרעקען דעם געגנער דורך זייער דראָהענדע האַלטונג און זייערע געשרייען. און טראָץ דעם זעהען מיר, אַז זאָגאַר דער ענגלישער פּאַרלאַמענט גנב'ט ביסלעכווייז אַראָב פֿון די אַלע רעכטע און פֿרייהייטען, און אויב די הערן פֿון די הויכע פֿענסטער וואָלטען ניט מורא געהאַט פֿאַר אַן אַלגעמיינעם פֿאָלקס־אויפֿשטאַנד, וואָלטען זיי געווים מיט איין מאָל אַוועקגעמאַכט מיט אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכטע. און ווירקליך, וואָס פֿאַר אַ ווערטה האָבען אַלע דיזע רעכטע, ווען איהר קוקט זיך אַביסעל נעהנטער צו צו זיי? וואָס איז געוואָרען פֿון דעם זאָגענאַנטען הויז־רעכט אָדער פֿון'ם בריעף־געהיימניס, ווי באַלד די בורזשואַזיע האָט אַליין אויפֿגעגעבען דיזע רעכטע, אום צו ערהאַלטען פֿון דער רעגירונג אַ שוץ געגען די רעוואָלוציאָנערען?

צוצושרייבען צום פאַרלאַמענט דאָס, וואָס מיר האָבען צו דאַנקען דעם אַלגעמיינעם פראָגרעס, זיך איינצורייערן, דאָס אַ קאָנסטיטוציאָן איז אַ פֿאָלקאָמענע גאַראַנטיע פֿאַר דער פֿרייהייט, אָט דאָס איז אַ מיינונג, וועלכע שטעהט אין ווידערשפרוך מיט די איינפֿאַכסטע און עלעמענטאַרסטע רעגלען פֿון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג.

* *
*

אָבער דאָס איז אפילו ניט די פֿראַגע. עס האַנדעלט זיך גאָר ניט פֿאַר אונז צו וויסען, צו דער פאַרלאַמענטאַריזמוס, דער פֿערטרעטונגס־סיסטעם איז ניט אין מאַנכע בעציהונגען בעסער פֿון אַ רעגירונג, וועלכע גיט אַ קליין הייפֿעל אַריסטאָקראַטישע פאַראַזיטען די מעגליכקייט אויסצובייטען די פערזענליכע קאַפריזען פֿון אַ זעלבסטהערשער פֿאַר זייער נוצען. ווען דיזער סיסטעם האָט זיך געקענט ענטוויקלען אין אייראָפּאַ, איז עס דערפֿאַר, ווייל ער איז אַם בעסטען אין אַנקלאַנג געווען מיט די ענטוויקלונג פֿון דעם קאַפיטאַליסטישען אויסבייטונגס־סיסטעם, וועלכער איז ענטשטאַנדען אין פֿערלויף פֿון דעם פֿערגאַנגענעם יאַהרהונדערט, און וועלכער וועט זיכער מעהר ניט עקזיסטירען קיין לאַנגע צייט. פֿאַר די פֿאַבריקאַנטען און קויפֿלייט, וועלכע האָבען צוגענומען די עפֿענטליכע מאַכט פֿון די אַריסטאָקראַטיע און איהר אַריינגענומען אין זייערע אייגענע הענד, איז דער פֿערטרעטונגס־סיסטעם געווען אָהן צווייפֿעל די בעסטע זיכערהייט.

אָבער די מאָנאַרכיע, אונגעאַכטעט אויף איהר שרעקליכע פֿערדאָרבענהייט, איז אויך אימשטאַנדע געווען צו בעשרענקען ביז צו אַ געוויסען גראַד די הערשאַפֿט פֿון די פֿעאָדאַלע אַדעלמענער. אויך זי איז געווען אַ נויטווענדיגער פראָדוקט פֿון איהר צייט. אָבער איז דען דאָס געווען אַ גרונד פֿאַר אונזערע עלטערן, זיי זאָלען זיך אויף אייביג אונטערוואַרפֿען צו די אויטאָריטעט פֿון'ם קעניג און זיינע דיענער?

דאָס וואָס עס פֿעראינטערעסירט אונז אָם מייסטען, אונז, די מענשען פֿון דעם 19טען און 20טען יאָהרהונדערט, איז צו וויסען, צו די איבלען פֿון דעם מאָדערנעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם זיינען ניט פונקט אַזוי שרעקליך און אונערטרעג־ליך ווי די איבלען פֿון דער זעלבסטהערשונג זיינען געווען. מיר דאַרפֿען וויסען, אויב די הינדערניסע פֿון דעם פֿערטרע־טונגס־סיסטעם זיינען פֿאַר די ווייטערע ענטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט ניט פונקט דיזעלביגע, ווי די, וועלכע די אַבסאָלוטע מאָנאַרכיע האָט פֿעראורזאַכט אין 18טעז יאַהר־הונדערט, אום צו פֿערהינדערן דעם סאָציאַלען פראָגרעס. און הויפּטזעכליך איז נויטווענדיג פֿאַר אונז צו וויסען, אויב אַ פראָסטע רעפרעזענטאַטיווע און פּאַרלאַמענטאַרישע בע־פֿוצונג איז גענוג פֿאַר דער נייער עקאָנאָמישער ענטוויק־לונגס־פעריאָדע, וועלכע די נאָהנטע צוקונפֿט וועט אונז ברייננגען. מיט איין וואָרט, מיר דאַרפֿען זיך ענדליך בעפֿרייען פֿון אַלע פוסטע בעגריפֿע און פֿאָרשטעלונגען, און אָנשטאָט צו חלום׳ן וועגען אונמעגליכע זאַכען, דאַרפֿען מיר בעסער שטודירען די היסטאָרישע ענטוויקלונג פֿון דער פּאָליטישער הערשאַפֿט דער בורזשואַזיע.

***

אויב מיר שטעלען די פֿראַגע אויף אַזאַ מין אַרט, זיינען מיר זיכער, אַז דער ענטפֿער וועט זיין אַ קלאָהרער און דייטליכער.

קיין צווייפֿעל, די פֿערטרעטונגס־הערשאַפֿט, דער פּאַר־לאַמענטאַריזמוס, דיזער קאָמפּראָמיס מיט דער אַלטער זעלבסטהערשונג, דורך וועלכען די רעגירונג האָט געראַטעט פֿאַר זיך אַלע אינסטיטוציאָנען פֿון דער עפֿענטליכער מאַכט, די אַבסאָלוטע געוואַלד, מיט דעם וואָס זי האָט זיי כלומרשט מעהר אָדער ווייניגער געשטעלט אונטער דער קאָנטראָלע פֿון׳ם פֿאָלק, דיזער סיסטעם האָט איבערגעלעבט די לענג־סטע צייט פֿון זיין עקזיסטענץ. היינט איז ער ניט מעהר

ווי אַ הינדערניס, אַן אָבהאַלט פֿאַר דעם סאָציאַלען פּראָ־גרעס. די איבלען פֿון דיזען סיסטעם זיינען ניט אַבהיינגיג פֿון עטליכע מענשען, פֿון די פּערזאָנען, וועלכע האָבען די מאַכט אין זייערע הענד, ניין, דיזע איבלען זיינען דער נויטווענדיגער פּראָדוקט פֿון דעם גאַנצען סיסטעם, מען קען זיי ניט אויסמיידען דורך איין איבערבייט פֿון די פּער־זאָנען, און עס איז אונמעגליך, אַז דער פֿערטרעטונגס־סיס־טעם זאָל זיך ווען עס איז צופּאַסען צו די בעדירפֿניסע פֿון אונזער צייט. דער פּאַרלאַמענטאריזמוס, די רעפּרע־זענטאַטיווע רעגירונג איז ניט מעהר און ניט וויינינגער ווי די אָרגאַניזירטע הערשאַפֿט פֿון דער בורזשואַזיע און צוזאַמען מיט איהר וועט און מוז ער פֿערשווינדען. די נייע עקאָנאָ־מישע ענטוויקלונגס־פּעריאָדע, וועלכע די נאָהנטע צוקונפֿט וועט אונז ברייננגען, פֿאָדערט אַ נייע פֿאָרמע פֿון פּאָלי־טישער אָרגאַניזאַציאָן, אַ פֿאָרמע, וועלכע דאַרף זיך גרינ־דען אויף אַ גאַנץ אַנדערן פּרינציפּ ווי אויף דער פֿערטרע־טונג. דאָס איז דער לאָגישער שלוס פֿון אונזער מאַטעריעלער ענטוויקלונג.

* * *

דער פֿערטרעטונגס־סיסטעם ענטהאַלט אין זיך אַלע נאַ־טירליכע איבלען פֿון אַנדערע רעגירונגס־פֿאָרמען, און ניט נור וואָס ער מילדערט ניט דיזע איבלען, פֿערערגערט ער זיי זאָגאַר און שאַפֿט שטענדיג נייע קראַנקהייטען אין דעם סאָציאַלען לעבען.

איינע פֿון די טיפֿסטע ווערטער, וועלכע רוסאָ האָט געזאָגט איבער די רעגירונגען אין אַלגעמיין, פּאַסט אויך פֿאַר דעם פּאַרלאַמענטאַרישען רעזשים, פּונקט ווי פֿאַר אַלע אַנדערע רעגירונגס־פֿאָרמען. קיין צווייפֿעל, עס וואָלט ווירקליך נויטווענדיג געווען, אַז די זאָגענאַנטע פֿאָלקס־פֿערטרעטער זאָלען בעשטעהן פֿון מלאכים, פֿון איבער־נאַטירליכע וועזענס, אום מיר זאָלען זיי קענען אָנגעטרויען

אונזערע מענשליכע רעכטע און פרייהייטען. און זאָגאַר דאַן וואָלטען די רעזולטאַטען אויך געווען דיזעלבע; דען די מלאכים וואָלטען באַלד בעקומען נעגעל און הערנער, ווען מען וואָלט זיי אויסגעקליבען אַלס די פאַסטוכער פון מענשליכע סטאַדעס.

די שטרעבונגען און טענדענצען פון דעם פּאַרלאַמענטאַרישען רעזשים זיינען אין יעדער בעציהונג דיזעלבע ווי די פון'ם דעספּאָטיזמוס, וואָס פאַר אַ נאָמען די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג זאָל זיך ניט צולייגען, צו זי וועט זיך רופען פאַרלאַמענט; קאָנווענציאָן אָדער געמיינדע-ראַטה, צו זי וועט אויסגעקליבען ווערען דורך דעם פּרעפעקט פון אַ נאַפּאָלעאָן אדער דורך דעם אַלגעמיינעם שטים-רעכט פון אַ רעוואָלטירענדע שטאָדט, וועט זי שטענדיג זוכען צו פערגרעסערן איהר מאַכט, זי וועט זיך אַריינמישען אין אַלע עפענטליכע אַנגעלעגענהייטען און וועט דערשטיקען די איניציאַטיווע פון די אינדיווידוען און גרופען דורך איהרע געזעצע. זי קען און וועט ניט אַנדערש האַנדלען! זיא וועט פערשקלאַפען דעם מענשען פון קינדווייז אָן, זי וועט איהם פיהרען פון געזעץ צו געזעץ, פון דער דראָהונג ביז צור שטראַפע, פון דעם וויעג ביז צום קבר, און זי וועט ניט אַרויסלאָזען איהרע אָפּפער פאַר אַ מאָמענט פון איהרע הענד. האָט איהר ווירקליך שוין אַמאָל געזעהן אַ פּאַרלאַמענטאַרישע פערזאַמלונג, וועלכע זאָל ערקלעהרען, אַז זי פערשטעהט ניט פון דיזער אָדער יענער זאַך. אַז זי קען ניט אָבגעבען קיין אורטהייל איבער דיזע אָדער יענע אַנגעלעגענהייט, דערפאַר וואָס איהרע פערטרעטער זיינען ניט בעקאַנט מיט דער פראַגע? און וואָס רעוואָלוציאָנערער אַ רעגירונג איז, אַלס מעהר בעשעפטיגט זיך זיך מיט אַזעלכע זאַכען, וועלכע געהט זיי ניט אָן. צו מאַכען געזעצע פאַר יעדע איינציגע מאַניפעסטאַציאָן פון מענשליכע טהעטיגקייט, אַריינצומישען זיך אין אַלע איינצעלהייטען פון דעם לעבען

פֿון איהרע „אונטערטהענער", דאָס איז דער גרונד כאַראַק־טער פֿון יעדער רעגירונג, פֿון יעדען שטאַאַט. צו שאַפֿען אַ רעגירונג, צו זי איז קאָנסטיטוציאָנעל אָדער ניט, מיינט ניט מעהר און ניט וועניגער ווי שאַפֿען אַ מאַכט, וועלכע מוז און וועט נויטווענדיגערווייזע פֿערזוכען אַריינצוכאַפּען אַלצדינג אין איהרע הענד, אַלע סאָציאַלע בעציהונגען פֿון דער מענשליכער געזעלשאַפֿט, און וועלכע קען ניט קיין אַנ־דער גרענעץ ווי דעם, וועלכער ווערט געצווינגען פֿון צייט צו צייט דורך דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציאָן אָדער דורך דעם דירעקטען אויפֿשטאַנד. די טהאַטזאַכען האָבען בעווי־זען און בעווייזען עס יעדען טאָג פֿון דאָס ניי, אַז די פּאַר־לאַמענטאַרישע רעגירונג מאַכט ניט קיין אויסנאַהמע פֿון דיזען נאַטירליכען געזעץ, וועלכער בילדעט דעם אינער־ליכען כאַראַקטער פֿון יעדען שטאַאַט, וואָס פֿאַר אַ פֿאָרמע ער זאָל ניט טראָגען.

אום צו פֿערדרעהען אונז דעם מוח האָט מען אונז דערצעהלט, אַז דער שטאַאַט האָט די אויפֿגאַבע צו שי־צען דעם שוואַכען געגען דעם שטאַרקען, דעם אָרעמען געגען דעם רייכען, די פּראָדוצירענדע קלאַסען געגען די בעזיצענדע קלאַסען. נאָר מיר וויסען ווי אַזוי אַלע רעגי־רונגען האָבען אויסגעפֿיהרט דיזע אויפֿגאַבע; זיי אַלע האָ־בען איהר פֿערשטאַנען פּונקט פֿערקעהרט. די רעגירונג איז פֿון אָנפֿאַנג אָן און אין אַלע שפּעטערע צייטען געווען די בעשיצערין פֿון די פּריווילעגירטע קלאַסען און די ביטערסטע פֿיינדין פֿון די, וועלכע האָבען זיך געוואָלט בעפֿרייען פֿון זייער קנעכטשאַפֿט. און הויפּטזעכליך די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג, די פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג איז עס געווען, וועלכע—מיט דער שטומער צושטימונג פֿון'ם פֿאָלק—האָט אַם בעסטען אָרגאַניזירט די פֿערטהיידיגונג פֿון דער בור־זשואַזיע און איהרע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע מאָ־נאָפּאָלען געגען די אָנגריפֿע פֿון דער אַריסטאָקראַטיע און

די אַטאַקען פֿון די עלענד׳ע און עקספּלאָאַטירטע. צו די ערשטע, די אַריסטאָקראַטען צייגט זי זיך העפֿליך, אַנשטענדיג און בעשיירען, אָבער צו די צווייטע, די פּראָלעטאַריער איז זי געמיין, ברוטאַל און גרויזאַם. און דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום דאָס קלענסטע געזעץ צום שוץ פֿון די אַרבייטער, ווי מאַנגעלהאַפֿט און אונבעדייטענד עס זאָל ניט זיין, קען נאָר אַרויסגעריסען ווערען פֿון׳ם פּאַרלאַמענט דורך אַ דירעקטע רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציאָן. דערמאָנט זיך נאָר אין די ביטערע קעמפּפֿע, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען, אום אייסצופֿיהרען אין ענגלישען פּאַרלאַמענט, אין׳ם שווייצער בונדעסראַטה און אין דער פֿראַנצויזישער קאַמער אַ פּאָר אונבעדייטענדע געזעצע וועגען דער בעשריינקונג פֿון די אַרבייטס־שטונדען! די ערשטע פֿון דיזע געזעצע אין ענגלאַנד זיינען מיט געוואַלד אַרויסגעריסען געוואָרען פֿון די פּאַרלאַמענטאַרישע פֿאָלקס־פֿערטרעטער, מיט דעם וואָס מען האָט געוואָרפֿען גאַנצע פֿעסער מיט פּולווער אונטער די מאַשינען פֿון די פֿאַבריקען.

אין די לענדער, וואו די אַריסטאָקראַטיע איז נאָך ניט בעזיעגט געוואָרען פֿון דער רעוואָלוציאָן, פֿערשטענדיגען זיך די אַדעלמענער און די פֿערטרעטער פֿון דער בורזשואַזיע אויסגעצייכענט. „אויב דו וועסט אַנערקענען מיין רעכט צו מאַכען געזעצע, וועל איך בעוואַכען דיינע שלעסער און פּאַלאַצען!״ אַזוי זאָגט דער בורזשואַ צו דעם אַדעלמאַן, און ער בעשיצט איהם, אַזוי לאַנג ווי עס וועט איהם ניט ברייננען קיין געפֿאַהר.

פֿערציג יאָהר פּראָפּאַגאַנדאַ זיינען נויטוועדיג געווען, אַ פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע האָט אין געוויסע מאָמענטען אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון אַ פֿאָלקס־אויפֿשטאַנד, איידער דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט געזעצליך אַנערקענט, אַז די פֿרוכט פֿון די פֿערבעסערונגען, וועלכע די ענגלישע פּעכטערס און פֿאַרמערס האָבען געמאַכט אויף

די אויסגעדונגענע לאַנד, זאָל בעלאַנגען צו זיי און ניט צו די לענדלאָרדס. און וואָס אַנבעלאַנגט דעם זאָגענאַנטען „אַגראַרישען געזעץ", וועלכען דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען פֿאַר אירלאַנד, האָט איהם איינפֿאַך די ביטערסטע נויטווענדיגקייט געצוואונגען צו דעם—גלאַדסטאָן אַליין האָט עס צוגעגעבען—דען די אירישע פֿאַרמערס האָבען זיך דירעקט פֿאָרבערייטעט צום אָפֿענעם אויפֿשטאַנד, זיי האָבען זיך ענטזאַגט צו בעצאָהלען רענט און פֿערטהיידיגט זייער רעכט דורך דעם באָיקאָט, דורך פֿייער און אייזען און דורך די הינריכטונג פֿון די לענדלאָרדס; די ענגלישע בורזשואַזיע איז אַלזאָ געצוואונגען געווען אָנצונעהמען דיזעס אונבעדייטענדע געזעץ, וועלכעס שיצט כלומרשט דעם אירישען פֿאַרמער פֿאַר דער אונמענשליכער אויסביימונג פֿון די לענדלאָרדס.

אָבער ווען עס האַנדעלט זיך צו פֿערטהיידיגען די אינטערעסען פֿון'ם קאַפּיטאַליסט געגען אַן אויפֿשטאַנד אָדער אפילו נאָר געגען אַ רעוואָלוציאָנערע אגיטאַציאָן געגען זיינע פּריווילעגיעס, דאַן צייגט זיך אַרויס די גאַנצע ווילדע ברוטאַליטעט פֿון דער פּאַרלאַמענטאַרישער רעגירונג, דעם פּאָליטישען אָרגאַן פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם. דאָס „סאָציאַליסטען-געזעץ" אין דייטשלאַנד איז געוויס ניט בעסער געוועזען ווי דער זאָגענאַנטער „עדיקט פֿון נאַנט"*) און קאַטהערינאַ די צווייטע פֿון רוסלאַנד, נאָך דעם אויפֿשטאַנד פֿון פּוגאַטשאָוו, און לואי דער 14טער, נאָך דעם זאָגענאַנטען מעהל-קריעג, האָבען ניט בעוויזען אַזוי פֿיעל גרויזאַמקייט ווי דיביידע פּאַרלאַמענטאַרישע פֿערזאַמלונ-

*) דער עדיקט פֿון נאַנט, אַ געזעצליכע בעשטימונג, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען אין 1598 אונטער די הערשאַפֿט פֿון דעם פֿראַנצויזישען קעניג הענרי דעם 4טען, האָט כלומרשט געגעבען די פֿראַנצויזישע פּראָטעסטאַנטען דיזעלבע רעכטע ווי די קאַטאָליקען, נאָר אין דער ווירקליכקייט האָט ער זיי אונטערדריקט אויף דעם ערגסטען אופֿן, (דער איבערזעצער.)

גען אין פראַנקרייך, אין 1848 און אין 1871, וועלכע האָבען אונטערגעהעצט די זעלנער אויף די בעזיעגטע רע־בעלען מיט די ווערטער: „טויטעט די וועלף, צו־זאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער!“ און וועלכע—מיט דער אויסנאַהמע פון איין שטימע—האָבען עפענטליך אויסגעדריקט זייער סימפּאַטהיע מיט די שענדליכע מערדערייען פון אַ בלוט־דורשטיגע מיליטערישע רויבער־באַנדע.

דער פּאַרלאַמענט, די נאַמענלאָזע חיה מיט די 600 קעפּ, האָט זאָגאַר אַריבערגעשטיגען דעם דעספּאָטיזמוס און די גרויסזאַמקייט פון אַ לואי דעם 11טען און אַ זשאַן דעם 4טען.

* * *

און דיזער צושטאַנד וועט זיך קיינמאָל ניט ענדערן, אַזוי לאַנג ווי די פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג וועט עק־זיסטירען, צו זי וועט זיין אויסגעקליבען דורך דעם אַל־געמיינעם שטים־רעכט, צו זי וועט זיין דער רעזולטאַט פון אַן אויפשטאַנד.

אָדער אַ נאַציאָן, אַ קאָמונע מאַכט זיך עקאָנאָמיש פריי, און דאַן וועלען איהרע פרייע און גלייכע מיטגלידער ניט מעהר אָבגעבען זייערע רעכטע צו עטליכע אויסערוועהלטע, זאָנדערן זיי וועלען אויסגעפינען אַ בעסערע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע גיט זיי די מעגליכקייט אַליין צו בעזאָרגען זייערע אַנגעלעגענהייטען, אָדער עס וועט זיך נאָך אַלס געפינען אַ פּריווילעגירטע מינאָריטעט, וועלכע בעהערשט די מאַסען אויף דעם עקאָנאָמישען געביעט, אַ נייע קלאַסע פון בורזשואַ, און דאַן וועט עס זיין אַ נייע שקלאַפעריי פאַר דאָס פאָלק. די רעפּרעזענטאַנטען, וועלכע דיזע פּריוועליגירטע מינאָריטעט וועט אויסקלייבען, וועלען נאַטירליך פערטרעטען די אינטערעסען פון זייער קלאַסע. זיי וועלען מאַכען געזעצע צום שוץ פון זייערע פּריווילע־גיעם און די, וואָס וועלען זיך ניט אונטערוואַרפען זייער

מאַכט, וועלען מיט געוואַלד, מיט בלוט און שווערד גע־צוואונגען ווערען אָנצוערקענען זייער הערשאַפט.

* * *

עס איז אַ זאַך דער אונמעגליכקייט צו אַנאַליזירען אַלע איבלען פון דעם פערטרעטונגס־סיסטעם אין וויינינגע ווי־טען; ווי זיינען אַזוי צאָהלרייך, אַז מען וואָלט גאַנצע בענדער געקענט אָנפילען מיט זיי; אפילו צו אַנאַליזירען די הויפט־איבלען וואָלט פערנומען אַ צו גרויסען פּלאַץ פאַר דיזע קריטישע אַבהאַנדלונגען. און דאָך גיט עס אַזעלכע איבלען, וועלכע פערדינען, אַז מען זאָל ריידען וועגען זיי.

איז עס ניט אַ מערקווירדיגע זאַך, אַז די פּאַרלאַמענ־טאַרישע רעגירונג, וועלכע האָט געהאַט דעם צוועק אַוועק־צומאַכען מיט דער פּערזענליכער הערשאַפט, מיט דער זעלבסטהערשונג און אַריינצולייגען די עפענטליכע מאַכט אין די הענד פון אַ גאַנצער קלאַסע און ניט פון אַ בע־שטימטען פּערזאָן, איז עס ניט אַ מערקווירדיגע זאַך, אַז דער פּאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם ווערט טראָגן דעם בע־איינפלוסט פון דעם שטענדיגען שטרעבען צוריקצוקעה־רען זיך צו דער פּערזענליכער הערשאַפט און זיך צו אונטערוואַרפען צו אַן איינצעלנעם מאַן?

די אורזאַכע פון דיזען מערקווירדיגען ווידערשפּרוך איז זעהר איינפאַך. נאָכדעם ווי מען האָט אָנגעטרויט דער רעגירונג טויזענדער און טויזענדער פערשידענע זאַכען, נאָכדעם ווי מען האָט איהר איבערגעגעבען די פערוואַל־טונג פון אַלע אַנגעלעגענהייטען אין גאַנצען לאַנד און אַ בודזשעט פון עטליכע מיליאַרד, ווי אַזוי האָט מען גאָר געקענט ערוואַרטען פון איהר, זי זאָל אָנגעטרויען די פער־וואַלטונג פון דיזע אונצעהליגע געשעפטען צו אַ פּאַר־לאַמענטאַרישען כאַאָס? איינזעהענדיג די אונמעגליכקייט

פֿון דעם, האָט מען גערארפֿט שאַפֿען אַ זאָגענאַנטע עקזעקוטיווי־געוואַלד—דאָס מיניסטעריום, וועלכעס האָט כמעט אַ קעניגליכע מאַכט. לואי דער 14טער האָט געזאָגט די שטאָלצע ווערטער „דער שטאַאַט, דאָס בין איך!" אָבער וואָס פֿאַר אַ ווערדע האָט געהאַט זיין מאַכט אין פֿערגלייך מיט דער מאַכט און דעם איינפֿלוס פֿון אַ קאָנסטיטוציאָנעלען מיניסטער פֿון אונזער צייט!

עס איז וואַהר, אַז דער פּאַרלאַמענט קען שטירצען אַ מיניסטעריום, אָבער וואָס איז דער רעזולטאַט? מען קלייבט אויס אַ נייעם מיניסטעריום מיט דערזעלבער מאַכט און דיזעלבע רעכטע; און אום צו זיין קאָנזעקווענט, וואָלט מען בעדאַרפֿט אויסקלייבען יעדע וואָך אַ נייען מיניסטעריום דערפֿאַר האַלט מען בעסער אויף אַ מיניסטעריום אזוי לאַנג ווי מעגליך, ביז וואַנען דאָס פֿאָלק הויבט אָן צו שטאַרק פּראָטעסטירען, און דאַן רופֿט מען צוריק דעם אַלטען מיניסטעריום, וועלכער איז מיט צוויי יאָהר צוריק געשטירצט געוואָרען. אויף אַזאַ מין אַרט פֿערזיכערט מען דעם פּאָליטישען גלייכגעוויכט: אַמאָל גלאַרסטאָן-בעקאָנספֿיעלד און אַן אַנדערמאָל בעקאָנספֿיעלד-גלאַדסטאָן. אין דער ווירקליכקייט בלייבט אַלעס ווי געווען, און דאָס לאַנד ווערט אימער רעגירט פֿון איין מאַן, דעם שעף פֿון דעם קאַבינעט.

און ווען עס געפֿינט זיך אַ „קלוגער מאַן", וועלכער גאַראַנטירט דער בורזשואַזיע די „אָרדנונג" ד.ה. די אונבעגרענעצטע אויסבייטונג אין דעם אייגענעם לאַנד און אַ גוטען פֿערקויף פֿון די פּראָדוקטען אין אייסלאַנד, וועט זי נאָכגעבען אַלע קאַפּריזען זיינע און שטענדיג פֿערגרעסערן די מיטלען פֿון זיין מאַכט. ווי אָפֿט ער זאָל ניט ברעכען די געזעצע פֿון דער קאָנסטיטוציאָן, וואָס פֿאַר שענדליכע פֿערברעכען זיין רעגירונג זאָל ניט בעגעהן, די הערשענדע קלאַסע וועט איהם שטענדיג אונטערשטיצען

אין אַלע וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען. ביסמאַרק, און בעפֿאָר איהם, גיזאָ, פיט און פּאַלמערסטאָן זיינען פּראַכטפֿאָלע אי־לוסטראַציאָנען פֿאַר דיזע וואַרהייט.

יעדע רעגירונג האָט אַן אינערליכע טענדענץ זיך צו פערזאָניפֿיצירען, צו פֿערקערפערן זיך אין אַ בעשטימטען פערזאָן; דאָס איז געווען איהר גאַנצער אורשפּרונג און דאָס איז דער גאַנצער אינערליכער וועזען פֿון איהר עק־זיסטענץ. צו דער פּאַרלאַמענט וועט זיין דער פּראָדוקט פֿון אונדירעקטע וואַהלען, צו ער וועט זיין דער פּראָדוקט פֿון דעם אַלגעמיינעם גלייכען און דירעקטען שטים־רעכט, אפילו ווען ער זאָל אויסשליסליך געוועהלט ווערען פֿון אַרבייטער און זיינע פֿערטרעטער זאָלען אויך בעשטעהן פֿון אַרבייטער, וועט ער שטענדיג זוכען דעם „ריכטיגען מאַן", וועלכען ער קען איבערגעבען די זאָרגען פֿון די שטאַאַטס־געשעפֿטע, און צו וועלכען ער איז גרייט זיך צו אונטערוואַרפֿען. אַזוי לאַנג ווי מיר וועלען אָנגעטרויען צו אַ קליינע צאָהל מענשען די עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, מיליטערישע, פֿינאַנציעלע, אינדוסטריעלע און אנדערע אַנגעלעגענהייטען, אַזוי לאַנג וועלען דיזע ווייניגע אויס־ערוועהלטע שטענדיג שטרעבען צו אונטערוואַרפֿען זיך צו דער אויטאָריטעט פֿון אַן איינצעלנעם פֿיהרער, פּונקט ווי אַן אָבטהיילונג סאָלדאַטען אין דער צייט פֿון מלחמה.

אַזוי געהט עס אין פֿריעדליכע צייטען; אָבער אין דער־צייט פֿון אַ קריעג מיט אַנדערע שטאַאַטען, אָדער ווען עס מאַכט זיך אַ בירגער־קריעג אין אייגענעם לאַנד און די אַלגע־מיינע „אָרדנונג" ווערט געשטערט דורך דעם אויסברוך פֿון דער אַלגעמיינער עמפּעהרונג, אין אַזעלכע צייטען קען דער ערשטער בעסטער באַנדיט, וועלכער איז אימשטאַנדע אריינצונעהמען די רעגירונגס־מאַשינע מיט איהרע הונ־דערט־טויזענדער פֿערשידענע צווייגען אין זיינע הענד, צווינגען אַ גאַנצע נאַציאָן, זי זאָל אַנערקענען זיין ווילען.

די פֿאָלקס־פֿערטרעטונג איז ניט אימשטאַנדע איהם צו פֿערהינדערן אין דעם, פּונקט ווי 500 אַנדערע מענער פֿון דער גאַס זיינען ניט אימשטאַנדע עס צו טהאָן, פֿערקעהרט, דער פּאַרלאַמענט וועט נאָך מיטהעלפֿען ברעכען דעם ווידערשטאַנד פֿון די מאַסען. די ביידע באַנדיטען נאַפּאָלעאָן דער ערשטער און נאַפּאָלעאָן דער דריטער זיינען ניט די פּראָדוקטען פֿון אַ בלינדען צופֿאַל; זייער הערר־שאַפֿט איז געווען די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגע פֿון דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם, וועלכער קאָנצענטרירט די גאַנצע עפֿענטליכע מאַכט אין די הענד פֿון עטליכע פּערזאָנען. אפשר וועט מען אונז דערצעהלען, אַז דער פּאַרלאַמענט קען פֿערהינדערן אַ שטאַאַטס־שטרייך; אָבער גראַדע פֿראַנק־רייך צייגט אונז אַם בעסטען, וואָס פֿאַר אַ ווערדע עס האָבען די פּאַרלאַמענטאַרישע פּלוידער־געזעלשאַפֿטען אין אַזעלכע מאָמענטען. ווער האָט פֿראַנקרייך בעשיצט פֿון דעם שטאַאַטס־שטרייך פֿון אַ מאַק־מאַהאָן? דער פּאַרלאַמענט אפשר? אונזין! היינט ווייסט יעדער איינער, אַז עס זיינען געווען די רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטען אויסערהאַלב דעם פּאַרלאַמענט, וועלכע האָבען פֿערהינדערט דעם פֿערראַטה. אפשר וועט מען אונז וויטער אָנצייגען אויף ענגלאַנד? עס איז וואהר, אַז ענגלאַנד האָט פֿאָלשטענדיג אויפֿגעהאַלטען וועהרענד דעם פֿערגאַנגענעם יאָהרהונדערט זיינע פּאַר־לאַמענטאַרישע איינריכטונגען, אָבער דאָס איז קיין בעווייז געגען די ריכטיגקייט פֿון אונזער בעהויפּטונג. ענגלאַנד איז ביז יעצט אימשטאַנדע געווען אויסצומיידען דעם קלאַסען־קאַמפּף, אָבער פֿריהער אָדער שפּעטער, וועט ער זיך אויך דאָרטען מוזען מאַניפֿעסטירען, און מען דאַרף ניט זיין קיין נביא, אום צו זאָגען אין פֿאָרויס, אַז דער ענגלישער פּאַרלאַמענט וועט שטאַרק בעאיינפֿלוסט ווערען אין דיזען קאַמפּף; ער וועט מוזען באַנקראָטירען אויף דיזע אָדער אויף אַן אַנדער אַרט, לויט דעם אָנגאַנג פֿון דער רעוואָלוציאָן.

אויב מיר ווילען, אַז ביי דער קומענדער רעוואָלוציאָן זאָל די רעאַקציאָן געפֿינען אַן אָפֿענע טהיר, דאַרפֿען מיר מעהר ניט טהאָן ווי אָנגעטרויען אונזערע אַנגעלעגענהייטען צו אַ פּאַרלאַמענטאַרישער רעגירונג, צו אַ מיניסטעריום וועלכעס בעזיצט אַלע מאַכט-מיטלען ווי היינט צו טאָג. די רעאַקציאָנערע דיקטאַטור וועט זיך דאַן באַלד ענטוויקלען, צוערשט וועט זי זיך אָנטהאָן אַ פּאָפּולערען מאַנטעל, נאָר וואָס זיכערער זי וועט זיך פֿיהלען, אַלס דייטליכער וועט זי אַרויסצייגען איהר ווירקליכען כאַראַקטער. דאָס פֿערטרעטונגס-סיסטעם, וועלכעס קאָנצענטרירט די גאַנצע עפֿענטליכע מאַכט אין די הענד פֿון איינציגע פּערזאָנען, איז די בעסטע גרונדלאַגע פֿאַר דער רעאַקציאָנערע דיקטאַטור.

* *
*

אָבער איז דען דאָס פֿערטרעטונגס-סיסטעם, דיזע קוועלע פֿון אַזוי פֿיעלע איבלען, ניט צום ווייניגסטען אַ מיטעל פֿאַר דער פֿרייהייטליכער און פּראָגרעסיווער ענטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט? האָט ער ניט מיטגעהאָלפֿען צו דעצענטראַליזירען די מאַכט פֿון דער רעגירונג? אפשר האָט ער מיטגעהאָלפֿען צו פֿערהינדערן מלחמות צווישען די פֿערשידענע פֿעלקער? איז דיזער סיסטעם ניט אימשטאַנדע זיך צוצופּאַסען צו די פֿאָדערונגען פֿון דער צייט, אויפֿצואָפּפֿערן אַלטע און שעדליכע אינסטיטוציאָנען און אויף אַזאַ מין אַרט צו פֿערהינדערן אַ בירגער-קריעג? און איז ער ניט דאָך אַ געוויסע גאַראַנטיע, אַ געוויסע האָפֿנונג פֿאַר דעם סאָציאַלען פּראָגרעס און אינערליכע רעפֿאָרמען?

וואָס פֿאַר אַ ביטערע איראָניע ליעגט בעהאַלטען אין דיזע פֿראַגען און נאָך אין פֿיעלע אַנדערע, וועלכע בעשעפֿטיגען אונזער גייסט, ווי באַלד מיר נעהמען זיך אָבצוגעבען אַן אורטהייל איבער דיזע אינסטיטוציאָן? די גאַנצע געשיכטע פֿון אונזער צייט ווייזט אונז פּונקט פֿערקעהרט.

די פּאַרלאַמענטען, געטריי צו דער טראַדיציאָן פון'ם קעניגטהום און צו זיין נייעסטער פאָרמע, דעם יאַקאָבי־ניזמוס, האָבען קיין אַנדער זאַך ניט געטהאָן ווי קאָנצענטרירט די מאַכט פון דעם שטאַאַט, די מאַכט פון דער רעגירונג. דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס האָט געשאַפען די מאָדערנע ביוראָקראַטיע, דיזע כאַראַקטעריסטישע ערשיינונג פון דעם פערטרעטונגס־סיסטעם. זייט דעם אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט פאָדערט מען שטענדיג דעצענטראַליזאַציאָן פון דער רעגירונג, אויטאָנאָמיע, און דאָך טהוט מען ניט אַנדערש ווי נאָר צענטראַליזירען און צו דער־שטיקען די לעצטע רעכטען פון פּאָליטישער זעלבסטשטענ־דיגקייט. אפילו די שווייץ קען זיך ניט בעפרייען פון דיזען איינפלוס און אין ענגלאַנד מאַכט דער צענטראַליזמוס וואָס ווייטער אַלס גרעסערע פאָרטשריטע. ווען ניט דער ווידער־שטאַנד פון די פּאַריזער הענדלער און געשעפטסלייט, וואָלטען מיר היינט געצוואונגען געווען צו בעטען די ער־לויבעניש פון דער רעגירונג, אום צו קוילענען אַ בהמה אין פּאַריז. די רעגירונג, כאַפּט ביסלעכווייז אַריין אַלע אַנגעלעגענהייטען אין איהרע הענד. עס פעהלט מעהר קיין זאַך ניט ווי די שטאַאַטליכע פערוואַלטונג פון דער אינדוסטריע, דער פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן; און אונ־זערע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, זייענדיג פערבלענדעט פון אויטאָריטערע פּאָראורטהיילען, טרוימען שוין יעצט פון דער גאָלדענער צייט, ווען דער פּאַרלאַמענט אין בערלין וועט רעגולירען די אַרבייט אין די פאַבריקען און די צו־טהיילונג פון די פּראָדוקטען אין גאַנץ דייטשלאַנד.

האָט אונז דער פערטרעטונגס־סיסטעם, וועלכען מען שטעלט אונז געוועהנליך פאָר אַלס אַזוי פריעדליך, האָט ער אונז באָטש געשיצט פון מלחמות? יעדער איינער ווייסט אַז אונטער קיין רעגירונגס־פאָרם האָבען ניט שטאַטגע־פונדען אַזוי פיעל מלחמות און בלוטיגע מערדערייען ווי

אונטער דער הערשאַפֿט פֿון׳ם פּאַרלאַמענטאַריזמוס. די בורזשואַזיע שטרעבט נאָך דער בעהערשונג פֿון׳ם וועלט־מאַרק, און דיזער ציעל קען נאָר ערְרייכט ווערען דורך קאַנאָנען און גראַנאַטען. אַדוואָקאַטען און זשורנאַליסטען זיינען דורשטיג נאָך מיליטערישען כבוד, און עס גיט ניט קיין ערגערע קריעגס־מענשען, ווי די, וואָס געפֿינען זיך אין די שרייב־שטובען.

אָבער בעפֿרידיגט דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס דען ניט די בעדירפֿניסע פֿון דעם אויגענבליק, מיט דעם וואָס ער מאַכט אַוועק מיט אַלטע, פֿערשימעלטע איינריכטונגען און אינסטיטוציאָנען? געווים ניט! מיר וויסען, אַז די אַלטע רעגירונגען האָבען קיין זאַך ניט פֿרייוויליג אָבגעגעבען, דאָס פֿאָלק האָט זיי געמוזט צווינגען מיט געוואַלד אָנצור־ערקענען געוויסע רעכטע, און דאָס זעלבע געפֿינען מיר אויך היינט צו טאָג: אום אַרויסצורייסען די קלענסטע רעפֿאָרם פֿון די זאָגענאַנטע „פֿאָלקס־פֿערטרעטער", איז דאָס פֿאָלק געצוואונגען צו רעוואָלטירען און צו קעמפֿפֿען פֿאַר זיינע פֿאָדערונגען.

עס איז לעכערליך צו ריידען פֿון אַן ענטוויקלונג פֿון די פּאַרלאַמענטאַרישע קערפּערשאַפֿטען. דען אין קיין צייט איז דער פּאַרלאַמענט ניט אויף אַזוי פֿיעל ערנידריגט גע־וואָרען ווי היינט. אונטער דער רעגירונג פֿון לואי פֿיליפּ האָט מען גערעדט פֿון פּאַרלאַמענטאַרישער פֿערפֿוילטקייט; אָבער רעדט נאָר היינט מיט די וויי־ניגע עהרליכע מענשען, וועלכע האָבען זיך פֿערפּלאָנטשעט אין דיזען זומפּ, און זיי וועלען אייך ענטפֿערן, אַז דער פּאַרלאַמענטאַריזמוס עקעלט זיי אָב. יעדער איינער, וואָס איז נעהנטער בעקאַנט געוואָרען מיט דעם פּאַרלאַמענטאַריזמוס, פֿיהלט ביי זיך אַ טיעפֿען עקעל געגען דיזע אינסטיטוציאָן.

אָבער קען מען דעם פּאַרלאַמענטאַריזמוס דען ניט פֿערבעסערן? קען מען איהם דען ניט אויפֿלעבען מיט אַ

נייעם עלעמענט, דעם אַרבייטער־עלעמענט? לאָמיר נאָר אַנאַליזירען די צוזאַמענשטעלונג פון די פערטרעטונגס־קערפּערשאַפטען, לאָמיר נאָר אַביסעל נעהנטער שטודירען די אַרט און ווייזע פון זייער טהעטיגקייט, און מיר וועלען באַלד דערקענען, אַז דיזע פאָרשטעלונג איז פונקט אַזוי נאַאיוו, ווי די אידעע צו מאַכען חתונה אַ קעניג מיט אַ פויערטע, אום צו פּראָדוצירען אַ נייעם מין פון גוטע פריינד־ליכע קעניגלאַך.



III.

ווען מיר וועלען נאָר אַביסעל נאָכדיינקען איבער די אינערליכע צוזאַמענשטעלונג פון די פּאַרלאַמענטען און איבער די אַרט און ווייזע פון זייער טהעטיג־קייט, וועלען מיר גאָר ניט מעהר ערשטוינט ווערען פון די צאָהלרייכע איבלען, וועלכע זיינען איינג פערבונדען מיט דעם גאַנצען פערטרעטונגס־סיסטעם.

איז עס דען ווירקליך נויטווענדיג, איך זאָל פאָרשטעלען פאַר דעם לעזער דאָס עקעלהאַפטע בילד פון די וואַהלען, וועלכעס איז בעקאַנט צו אַלעמען? איז דען דיזע טרויעריגע קאָמעדיע ניט איבעראַל דיזעלבע, אין די בורזשואזנע ענ־גלאַנד און אין דער דעמאָקראַטישער שווייץ, אין פראַנקרייך און אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, אין דייטשלאַנד און אין דער אַרגענטינישער רעפּובליק?

איז עס דען נויטווענדיג צו דערצעהלען, ווי אַזוי די וואַהל־אַגענטען און וואַהל־קאָמיטעס „מאַכען" און „אָרגאַ־ניזירען" אַ וואַהל, פון די אונבעגרענעצטע פערשפּרעכונגען, וועלכע ווערען געמאַכט—פּאָליטישע פערשפּרעכונגען אין די עפענטליכע וואַהל־פערזאַמלונגען און פּריוואַט־פערשפּרע־כונגען צו איינציגע פּערזאָנען; ווי די וואַהל־אַגענטען גנב'־ענען זיך אַריין אין די פאַמיליען, ווי זיי שמייכלען זיך

אונטער ביי דער פֿרוי און ביי די קינדער פֿון דעם וועהלער און אויב עס איז נויטיג זאָגאַר ביי זיין קראַנקען הונד און די קאַץ זיינע? איז עס דען נויטוועגדיג צו דערצעהלען, ווי זיי געהען אין אַלע רעסטאָראַנען און קאַפֿע־הייזער, אום איבערצורעדען די וועהלער, ווי זיי פֿיהרען אָן צווישען זיך אַ געמאַכטע דיסקוסיאָן, אום אַרויסצורופֿען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די אַנדערע, פונקט ווי יענע פּראָפֿעסיאָנעלע קאָרטען־שפּיעלערס, וועלכע זוכען זיך אוים זייערע אָפּפֿערס אין די שענקען און ביער־הייזער? און צולעצט ערשיינט ענדליך דער לאַנגערוואַרטעטער קאַנדידאַט פֿאַר זיינע „טהייערע וועהלער" מיט אַ ליעבליכען שמייכעל אויף די ליפּען און אַ זאַנפֿטען בליק, עהנליך צו יענע אַלטע פֿערדאָרבענע ווייבער אין לאָנדאָן, וועלכע זוכען אַריינצונאַרען אַ לאָדזשער אין זייער קוואַרטיר מיט זייערע האָניג־זיסע ווערטער און זייערע ענגעל־פֿרומע געזיכטער. איז עס דען ווירקליך נויטוועגדיג צו ריידען פֿון די אַלע פּאָליטישע שווינדעל־פּראָגראַמען—זיי אַלע גרינדען זיך אויף שווינדעל און בעטרוג, צו זיי רופֿען זיך קאָנסערוואַטיוו אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיש—אָן וועלכע דער קאַנדידאַט, אויב ער האָט נאָר אַ ברעקעל אינטעליגענץ אין קאָפּ און איז בעקאַנט מיט דעם אָנגאַנג פֿון'ם פּאַרלאַמענט, גלויבט אַליין אַזוי ווייניג ווי אין די נביאות פֿון דער ביבעל; און טראָץ דעם פֿערטהיידיגט ער זיין וואַהל־פּראָגראַם מיט אַזוי פֿיעל קראַפֿט און געמאַכטער בעגייסטערונג, וועלכע וואָלט זיך בעסער געפּאַסט פֿאַר אַ פּאַיאַץ אָדער אַ פּורים־שפּיעלער? ניט אומזיסט בעשעפֿטיגט זיך די פֿאָלקס־קאָמעדיע היינט־צוטאָג ניט מעהר אויסשליסליך מיט קלוגע בעטריגער, היפּאָקריטישע שווינדלערס א.ז.וו., נאָר אויף דער ביהנע איז ערשינען נאָך אַ נייער טיפּ, אַ נייער כאַראַקטער, דער פֿאָלקס־פֿערטרעטער, וועלכער יאָגט זיך נאָך שטימען און „גנב'עט צו פֿרעמדע נאָז־טיכלאָך".

איז עס דען נויטוועגדיג אויסצורעכנען די אונגעהייערע סומען, וועלכע די וואַהלען קאָסטען? די פּרעסע בעריכטעט אונז גענוג אין דיזער בעציהונג. אָדער זאָלען מיר איבערדרוקען די אָברעכנונג פון אַ וואַהל־אַגענט, מיט די אַלע געשענקע, וועלכע דער צאַרטפיהלענדער קאַנדידאַט האָט געגעבען זיינע „ליעבע קינדער", די וועהלער? זאָלען מיר פּובליצירען די אויסגאַבען פיר געקאָכטע עפּעל און פוילע אייער, וועלכע געפינען זיך אין די וואַהל־בודזשעטס פון די פעראייניגטע שטאַאטען—„אום די געגנער צו פערמאַכען די מיילער"? אָדער זאָלען מיר אויסרעכנען די קאָסטען פאַר די אַלע ליגענס און פערלוימדונגען, וועלכע מען פערשפּרייט אין לעצטען מאָמענט אין דער געשטאַלט פון פּלאַקאַטען, בעקאַנטמאַכונגען א.ז.וו., און וועלכע שפּיעלען אַזאַ גרויסאַרטיגע ראָלע אין די וואַהל־בעוועגונגען פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער?

זאָלען מיר ערקלעהרען די ניעדריגע ראָלע, וועלכע די רעגירונג שפּיעלט אין דער צייט פון די וואַהלען, ווי זי פערקויפט טויזענדער און טויזענדער פון שטעלען צו די וואָס צאָהלען איהר אַם בעסטען; ווי זי צייכענט אויס איהרע ליעבלינגע מיט אָרדענס און אַנדערע שמאַטעס, וועלכע פערדינען ווירקליך דעם נאָמען „קראַשאַ", וואָס דאָס פאָלק האָט זיי געגעבען;*) צו זאָל איך ריידען פון איהרע טויזענדע פערשפּרעכונגען צום שוץ פון די שפּיעלהייזער און באָרדעלען, פון איהרע פּראָסטיטואירטע צייטונגס־שרייבער, איהרע שפּיאָנען, פון די שווינדלערס, וועלכע זי טאָלערירט, פון איהרע ריכטער און פּאָליציסטען?

ניין, לאָמיר בעסער ניט ריידען פון דיזען עקעלהאַפטען שמוץ! לאָמיר זיך בעסער בעגנוגענען מיט דער פראַגע: צו

---

*) דאָס וואָרט „קראַשאַ" מיינט אייגענטליך שפּיאַכץ; עס ווערט געברויכט פון דעם פאָלק אַלס אַן אויסדרוק פון פעראַכטונג.
(דער איבערזעצער.)

איהר קענט געפינען איין איינציגע שמוציגע ליידענשאפט, אפילו די ערגסטע און ניעדריגסטע, וועלכע זאל זיך ניט מאניפעסטירען און אויסגענוצט ווערען אין דער צייט פון די וואהלען? שווינדעל, בעטרוג, היפאקריטיזמוס, ליגענס, דער גאנצער זומפ, וועלכער ליגט בעהאלטען אין דער מענשליכער נאטור, דאס אלעס צייגט זיך ארויס אין דער הערליכער צייט פון דער וואהל-פעריאדע. און טראץ דעם גיט עס נאך אלץ געוויסע מענשען, וועלכע בעהויפטען, אז די וואהלען זיינען א מיטעל פאר די פאליטישע ער־ציהונג פון די מאסען.

***

אזוי איז דאס, און אזוי וועט עס בלייבען, זא לאנג עס וועלען עקזיסטירען וואהלען, דורך וועלכע דאס פאלק קלויבט זיך אויס זיינע הערשער און געזעצגעבער. אפילו ווען די דעפוטאטען זאלען זיין ריכטיגע ארבייטער, קינדער פון דער גרויסער מאסע, אין דעם אויגענבליק, ווען דאס פאלק וועט זיי אויסקלייבען אלס זיינע רעגירער, וועט דער רעזולטאט זיין דערזעלביגער. זיי וועלען מעהר ניט אויס־טהיילען קיין געשענקע צווישען זייערע וועהלער, נאר זיי וועלען פערשפרייטען דעם ליגען, די פערלוימדונג, די פערגעטערונג, דעם פערזאנען-קולטוס, און די „געקאכטע עפעל און פוילע אייער" וועלען ווייטער זיין א גוטער קאמפף־מיטעל. און דאס איז גאנץ נאטירליך, דען וואס אנדערש קענט איהר ערווארטען, ווען איהר פערקויפט אייערע היי־ליגסטע רעכטע צו די, וועלכע מאכען די בעסטע פער־שפרעכונגען?

וואס פאדערט מען דען אייגענטליך פון די וועהלער? זיי זאלען אויסגעפינען א מאן, צו וועמען מען קען אנגע־טרויען דאס רעכט צו מאכען געזעצע פאר אלצדינג, וואס איז זיי הייליג און טהייער: פאר זייער פערזענליכע פריי־הייט, זייערע קינדער און זייער ארבייט. ווארום זאלט איהר

זיך וואונדערן, ווען עס געפֿינען זיך צוויי ביז דריי טויזענד שאַרלאַטאַנעס, וועלכע פֿיהרען אָן אַ קאַמפּף איינער מיט דעם אַנדערן, אום צו בעזיצען דיזעס קעניגליכע רעכט? מען זוכט אַ מאַן, וועלכער—צוזאַמען מיט עטליכע אַנדערע, וואָס זיינען אויסגעקליבען געוואָרען אויף דעמזעלבען שטייגער—זאָל האָבען דאָס רעכט צו פֿערדאַרבען אונזערע קינדער, ווען זיי זיינען אַלט געוואָרען 19 אָדער 20 יאָהר; דאָס רעכט זיי צו פֿערשפּאַרען אויף צוויי, דריי אָדער, אויב עס פּאַסט איהם בעסער, אויף צעהן יאָהר צייט אין די קאַזאַרמען, דאָס רעכט זיי אויסצושלאַכטען, ווען עס פֿערוועלט זיך איהם צו האַלטען מלחמה, און ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג איז דאָס פֿאָלק שפּעטער געצוואונגען פֿאָרטצוזעצען דעם קריעג. מען זוכט אַ מאַן, וועלכער זאָל האָבען דאָס רעכט צו עפֿנען אָדער צו פֿערמאַכען די שולען און די אוניווערזיטעטען, אַזוי ווי עס וועט איהם געפֿעלען ווערען, דאָס רעכט צו צווינגען די עלטערן צו שיקען זייערע קינדער אין די עפֿענטליכע בילדונגס-אינסטיטוטען אָדער זיי צו פֿערווייגערן דעם איינטריט. פּונקט ווי אַ נייער לואי דער 14טער האָט ער דאָס רעכט צו בעגינסטיגען אַ געוויסע אינדוסטריע אָדער איהר צו רואינירען, דאָס רעכט אויפֿצואָפּפֿערן איין טהייל פֿון זיין לאַנד צו גונסטען אַ צווייטען טהייל, דאָס רעכט צו פֿערכאַפּען אַ פּראָווינץ אָדער אַוועקצוגעבען אַ געוויסען טהייל פֿון לאַנד. צוזאַמען מיט זיינע מיט-רעגירער רויבט ער אַוועק פֿון די אַרבייטער דריי מיליאַרדען פֿראַנק אַ יאָהר, וועלכע ער קען פֿערווענדען אַזוי ווי עס פּאַסט איהם אַם בעסטען. אויסערדעם בעזיצט ער דאָס קעניגליכע פּריווילעגיום אויסצוקלייבען אַן עקזעקוטיוו-געוואַלד, ד.ה. אַ רעגירונגס-מאַכט, וועלכע—אַזוי לאַנג ווי זי איז אין אַנקלאַנג מיט דעם פּאַרלאַמענט—איז פֿיעל דעספּאָטישער און טיראַנישער ווי דאָס אַלטע קעניגטהום. דען לואי דער 14טער איז נאָר

געווען אַ הערשער פֿון עטליכע צעהן טויזענד בעאַמטע, אָבער די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג קאָמאַנדעוועט איבער הונדערט טויזענדער; דער אַבסאָלוטער קעניג האָט די שטאַאַטס־קאַסע געקענט בערויבען אום עטליכע זעק טהאָלער; אָבער דער קאָנסטיטוציאָנעלער מיניסטער פֿון אונזער צייט מאַכט אַ גוטע בערזען־שפּעקולאַציאָן און פֿערדינט אויף אַן „עהרליכען שטייגער" אַ פּאָר מיליאָן.

און טראָץ דעם פֿערוואונדערט מען זיך נאָך איבער די אַלע שמוציגע אינטריגעס און ליידענשאַפֿטען, וועלכע ציי־גען זיך אַרוים אין דער צייט, ווען מען דאַרף אויסגעפֿי־נען אַ הערר און רעגירער, וועלכער קען זיך פֿריי בענו־צען מיט דיזער מאַכט. ווען שפּאַניען האָט עפֿענטליך פֿערשטייגערט איהר טהראָן, האָט מען זיך פֿערוואונדערט איבער די גרויסע צאָהל פֿון די גליקס־ריטער און ספּעי־קולאַנטען, וועלכע האָבען זיך געשטריטען פֿאַר דער שטעלע. אָבער ווארום זאָלען מיר זיך דען וואונדערן? אַזוי לאַנג ווי מען וועט עפֿענטליך פֿערשטייגערן די שטאַאַטליכע מאַכט, אַזוי לאַנג וועט די וואַהל שטענדיג בלייבען אַ יעריד פֿאַר דעם פּערזענליכען עהרגייץ און פֿערקויפֿטען געוויסען.

* * *

אַ פֿערבעסערונג איז אונמעגליך אין דיזער בעציהונג, דען ווען מען וואָלט אפילו בעשריינקט די מאַכט פֿון די דעפּוטאַטען, ווען מען וואָלט זאָגאַר דעצענטראַליזירט דעם איינפֿלוס פֿון דער רעגירונג, וואָלט דער פּאַרלאַמענ־טאַריזמוס געמאַכט פֿון יעדער געמיינדע אַ בעזונדערען שטאַאַט אַ קליינע רעגירונג, און די פֿאָלגען וואָלטען גע־ווען דיזעלבע.

מען קען פֿערשטעהן אַ דעלעגאַציאָן, ווען הונדערט אָדער צוויי הונדערט מענשען, וועלכע קענען זיך איינער דעם צווייטען, וועלכע זיינען יעדען טאָג פֿעראייניגט אין זייער

אַרבייט און זייערע געמיינשאַפטליכע געשעפטען, מענשען, וועלכע האָבען בעטראַכטעט אַ געוויסע פראַגע פון אַלע זייטען און געקומען צו אַ געמיינשאַפטליכען בעשלוס, מען קען פערשטעהן, ווען דיזע הונדערט אָדער צוויי הונדערט פּערזאָנען קלייבען אוים עטליכע דעלעגאַטען, וואָס קומען זיך צוזאַמען מיט אַנדערע דעלעגאַטען, וועלכע זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען אויף דעמזעלבען אופן און צו דעמזעלבען צוועק, אום זיך געגענזייטיג צו פערשטענדיגען וועגען אַ געוויסע אַנגעלעגענהייט. אין אַזאַ פאַל, ווייסט יעדער איינער, אום וואָס עס האַנדעלט זיך, און וואָס ער קען אָנגעטרויען די דעלעגאַטען. די דעלעגאַטען וועלען ערקלעהרען די אַנדערע די מיינונג און אַנזיכטען פון זייערע קאַמעראַדען, און ווייל זיי האָבען ניט קיין מאַכט צו צווינגען די אַנדערע זיי זאָלען אָננעהמען זייער בעשלוס, וועלען זיי פערזוכען זיך געגענזייטיג צו פערשטענדיגען; זיי וועלען צוריק קומען מיט אַ געוויסען פאָרשלאַג, און אויב די הונדערט אָדער צוויי הונדערט מענשען, וואָס האָבען זיי געשיקט, זיינען איינשטימיג מיט דיזען פאָר־שלאַג, וועלען זיי איהם אָננעהמען, אויב ניט, וועלען זיי איהם פערוואַרפען. דאָס איז געווען דער אייגענטליכער אורשפּרונג פון דער דעלעגאַציאָן אין אַלגעמיין; ווען אַ געמיינדע האָט געשיקט דעלעגאַטען צו אַנדערע געמיינ־דעס, האָט מען זיי קיין אַנדער מאַנדאַט ניט געגעבען. און אַזוי האַנדלען נאָך היינט צו טאָג אַלע וויסענשאַפטליכע פעראייניגונגען, די סטאַטיסטיקער, די דעלעגאַטען פון די פאָסט־פערבינדונגען און אייזענבאַהן־פערוואַלטונגען פון די פערשידענע לענדער אויף זייערע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען.

אָבער וואָס פאָדערט מען פון די היינטיגע וועהלער? מען פערלאַנגט, אַז צעהנטויזענד, צוואַנציג טויזענד אָדער הונדערט טויזענד מענשען, וועלכע האָבען זיך קיינמאָל

ניט געזעהן איינער דעם אַנדערן, קיינמאָל ניט געהאַט קיין געמיינשאַפֿטליכע בעציהונגען, זיי זאָלען זיך פֿערשטענדיגען וועגען דער וואַהל פֿון אַ בעשטימטען מאַן. און דיזער מאַן איז ניט קיין דעלעגאַט, וועלכער האָט די אויפֿגאַבע צו ערקלעהרען אַ געוויסע פֿראַגע אָדער צו פֿערטהיידען אַ געוויסען בעשלוס, ניין, דיזער מאַן האָט די אויפֿגאַבע אַלצדינג צו וויסען און אַלצדינג צו טהאָן, צו מאַכען געזעצע פֿאַר וואָס עס זאָל ניט זיין און זיינע ענטשיידונגען האָבען שטענדיג געזעצליכע קראַפֿט. אויף אַזאַ מין אַרט איז דער אורשפּרינגליכער כאַראַקטער פֿון דער דעלעגאַציאָן אין גאַנצען פֿערניכטעט געוואָרען, זי איז ניט מעהר ווי אַן אַבסורדע און לעכערליכע זאַך.

זעלבסטפֿערשטענדליך קען מען ניט געפֿינען אַ מענש, וועלכער זאָל אַלצדינג וויסען און אַלצדינג פֿערשטעהן. אָבער עס געפֿינט זיך פֿיללייכט אַ גוטער בירגער, וועלכער פֿעראייניגט אין זיך אַן עהרליכען כאַראַקטער, אַ געזונדען פֿערשטאַנד און אַ געוויסע בילדונג; דיינקט איהר ווירקליך, אַז מען וועט איהם אויסקלייבען אַלס אַ דעפּוטאַט? געוויס ניט! אין זיין וואַהל-בעצירק געפֿינען זיך קוים צוואַנציג מענשען, וועלכע וויסען זיינע אויסגעצייכענטע אייגענשאַפֿטען, דערפֿאַר וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין רעקלאַמע מיט זיי, און אַלס אַן עהרליכער מאַן וואָלט ער זיך קיינמאָל ניט בענוצט מיט די געוועהנליכע מיטלען, אום זיך צו מאַכען אַ נאָמען. ער וואָלט פֿיללייכט געקראָגען 200 שטימען, דאָס איז אַלעס, און זיין נאָמען וואָלט אפשר זאָגאַר גאָר ניט געשטאַנען אויף דעם ליסט פֿון די קאַנדידאַטען. אָנשטאָט איהם וועט מען בעסער אויסקלייבען אַן אַדוואָקאַט, אַ צייטונגס-שרייבער, איינעם פֿון די „גלאַטע צינגלאַך", וועלכער וועט פֿערגרעסערען מיט זיין פֿערזאָן די סטאַדע פֿון דעם מיניסטעריום אָדער די אָפּאָזיציאָן. אָדער עס וועט זיין אַ קויפֿמאַן, וועלכער איז

צופרידען צו בעצאָהלען צעהן טויזענד פראַנק, אום צו האָבען די גרויסע עהרע צו רופען זיך א „מיטגליעד פון פּאַרלאַמענט". און זאָגאַר דאָרט, וואו עס עקזיסטירען די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציאָנען און געוואוינהייטען, ווי צ.ב.ש. אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, דאָרט וואו עס איז לייכט צו פאָרמירען אַ קאָמיטע, אום צו בעקעמפּפען דעם איינפלוס פון די רייכע, זאָגאַר דאָרט וועט מען שטענדיג אויסקלייבען דעם ערגסטען פון אַלע, דעם פראָפעסיאָנעלען פּאָליטיקער, דיזע נידערטרעכטיגע בעשעפענים, וועלכע איז געוואָרען דער קרעבס־געשוויר פון דער רעפּובליק, דער מאַן, וועלכער האָט געמאַכט פון דער פּאָליטיק אַן אינדוסטריע, וועלכע ער האָט איינגע־אָרדענט נאָך דעם מוסטער פון דער מאָדערנער גרויס־אינדוסטריע, דורך רעקלאַמע, בלאָפעריען און קאָרופּציאָן. מען קען איבערבייטען דעם וואַהל־סיסטעם אַזוי אָפט ווי מען וויל נאָר, מען קען שאַפען די בעסטע גלייכהייטס־בעדינגונגען פאַר די וועהלער און פאָרמירען און רעפאָר־מירען די איינטהיילונג פון די וואַהל־בעצירקען, דער איבעל וועט שטענדיג בלייבען דערזעלבינער. דער יעניגער, וועלכער איז אימשטאַנדע צו בעקומען מעהר ווי אַ העלפט פון די אָבגעגעבענע שטימען, איז מייסטענטהיילס (די וויינינע אויסנאַהמען, ביי וועלכע עס האַנדעלט זיך גע־וועהנליך אום אונטערדריקטע און פערפאָלגטע פּאַרטייען, צעהלען ניט מיט) אַן אונבעדייטענדער מענש אָהן אַ איבערצייגונג, וועלכער פערשטעהט צו בעפרידיגען די גאַנצע וועלט.

דאָס איז אויך די אורזאַכע, ווי ספּענסער האָט שוין זעהר ריכטיג בעמערקט, וואָס די צוזאַמענשטעלונג פון די פּאַרלאַמענטען איז מייסטענטהיילס אַזאַ שלעכטע. „דער פּאַרלאַמענט", זאָגט ספּענסער, „שטעהט אימער אונטער דער דורכשניטליכער בילדונג פון דעם פאָלק, ניט נאָר

אין בעצוג אויף בעוואוסטזיניגקייט, נאָר אויך אין בעצוג אויף דער אינטעליגענץ. אַן אינטעליגענטעס פאָלק פערלירט אימער דורך זיינע פערטרעטער; און ווען דאָס פאָלק וואָלט זאָגאַר געהאַט די דירעקטע אַבזיכט אויסצוקלייבען אַ פערטרעטונג פון פוסטע קעפּ, וואָלט די וואַהל אויך ניט געקענט אויספאַלען ערגער. וואָס אַנבעלאַנגט די עהרליכקייט פון די דעפּוטאַטען, ווייסט יעדער איינער וואָס ער האָט צו ערוואַרטען. מען דאַרף נאָר לייענען, וואָס געוועזענע מיניסטאָרען האָבען אָנגעשריבען אין דיזער בעציהונג, און מען וועט באַלד בעקומען אַ ריכטיגען אורטהייל.״

עס איז ווירקליך צו בעדויערן, אַז עס גיט קיין בע־זונדערע אייזענבאַהנען, אום די וועהלער זאָלען כאָטש האָבען אַ געלעגענהייט פּערזענליך צו בעאָבאַכטען די טהעטיגקייט פון זייערע פערטרעטער. זיי וואָלטען זיך זיכער באַלד אָבגעקעהרט מיט פעראַכטונג און עקעל פון דיזער אינסטיטוציאָן. אין די אַלטע צייטען האָט מען אָנגע׳שכור׳ט די שקלאַפען און מען האָט זיי פאָרגעשטעלט די קינדער אַלס אַן אָבשרעקענדעס ביישפּיעל. ווען די ברייטע וועהלער־מאַסען וואָלטען געהאַט די מעגליכקייט זיך נעהנטער צו בעקענען מיט דער טהעטיגקייט פון זייערע פערטרעטער, וואָלטען זיי זיכער באַלד קורירט געוואָרען פון זייער גלויבען אין דעם פערטרעטונגס־סיסטעם און די פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג.

*
* *

און צו דיזער פערזאַמלונג פון פּאָליטישע נולען גיט דאָס פאָלק איבער אַלע זיינע רעכטע מיט דער בעדינגונג איבערצובייטען פון צייט צו צייט זיינע פערטרעטער און אויסצוקלייבען אַנדערע פון דעם זעלבען זאָרט. אָבער ווייל די נייע פערטרעטונג ווערט אויסגעקליבען נאָך דעמזעלבען סיסטעם און פאַר דעמזעלבען צוועק, וועט זי פּונקט אַזוי שלעכט זיין ווי די פריהערדיגע, און די מאַסע וועט צולעצט

פֿערלירען דעם אינטערעס פֿאַר דער גאַנצער קאָמעדיע; זי וועט זיך בעגנוגענען מיט עטליכע פֿערבעסערונגען און אויסקלייבען אַ פּאָר נייע קאַנדידאַטען, וועלכע וואַרפֿען זיך אָן אויף זייערע וועהלער.

אָבער ווען מיר געפֿינען שוין אַזעלכע אונהיילבאַרע גרונד־איבלען ביי די וואַהלען, וואָס זאָלען מיר ערשט זאָגען, זעהענדיג ווי אַזוי די פֿאָלקס־פֿערטרעטער לייזען זייער אויפֿגאַבע? מען דאַרף נאָר אַביסעל איבערקלערען דיזע פֿראַגע, אום אויסצוגעפֿינען די גאַנצע לעבערליכקייט און נוצלאָזיגקייט פֿון דעם גאַנצען פֿערטרעטונגס־סיסטעם.

דער פֿאָלקס־פֿערטרעטער זאָל האָבען אַ בעשטימטע מיינונג, אַ שטימע איבער די אונענדליכע צאָהל פֿון פֿערשידענע פֿראַגען, וועלכע ענטוויקלען זיך אין דעם אונגע־הייערן אָרגאַניזמוס פֿון דעם צענטראַליזירטען שטאַאַט.

ער דאַרף אָבגעבען זיין שטימע וועגען דער שטייער פֿאַר די הינד און איבער געוויסע רעפֿאָרמען פֿון די אוניווערזי־טעטען, אָבוואָהל ער איז אפשר קיינמאָל ניט געווען אין קיין אוניווערזיטעט, און אָבוואָהל ער קען פֿילייכט גאָר ניט דעם ווערטה פֿון אַ הונד פֿאַר דעם בויער. ער דאַרף אָבגעבען זיין מיינונג איבער די נייע ביקסען, וועלכע דער שטאַאַט געהט איינפֿיהרען, און וואָס פֿאַר אַ פּלאַץ עס איז דער בעסטער, אום צו האָדעווען די פֿערד פֿאַר דער אַרמעע. ער מאַכט געזעצע פֿאַר דער פֿערניכטונג פֿון שעדליכע אינזעקטען, געזעצע וועגען דער טאַבאַק־שטייער, דער עלעמענטאַרער שול־בילדונג, דער עפֿענטליכער גע־זונדהייט אין די שטעדט; געזעצע פֿאַר די קאָלאָניען, פֿאַר אַלזשיר און גוואיאַנאַ, געזעצע איבער די פֿאָרם פֿון די קוימענס און דעם פּאַריזער אָבסערוואַטאָריום. ער, דער פֿאָלקס־פֿערטרעטער, וואָס האָט פֿילייכט ווען עס איז בעגעגענט די סאָלדאַטען אויף אַ פּאַראַד, צוטהיילט די די אַרמעען אין לאַנד; ער האָט אין זיין גאַנצען לעבען ניט

געזעהן קיין אַראַבער אין די אויגען, נאָר פֿון דעסטוועגען העלפֿט ער מיט איבערבייטען די מחמד'אַנישע גרונד־געזעצע אין אַלזשיר. ער בעשטימט די פֿאָרם פֿון די סאָל־דאַטסקע היטלען לויט דעם געשמאַק פֿון זיין ליעבע פֿרוי, ער לייגט אַרויף אַ שטייער אויף צוקער און פֿערלירט דעריבער דעם האָבער. ער פֿערניכטעט די וויין־קולטור, מיט דעם וואָס ער זוכט איהר צו בעשיצען. ער שטימט פֿאַר דער פֿלאַנצונג פֿון נייע וועלדער, אין דער צייט ווען מען דאַרף מעהר לאָנקעס, און ער מאַכט געזעצע פֿאַר דעם שוץ פֿון די לאָנקעס אין דער צייט, ווען מען דאַרף מעהר וועלדער. ער לאָזט צו גרונדע געהן אַ קאַנאַל, צוליעב די אינטערעסען פֿון אַ געוויסע אייזענבאַהן־ליניע, און ער ווייס אפילו ניט אין וואָס פֿאַר אַ טהייל פֿון פֿראַנקרייך דיביידע געפֿינען זיך. ער האָט קיינמאָל ניט איבערגעמישט דעם געזעץ־בוך און טראָץ דעם שאַפֿט ער שטענדיג נייע פּאַראַ־גראַפֿען און נייע בעשטימונגען. ער איז כמעט אַלוויסענדער פֿון דעם רבונו של עולם: היינט איז ער אַ מיליטער־מאַן און מאָרגען דיסקוטירט ער וועגען דעם האָדעווען פֿון חזירים; ער איז אַלעס, לויט ווי די אומשטענדען פֿאָדערן עס—אַ באַנקיר, אַן אַקאַדעמיקער, אַ רינשטאָק־רייניגער, אַ דאָקטאָר, אַן אַסטראָנאָם, אַ כעמיקער, אַ ספּעקולאַנט, אַ קויפֿמאַן, מיט איין וואָרט ער איז אַלצדינג לויט דער פּאַרלאַמענטאַרישער טאַגעס־אָרדנונג. אַלס אַ צייטונגס־שרייבער, אַן אַדוואָקאַט אָדער אַ רעדנער אין עפֿענטליכע פֿערזאַמלונגען איז ער געוואוינט צו ריידען און צו שרייבען איבער אַלצדינג וואָס ער פֿערשטעהט ניט, און אַזוי גיט ער אויך אָב אַן אורטהייל איבער אַלע פֿראַגען, וועלכע בעשעפֿ־טיגען דעם פּאַרלאַמענט; דער גאַנצער אונטערשייד איז דער: אַלס צייטונגס־שרייבער אַמוזירט ער דעם טהיער־היטער הינטערן וואַרעמען אויוון; אַלס אַדוואָקאַט וועקט ער אויף מיט זיינע רעדען די פֿערשלאָפֿענע ריכטער און

געשוואָרענע, און אַלס א דעפּוטאַט מאַכט ער געזעצע פאַר דרייסיג אָדער פערציג מיליאָן מענשען.

און ווייל עס איז אונמעגליך, אַז דער פאָלקס־פערטרע־טער זאָל האָבען אָן אייגענע מיינונג איבער די טויזענדער און טויזענדער פערשידענע פראַגען, פאַר וועלכע ער זאָל מאַכען געזעצע, וועט ער זיך בעסער דורכשמועסען מיט זיין שכן, ער וועט פערברייגען זיין צייט אין פּאַרלאַ־מענטס־רעסטאָראַן און שרייבען בריעף אָן זיינע „טהייערע וועהלער", אין דער צייט ווען אַ מיניסטער לעזט פאַר אַ בעריכט, וועלכער איז פול מיט צאָהלען, וואָס זיין ביוראָ־שעף האָט אָנגעשריבען אָדער געלאָזט אַנדערע אָנשרייבען פאַר דיזען צוועק; ווען עס קומט צו דער אָבשטימונג, גיט דער פּאַרטיי־פיהרער אַ צייכען, און די דעפּוטאַטען וועלען ריידען פיר אָדער געגען דעם בעריכט, לויט דעם בעשלוס פון זייער פּאַרטיי.

אויף אַזאַ מין אַרט איז די פראַגע איבער דעם אויפהאָ־דעוועז די חזירים אָדער איבער די קליידונג און בעוואַפנונג פון די זעלנער אין דער ווירקליכקייט ניט אַנדערש ווי אַ פראַגע פון פּאַרלאַמענטאַרישע אַרומרייסעניש צווישען דער רעגירונג און דער אָפּאָזיציאָן. די פראַגע צו דער אויפהאָ־דעוועז פון די חזירים איז נויטווענדיג, אָדער צו די זעלנער זיינען שוין יעצט אָנגעלאָדען ווי די קעמלען אין דער וויסטע, שפּילט איבערהויפּט ניט קיין ראָלע. עס האַנדעלט זיך איינפאַך צו וויסען, אויב די צושטימונג אָדער דער פערוואַרפען פון אַ געוויסע פראַגע איז ניצליך אָדער שעד־ליך פאַר די אינטערעסען פון די פערשידענע פּאַרטייען. דער פּאַרלאַמענטאַרישער קאַמפּף ווערט שטענדיג אָנגע־פיהרט אויף די קאָסטען פון די זעלנער, פון די בויערן אָדער פון די אינדוסטריע־אַרבייטער און פאַר די אינטערעסען פון דעם מיניסטעריום אָדער דער אָפּאָזיציאָן.

אָרעמער פּרודהאָן! איך קען מיר פאָרשטעלען ווי ביטער

ענטוישט ער איז געווען, ווען ער איז צום ערשטען מאָל אַריינגעטראָטען אין פֿאַרלאַמענט מיט דעם נאַאיווען גלויבען, אַז יעדע פֿראַגע, וועלכע שטעהט אויף דער טאַגעס־אָרד־נונג, דאַרף פֿריהער גרינדליך שטודירט ווערען. שטעהענדיג אויף דער פאַרלאַמענטס־טריבונע האָט ער פֿאָרגעלייגט די דעפּוטאַטען נייע אידעען און טרוקענע צאָהלען; אָבער זיי האָבען איהם אפילו ניט אויסגעהערט. אַלע פֿראַגען זיינען שוין לאַנג ענטשידען, איידער די זיצונג פֿאַנגט זיך אָן; אַלע פאַרטייען האָבען שוין אין פֿאָראויס אָבגעמאַכט זייער מיינונג און וועלען שטימען לויט דעם נוצען אָדער שאָדען, וואָס עס קען זיי ברייגנען. די שטימען ווערען שוין געצעהלט, איידער די דעבאַטען פֿאַנגען זיך אָן, און יעדער פּאָליטיקער ווייס גאַנץ גענוי ווי אַזוי די אָבשטימונג וועט אויספֿאַלען. די רעדען ווערען נאָר געהאַלטען אַלס אַ מין איינלייטונג און מען הערט זיך נאָר צו צו זיי, ווען זיי האָבען אַן אָראַ־טאָרישען ווערטה, אָדער ווען זיי רופֿען אַרויס אַ סקאַנדאַל. נאַאיווע מענשען ריידען זיך איין, אַז דיזער אָדער יענער שטאַאַטס־מאַן, דיזער אָדער יענער פאַרטיי־פֿיהרער האָט בעאיינפֿלוסט דעם פאַרלאַמענט מיט זיינע רעדען; אָבער אין דער אמת'ען זיינען דיזע רעדען ניט מעהר ווי אַ געלעגענהייטס־זאַך, אום צו בעפֿרידיגען די צושויער אויף די גאַלעריען און אויפֿצופֿרישען די פּאָפּולאַריטעט דורך שעהן־קלינגענדע פֿראַזען.

* *
*

און ווער זיינען דאָס די יעניגע, וועלכע ענטשיידען די אָבשטימונג? ווער זיינען דאָס די יעניגע וועלכע גיבען די פאַרלאַמענטאַרישע בעשליסע זייער אייגענטליכען כאַראַק־טער? ווער זיינען דאָס די, וועלכע שטירצען אַ מיניסטעריום און פֿאַ־מירען אַ צווייטען, וועלכע בעגליקען דאָס לאַנד מיט אַ רעאַקציאָנערער פּאָליטיק אָדער מיט אַ פּאָליטיק פֿון פֿערברעכערישע אויסלענדישע אונטערנעהמונגען? ווער

זיינען דאָס די, וואָס ענטשיידען דעם קאַמפף צווישען דעם מיניסטעריום און דער אָפּאָזיציאָן?

עס זיינען די, וועלכע מען רופט אין פראַנקרייך די „זשאַבעס פון זומפ", די יעניגע, וועלכע האָבען איבער־הויפּט קיין איבערצייגונג ניט, און וועלכע זיינען ניט אַהין און ניט אַהער, ניט קאַלט און ניט וואַרעם, עס זיינען די יעניגע, וועלכע בעוועגען זיך שטענדיג צווישען די הויפּט־פּאַרטייען אין פּאַרלאַמענט, און וועלכע זיינען אַמאָל אויף דיזער און אַמאָל אויף יענער זייט.

דיזע קליינע גרופּע פון עטליכע דוצענד גלייכגילטיגע מענשען, וועלכע האָבען ניט די קלענסטע איבערצייגונג, מענשע וועלכע דרעהען און ווענדען זיך אין אַלע זייטען, אַמאָל צו די ליבעראלען און אַמאָל צו די קאָנסערוואַטיווען לויט די פערשפּרעכונגען און שמייכלערייען, וועלכע מען מאַכט זיי, די גוטע פלעצער, וועלכע מען פערשפּרעכט זיי—אָפטמאָל איז עס אויך די מורא, וועלכע בעאיינפלוסט זייער שטעלונג—אָט דיזע גרופּע פון פּאָליטישע נולען, זיי ענטשיידען די אַנגעלעגענהייטען פון אַ גאַנצען לאַנד דורך זייערע שטימען. אָט דאָס זיינען די לייטע, וועלכע מאַכען די געזעצע, אָדער וועלכע פערוואַרפען זיי; זיי זיינען עס, וועלכע שטירצען מיניסטאָרען און רופען אַנדערע אויף זייערע פלעצער, זיי בעשטימען דאָס די פּאָליטיק פון'ם לאַנד. אַפּאָר דוצענד מענשען אָהן פּרינציפּען, אָהן אַ בעשטימטע איבערצייגונג פאַבריצירען די געזעצע פאַר אַ גאַנץ פאָלק—אָט דאָס איז דער שלום, צו וועלכען מיר מוזען קומען, אַנאַליזירענדיג דעם סיסטעם פון'ם פּאַרלאַ־מענטאַריזמוס.

דאָס איז אַן אונפערמיידליכע טהאַטזאַכע, דעז ווען מיר וואָלטען אפילו געהאַט די בעסטע, עהרליכסטע און פעהיג־סטע מענשען אין פּאַרלאַמענט, וואָלט עס אויך געהאַט אַ קליינע ווערדע, דען די ענטשיידונג ליעגט שטענדיג ביי די

„ושאַבעס פֿון׳ם זומפּ“, ביי די מענשען אָהן אידעאַלען און אָהן פּרינציפּען. אין דיזער בעציהונג קען קיין זאַך ניט געענדערט ווערען, אַזוי לאַנג ווי די פּאַרלאַמענטאַרישע מאַיאָריטעט מאַכט די געזעצע.

* * *

נאָכדעם ווי מיר האָבען געגעבען אַ קורצען איבערבליק איבער די נאַטירליכע און אונפֿערמיידליכע איבלען פֿון דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם, וואָלטען מיר יעצט בעדאַרפֿט צייגען די טהעטיגקייט פֿון די פּאַרלאַמענטאַרישע קער־פּערשאַפֿטען. מיר וואָלטען בעדאַרפֿט אויפֿווייזען, וואָס פֿאַר אַ קליינע בעדייטונג דיזע אַלע קערפּערשאַפֿטען האָבען געהאַט, פֿון דער קאָנווענציאָן ביז דער פֿאַריזער קאָמונע פֿון 1871, פֿון׳ם ענגלישען פּאַרלאַמענט ביז דער סערבישער סקופּטשינאַ, און דאָס די בעסטע געזעצע, וואָס זיי האָבען געמאַכט, זיינען—אַזוי ווי באָקעל האָט געזאָגט—געווען די, דורך וועלכע מען האָט אָבגעשאַפֿט אַנדערע געזעצע; און אפּילו דאָס האָבען זיי ניט געטהאָן פֿרייוויליג, נאָר זיי זיינען געצוואונגען געווען עס צו טהאָן, געצוואונגען דורך די רעוואָלוציאָנערע אַקציאָן און די וואַפֿען פֿון׳ם פֿאָלק. אַזאַ מין געשיכטע וואָלט נויטווענדיג געווען, אָבער ליידער וואָלט זי געווען פֿיעל צו גרויס פֿאַר אונזערע אָבהאַנדלונגען.*)

איבערהויפּט וועט יעדער איינער, וועלכער לאָזט זיך ניט בעאיינפֿלוסען פֿון די פֿאָראורטהיילע, וואָס מען האָט איינגעפֿלאַנצט אין אונז דורך אַ גרונד־פֿאַלשע ערציהונג, און וועלכער איז אימשטאַנדע צו דיינקען זעלבסטשטענדיג, אַליין געפֿינען גענוג ביישפּיעלע פֿאַר דיזע בעהויפּטונג אין דער געשיכטע פֿון אונזערע אייגענע פֿערטרעטונגס־קער־פּערשאַפֿטען. ער וועט בעגרייפֿען, אַז דער פּאַרלאַמענט,

---

*) אין דעם בעקאַנטען ווערק פֿון הערבערט ספּענסער „דאָס אינ־דיווידואום געגען דעם שטאַאַט“, געפֿינט זיך אַ קאַפּיטעל—„די זינד פֿון דער געזעצגעבונג“—וועלכע בעהאַנדעלט דיזע פֿראַגע.

וואָס פֿאַר פּערזאָנען עס זאָלען זיך דאָרט ניט געפֿינען, בורזשואַס און אַרבייטער אָדער אפילו רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען, וועלען די רעזולטאַטען שטענדיג זיין דיזעלבע, דערפֿאַר וואָס די איבלען פֿון דעם פּאַרלאַמענ־טאַריזמוס זיינען ניט אָבהיינגיג פֿון די פּערזאָנען, זאָנדערן זיי זיינען אַ נויטווענדיגע ערשיינונג פֿון דעם גאַנצען סיסטעם.

צו טרוימען וועגען אַ פֿאָלקס־שטאַאַט, וועלכער זאָל רעגירט ווערען דורך אַן אויסערוועהלטע פֿאָלקס־פֿערטרע־טונג, איז דער ערגסטער חלום, וועלכען אונזערע אויטאָרי־טערע ערציהונג האָט ווען פּראָדוצירט.

פּונקט ווי איהר געפֿינט ניט קיין גוטען קעניג, ניט אין אַ ריעגנצי און ניט אין אַ אַלעקסאַנדער דעם דריטען, אַזוי קענט איהר אויך ניט געפֿינען קיין גוטען פּאַרלאַמענט. די צוקונפֿט פֿון'ם סאָציאַליזמוס ליעגט גאַנץ וואו אַנדערש, זי עפֿענט אויף פֿאַר דער מענשהייט גאַנץ נייע וועגען ניט נאָר אויף דעם עקאָנאָמישען, זאָנדערן אויך אויף דעם פּאָליטישען געביעט.*



.IV

מיר וועלען אַם בעסטען בעגרייפֿען, אַז די צייט פֿון דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם איז שוין אַריבער, אַז ער האָט אויסגעשפּיעלט זיין ראָלע, אַז ער דאַרף אָבגעבען זיין פּלאַץ צו נייע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנס־פֿאָרמען, ווען מיר וואַרפֿען אַ בליק אויף די געשיכטע און דעם אורשפּרונג פֿון דעם פּאַרלאַמענטאַרישען סיסטעם.

מיר דאַרפֿען גאָר ניט אַזוי וויט צוריקגעהן. לאָמיר זיך אָבשטעלען ביי דעם 12טען יאָהרהונדערט און ביי דער בעפֿרייאונג פֿון די קאָמונען.

אינמיטען דער אַלטער פֿעאָדאַליסטישער געזעלשאַפֿט

ענטשטעהט פלוצלונג אַ גרויסאַרטיגע פֿרייהייטליכע בעוועגונג. די שטעדט מאַכען זיך פֿריי און אונאַבהייננגיג פֿון דער הערשאַפֿט פֿון די אַדעלמענער. זייערע איינוואוינער גיבען אָב די „שבועה" זיך צו פֿערטהיידיגען איינער דעם צווייטען; אונטער דעם שוץ פֿון זייערע מויערן ערקלעהרען זיי זיך פֿריי און אונאַבהיינגיג; זיי אָרגאַניזירען זיך פֿאַר דער פראָדוקציאָן, פֿאַר דעם אויסטויש פֿון די פראָדוקטען, פֿאַר דער אינדוסטריע און דעם האַנדעל, מיט איין וואָרט, זיי שאַפֿען יענע שטעדט, וועלכע זיינען אויף 300 אָדער 400 יאָהר צייט געווען די היימאַטה פֿון דער פֿרייער אַרבייט, פֿון קונסט און וויסענשאַפֿט, פֿון נייע פֿילאָזאָפֿישע אידעען, דער פֿונדאַמענט פֿון אונזער היינטיגער ציוויליזאַציאָן, מיט וועלכע מיר בעריהמען זיך אַזוי שטאַרק.

דער אורשפּרונג פֿון דיזע פֿרייע קאָמונען איז ניט געווען קיין ריין רוימישער, אַזוי ווי ראַאינואַר און לעבאַ (אונטערשטיצט פֿון גיזאָ און ביז צו אַ געוויסען גראַד אויך פֿון אָגוסטען טהיערי) אין פֿראַנקרייך, און אייכהאָרן, גויפּ און סאַוויניע אין דייטשלאַנד האָבען ערקלעהרט; זייער אורשפּרונג איז אויך ניט קיין ריין גערמאַנישער ווי די אויסגעצייכענטע שולע פֿון די „גערמאַניסטען" האָט בעהויפּטעט; זיי זיינען געווען דער נאַטירליכער פּראָדוקט פֿון'ם מיטעלאַלטער, דער פּראָדוקט פֿון דער שטענדיג וואַקסענדער בעדייטונג פֿון איינצעלנע פּונקטען אַלס די צענטערס פֿון האַנדעל און אינדוסטריע. דאָס איז אויך די אורזאַכע, וואַרום דיזע אונאַבהיינגיגע שטעדט, וועלכע פֿילען אָן מיט זייער רוישדיגען לעבען די געשיכטע פֿון דריי יאָהרהונדערטע, און וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרען די גרונד־עלעמענטען פֿון דעם היינטיגען שטאַאַט, דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום דיזע שטעדט האָבען זיך כמעט איבעראַל ענטוויקעלט אין דערזעלביגער צייט, אין 11טען און 12טען יאָהרהונדערט

—אין איטאַליען און אין פֿלאַנדערן, אין גאַליען (פֿראַנקרייך) און אין דייטשלאַנד, אין סקאַנדינאַוויען און אין די סלאַ־ווישע לענדער, וואו דער רוימישער איינפֿלוס האָט איבער־הויפּט ניט עקזיסטירט, און וואו דער גערמאַנישער איינפֿלוס האָט געהאַט זעהר אַ קליינע בעדייטונג.

די פֿרייע קאָמונען פֿון׳ם מיטעלאַלטער האָבען זיך ענט־וויקעלט פֿון די קאָנספּיראַציעס פֿון די בירגער, וועלכע האָבען זיך בעוואָפֿענט, אום צו אָרגאַניזירען די געגענזיי־טיגע פֿערטהיידיגונג, און געשאַפֿען אינערהאַלב די שטאָדט אַ פֿרייע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז געווען אונאַבהיינגיג פֿון יעדען וועלטליכען און גייסטליכען הערר און אונאַב־היינגיג פֿון׳ם קעניג. הינטער זייערע מויערן האָט זיך באַלד ענטוויקעלט אַ בליהענדער לעבען, און אָבוואָהל זיי האָבען פֿערזוכט צו אונטערוואַרפֿען די אַרומיגע דערפֿער צו זייער אייגענער העררשאַפֿט אָנשטאָט צו דער העררשאַפֿט פֿון די אַדעלמענער, האָבען זיי אָבער דאָך ענטוויקעלט צווי־שען די בויערן דעמזעלבען שטרעבען צו פֿרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט. „Nus sumes homes cum il sunt!“ (מיר זיינען מענשען, פונקט ווי זיי), אַזוי האָבען די בויערן אָנגעהויבען זינגען און געמאַכט אַ ווייטערען שריט זיך צו בעפֿרייען פֿון דער לייבאייגענשאַפֿט.

„אַ פֿרייער אָרט פֿאַר לעבען און אַרבייט!“ אַזוי האָבען זיך גערופֿען די אַלטע שטעדט, וועלכע האָבען זיך הינטער זייערע מויערן אָרגאַניזירט אַלס אַ פֿעראייניגונג פֿון אונאַב־היינגיגע קערפּערשאַפֿטען אָדער אַרבייטס־גרופּען. יעדע גרופּע אָדער קאָרפּאָראַציאָן האָט געהאַט איהר אייגענעם געריכט, איהר אייגענע פֿערוואַלטונג און איהר אייגענע מיליטערישע פֿערטהיידיגונג, יעדע איינע פֿון דיזע גרופּען האָט בעזאָרגט איהרע אייגענע אַנגעלעגענהייטען, ניט נאָר וואָס אָנבעטרעפֿט דעם האַנדעל און די אינדוסטריע איהרע, נאָר אויך אַלעס דאָס, וואָס דער שטאַאט האָט שפּעטער מאָנאָ־

פֿאָליזירט: דעם אונטעריכט אין די שולען, די עפֿענטליכע געזונדהייטס־מאַסרעגלען, שוץ פֿון די אַלטע מנהגים און געוואוינהייטען, די יוריסטישע אַנגעלעגענהייטען און די מיליטערישע פֿערטהיידיגונג. די פּאָליטישע קערפּערשאַפֿטען, פּונקט ווי די קאָרפּאָראַציאָנען פֿאַרן האַנדעל און אינדוס־טריע זיינען פֿערבונדען געוועזען איינע מיט די אַנדערע דורך דעם פֿאָרום, די פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג; ד. ה. ביי בעזונ־דערע אַנגעלעגענהייטען האָט דער טהורם־וועכטער צונויפֿ־גערופֿען דאָס פֿאָלק — סיי אום צו ערליידיגען די שטריי־טיגקייטען צווישען איינצעלנע גרופּען, סיי אום צו בעראַטהען זיך איבער אַלגעמיינע אַנגעלעגענהייטען, אָדער צו פֿער־שטענדיגען זיך געגענזייטיג איבער גרויסע קאָמונאַלע אונטערנעהמונגען, וועלכע האָבען געפֿאָדערט די הילפֿע פֿון אַלע איינוואוינער.

אין דיזע קאָמונען, הויפּטזעכליך אין דער צייט פֿון זייער ערשטער ענטוויקלונג, געפֿינען מיר ניט דעם קלענסטען סימן פֿון אַ פֿערטרעטונגס־סיסטעם. אַ גאַס, אַ קוואַרטאַל, די גאַנצע קאָרפּאָראַציאָן אָדער די גאַנצע שטאָדט פֿאַסען זייערע בעשליסע ניט דורך דעם צוואַנג פֿון דער מאַיאָריטעט, נאָר זיי דיסקוטירען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען די אַנהייננגער פֿון צוויי פֿערשידענע מיינונגען ענדיגען די דיסקוסיאָן, מיט דעם וואָס איין ריכטונג נעהמט אָן דעם פֿאָרשלאַג פֿון דער צווייטער ריכטונג, וועלכע איז גרעסער אין צאָהל, אום צו מאַכען אַ פֿערזוך, אָבער ניט ווייל זי איז געצוואונגען צו דעם.

אָבער ווי אַזוי האָט מען דען געקענט קומען צו אַן איינפֿערשטענדניס? די גרויסאַרטיגע ווערקע, וועלכע די מיטעלאַלטערליכע שטעדט האָבען בעשאַפֿען, די ווערקע, וועלכע רופֿען נאָך היינט צו טאָג אַרויס אונזער בעוואונ־דערונג, און וועלכע זיינען ביז יעצט נאָך ניט איבערטראָ־פֿען געוואָרען, זיי זיינען דער בעסטער ענטפֿער אויף דיזע

פּראַגע. אַל דאָס גרויסע און שעהנע, וואָס דער מיטעלאַל־טער האָט אונז איבערגעלאָזט, איז די אַרבייט פון די פרייע שטעדט. די קאַטהעדראַלען, דיזע גיגאַנטישע מאָנומענטען, וועלכע דערצעהלען אונז נאָך היינט צו טאָג די געשיכטע און שטרעבונגען פון די קאָמונען, זיינען דאָס ווערק פון די אַלטע האַנדווערקער־קאָרפּאָראַציאָנען, וועלכע האָבען אויסגעדריקט זייער פרומקייט, זייער ליעבע צו דער קונסט און צו זייער שטאַדט (דען די קאָמונאַלע געלדער וואָלטען קיינמאָל ניט אימשטאַנדע געווען צו דעקען די אויסגאַבען פאַר די וואונדערבאַרע קאַטהעדראַלען פון רענס, רואַן א.ז.וו.,) און האָבען פערזוכט צו איבערטרעפען איינע די אַנדערע אין דער שעהנקייט פון זייער ראַטה־הויז און דער שטאַרקייט פון זייערע מויערן.

די פרייע קאָמונען האָבען מיר צו דאַנקען די ניי־געבורט פון דער קונסט; די גילדעס פון די קויפלייט און אָפּטמאָל די איינוואוינער פון דער גאַנצער שטאָדט, פון וועלכע יעדער האָט בייגעטראָגען זיין טהייל פאַר דער אויסריכטונג פון אַ קאַראַוואַנע אָדער אַ פלאָטע, זיי האָבען מיר צו דאַנקען די געוואַלדיגע ענטוויקלונג פון'ם האַנדעל, וועלכער האָט אַרויסגערופען די גרינדונג פון דער האַנזאַ־ליג*) און פאָלגליך די ענטדעקונג פון נייע לענדער און גאַנצע וועלט־טהיילען. די האַנדווערקער־גילדען, וועלכע זיינען שפּעטער פון דער אונוויסענהייט און דעם עגאָאיזמוס פון די פאַבריקאַנטען אַזוי שטאַרק פערלוימדעט געוואָרען, זיי האָבען מיר צו דאַנקען די ענטשטעהונג פון די מייסטע קונסט־אינדוסטריען, וועלכע ברייננען אונז היינט צו טאָג אַזאַ גרויסען נוצען.

* *
*

*) די האַנזאַ־ליג איז געווען אַ גרויסער בונד פון נאָרד־דייטשע שטעדט פאַר געמיינשאַפטליכע אונטערנעהמונגען און פאַר דער געגענזייטיגער פערטהיידיגונג. די וויכטיגסטע שטעדט זיינען געווען האַמבורג, ליבעק און ברעמען. (דער איבערזעצער)

אָבער די מיטעלאַלטערליכע קאָמונען האָבען געמוזט אונטערגעהן. צוויי ביטערע שונאים האָבען זיי אַטאַקירט אין דערזעלבער צייט: אַן אויסערליכער און אַן אינערליכער פֿיינד.

דער האַנדעל, די מלחמות, די עגאָאיסטישע הערשאַפֿט איבער די דערפֿער, דיזע אַלע פֿאַקטאָרען האָבען מיטגע־האָלפֿען פֿערגרעסערן די סאָציאַלע אונגלייכהייט אינערהאַלב די קאָמונען, מיט דעם וואָס עטליכע מענשען זיינען געוואָ־רען אַלס רייכער און די אַנדערע אַלס אָרעמער. פֿאַר אַ געוויסע צייט האָט די קאָרפּאָראַציאָן פֿון די האַנדווערקער פֿערהינדערט די ענטוויקלונג פֿון אַ פּראָלעטאַריאַט אינער־האַלב דער שטאָדט, אָבער זי האָט באַלד געמוזט אויפֿגע־בען דיזען אונגלייכען קאַמפּף. דער האַנדעל, וועלכער איז אונטערשטיצט געוואָרען דורך דירעקטע פּלינדערונגען, און די שטענדיגע מלחמות, אין וועלכע די געשיכטע פֿון יענער פּעריאָדע איז אַזוי רייך, זיי האָבען די רייכע געמאַכט אַלס רייכער און די אָרעמע אַלס אָרעמער. די בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיך דאַן ענטוויקעלט, האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו מאַכען דעם אַנטאַגאָניזמוס וואָס שטאַרקער און די מאַטעריעלע אונגלייכהייט וואָס גרעסער. די שטאָדט האָט זיך אָבגעטהיילט אין רייכע און אַרימע, אין „ווייסע" און „שוואַרצע", ווי מען האָט דאַן געזאָגט, דער קלאַסען־קאַמפּף האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אינער־האַלב דער קאָמונע און צוזאַמען מיט איהם האָט זיך ענטוויקעלט דער מאָדערנער שטאַאַט אין דעם שויס פֿון דער געמיינדע. וואָס גרעסער עס איז געוואָרען דער סאָציאַלער געגענזאַץ צווישען אָרעמע און רייכע, וואָס מעהר די רייכע האָבען אונטעריאָכט די אָרעמע און זיי אויסגעביטעט, אַלס גיכער האָט זיך ענטוויקעלט די קאָמונאַלע פֿערטרעטונג, די עקזעקוטיווע רעגירונג, ד.ה. די רעגירונג פֿון די רייכע אינערהאַלב דער געמיינדע. אַזוי איז ביסלעכווייז ענטשטאַנען דער פֿערטרעטונגס־שטאַאַט,

מיט אַ קאָמונאַלער קאַסע, קאָמונאַלע זעלנער, בעוואַפענטע פּאָליציסטען, עפענטליכע דיענסטע און בעאַמטע. האָט דיזער קליינער שטאַאַט ניט פריהער אָדער שפּעטער געמוזט איינגעשלונגען ווערען פון דעם גרויסען שטאַאַט, וועלכער האָט זיך ענטוויקעלט אונטער דער פיהרונג פון'ם קעניג־טהום? נאָך דעם ווי דער אינערליכער פיינד — די סאָציאַלע אונגלייכהייט און דער רעגירונגס־סיסטעם האָבען אונטער־געגראָבען די פונדאַמענטען פון די פרייע שטעדט, האָט דער אויסערליכער פיינד, דער קעניג, זיי שפּעטער לייכט געקענט פערניכטען.

* * *

ווערענד די פרייע שטעדט האָבען נאָך דורכגעמאַכט זייער בעסטע בליהונגס־פעריאָדע, האָט זיך דער צענטראַ־ליסטישער שטאַאַט שוין אָרגאַניזירט פאַר זייערע טהויערען.

ווייט פון דעם גערויש פון די פאָלקס־פערזאַמלונגען, ווייט פון דעם קאָמונאַלען גייסט, וועלכער האָט דורכגע־דרונגען די פרייע שטעדט, האָט זיך ענטוויקעלט דער מאָדערנער שטאַאַט. אין נייע שטעדט, אין פּאַריז און מאָסקוואַ — אַ פעראייניגונג פון דערפער — דאָרטען האָט די מאַכט פון דעם קעניגטהום געפונען אַ פרוכטבאַרען באָדען. וואָס איז דער קעניג פריהער געווען? אַ פיהרער פון אַ בעוואַפענטע באַנדע, גלייך צו אַלע אַנדערע; אַ הויפּטמאַן, וועמענס מאַכט עס האָט זיך נאָר בעשריינקט אויף די מיטגלידער פון זיין רויבער־באַנדע, און וועלכער האָט געהאַט אַ שווערע אַרבייט, אום אַרויסצובעקומען אַ פּאָר אָבגאַבען פון די, וועלכע האָבען איהם בעצאָהלט, אַז ער זאָל זיי לאָזען צורוה. אַזוי לאַנג ווי דיזער פיהרער איז געווען אין אַ שטאָדט, וועלכע איז שטאָלץ געווען אויף איהרע פרייהייטען, וואָס האָט ער געקענט אויפטהאָן געגען איהר? ער איז געווען אַן איינפאַכער פערטהיידיגער פון איהרע מויערן, און ווי באַלד ער האָט נאָר פערזוכט צו

מאַכען זיך צום הערר פֿון דער שטאָדט, האָט איהם דאָס פֿאָלק אַוועקגעטריבען. ער האָט זיך דאַן געמוזט צוריקציהען אין אַ נייע שטאָדט. דאָרטען האָט ער אָנגעקליבען רייכטהימער דורך די אַרבייט פֿון די לייבאייגענע, און ניט געפֿינענדיג קיין ווידערשטאַנד פֿון אַ רעבעלישער מאַסע, האָט עס איהם געלונגען דורך געלד, פֿעלשונגען, אינטריגעס און געוואַלד ביסלעכווייז צו ענטוויקלען דעם צענטראַליזמוס, וועלכער האָט מיט דער צייט מאָנאָפּאָליזירט אַלע עפֿענטליכע און פּריוואַטע אַנגעלעגענהייטען. דורך די שטענדיגע קעמפֿפֿע און מלחמות איז דיזע אַרבייט זעהר בעגינסטיגט געוואָרען און צוליעב דעם האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דיזעלבע ענטוויקלונג ביי אַלע אייראָפּעאישע נאַציאָנען כמעט אין דערזעלבער צייט. די קאָמונען, וועלכע זיינען דאַן שוין צוריקגעגאַנגען אין זייער קולטור, און וועלכע האָבען זיך אַליין ענטוויקעלט אַלס קליינע שטאַאַטען אינערהאַלב זייערע מויערן, זיינען געוואָרען דער ציעל און פֿאָרבילד פֿאַר די קעניגע. זיי האָבען זיי נאָר געדאַרפֿט גוט אַרומנעהמען פֿון אַלע זייטען און זיך אַריינ׳גנב׳ענען אין זייערע שטאַאַטליכע און אַדמיניסטראַטיווע אינסטיטוציאָנען, אום זיי אויסצונוצען פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון דער קעניגליכער מאַכט. אין דער ערשטער צייט זיינען די קעניגע זעהר פֿאָרזיכטיג געווען, אָבער וואָס מעהר זייער מאַכט האָט זיך ענטוויקעלט, אַלס ברוטאַלער און טיראַנישער זיינען זיי געוואָרען.

דאָס געשריבענע געזעץ איז ענטשטאַנען און ענטוויקעלט געוואָרען דורך די זאָגענאַנטע „בעפֿרייאונגס־בריעף" פֿון די שטעדט. *) דער שטאַאַט האָט איהם געמאַכט צום פֿונדאַמענט פֿון זיין מאַכט. שפּעטער איז דאָס געזעץ

*) דאָקומענטען, אין וועלכע די פֿירסטען, אַדעלמענער אָדער בישאָפֿען האָבען אַנערקענט און בעשטעטיגט די אונאַבהייניגקייט פֿון די שטעדט. (דער איבערזעצער.)

בעשטעטיגט געוואָרען דורך דאָס רוימישע רעכט, וועלכעס האָט אין דערזעלבער צייט אויך בעשטעטיגט די אויטאָריטעט פון'ם קעניג. די טהעאָריע פון דער קייזערליכער מאַכט, וועלכע מען האָט ביסלעכווייז אַרויסגעגראָבען פון די אַלטע רוימישע געזעצע, איז אָנגעווענדעט געוואָרען צום נוצען פון'ם קעניג. די קירכע האָט זיך אונטערגעאיילט איהם צו בענשען, דען נאָכדעם ווי איהר פערזוך צו גרינדען אַ וועלט־רייך איז דורכגעפאַלען, האָט זי זיך אָנגעשלאָסען דעם קעניג מיט דער האָפנונג, אַז דורך זיין פערמיטלונג וועט זי שפּעטער קענען בעהערשען די גאַנצע וועלט.

* * *

פינף יאָהרהונדערטע לאַנג האָט דאָס קעניגטהום פאָרטגעזעצט זיין לאַנגזאַמע ארבייט פון צענטראַליזאַציאָן; צוערשט האָט עס אָנגערייצט די לייבאייגענע און די קאָמונען אויף די אַדעלמענער, און שפּעטער האָט עס צושטערט די מאַכט פון די לייבאייגענע און קאָמונען מיט דער הילפע פון די אַדעלמענער, וועלכע זיינען געוואָרען די געטרייע דיענער פון די קעניגע. צוערשט האָט דער קעניג זיך אונטערגעשמייכעלט ביי די געמיינדעס, אָבוואַרטענדיג אויף דער געלעגענהייט, ווען אינערליכע שטרייטיגקייטען וועלען איהם עפענען די טהויערען פון שטאָדט, און מען וועט איהם איבערגעבען די קאָמונאַלע קאַסע און די מעגליכקייט צו בעזעצען די מויערן מיט זיינע אייגענע זעלנער. אין אַלגעמיין זיינען די קעניגע אָנגעגאַנגען זעהר פאָרזיכטיג מיט די שטעדט, און מען האָט זאָגאַר נאָך אַנערקענט געוויסע רעכטע זייערע, ווען זיי זיינען שוין אָבהייניגיג געווען פון דער קעניגליכער מאַכט.

אַלס דער פיהרער פון אַ באַנדע זעלנער, וועלכע האָבען איהם נאָר אַזוי לאַנג געפאָלגט, ווי ער האָט זיי פערשאַפט אַ געלעגענהייט צו בערויבען זייערע מיטמענשען, איז דער

קעניג שטענדיג אַרומגערינגעלט געוועזן פֿון זיינע אונטער-פֿיהרער, וועלכע האָבען אין 14טען און 15טען יאָהרהונ-דערט פֿאָרמירט דעם זאָגענאַנטען אַדעל-ראַטה. שפּעטער האָט זיך לעבען דיזער קערפּערשאַפֿט נאָך ענטוויקעלט אַ צווייטע, אַ ראַטה פֿון גלחים. און נאָך שפּעטער, לויט דער מאַכט פֿון זיין איינפֿלוס אויף די שטעדט, לאַדעט דער קעניג אייך איין — הויפּטזעכליך אין ערענסטע צייטען — די פֿערטרעטער פֿון זיינע „געטרייע שטעדט", אום צו פֿאָדערן פֿון זיי געוויסע געלד-אונטערשטיצונגען.

אַזוי זיינען ענטשטאַנדען די פּאַרלאַמענטען. אָבער מיר מוזען באַלד בעמערקען, אַז די מאַכט פֿון דיזע פֿערטרע-טונגס-קערפּערשאַפֿטען איז געוועזן זעהר אַ בעגרענעצטע, פּונקט ווי די מאַכט פֿון דעם קעניגטהום איז דאַן אויך נאָר געוועזן אַ בעשריינקטע. מען האָט געפֿאָדערט פֿון זיי אַן אונטערשטיצונג פֿאַר אַ מלחמה; און נאָכדעם ווי די פֿע-טרעטער האָבען שוין געשטימט דערפֿאַר איז עס נאָך נויטוועַנדיג געוועזן, אַז די שטאָדט זאָל ערקלעהרען איהר איינשטימיגקייט מיט דעם בעשלוס. וואָס אָנבעלאַנגט די אינערליכע פֿערוואַלטונג פֿון די קאָמונען, האָט דער קעניג קיין רעכט ניט געהאַט זיך צו מישען אין זייערע אַנגעלע-גענהייטען. — דיזע אָדער יענע שטאָדט איז בערייט בייצו-טראָגען אַזאַ און אַזאַ סומע, אום צו פֿערהינדערן אַ פֿיינדליכען איבערפֿאַל. זי איז צופֿרידען צו עמפּפֿאַנגען אַ געוויסע צאָהל זעלנער, אום צו דיענען אַלס אַ פֿעסטונג געגען דעם פֿיינד." — דאָס איז געוועזן דער קלאָהרער און בעשטימטער מאַנדאַט פֿון דעם פֿאָלקס-פֿערטרעטער אין יענע צייטען. וואָס פֿאַר אַן אונטערשיד אין פֿערגלייך מיט די אונבעשריינקטע מאַנדאַטען פֿון אונזערע היינטיגע פֿאָלקס-פֿערטרעטער, וועלכע האַבען דאָס רעכט צו ריידען און צו שטימען פֿאַר אַלע מעגליכע זאַכען!

* * *

אָבער דער פֿעהלער איז געמאכט געווען; און דורך די אינערליכע קעמפּפֿע צווישען די רייכע און אָרעמע האָט עס דעם קעניגטהום געלונגען אַריינצובעקומען די מאַכט אין זיינע הענד אונטער דער מאַסקע פֿון מיליטערישע פֿערטהיידיגונג.

באַלד פֿערזוכען די פֿערטרעטער, זעהענדיג ווי זייערע געלדער ווערען פֿערשווענדעט ביין הויף פֿון די קעניגע, איינצופֿיהרען אַ געוויסע אָרדנונג. זיי פֿאָדערן פֿון דעם קעניג, ער זאָל זיי אַנערקענען אַלס די פֿערוואַלטער פֿון פּראָווינציאַלע קאַסען; אין ענגלאַנד געלינגט עס זיי, דורך דער הילפֿע פֿון דער אַריסטאָקראַטיע, אויסצופֿיהרען זייער פֿאָדערונג. אין פֿראַנקרייך וואָלט עס זיי אויך באַלד געלונגען נאָך דער בלוטיגער מפלה פֿון פּאָאַטיע; אָבער נאָכדעם ווי עס האָט זיך דעם קעניג איינגעגעבען איינצושטילען דעם אויפֿשטאַנד פֿון עטיען מאַרסעל אין פּאַריז און צו אונטערדריקען די רעוואָלטען פֿון די בויערן, איז די מאַכט פֿון דעם קעניגטהום נאָך שטאַרקער געוואָרען.

פֿון דאַן אָן האָט אַלצדינג מיטגעהאָלפֿען צו ענטוויקלען די מאַכט פֿון'ם קעניגטהום, און אַלע קרעפֿטע פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען האָבען זיך קאָנצענטרירט אין דער האַנד פֿון'ם קעניג. די געלד־אונטערשטיצונגען, וועלכע מען האָט פֿריהער בעצאָהלט פֿון צייט צו צייט פֿאַר געוויסע אונטערנעהמונגען, זיינען איבערגעביטען געוואָרען אין שטענדיגע שטייערן און אָבגאַבען, און די בורזשואַזיע האָט אונטערשטיצט די קעניגליכע מאַכט דורך דעם גייסט פֿון אָרדנונג און איהרע פֿערוואַלטונגס־פֿעהיגקייטען. די אָבשטאַרבונג פֿון די קאָמונען, וועלכע האָבען זיך אונטער־וואָרפֿען איינע נאָך די אַנדערע דעם קעניג, די אונמעכ־טיגקייט פֿון די בויערן, וועלכע זיינען וואָס ווייטער אַלס מעהר פֿערשקלאַפֿט געוואָרען אונטער דעם יאָך פֿון לייבאייגענשאַפֿט, די טהעאָריען פֿון די רוימישע רעכטס־

אַנשוויאונגען, וועלכע די יוריסטען האָבען אויסגעגראָבען פֿון די רואינען דער פֿערגאַנגענהייט, די שטענדיגע מלחמות, דיזע אייביגע קוועלען פֿון אויטאָריטעט, דאָס אַלעס האָט מיטגעהאָלפֿען צו פֿערשטאַרקערן די מאַכט פֿון'ם קעניג־טהום. אַלס דער יורש פֿון דער קאָמונאַלער אָרגאַניזאַציאָן האָט זיך דער קעניג ביי יעדער געלעגענהייט אַריינגעמישט אין דאָס לעבען פֿון זיינע אונטערטהאַנען, אַז לואי דער 14טער האָט צולעצט געקענט אויסרופֿען: „דער שטאַאַט, דאָס בין איך!“

פֿון דאַן פֿאַנגט זיך אָן די אָבשטאַרבונגס־פּעריאָדע, די קאָרופּציאָן פֿון דער קעניגליכער מאַכט, וועלכע פֿאַלט ביסלעכווייז אין די הענד פֿון בעצאָהלטע מעטרעסען און קעניגליכע פּראָסטיטוטקעס; לואי דער 16טער האָט איהר צוריק געוואָלט אויפֿלעבען דורך ליבעראַלע מאַסרעגלען, אָבער זי איז באַלד פֿערניכטעט געוואָרען אונטער דער שווערער לאַסט פֿון איהרע אייגענע פֿערברעכען.

***

און וואָס האָט געטהאָן די גרויסע פֿראַנצויזישע רעוואָ־לוציאָן, ווען זי האָט פֿערניכטעט די אויטאָריטעט פֿון'ם קעניג?

דיזע רעוואָלוציאָן איז נאָר מעגליך געווען דורך די פּאַראַליזירונג פֿון דער צענטראַלער מאַכט; וועהרענד פֿיער יאָהר צייט איז די רעגירונג אין גאַנצען אונמעכטיג געווען, און איהר גאַנצע ראָלע האָט זיך בעשריינקט אויף די אַנערקענונג פֿון די פּראַקטישע טהאַטזאַכען. דורך די פֿלעצ־ליכע און זעלבסטשטענדיגע אַקציאָן פֿון די שטעדט און דערפֿער, וועלכע האָבען זיך ענטזאַגט צו בעצאָהלען דער רעגירונג די אָבגאַבען און צו געהאָרכען איהרע געזעצע, איז די צענטראַלע מאַכט געבראָכען געוואָרען.

אָבער איז דען די בורזשואַזיע, וועלכע איז געשטאַנען אָן דער שפּיצע פֿון דיזער בעוועגונג, איז זי דען צופֿרידע

געווען פֿון די נייע צושטענדע? זי האָט געזעהן, אַז נאָכדעם ווי דאָס פֿאָלק האָט אָבגעשאַפֿט די פּריווילעגיעס פֿון די אַדעל־מענער, האָט עס אָנגעפֿאַנגען צו אַטאַקירען די בורזשואַזיע אין די שטעדט און דערפֿער, און זי האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו פֿערהינדערן דעם ווייטערען אָנגאַנג פֿון דיזער בעוועגונג. אַט דערפֿאַר האָט זי אָנגעפֿאַנגען פּראָפּאַגאַנדירען דעם פּאַרלאַמענטאַריזמוס, די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג, און וועהרענד פֿיער יאָהר צייט האָט זי ניט פֿערזוימט קיין מאָמענט און האָט אָנגעווענדעט אַלע קרעפֿטע פֿון איהר אָרגאַניזאַציאָן און טהעטיגקייט, אום איינצוואָרצלען דיזע אידעע אין די הערצער פֿון די מאַסען. איהר אידעאַל איז געווען דער אידעאַל פֿון עטיען מאַרסעל: אַ קעניג, וועלכער זאָל טהעאָרעטיש האָבען די אַבסאָלוטע מאַכט; אָבער אין דער ווירקליכקייט זאָל די קעניגליכע מאַכט אין גאַנצען אָבהייגיג זיין פֿון אַ פּאַרלאַמענט, וועלכער זאָל נאַטירליך בעשטעהן פֿון פֿערטרעטער פֿון דער בורזשואַזיע. די אַלמעכטיגקייט פֿון דער בורזשואַזיע אונטער דעם מאַנטעל פֿון'ם קעניגטהום, דאָס איז געווען איהר ציעל. ווען זי האָט שפּעטער פּראָקלאַמירט די רעפּובליק, איז עס געווען דערפֿאַר ווייל דאָס פֿאָלק האָט זי געצוואונגען צו דעם; אָבער זי האָט עס ניט פֿרייוויליג געטהאָן, און ווי באַלד זי האָט נאָר געהאַט אַ געלעגענהייט, האָט זי ווידער אַוועקגעמאַכט מיט דער רעפּובליקאַנישער פֿערפֿאַסונג.

צו אַטאַקירען די צענטראַלע מאַכט, צו פֿערניכטען איהרע רעכטע און פֿונקציאָנען און צו דעצענטראַליזירען איהר טהעטיגקייט, וואָלט געהייסען איבערצולאָזען פֿאַר דאָס פֿאָלק צו בעזאָרגען זיינע אייגענע אַנגעלעגענהייטען, און דאָס וואָלט זיכער אַרויסגערופֿען אַ ווירקליכע פֿאָלקס־רעוואָלוציאָן. דערפֿאַר האָט די בורזשואַזיע פֿערזוכט די צענטראַלע מאַכט נאָך מעהר צו פֿערשטאַרקערן און צו

פֿערגרעסערן איהרע פֿונקציאָנען ביז אויף אַזאַ מין גראַד, דאָס אַן אַבסאָלוטער קעניג וואָלט אפילו קיינמאָל ניט געטרוימט וועגען דעם; און ביסלעכווייז האָט עס איהר געלונגען צו צענטראַליזירען דאָס עפֿענטליכע לעבען פֿון גאַנץ פֿראַנקרייך דורך דער „נאַציאָנאַל־פֿערזאַמלונג“ און שפּעטער דורך דעם „קאָנווענט“, מיט אַנדערע יוערטער, זי האָט אַלצדינג קאָנצענטרירט אין איהרע אייגענע הענד און אונטערוואָרפֿען צו איהר הערשאַפֿט.

דיזער יאַקאָבינער־אידעאַל איז נאָך היינט צו טאָג דער אידעאַל פֿון דער בורזשואַזיע אין גאַנץ אייראָפּאַ, און דער פֿערטרעטונגס־סיסטעם איז די וואַפֿע פֿון דער בעזיצענדער קלאַסע.

***

קען דיזער אידעאַל זיין דער אונזעריגער? קענען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער גאָר דיינקען אונטער דיזעלבע אומשטענדען נאָך אַ מאָל דורכצופֿיהרען אַ רעוואָלוציאָן פֿון דער בורזשואַזיע? איז עס ווירקליך זייער אויפֿגאַבע צו מאַכען שטאַרקער די צענטראַלע מאַכט פֿון דעם שטאַאַט, מיט דעם וואָס זיי וועלען אָנגעטרויען צו אַ פּאַרלאַמענטאַרישער רעגירונג דעם גאַנצען עקאָנאָמישען אָרגאַניזמוס פֿון דער געזעלשאַפֿט, און אַלע זייערע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אַנגעלעגענהייטען? קען דען דער פֿערטרעטונגס־סיסטעם, דיזער קאָמפּראָמיס צווישען דעם קעניגטהום און דער בורזשואַזיע זיין דער אידעאַל פֿון די סאָציאַליסטישע אַרבייטער?

געוויס ניט!

יעדע נייע עקאָנאָמישע פֿאַזע אין דער סאָציאַלער ענטוויקלונג שאַפֿט אין דערזעלבער צייט אויך אַ נייע פּאָליטישע פֿאַזע. אַזאַ געוואַלדיגע רעוואָלוציאָן, צו וועלכע די סאָציאַליסטען שטרעבען, קען זיך ניט אָבשפּיעלען אין די אַלטע פּאָליטישע פֿאָרמען פֿון דער פֿערגאַנגענהייט. אַ נייע

געזעלשאַפֿט, וועלכע גרינדעט זיך אויף די גלייכהייט פֿון די לעבענס־בעדינגונגען, אויף דעם געמיינשאַפֿטליכען בעזיץ פֿון די אַרבייטס־אינסטרומענטען, וואָלט זיך קיינמאָל ניט געקענט צופּאַסען צו דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם, זי וואָלט ניט געקענט עקזיסטירען קיין אַכט טאָג צייט אונטער דער הערשאַפֿט פֿון וואָס פֿאַר אַ רעגירונג עס זאָל ניט זיין, דען אַלע פֿערבעסערונגען, אום צו עלעקטריזירען דעם טויטען קערפּער פֿון דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם מוזען זיך ענדי־גען מיט אַ פֿיאַסקאָ.

די צייט פֿון דער פּאַרלאַמענטאַרישער הערשאַפֿטס־פֿאָרם איז אַריבער. איהר אונטערגאַנג איז היינט פּונקט אזוי אונפֿערמיידליך ווי איהר ענטשטעהונג. זי איז אַ פּראָדוקט פֿון דער בורזשואַ־טיראַניי און צוזאַמען מיט דיזער וועט און מוז זי פֿערשווינדען. און מיר, די פּראָפּאַגאַנדיסטען פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, דאַרפֿען אויסגעפֿינען אַזעלכע פּאָליטישע פֿאָרמען פֿון דעם פּאָליטישען לעבען, וועלכע זאָלען זיין אין אַנקלאַנג מיט די נייע עקאָנאָמישע בעדינגונגען.

דער וועג עקזיסטירט שוין. עס איז דער וועג פֿון די איינפֿאַכע פֿאָרמען פֿון אָרגאַניזאַציאָן צו די קאָמפּליצירטע, די אָרגאַניזאַציאָן פֿון גרופּען און פֿעראייניגונגען, אום צו בעפֿרידיגען די פֿיעלזייטיגע בעדירפֿניסע פֿון די אינדיווי־דוען אין דער געזעלשאַפֿט.

די מאָדערנע געזעלשאַפֿט בעוועגט זיך שוין אין דיזער ריכטונג. איבעראַל זעהען מיר ווי די פֿרייע גרופּירונג, די פֿרייע פֿעראייניגונג פֿערנעהמט דעם פּלאַץ פֿון דער פּאַסי־ווער קנעכטשאַפֿט און אונטערוואָרפֿענהייט. עס גיט שוין מיליאָנען פֿרייע גרופּען, און יעדען טאָג ענטוויקלען זיך נייע פֿעראייניגונגען. זיי פֿערשפּרייטען זיך פֿון טאָג צו טאָג און נעהמען אַרום אַלע צווייגען פֿון דער מענשליכער טהעטיגקייט: די וויסענשאַפֿט, די קונסט, די אינדוסטריע,

דער האַנדעל, די געגענזייטיגע אונטערשטיצונג, זאָגאַר די פערטהיידיגונג פון׳ם לאַנד און פערזיכערונג געגען די ברוטאַליטעט פון די געריכטען; קיין זאַך שטעהט אויסער־האַלב זייער טהעטיגקייט, זיי פערשפרייטען זיך אַלס ווייטער און ווייטער און צולעצט ווען זיי אַרומנעהמען אַלצדינג, וואָס דער קעניג און די פאַרלאַמענטען האָבען פריהער מאָנאָפאָליזירט.

די צוקונפט בעלאַנגט צו די פרייע גרופען פון פרייע מענשען, וועלכע שליסען זיך צוזאַמען צוליעב זייערע געמיינשאַפטליכע אינטערעסען; דער צענטראַליזירטע שטאַאט איז אַן ערשיינונג פון דער פערגאַנגענהייט, די צוקונפט בעלאַנגט צו דער פרייהייט און ניט צו דער אויטאָריטעט.

נאָר איידער מיר נעהמען זיך פאָרצושטעלען אַ בילד פון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע גרינדעט זיך אויף די פרייע גרופען, דאַרפען מיר פריהער נאָך אַטאַקי־רען מאַנכען פאָליטישען פאָראורטהייל, וועלכער איז נאָך טיעף איינגעוואָרצעלט אין אונזערע מוחות, און דאָס וועט זיין די אויפגאַבע פון די פאָלגענדע קאַפּיטלען.





XIV.

# געזעץ און אויטאָריטעט.

I.

ווען אונוויסענהייט הערשט אין דער געזעל־שאַפֿט, און די מענשען ווייסען זיך קיין עצה ניט צו געבען, ווערען די געזעצע צאָהלרייכער. די מענשען ערוואַרטען אַלצ־דינג פֿון דער געזעצגעבונג, און יעדער נייער געזעץ ווערט אַ נייע אורזאַכע פֿון אַלגעמיינער אונצופֿרידענהייט; ווייל די מענשען האָבען זיך איינגערעדט, אַז די געזעצע וועלען זיי פֿערשאַפֿען דאָס, וואָס זיי קענען נאָר בעקומען דורך זייער אייגענע קראַפֿט, זייער אייגענע בילדונג און מאָראַליטעט." דער מאַן, וועלכער האָט געזאָגט דיזע ווערטער איז געווים ניט געוועזען קיין רעוואָלוציאָנער, ער איז אפילו ניט געוועזען קיין רעפֿאָרמער. עס איז געוועזען דער בעקאַנטער יוריסט דאַלאָ, דער אויטאָר פֿון דער פֿראַנצויזישער געזעץ־זאַמלונג, וועלכע איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען: „Reportoir de la Legislation". און דאָך דריי־קען דיזע ווערטער אויס דעם גאַנצען אוננאַטירליכען און קראַנקען צושטאַנד פֿון דער געזעלשאַפֿט, אָבוואָהל דער מאַן, וואָס האָט זיי געשריעבען איז אַליין געוועזען אַ געזעץ־מאַכער.

אין די היינטיגע שטאַאטען זעהט מען אין יעדען נייעם

געזעץ אַ רפואה פאַר אַלע איבלען. אָנשטאָט וואָס די מענשען זאָלען אַליין פערריכטען דאָס וואָס עס איז שלעכט און שעדליך, פאָדערן זיי בעסער אַ געזעץ, אום צו פער־ריכטען דעם איבעל. אויב דער וועג צווישען צוויי דערפער געפינט זיך אין אַ שלעכטען צושטאַנד, קלאָגט זיך דער בויער פאַר וואָס עס גיט ניט קיין געזעץ, וועלכער זאָל שאַפען גוטע וועגען. אויב דער פעלד־היטער אָדער דער דאָרף־פאָליציסט, וועלכע נוצען אויס די אונטערוואָרפענהייט פון די, וואָס רעספעקטירען זייער אויטאָריטעט, בעליידיגען אימעצען, שרייט דער בעליידיגטער זאָפאָרט, אַז מען דאַרף האָבען אַ געזעץ, וואָס זאָל מאַכען דעם פאָליציסט צו זיין מעהר העפליך און אַנשטענדיגער. דער האַנדעל, די אַגרי־קולטור געהען שלעכט, פאָלגליך דאַרפען מיר אַ געזעץ, וועלכעס זאָל אַרויפלייגען אַ שטייער אויף אויסלענדישע פראָדוקטען — אַזוי שרייען אַלע גרונדבעזיצער, אָקסען־הענדלער, פרוכט־שפעקולאַנטען ביז אַראָב צום אָרעמסטען שמאַטעס־קלויבער, וועלכער פאָדערט אַ געזעץ, אום צו שיצען זיין קליינעם האַנדעל. דער פאַבריקאַנט נעהמט אַראָב זיינע אַרבייטער פון זייער פערדינסט, ער פערלענ־גערט די צאָהל פון די אַרבייטס־שטונדען א. ז. וו. און זאָפאָרט שרייען אַלע דעפוטאַטען, אַז מען דאַרף אַ געזעץ, אום צו רעגלען דיזע פראַגע; אָנשטאָט צו זאָגען די אַרביי־טער, אַז עס גיט פיעל בעסערע מיטלען פאַר דיזען צוועק, נעמליך צוריקצונעהמען פון דעם פאַבריקאַנט די אַרבייטס־געצייג, דעם קאַפיטאַל, דורך וועלכע ער איז אימשטאַנדע צו בערויבען גאַנצע גענעראַציאָנען פון אַרבייטער. מיט איין וואָרט, מען פאָדערט פאַר אַלצדינג געזעצע: אַ געזעץ פאַר די וועגען, אַ געזעץ פאַר די מאָדעס, אַ געזעץ וועגען די משוגע׳נע הינד, אַ געזעץ געגען די שלעכטע ליידענ־שאַפטען, געזעצע פאַר אַלע איבלען, וועלכע זיינען דער רעזולטאַט פון מענשליכער גלייכגילטיגקייט און פייגהייט.

מיר זיינען אויף אַזוי פיעל פערדאָרבען דורך די ערציהונג אונזערע, דורך וועלכע מען האָט פון קינדווייז אָן אין אונז דערשטיקט דעם גייסט פון רעוואָלט און איינגעפלאַנצט אין אונזערע הערצער דעם געפיהל פון אונטערוואָרפענהייט, דעם רעספּעקט פאַר דער אויטאָריטעט, מיר זיינען שוין אויף אַזוי פיעל פערדאָרבען דורך דיזע אויטאָמאַטישע עקזיסטענץ אונטער דעם צוואַנג פון געזעץ, וועלכעס בעשטימט אונזער גאַנצען לעבען: אונזער געבורט, אונזער ערציהונג, אונזער גייסטיגע ענטוויקלונג, אונזער ליעבע און פריינדשאַפט א. ז. וו. א. ז. וו. אַז מיר וועלען ביסלעכווייז אין גאַנצען פערלירען יעדע איניציאַטיווע און יעדע געוואוינהייט אַליין צו דיינקען און צו אורטהיילען. די מייסטע מענשען קענען גאָר ניט מעהר פערשטעהן, ווי אַזוי מען קען אַנדערש לעבען ווי אונטער דער הערשאַפט פון געזעצע, וועלכע ווערען אויסגעאַרבייט פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג און אָנגעווענדעט פון אַ הייפעל רעגירער.

אפילו דאַן, ווען זיי האָבען זיך שוין בעפרייט פון דעם אַלטען יאָך, איז די ערשטע טהאַט זייערע זיך אָנצוטהאָן אַ נייעם יאָך. דאָס „ערשטע יאָהר פון דער פרייהייט" האָט קיינמאָל ניט געדויערט לענגער ווי איין טאָג, ווייל באַלד נאָך דער פּראָקלאַמאַציאָן פון דער פרייהייט האָט מען זיך ווידער געבויגט פון דאָס נייע אונטער דער הערשאַפט פון געזעץ און אויטאָריטעט.

* * *

זייט טויזענדער יאָהרען ווידערהאָלען אונזערע רעגירער שטענדיג דיזעלבע ווערטער: „רעספּעקט פאַר דעם געזעץ! געהאָרכזאַמקייט צו דער אויטאָריטעט!" די עלטערן ברייגען אויף זייערע קינדער מיט דיזע געפיהלען; און די שולע פלאַנצט זיי איין נאָך טיעפער, מיט דעם וואָס זי בעווייזט זייער נויטווענדיגקייט דורך איינינגע קלוג אויסגעקליבענע ברעקלאַך פון אַ פאַלשע וויסענשאַפט. מען האָט געמאַכט

פֿון דעם „רעספּעקט פֿאַר דעם געזעץ" אַ גאַנצען קולטוס, אַ גאַנצע רעליגיאָן; גאָט און די געזעצע פֿון אונזערע רעגירער האָבען זיך פֿעראייניגט אין דעם זעלבען געטליכען גרונד־פּרינציפּ. די העלדען פֿון דער אָפֿיציעלער, קינסטליך פֿאַבריצירטער געשיכטע זיינען שטענדיג די יעניגע, וועלכע געהאָרכען די געזעצע, און וועלכע בעשיצען זיי פֿאַר די רעבעלען.

שפּעטער, ווען דאָס קינד מאַכט דעם ערשטען שריט אין דאָס עפֿענטליכע לעבען, ווערט עס אַרומגערינגעלט פֿון אַלע זייטען מיט דעמזעלבען פֿאָראורטהייל, און פּונקט ווי דער שטענדיגער פֿאַלען פֿון אַ טראָפּען וואַסער הוילט צו לעצט אויס זאָגאַר אַ שטיין, אַזוי פֿערניכטעט די געזעלשאַפֿט און די ליטעראַטור צולעצט יעדען זעלבסטשטענדיגען געדאַנק, יעדע אָריגינאַליטעט אין דעם קינדערשען מוח. אַלע ביכער איבער געשיכטע, עקאָנאָמיע און פּאָליטיק זיינען אָנגעפֿילט מיט דעם „רעספּעקט פֿאַר דעם געזעץ." זאָגאַר די נאַטור־וויסענשאַפֿטען האָט מען אויסגענוצט צו דעמזעלבען צוועק, מיט דעם וואָס מען האָט אויך אויף דיזען געביט איינגעפֿיהרט די פֿאַלשע שפּראַכע פֿון דער טהעאָלאָגיע און די אויטאָריטערע פֿאָרשטעלונגען, אום צו ערהאַלטען דעם „רעספּעקט פֿאַר דעם געזעץ." אונזערע צייטונגען האָבען זיך געשטעלט דיזעלבע אויפֿגאַבע. איהר ווערט כמעט ניט געפֿינען קיין אַרטיקעל, אין וועלכען מען זאָל אייך ניט פּריידיגען דעם „רעספּעקט פֿאַר דעם געזעץ", און אין דערזעלבער צייט לעזען מיר יעדען טאָג אויף דער צווייטער און דריטער זייטע פֿון אונזערע צייטונגען דעם גאַנצען אידיאָטיזמוס פֿון די געזעצע, אין דערזעלבער צייט דערצעהלט מען אונז יעדען טאָג ווי אַזוי די יעניגע, וועלכע האָבען די אויפֿגאַבע צו בעשיצען די געזעצע, פּראָסטיטוּירען זיי אויף שריט און טריט און ציהען זיי דורך יעדען רינשטאָק. מיט איין וואָרט, די פֿייגע געהאָרכזאַמקייט פֿאַר

דעם געזעץ איז היינט געוואָרען אַ טוגענד, און איך צווייפעל זאָגאַר, אויב עס גיט איין איינציגער רעװאָלוציאָנער, וועלכער איז ניט אַמאָל געוועזען אַ פערטהיידיגער פון דעם געזעץ און אַ געגנער פון אַלע די, וואָס „מיסברויכען״ די געזעצע, ניט בעגרייפענדיג אַז דער „מיסברויכען״ דיזעם געזעץ איז ניט מעהר ווי די אונפערמיידליכע פאָלגע פון זיין עקזיסטענץ אין אַלגעמיין.

אפילו די קונסט נעהמט אַן אַנטהייל אין דיזער קאָמעדיע פון די זאָגענאַנטע וויסענשאַפטען. די העלדען און מייסטער פון סקולפטור, מאַלעריי און מוזיק פערטהיידיגען דאָס געזעץ מיט זייער קונסט; מיט פלאַמענדע אויגען בעשיצען זיי זייער היילינגטהום און זיינען פאַרטיג זיך אַרויפצוואוואַרפען אויף יעדען, וועלכער וועט זיך צוריהרען צו זייער געץ. מען בויט טעמפלען פאַר דאָס געזעץ און קלויבט אויס פריסטער פאַר דער געזעצליכקייט, און זאָגאַר די רעוואָלוציאָנערען דערוועגען זיך ניט צו אַטאַקירען דיזע היילינגע אינסטיטוציאָנען; און ווען די רעװאָלוציאָן מאַכט ענדליך אַוועק מיט אַלע דיזע געצענבילדער, דאַן פערזוכט מען צו רעכטפערטיגען דיזע טהאַט דורך נייע געזעצע.

די אונגעהייער גרויסע מאַסע פון בעשטימונגען און פאַרשריפטען, וועלכע די שקלאַפעריי, די לייבאייגענשאַפט, דער פעאָדאַליזמוס און דאָס קעניגטהום האָבען אונז איבערגעלאָזט בירושה אין דער פאָרם פון געזעצע, זיי זיינען שטענדיג געוועזען דער בלוטיגער מזבח, אויף וועלכען מען האָט געאָפּפערט מענשליכע קרבנות, און צו וועלכען דער פערשקלאַפטער מענש האָט זיך קיינמאָל ניט דערוואַגט צוצוריהרען, מורא האָבענדיג פאַר די געטליכע בליצען און דעם הימלישען דונער.

* * *

הויפטזעכליך זייט די בורזשואַזיע האָט גענומען די הערשאַפט אין איהרע הענד, ד. ה. זייט דער גרויסער

פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, האָט זיך דיזער קולטוס אַם שטאַרקסטען ענטוויקעלט. אונטער דעם אַבסאָלוטיסטישען סיסטעם האָט מען ווייניג וואָס גערעדט פֿון געזעצע, העכסטענס אין דעם זין פֿון מאָנטעסקיע, ווססאָ אָדער וואָלטער, אום צו אַטאַקירען די קעניגליכע קאַפּריזען; די מענשען זיינען געצוואונגען געווען צו פֿאָלגען די קאַפּריזען פֿון דעם קעניג און זיינע דינער, אויב ניט, האָט מען זיי אויפֿגעהאַנגען אָדער אַריינגעוואָרפֿען אין קערקער. אָבער וועהרענד און נאָך דער רעוואָלוציאָן האָבען די אדוואָקאַטען, וועלכע האָבען יעצט געהאַט די מאַכט אין זייערע הענד, געטהאָן זייער בעסט איינצופֿלאַנצען דעם פּרינציפּ פֿון געזעצליכקייט ביי די מענשען אַלס דעם פֿונדאַמענט פֿון זייער הערשאַפֿט. די בורזשואַזיע האָט דאָס געזעץ גע־מאַכט צו איהר מאָטאָ אַלס אַ רעטונגס־מיטעל געגען די רעבעלישע מאַסען; די גלחים האָבען איהם בעדעקט מיט אַ הייליגען מאַנטעל, אום צו ראַטעווען זייער שוואַכע שיפֿעל, וועלכע דער שטורם האָט אַרומגעשליידערט אויף דעם קאָכעדיגען ים פֿון דער רעוואָלוציאָן; און דאָס פֿאָלק האָט איהם צולעצט אויך אַנערקענט, ווייל עס האָט געזעהן אין דעם אַ פּראָגרעס אין פֿערגלייך צו דער טיראַניי פֿון געוואַלד און קעניגליכע קאַפּריזען אין דער פֿערגאַנגענהייט.

מען דאַרף זיך גוט אַריינדריינקען אין דעם גייסט פֿון 18טען יאָהרהונדערט, אום צו בעגרייפֿען דיזע ערשיינונג. דאָס האַרץ האָט געמוזט פֿערבלוטיגט ווערן, אויסהערענדיג די אַלע גרויזאַמקייטען, וועלכע די אַלמעכטיגע אַריסטאָ־קראַטיע און די גלחים האָבען דאַן בעגאַנגען געגען די מענער און פֿרויען פֿון יענער צייט; מען קען זיך פֿאָר־שטעלען וואָס פֿאַר אַ געוואַלדיגען איינדרוק די ווערטער: „געהאָרכזאַמקייט פֿאַר דעם געזעץ! גלייכהייט פֿאַר דעם געזעץ, אָהן אַן אונטערשייד פֿון געבורט און געזעלשאַפֿט־ליכע שטעלונג!” האָבען דאַן געמאַכט אויף די אָרעמע

און עלענדע. זיי, וועלכע מען האָט בעהאַנדעלט ערגער ווי די חיות, זיי, וועלכע האָבען ניט געהאַט די קלענסטע רעכטע, און וועלכע האָבען אין ערגעץ ניט געפֿונען קיין רעכט און קיין שוץ געגען די ברוטאַלע האַנדלונגען פֿון די אַדעל־מענער—מיט דער אויסנאַהמע ווען זיי האָבען אַליין גענומען ראַכע פֿון זייערע אונטערדריקער און זיך נאָכדעם געלאָזט אויפֿהייגגען—זיי האָבען פלוצלונג דער־הערט דיזע ווערטער, וועלכע האָבען צום ווייניגסטען אין דער טהעאָריע אַנערקענט, אַז זיי זיינען מענשען גלייך צו זייערע הערך!-- וואָס פֿאַר אַ כאַראַקטער דאָס געזעץ האָט ניט געהאַט, האָט ער זיי אָבער פֿערשפּראָכען די גלייכ־הייט צווישען הערן און קנעכט, די גלייכהייט פֿון אָרעמע און רייכע פֿאַר דעם ריכטער. היינט ווייסען מיר, אַז דיזער פֿערשפּרעכען איז געווען אַ ליגען; אָבער אין יענער עפּאָכע איז עס געווען אַ פּראָגרעס, אַ טריאומפף פֿון דער וואַהרהייט. דערפֿאַר האָבען די רעטער פֿון דער בורזשואַזיע, די ראָבעספּיערס און דאַנטאָנס זיך געשטיצט אויף די פֿילאָזאָפֿישע שריפֿטען פֿון רוססאָ און וואָלטער און האָבען פּראָקלאַמירט דעם „רעספּעקט פֿאַר דעם גע־זעץ, וועלכעס איז גלייך פֿאַר אַלעמען". דאָס פֿאָלק, וועלכעס האָט ביסלעכווייז פֿערלאָרען זיין רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, זעהענדיג די מעכטיגע ענטוויקלונג פֿון דער אָרגאַניזירטער בורזשואַזיע, האָט זיך בענוגענט מיט דיזען קאָמפּראָמיס, און די מאַסען האָבען זיך געבויגט אונטער דעם יאָך פֿון'ם געזעץ, אום זיך צו ראַטעווען פֿון דער טיראַניי פֿון די אַדעלמענער און גלחים.

פֿון דאַן אָן האָט די בורזשואַזיע ניט אויפֿגעהערט אויס־צובייטען דיזען אַבערגלויבען, וועלכער—צוזאַמען מיט דעם פּרינציפּ פֿון דעם פֿערטרעטונגס־סיסטעם—שטעלט פֿאָר דעם גאַנצען אינהאַלט פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע פֿון 19טען יאָהרהונדערט, דעם יאָהרהונדערט פֿון דער בורזשואַזיע.

איבעראַל, אין די שולען, אין דער וויסענשאַפט, אין דער קונסט האָט זי איינגעפיהרט דעם בלינדען גלויבען אין דאָס געזעץ, זי האָט איבערפלייצט די גאַנצע וועלט מיט דיזער אירעע, פונקט ווי די פרומע ענגלענדערין לייגט אַוועק איהרע רעליגיעזע קאַפּיטלאַך אונטער אַלע טהירען און פענסטער. און זי, די בורזשואַזיע, איז אַזוי ערפאָלגרייך געוועזען מיט דיזער אַרבייט, אַז מיר זעהען היינט די עקעל־האַפטע ערשיינונג, דאָס ווען דער גייסט פון ווידערשטאַנד און עמפּעהרונג ערוועקט זיך שוין יאָ אין די מענשען, פאַנגען זיי אָן צו בעטען זייערע רעגירער, זיי זאָלען זיי שיצען פאַר די געזעצע, וועלכע דיזעלבע הערשער און רעגירער האָבען פריהער אַליין געמאַכט און איינגעפיהרט.

* * *

אָבער די צייטען און אַנשויאונגען פון די מענשען האָבען זיך דאָך אין פיעלע בעציהונגען איבערגעביטען זייט דעם לעצטען יאָהרהונדערט. איבעראַל געפינען מיר היינט רע־בעלען, וועלכע ווילען זיך מעהר ניט אונטערוואַרפען די געזעצע, ניט וויסענדיג פון וואַנען זיי האָבען זיך גענומען, וואָס פאַר אַ נוצען זיי ברייגגען, און ווי אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט דער רעספּעקט פאַר זיי ביי די מענשען. די קומענדע רעוואָלוציאָן איז דערפאַר אַן אמת'ע רעוואָלוציאָן און ניט קיין געוועהנליכער אויפשטאַנד, ווייל די היינטיגע רעבעלען אַטאַקירען אַלע פונדאַמענטען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט און הויפּטזעכליך דאָס געזעץ, דאָס געצען־בילד פון אונזער צייט

זיי אַנאַליזירען דעם אורשפּרונג פון דיזער אינסטיטוציאָן און געפינען אָדער אַ גאָט—דעם פּראָדוקט פון מורא און אונוויסענהייט, סטופּיד, פאַלש און נידערטרעכטיג, פונקט ווי די פאַפען, וועלכע בעהויפּטען, אַז זייער ענטשטעהונג איז אַן איבערנאַטירליכע—אָדער בלוט, שקלאַפעריי דורך פייער און שווערד. זיי שטודירען דעם כאַראַקטער פון דעם

געזעץ און געפינען אויס, אַז זיין כאַראַקטער איז אונפער־ענדערליך און שטענדיג דערזועלבער. זיי פרעגען ווי אַזוי מען האַלט אויף דעם געזעץ, און זייערע אויגען דערזעהען די גרויזאַמקייטען פון די רוימישע טיראַנען, דעם באַר־באַריזמוס פון דער אינקוויזיציאָן, די שרעקליכע מערדערייען פון'ם מיטעלאַלטער; זיי זעהען די בלוטיגע און צוריסענע קערפערס פון אונגליקליכע מענשען־קינדער, די קייטען, די פייער־צוואַנגען, די גאַלגאַנען פון די היינקער, די פינסטער־ע אונטעראירדישע קערקערס, די שמערצען און טרעהרען, דעם לעצטען פלוך פון די געמאַרטערטע—אָט אַזוי האָט מען אויפגעהאַלטען דאָס געזעץ.—און היינט? אימער נאָך דיזעלבע ערשיינונגען: דעם עשאַפאָט, דעם גאַלגאַן, די ביקסען, דעם קערקער. פון איין זייט זעהען מיר דעם געפאַנגענעם ווי אַ ווילדע חיה אין איהר שטייג; זיין מאָראַלישעס איך ווערט דערשטיקט, זיין כאַראַקטער ברוטאַליזירט; און פון דער צווייטער זייט זעהען מיר דעם ריכטער, אַ מענש אָהן געפיהלען, אָהן מענשליכע ווירדע, אַ מין כשוף־מאַכער אין אַ פערצויבערטע וועלט פון יוריסטישע דומהייטען, און מיט אַ גרויזאַמען פערגניגען פעראורטהיילט ער זיינע אָפּפער; און דיזער נאַר מיט זיין געפיהללאָזער שענדליכקייט בעגרייפט אפילו ניט דעם טיעפען אָבגרונד פון נידערטרעכטיגקייט און מענשליכער ברוטאַליטעט, וועלכער עפענט זיך אויף צווישען איהם און זיין אָפּפער.

און דאַן זעהען מיר אַ ראַסע פון געזעץ־מאַכער, וועלכע פאַבריצירען געזעצע, ניט וויסענדיג צו וואָס און פאַר וועמענס נוצען; היינט שטימען זיי פאַר אַ געזעץ וועגען דער רייניגונג פון אַ שטאָדט, ניט האָבענדיג די קלענסטע קענטניסע פון היגיעניע; מאָרגען שטימען זיי אָב איבער די בעוואַפנונג פון דער אַרמעע, אָבוואָהל זיי קענען אפילו ניט דעם מעכאַניזמוס פון אַ ביקס; זיי מאַכען געזעצע

וועגען דער פאלקס־בילדונג און די מעטהאדען פון אונטערריכט, און זיי זיינען אליין ניט אימשטאנדע צו געבען זייערע אייגענע קינדער א ריכטיגע ערציהונג. נאר איין זאך פערגעסען זיי קיינמאל ניט—די שטייערן און אבגאבען, וועלכע זיי לייגען ארויף אויף די ארעמע און עלענדע, און די קערקערס און געפענגניסע פאר די יעניגע, וועלכע זיינען טויזענד מאל ווייניגער אונמאראליש און קלענערע פערברעכער ווי זיי, די געזעץ־מאכער אליין. מיר זעהען דעם געפענגניס־וועכטער, וואס האט פערלארען יעדען מענשליכען געפיהל, זשאנדארמען און פאליציסטען דרעסירט ווי די בלוט־הינד, דעם שפיאן, וועלכער פערקויפט זיינע מיטמענשען, די קארופציאן פערקערפערט אין א גאנצען סיסטעם, אלע געמיינהייטען, אלע שלעכטע זייטען פון דער מענשליכער נאטור בעגינסטיגט, ענטוויקעלט און בעלוינט—אט דאס אלעס האט מען געטהאן פאר דעם טריאומפף פון'ם געזעץ.

און זעהענדיג דאס אלעס בעקעמפפען מיר דעם אלטען פרינציפ, וועלכער דריקט זיך אויס אין די ווערטער: „רעספעקט פאר דעם געזעץ"—„פעראכטונג פאר דעם געזעץ!" אט דאס איז אונזער פאראלע, און אנשטאט די פייגע ווערטער: „רעספעקט פאר דעם געזעץ!" פריידיגען מיר דעם אויפשטאנד, די רעבעליאן געגען יעדעם געזעץ! פערגלייכט נאר די אלע שענדליכקייטען, וועלכע דאס געזעץ האט פראדוצירט, מיט די ווייניגע גוטע זייטען זיינע, און איהר וועט אליין געפינען, אז אונזער קאמפף־געשריי איז א גערעכטער.

II.

אין אלגעמיין גענומען איז דאס געזעץ א מאדערנער פראדוקט; דען די מענשהייט האט עקזיסטירט הונדערטער און הונדערטער יאהרען אהן געשריבענע געזעצע, אפילו אהן אזעלכע, וועלכע מען האט איינגעקריצט

אַלס סימבאָלישע פֿיגורען אין די מויערן פֿון די טעמפּלען. אין יענע צייטען האָבען זיך די בעציהונגען צווישען די מענשען געגרינדעט אויף אַלטע געוואוינהייטען און מנהגים, וועלכע זיינען אַלגעמיין רעספּעקטירט געוואָרען דורך די טראַדיציאָן און די שטענדיגע ווידערהאָלונג, און וועלכע יעדער איינער האָט אָנגענומען פֿון קינדהייט אָן, פּונקט ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכען זיין עקזיסטענץ אַלס אַ יעגער, פּאַסטוך אָדער אַקער־בויער.

אַלע מענשליכע געזעלשאַפֿטען האָבען דורכגעמאַכט דיזע פּרימיטיווע פֿאַזען פֿון דער ענטוויקלונג, און זאָגאַר נאָך היינט עקזיסטירט אַ גרויסער טהייל פֿון דער מענשהייט, וועלכער ווייס ניט פֿון קיין געשריבענע געזעצע. דיזע פֿעלקער און שטאַמען האָבען געוויסע מנהגים, טראַדיציאָנעלע געוואוינהייטען — אונזערע יוריסטען רופֿען עס „טראַדיציאָנעלעס רעכט" — זיי האָבען סאָציאַלע געפֿיהלען און אינסטינקטען, און דאָס איז פֿאָלקאָמען גענוג, אום צו פֿערזיכערן די גוטע בעציהונגען צווישען די מיטגלידער פֿון אַ דאָרף, אַ בעצירק אָדער אַ קאָמונע. דיזעלבע ערשיינונג געפֿינען מיר זאָגאַר ביי די זאָגענאַנטע ציוויליזירטע פֿעלקער; געהט נאָר אַרויס פֿון די גרויסע שטעדט, און איהר וועט באַלד אויסגעפֿינען, אַז די געגענזייטיגע בעציהונגען צווישען די מענשען גרינדען זיך אויף אַלגעמיין אָנגענומענע מנהגים און געוואוינהייטען און ניט אויף די געשריבענע געזעצע פֿון די געזעצגעבער. דער רוסישער, דער איטאַליענישער, דער שפּאַנישער בויער, אפילו אַ גרויסער טהייל פֿון די בויערן אין פֿראַנקרייך און ענגלאַנד האָבען ניט די קלענסטע אידעע פֿון געשריבענע געזעצע. דאָס געזעץ עקזיסטירט פֿאַר זיי נאָר אויף אַזוי פֿיעל, אום צו בעשטימען זייערע בעציהונגען צום שטאַאַט, צו דער רעגירונג; אָבער זייערע אייגענע בעציהונגען, די אָפֿטמאָהל זעהר קאָמפּליצירטע אָנגעלעגענהייטען פֿון זייער אייגענעם לעבען

ווערען שטענדיג גערעגעלט דורך די אַלטע טראַדיציאָנעלע געוואוינהייטען, און אין די אַלטע צייטען איז דאָס דער פֿאַל געווען ביי אַלע מענשען.

*
* *

ווען מיר קוקען זיך נעהנטער צו צו די טראַדיציאָנעלע געוואוינהייטען פֿון די פּרימיטיווע פֿעלקער, וועלען מיר באַלד דערקענען צוויי בעזונדערע און קלאָהרע שטרעבונגען.

דערפֿאַר וואָס דער מענש האָט ניט געלעבט אַליין, אָבגעשלאָסען פֿון אַלע אַנדערע, האָבען זיך ביי איהם ענטוויקעלט געוויסע געפֿיהלען און ניצליכע געוואוינהייטען, אום צו ערהאַלטען די געזעלשאַפֿט און צו פֿערמעהרען זיין ראַסע. ווען ניט דיזע סאָציאַלע געפֿיהלען און די סאָלידאַרישע מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון דיזע געפֿיהלען, וואָלט דער געזעלשאַפֿטליכער צוזאַמענלעבען פֿון די מענשען איבערהויפּט ניט מעגליך געווען. דיזע געפֿיהלען זיינען ניט דער רעזולטאַט פֿון די געזעצע, דען זיי האָבען שוין לאַנג עקזיסטירט, איידער די געזעצע האָבען זיך ענטוויקעלט. זיי זיינען אויך ניט דער פּראָדוקט פֿון דער רעליגיאָן, וועלכע שליסט זיי אויס, זיי זיינען עלטער פֿון אַלע רעליגיאָנען, מיר געפֿינען זיי ביי אַלע טהיערע, וואָס לעבען צוזאַמען אין געזעלשאַפֿטען; זיי ענטוויקלען זיך פֿון זיך אַליין דורך די נויטווענדיגקייט פֿון די אומשטענדע, פּונקט ווי די געוואוינהייטען, וועלכע די מענשען בעטראַכטען געוועהנליך אַלס די אינסטינקטען פֿון די טהיערע; זיי זיינען דער פּראָדוקט פֿון אַ ניצליכער ענטוויקלונג, אַ נויטווענדיגער מיטעל, אום צו ערהאַלטען די געזעלשאַפֿט אין דעם קאַמפּף אום דאַזיין, וועלכען זי איז געצוואונגען אָנצופֿיהרען. די ווילדע הערען אויף זיך אויפֿצועסען איינער דעם אַנדערן, ווייל זיי געפֿינען אויס, אַז עס איז ניצליכער פֿאַר זיי צו בעשעפֿטיגען זיך מיט אַ געוויסע קולטור, אָנשטאָט צו האָבען איינמאָל אין יאָהר דעם פֿערגניגען צו עסען פֿלייש

דורך דעם טויט פֿון אַן אַלטען פֿערוואַנדטען. אינערהאַלב די שטאַם־פֿעראייניגונגען פֿון די פּרימיטיווע פֿעלקער, וועל־כע זיינען פֿאָלקאָמען אונאַבהייננגיג, ניט האָבענדיג קיינע געזעצע און קיינע פֿאָרשטעהער, און פֿון וועמענס זיטען און געוואוינהייטען אונצעהלבאָרע רייזענדע און פֿאָרשער האָבען אונז שוין אַזוי פֿיעל דערצעהלט, אינערהאַלב דיזע שטאַם־פֿעראייניגונגען הערען די מיטגלידער פֿון דעם זעלבען קלאַן פֿרייוויליג אויף צו אַטאַקירען זיך איינער דעם צווייטען מיט די וואַפֿען אין די הענד, ווען עס מאַכט זיך אַ שטרייט, ווייל די געוואוינהייטען פֿון דעם געזעלשאַפֿט־ליכען לעבען ענטוויקעלען ביסלעכווייז אַ גאַנץ בעשטימטען געפֿיהל פֿון ברידערליכקייט און סאָלידאַריטעט; דערפֿאַר ווענדען זיי זיך בעסער צו אַ דריטע פּערזאָן, אום צו ענ־דיגען זייערע פּערזענליכע שטרייטיגקייטען. די גאַסטפֿריינד־שאַפֿט פֿון פּרימיטיווע פֿעלקער, זייער רעספּעקט פֿאַר דעם מענשליכען לעבען, די געפֿיהלען פֿון געגענזייטיגער הילפֿע, דער שוץ פֿון דעם שוואַכען און דער מוטה צו פֿערטהיי־דיגען אַנדערע, און אויב נייטיג זיך אויפֿצואָפּפֿערן פֿאַר זיי, דיזע אַלע איינגענשאַפֿטען, וועלכע מען האָט צוערשט אָנגעווענדעט פֿאַר קינדער און פֿריינדע און שפּעטער פֿאַר די מיטגלידער פֿון דערזעלבער קאָמונע אָדער דעמזעלבען שטאַם, האָבען זיך ענטוויקעלט ביי די מענשען לאַנג בעפֿאָר די געזעצע און אונאַבהייננגיג פֿון אַלע רעלי־גיאָנען פּונקט ווי ביי אַלע אַנדערע געזעלשאַפֿטליכע טהיערע. דיזע געפֿיהלען און האַנדלונגען זיינען די אונפֿערמיידליכע פֿאָלגען פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען און ניט קיין בעזונדערע איינגענשאַפֿטען פֿון'ם מענשען, אַזוי ווי די פּריסטער און מעטאַפֿיזיקער שטעלען עס פֿאָר.

* * *

אָבער אויסער דיזע מנהגים און געוואוינהייטען, וועלכע זיינען אַזוי נויטווענדיג פֿאַר דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען און

פֿאַר די ווייטערע עקזיסטענץ פֿון דער מענשליכער ראַסע, ענטוויקלען זיך אין די מענשליכע פֿעראייניגונגען נאָך אַנדערע ווינשע און ליידענשאַפֿטען און פֿאָלגליך אויך אַנדערע זיטען און געוואוינהייטען, ווי צ. ב. ש. דער וואונש צו בעהעררשען אַנדערע, צו צווינגען זיי צו אונטערוואַרפֿען זיך צו אַ פֿרעמדען ווילען; אָדער דער וואונש אַוועקצורייבען די אַרבייטס־פֿרוכט פֿון אַ צווייטען שטאַם, דער וואונש צו געניסען אָהנע צו אַרבייטען, וועהרענד די שקלאַפֿען פּראָדוצירען די נויטווענדיגע מיטלען, אום צו פֿערשאַפֿען זייערע העררן אַלע אַנגענעהמליכקייטען און פֿערגניגענס. דיזע אַלע פּערזענליכע און עגאָאיסטישע ווינשע פֿעראורזאַכען לאָגישערווייזע אַ צווייטע שטרעבונג פֿון מנהגים און געוואוינהייטען. פֿון איין זייט זיינען עס די פּריסטער, דיזע שאַרלאַטאַנעס, וועלכע — נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אַליין בעפֿרייט פֿון דער מורא פֿאַר'ן טייוועל — בענוצען זיך מיט דעם אַבערגלויבען פֿון די אַנדערע און פֿערזוכען צו פֿערשפּרייטען דיזעלבע מורא'דיגע פֿאָרשטעלונגען צווישען די מאַסען; און פֿון דער צווייטער זייטע זיינען עס די קריי־גער, וועלכע ריידען איבער דורך קלינגענדע ווערטער זייערע שטאַם־גענאָסען איבערצופֿאַלען און אויסצופּלינדערן אַ צווייטען שטאַם, און וועלכע קומען צוריק אָנגעלאָדען מיט פֿרעמדע רייכטהימער און שקלאַפֿען.ביידע, פּריסטער און קריעגער, זיינען געגאַנגען האַנד אין האַנד, און ביסלעכווייז האָט עס זיי געלונגען איינצופֿיהרען אין די פּרימיטיווע געזעלשאַפֿטען אַזעלכע מנהגים און געוואוינהייטען, וועלכע זיינען גינסטיג געווען פֿאַר זייערע אינטערעסען און פֿאַר די פֿעראייביגונג פֿון זייער הערשאַפֿט. בענוצענדיג זיך מיט דער גלייכגילטיגקייט, דער מורא און דעם בלינדען צוטרויען פֿון די מאַסען און דורך די שטענ־יגע ווידער־האָלונג פֿון דיזעלבע האַנדלונגען, האָט עס זיי צולעצט געלונגען איינצוואָרצלען דיזע זיטען און געוואוינהייטען,

וועלכע זיינען שפּעטער געוואָרען דער זיכערסטער פֿונדאַ־מענט פֿאַר זייער הערשאַפֿט.

צוערשט האָבען זיי זיך בענוצט מיט דער מאַכט פֿון געוואוינהייט, וועלכע איז אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט אין'ם מענשען, און וועלכע צייגט זיך שוין אַרוים אַזוי דייטליך ביי קינדער, ווילדע פֿעלקער און אפילו ביי טהירע. דער אַבערגלויביגער מענש האָט שטענדיג מורא איבערצובייטען אַלטע איינריכטונגען און אינסטיטוציאָנען, און ער פֿער־עהרט אַלצדינג וואָס איז אַלט און געהייליגט דורך דער טראַדיציאָן.—„אונזערע עלטערן האָבען אַזוי געטהאָן און האָבען גאַנץ גוט עקזיסטירט, מיר אַליין האָבען אייך אויפֿגע־בראַכט אויף דעם זעלביגען שטייגער, און עס האָט אונז קיין שאָדען ניט געבראַכט, דערפֿאַר ראַטהען מיר אייך, איהר זאָלט טהאָן אַזוי ווי אַלע האָבען געטהאָן!" אָט אַזוי ריידען די אַלטע צו די יונגע, ווען זיי ווילען איבערבייטען דאָס וואָס עקזיסטירט. זיי האָבען מורא פֿאַר דער אונבעַ־קאַנטער צוקונפֿט, זיי קלאַמערן זיך צו צו דער פֿערגאַנ־גענהייט, זאָגאַר דאַן, ווען די פֿערגאַנגענהייט האָט זיי געבראַכט עלענד, אונטערדריקונג און קנעכטשאַפֿט. וואָס אונגליקליכער דער מענש איז, אַלס מעהר שרעקט ער זיך עפּעס איבערצובייטען פֿון'ם אַלטען, ווייל ער האָט מורא, ער זאָל ניט ווערען נאָך אונגליקליכער. אַ שטראַהל פֿון האָפֿנונג, אַ פּאָר גליקליכע שטונדען מוזען דורכוואַרעמען זיין אָרעם הייזעל, אום ער זאָל פֿיהלען אין זיך דעם וואונש צו פֿערבעסערן זיין לאַגע, ער זאָל אָנפֿאַנגען צו קריטיקי־רען זיינע אַלטע לעבענס־געוואוינהייטען און פֿערזוכען זיי איבערצובייטען אויף נייע און בעסערע. אַזוי לאַנג ווי דיזער שטראַהל פֿון האָפֿנונג האָט נאָך ניט בעריהרט זיין זעעלע, אַזוי לאַנג ווי ער האָט זיך נאָך ניט בעפֿרייט פֿון זיינע אַבערגלויביגע און מורא'דיגע פֿאָרשטעלונגען, זאָלאַנג וועט ער קיינמאָל ניט פֿערזוכען איבערצובייטען די בעדינגונגען פֿון

זיין לעבען. ווען די יונגע ווילען איבערבייטען געוויסע מנהגים און איינריכטונגען, הויבען די אַלטע אָן געוואַלד צו שרייען. אַ ווילדער לאָזט זיך בעסער טויטען, איידער, ער וועט העלפֿען איבערבייטען די טראַדיציאָנעלע גע־וואוינהייטען פֿון זיין שטאַם; דען פֿון קינדוויז אָן האָט מען איהם דערצעהלט, אַז די קלענסטע פֿערענדערונג פֿון די אַלטע מנהגים וועט פֿעראורזאַכען דאָס אונגליק און דעם אונטערגאַנג פֿון איהם און זיין שטאַם. דיזעלבע ער־שיינונג געפֿינען מיר נאָך היינט צוטאָג—ווי פֿיעל פּאָלי־טיקער, עקאָנאָמיסטען און זאָגענאַנטע רעוואָלוציאָנערען האַנדלען אונטער דעמזעלבען איינפֿלוס און כאַפּען זיך צו צו דער פֿערגאַנגענהייט, ווי אַ מענש, ויעלכער טרינקט זיך, צו אַ שטיקעל שטרוי! ווי פֿיעל פֿון זיי פֿערברייגגען זייער צייט מיט דער ענטדעקונג פֿון אַלטע אָבגעלעבטע לעבענס־ערשיינונגען! און וויפֿיעל „געפֿעהרליכע" רעוואָלוציאָנערע געפֿינט איהר, וועלכע האָבען קיין אַנדער ציעל ניט ווי אַ ווידערהאָלונג פֿון די פֿערגאַנגענע רעוואָלוציאָנען.

דיזע מאַכט פֿון דער געוואוינהייט, וועלכע געפֿינט איהר אורשפּרונג אין דעם אַבערגלויבען, דער גלייכגילטיגקייט און פֿייגהייט, איז שטענדיג געוועזען די מאַכט פֿון די אונ־טערדריקער. אין דער פּרימיטיווער מענשליכער געזעלשאַפֿט האָבען די פּריעסטער און די הויפּטלינגע פֿון די קריעגער אויסגענוצט דיזע אַלטע מנהגים און אייגענשאַפֿטען און האָבען פֿערזוכט זיי נאָך טיעפֿער איינצוואואָרצלען אין די געדאַנקען און פֿאָרשטעלונגען פֿון די מענשען.

* * *

אַזוי לאַנג ווי די הויפּטלינגע האָבען זיך בעגוגענט מיט דיזער קלוגער אויסבייטונג פֿון דעם קאָנסערוואַטיווען גייסט, אום צו דערשטיקען די אינדיווידועלע פֿרייהייט, אַזוי לאַנג ווי די אונגלייכהייט צווישען די מענשען איז געוועזען אַ ריין נאַטירליכע אונגלייכהייט, וועלכע איז נאָך ניט פֿערצעהנ־

פֿאַכט אָדער פֿערהונדערטפֿאַכט געוואָרען דורך די קאָנצענטראַציאָן פֿון דער עפֿענטליכער מאַכט און די סאָציאַלע רייכטהימער, אַזוי לאַנג האָט מען נאָך ניט גערדאַרפֿט די געזעצע און דעם געוואַלדיגען געריכטס־מעכאַניזמוס מיט די אונצעהלבאַרע בעשטראָפֿונגען פֿון אונזער צייט.

אָבער ווי באַלד די געזעלשאַפֿט האָט זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר געשפּאָלטען אין צוויי פֿיינדליכע קלאַסען, פֿון וועלכע די איינע האָט פֿערזוכט צו בעהערשען די אַנדערע, און די צווייטע האָט אָנגעהויבען צו רעוואָלטירען געגען דיזע הערשאַפֿט, האָט זיך אָנגעפֿאַנגען דער קאַמפּף. דער זיעגער האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, כדי דער זיעג זיינער זאָל ניט זיין קיין מאָמענטאַנער, זאָנדערן אַן אייביגער, און ער האָט פֿערזוכט איהם צו געבען אַ הייליגע אונפֿערענדערליכע גרונדלאַגע. פֿון דאַן אָן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די פּעריאָדע פֿון'ם געזעץ. דאָס געזעץ איז ענטשטאַנען, געבענטשט פֿון די פּאַפּען און פֿערטהיידיגט פֿון די קריעגער אָדער זעלנער. זיין צוועק איז געווען צו פֿעראייביגען אַלע געוואוינהייטען, וועלכע זיינען געווען אין אָנקלאַנג מיט די אינטערעסען פֿון די הערשענדע מינאָריטעטען; און די אויטאָריטעט פֿון דעם מיליטער האָט איבערגענומען די אויפֿגאַבע צו צווינגען די מענשען, זיי זאָלען געהאָרכען די געזעצע. דער קריעגער געפֿינט אין דיזער נייער פֿונקציאָן אין דערזעלבער צייט אַ נייען מיטעל צו בעפֿעסטיגען זיין מאַכט; ער שטיצט זיך יעצט ניט מעהר אויסשליסליך אויף די ברוטאַלע געוואַלד, דען ער איז דאָך דער פֿערטהיידיגער און בעשיצער פֿון די געזעצע. נאַמירליך, ווען דאָס געזעץ וואָלט ניט מעהר געווען ווי אַ זאַמלונג פֿון די מנהגים און געוואוינהייטען, וועלכע זיינען אין אַנקלאַנג מיט די אינטערעסען פֿון דער הערשענדער קלאַסע, וואָלט עס פֿון די מאַסען געווים ניט אָנערקענט געוואָרען; דערפֿאַר האָבען די געזעצמאַכער פֿערמישט די

ביידע שטרעבונגען, פון וועלכע מיר האָבען פריהער גע־רעדט און געשאַפען אַ קלוגע פעראייניגונג פון די מאָראַ־לישע און סאָלידאַרישע פרינציפען, וועלכע האָבען זיך אויסגעאַרבייט דורך דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, און די געוואוינהייטען און בעשטימונגען, וועלכע די הערשער האָבען ערפונדען, אום צו פערזיכערן די אייביגע עקזיס־טענץ פון דער סאָציאַלער אונגלייכהייט. דיזע ביידע שטרע־בונגען זיינען אויף אַ כיטרען אַרט און וויזע פערבונדען געוואָרען און די געזעצגעבער האָבען געפאָדערט פון דער מאַסע פאַר ביידע דעם זעלבען רעספעקט.—„דו זאָלסט ניט טויטען!" אַזוי לעזען מיר אין דעם געזעץ־בוך; אָבער אין דערזעלבער צייט לעזען מיר ווייטער: „בעצאָהל דעם פריסטער די אָבגאַבען, וועלכע גאָט האָט בעשטימט!"—„דו זאָלסט ניט גנב'ענען!" שרייבט דאָס געזעץ־בוך; אָבער אין דער־זעלבער צייט ערקלעהרט מען אונז, אַז דער יעני־גער, וועלכער „ענטזאַגט זיך צו בעצאָהלען דעם שטאַאַט די שטייער, ווערט געקעפּט אָדער געהיינגט ווערען."

אַזוי זעהט אויס דאָס געזעץ, און דיזער דאָפּעלטער כאַראַקטער איז נאָך היינט דער פונדאַמענט פון זיין עקז־זיסטענץ. עס איז אַ פּראָדוקט פון די הערשער, דורך וועלכען זיי האָבען געוואָלט פעראייביגען די זיטען און געוואוינהייטען, וועלכע זיינען געוועזען ניצליך פאַר זיי. זיין כאַראַקטער איז אַ קלוגע פערבינדונג פון די מנהגים און געוואוינהייטען, וועלכע זיינען ניצליך פאַר דער מענשליכער געזעלשאַפט, און וועלכע דער מענש וועט שטענדיג רעס־פעקטירען אויך אָהן געזעצע, און יענע געוואוינהייטען, וועלכע זיינען ניצליך פאַר די הערשער, אָבער געפעהרליך און שעדליך פאַר די מאַסען, און וועלכע גרינדען זיך אויף מורא און געוואַלד.

פונקט ווי דאָס פריוואַט־אייגענטהום, וועלכעס גרינדעט זיך אויף געוואַלד און בעטרוג, און וועלכעס האָט זיך ענט־

וויקעלט אונטער דעם שוץ פון דער אויטאָריטעט, אַזוי האָט אויך דאָס געזעץ קיין רעכט ניט אויף דעם רעספעקט פון די מענשען. ענטשטעהענדיג אונטער דעם איינפלוס פון געוואַלד און אַבערגלויבען, און איינגעפיהרט אַלס אַ מיטעל צו פערטהיידיגען די אינטערעסען פון דעם פריסטער, דעם עראָבערער, דעם רייכען אויסבייטער, פערדינט דאָס געזעץ פערניכטעט צו ווערען אין דעם טאָג, ווען דאָס פאָלק וועט צוברעכען זיינע קייטען.

אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל וועלען מיר אונטערזוכען די ווייטערע ענטוויקלונג פון דעם געזעץ אונטער דעם איינפלוס פון רעליגיאָן און אויטאָריטעט און אונטער דער הערשאַפט פון דעם יעצטיגען פאַרלאַמענטאַרישען סיסטעם.



III.

מיר האָבען אַלזאָ געזעהן, ווי אַזוי דאָס געזעץ האָט זיך ענטוויקעלט פון די עקזיסטירענדע מנהגים און געוואוינהייטען, און דאָס ער איז געווען פון אָנפאַנג אָן אַ געלונגענע צונויפמישונג פון אַזעלכע זיטען און געוואוינהייטען, וועלכע זיינען ניצליך און נויטווענדיג פאַר דער מענשליכער עקזיסטענץ, און אַ זעלכע, וואָס זיינען שלעכט און שעדליך פאַר די געזעלשאַפטליכע לאגע פון די גרויסע מאַסען. דיזער דאָפּעלטער כאַראַקטער האָט אויך בעשטימט די גאַנצע ווייטערע ענטוויקלונג פון דעם געזעץ ביי די פעלקער, וועלכע זיינען וואָס ווייטער אַלס מעהר פערשקלאַפט געוואָרען פון דעם פאָליציי־גייסט. די ניצליכע און סאָציאַלע מנהגים און געוואוינהייטען, וועלכע דאָס געזעץ ענטהאַלט אין זיך, האָבען זיך ווייניג וואָס פערענדערט אין פערלויף פון די יאָהרהונדערטע; אָבער דער צווייטער טהייל — די זיטען און איינגעשאַפטען, וועלכע דיענען די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאַסען, זיי

האָבען געמאַכט אַ ריעזיגען פּראָגרעס. וויפיעל אָפּפער און וויפיעל מיה האָט עס געקאָסט, אום אַרויסצורייסען פון די הערשענדע קלאַסען פון צייט צו צייט אַ געזעץ, וועלכעס שטעלט פאָר אָדער זאָל כלומרשט פאָרשטעלען אַ געוויסען שוץ פאַר די אָרעמע און עלענדע! און דאָך זיינען דיזע זאָגענאַנטע שוץ-געזעצע אין דער ווירקליכקייט מעהר ניט געווען, ווי אַ קליינע בעשריינקונג פון אַזעלכע געזעצע, וועלכע די אונטערדריקער האָבען שוין פריהער געמאַכט פאַר זייערע אינטערעסען. — „די בעסטע געזעצע"—זאָגט באָקעל—„זיינען געווען די, וואָס האָבען בעשריינקט אַנ־דערע געזעצע, וואָס זיינען פריהער געמאַכט געוואָרען!" אָבער וויפיעל אָנשטריינגונגען זיינען נייטיג געווען, וויפיעל טייכען בלוט זיינען פערגאָסען געוואָרען, ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט צו בעשריינקען אַזעלכע אינסטיטוציאָנען, דורך וועלכע די פעלקער זיינען פערשקלאַפט געווארען! אום אַוועקצומאַכען מיט די לעצטע איבערבלייבאַכץ פון דעם פעאָדאַליזמוס און לייבאייגענשאַפט, און אום צו ברעכען די מאַכט פון דער קעניגליכער רויבערבאַנדע, האָט פראַנק־רייך געדארפט דורכמאַכען פיער יאָהר רעוואָלוציאָן און צוואַנציג יאָהר מלחמה. אום אָבצושאַפען איינעם פון די קלענסטע בארבאַרישע געזעצע, וועלכע די פערגאַנגענהייט האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה, איז נויטווענדיג צעהנד־לינגער יאָהרען קאַמפף און שטרייט, און מייסטענטהיילס קען מען זיי ערשט פערניכטען אין רעוואָלוציאָנערע פעריאָדען.

***

די סאָציאַליסטען האָבען שוין אונצעהליגע מאָל אויפגע־צייגט די אָבשטאַמונג פון'ם קאַפיטאַל. זיי האָבען בעוויזען ווי אַזוי דער קאַפיטאַל האָט זיך ענטוויקעלט דורך קריעג און גנבה, דורך שקלאַפעריי און לייבאייגענשאַפט, דורך בעטרוג און מאָדערנע אויסבייטונג. זיי האָבען אויפגעצייגט,

ווי דאָס קאַפּיטאַל, טרינקענדיג דאָס בלוט פון די אַרביי־טער, עראָבערט ביסלעכווייז די גאַנצע וועלט. דיזעלבע אַרבייט דאַרף יעצט געטהאָן ווערען, אום אויפצואווייזען דעם אורשפּרונג און די ענטוויקלונג פון דעם געזעץ. און אַזוי ווי דער אַלגעמיינער פאָלקס־גייסט געהט שטענדיג פאָראויס די געלעהרטע אין די שטודיר־צימער, ענטוויקעלט זיך אויך יעצט שוין ביי די מאַסען אַ בעשטימטע פילאָזאָ־פיע איבער די ענטוויקלונגס־געשיכטע פון'ם געזעץ און די וויכטיגסטע פאַזען פון דיזער ענטוויקלונג.

זייענדיג אַ מיטעל צום שוץ פון גנבה, בעטרוג און אויסבייטונג, האָט דאָס געזעץ דורכגעמאַכט דיזעלבע פאַזען פון ענטוויקלונג ווי דאָס קאַפּיטאַל. געזעץ און קאַפּיטאַל זיינען אַ פּאָרעל, וועלכע זיינען שטענדיג געגאַנגען האַנד אין האַנד און האָבען געמאַכט אַ לעבען פון די ליידען און עלענד פון דער מענשהייט. זייער געשיכטע איז כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער דיזעלבע; איינצעלנע פאָרמען מעגען זיך זיין פערשידען, אָבער דער אינהאַלט איז איבער־ראַל דערזעלביגער. גיט נאָר אַ קוק אויף די היסטאָרישע ענטוויקלונג פון די געזעצע אין דייטשלאַנד אָדער פראַנק־רייך, און איהר וועט באַלד דערקענען, אַז די וויכטיגסטע פאַזען פון דער געזעצליכער ענטוויקלונג זיינען דיזעלבע ביי אַלע פעלקער פון אייראָפּאַ.

אין אָנפאַנג פון זיין ענטוויקלונג איז דאָס געזעץ געווען אַ מין אָבמאַך, אַ נאַציאָנאַלער קאָנטראַקט. די לעגיאָנען (מיליטער אָבטהיילונגען) און דאָס פאָלק זיינען זיך צונויפ־געקומען אויף דעם „מאַרס־פעלד" און האָבען געגעבען זייער צושטימונג צו דעם קאָנטראַקט. די זאָגענאַנטע מאַי־לאָנקעס אין די אַלטע שווייצער קאָמונען זיינען נאָך היינט צו טאָג אַן ערינערונג אָן יענע צייטען, טראָץ די פערענ־דערונגען, וועלכע די פעראייניגונג פון דער בורזשואַזנער ציוויליזאַציאָן מיט דעם שטאַאטליכען צענטראַליזמוס האָבען

פֿעאורזאַכט. אמת, אַזאַ מין קאָנטראַקט איז אויך ניט אימער פֿרייוויליג אָנגענומען געוואָרען, דען די רייכע און מעכטיגע פֿון יענער פעריאָדע האָבען שוין דאַמאָלסט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום דאָס פֿאָלק זאָל אַנערקענען זייער ווילען; אָבער אַם וויינִיגסטען איז דער בעשלוס פֿון די מאַסען דאָך געווען אַ הינדערניס פֿאַר זייערע רויבע־רייען, און עס האָט ניט זעלטען געטראָפֿען, אַז די מאַסען האָבען זיי געלאָזט פֿיהלען זייער קראַפֿט.

אָבער שפּעטער, ווען עס האָט ענדליך געלונגען דער קירכע און די אַדעלמענער צו פֿערשקלאַפֿען דאָס פֿאָלק, האָבען די מאַסען אויך פֿערלאָרען דאָס רעכט פֿון דער אייגענער געזעצגעבונג, און דיזעס רעכט איז איבערגע־נומען געוואָרען פֿון די פּריווילעגירטע קלאַסען. די קירכע האָט פֿערגרעסערט איהר מאַכט; שטיצענדיג זיך אויף איהרע אָנגעקליבענע רייכטהימער, האָט זי זיך וואָס ווייטער אַלס מעהר אַריינגעמישט אין דאָס פּריוואַט־לעבען פֿון די מענ־שען, און ערקלעהרענדיג, אַז זי וועט ראַטעווען די נשמות, האָט זי אין דערזעלבער צייט אַוועקגערויבט די אַרבייטס־פֿרוכט פֿון די לייבאייגענע. איבערהויפּט האָט די קירכע גענומען אָבנאַבען פֿון אַלע קלאַסען. זי האָט פֿערשטאַר־קערט די מאַכט פֿון איהרע געריכטען, פֿערגרעסערט די פֿערברעכען און בעשטראָפֿונגען און איז געוואָרען אַלס רייכער און רייכער, דען אַלע שטראַף־געלדער זיינען אַריינ־געפֿלאָסען ביי איהר אין קעשענע, און די צאָהל פֿון די פֿערברעכען האָט בעשטימט די גרויסקייט פֿון איהר רייכ־טהום. די געזעצגעבער האָבען זיך יעצט ניט מעהר געקי־מערט וועגען די נאַציאָנאַלע אינטערעסען; „מען וואָלט בעסער געקענט גלויבען, אַז זיי זיינען די ווערקצייג פֿון אַ פֿאַנאַטישער קירכען־פֿערזאַמלונג,“ אַזוי האָט געשריבען אַ בעקאַנטער היסטאָריקער פֿון דער פֿראַנצויזישער געזעצגעבונג.

פֿון דער צווייטער זייטע זעהען מיר, אַז מיט דעם וואָס

דער פעאָדאַל־הערר צווינגט די פעלד־אַרבייטער און האַנד־ווערקער אַנצוערקענען זיין מאַכט, ווערט ער אין דערזעל־בער צייט ריכטער און געזעצגעבער. און ווען מיר געפינען אין 10טען יאָהרהונדערט אפילו נאָך שפורען פון דעם זאָגענאַנטען עפענטליכען רעכט, האַנדעלט עס זיך אָבער מייסטענטהיילס אום קיין אַנדער זאַך ניט ווי אום די פער־פליכטונגען, די אַרבייטס־בעשטימונגען און די אָבגאַבען, וועלכע די לייבאייגענע האָבען געדאַרפט בעצאָהלען זייערע הערךן. די געזעצגעבער פון יענער צייט זיינען געווען אַ הייפעל רויבערס, וועלכע האָבען זיך פערמעהרט און אָרגאַ־ניזירט, אום צו בערויבען אַ פאָלק, וועלכעס איז געוואָרען אַלס פרידליכער, וואָס מעהר ער האָט זיך בעשעפטיגט מיט פעלד־אַרבייט און אַקער־בוי. זיי האָבען זיך בענוצט מיט די רעכטס־געפיהלען, וועלכע האָבען עקזיסטירט צווישען די מאַסען, און האָבען געמאַכט פון דער גערעכטיגקייט אַ קוועלע פאַר זייערע פערזענליכע אינטערעסען; זיי האָבען פאָרמולירט די געזעצע אויף אַזאַ מין אופן, אום אויפצו־האַלטען זייער הערשאַפט. דאָס איז געווען דער איינצי־גער און וויכטיגסטער מאָטיוו פון זייער טהעטיגקייט אַלס געזעצגעבער.

שפעטער האָט מען דיזע געזעצע געזאַמעלט און קלאַ־סיפיצירט, און די געזעצגעבער האָבען זיי פערווענדעט אַלס די גרונדלאַגע פון אונזערע מאָדערנע געזעץ־ביכער. און טראָץ דעם וויל מען אונז איינריידען, מ׳ר זאָלען רעס־פעקטירען די געזעצע—די ירושה פון אַריסטאָקראַטישע רויבערס און גלחים!

***

די ערשטע רעוואָלוציאָן—די רעוואָלוציאָן פון די קאָמונען איז ליידער ניט אימשטאַנדע געווען אָבצושאַפען אין גאַנצען דיזע געזעצע; דערפאַר וואָס די קאָנסטיטוציאָנעלע בעפריי־אונגס־דאָקומענטען פון די פרייע שטעדט זיינען מייסטענ־

טהיילס נאָר געווען אַ קאָמפּראָמיס צווישען דעם פֿעאָדאַליז־מוס, דער קירכליכער געזעצגעבונג און די נייע עלעמענטען און בעציהונגען, יועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט אינערהאַלב די קאָמונען. נאָר פֿון דעסטוועגען, וואָס פֿאַר אַ געוואַלדיגער אונטערשייד דאָס איז געווען צווישען יענע געזעצע און די געזעצע פֿון אונזער צייט! די קאָמונע האָט זיך קיינמאָל ניט ערלויבט צו טויטען אָדער אַריינצוואַרפֿען איהרע בירגער אין קערקער, צוליעב פּאָליטישע מאָטיווען. אויב מען האָט אויסגעפֿונען, אַז אימיצער האָט קאָנספּירירט מיט די פֿיינד פֿון דער קאָמונע, האָט מען איהם אַרויסגעשיקט פֿון דער שטאָדט און צושטערט זיין הויז—דאָס איז אַלעס. די מייסטע פֿערברעכען זיינעז בעשטראָפֿט געוואָרען מיט געלד־שטראָפֿען. זאָגאַר נאָך אים 12טען יאָהרהונדערט האָבען די קאָמונען בעטראַכטעט דיזען פּרינציפּ, וועלכער איז היינט אין גאַנצען פֿערגעסען געוואָרען, פֿאַר אַזוי גערעכט, אַז די גאַנצע געמיינדע האָט גענומען אויף זיך די פֿעראַנט־וואָרטליכקייט פֿאַר די שלעכטע האַנדלונג פֿון איינעם פֿון איהרע מיטגליעדער. דערפֿאַר האָט די געזעלשאַפֿט געקוקט אויף אַ „פֿערברעכען" פּונקט ווי אויף אַן אונגליק—דער רוסישער בויער איז נאָך היינט צו טאָג מיט דער זעלבער מיינונג—און יעדער איינער איז איבערצייגט געווען, אַז די געזעלשאַפֿט איז אַליין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר איהרע בירגער; דיזער גרונדזאַץ איז געווען פּונקט אַנטקעגען די פּרינציפּען פֿון דער ביבעל, וועלכע פּריידיגען די פּערזענליכע נקמה. די קירכע האָט געדאַרפֿט אָנווענדען איהר גאַנצען שענד־ליכען איינפֿלוס, איידער עס האָט איהר געלונגען איינצו־פֿיהרען אין אייראָפּאַ די באַרבאַרישע גרויזאַמקייט פֿון דעם אָריענטאַלישען דעספּאָטיזמוס; זי האָט געדאַרפֿט אָנווענדען אַלע איהרע קרעפֿטע, איידער עס האָט זיך איהר איינגע־געבען איינצופֿיהרען די טויטעס־שטראַפֿע און אַנדערע שרעקליכע בעשטראָפֿונגען, וועלכע מען האָט שפּעטער

אָנגעווענדעט געגען זאָגענאַנטע „פֿערברעכער״, אין די מנהגים פֿון געוואוינהייטען פֿון די גאַליער און די גערמאַ־נישע פֿעלקער. דיזעלבע אָנשטריינגונגען זיינען געמאַכט געוואָרען פֿון די פֿערטרעטער פֿון דעם רוימישען ציוויל־רעכט, דעם פֿערפֿוילטען פראָדוקט פֿון דעם רוימישען קייזעררייך, אום איינצופֿיהרען ביי די פֿעלקער דעם בע־גריף פֿון דעם אונבעגרענעצטען גרונד־אייגענטהום, וועלכער האָט ביסלעכווייז פֿערנומען דעם פלאַץ פֿון די אַלטע קאָ־מוניסטישע געוואוינהייטען און אינסטיטוציאָנען.

עס איז בעקאַנט, אַז די פֿרייע קאָמונען זיינען ליידער ניט אימשטאַנדע געווען צו עקזיסטירען אַ לאַנגע צייט, דערפֿאַר וואָס זיי זיינען אונטערדריקט און פֿערניכטעט געוואָרען פֿון׳ם קעניגטהום. וואָס מעכטיגער דאָס קעניג־טהום איז געוואָרען, אַלס מעהר איז דאָס רעכט פֿון דער געזעצגעבונג מאָנאָפּאָליזירט געוואָרען פֿון אַ באַנדע אַדעל־מענער, וועלכע האָבען פֿאָרמירט דעם קעניגליכען הויף. אַן אַפּיל צו דער נאַציאָן איז נאָר נאָך געמאַכט געוואָרען, אום צו בעשטעטיגען די שטייערן און אָבגאַבען, וועלכע דער קעניג האָט געפֿאָדערט. פּאַרלאַמענטע, וועלכע זיינען קוים צוויי מאָל פֿעררופֿען געוואָרען אין פֿערלויף פֿון צוויי הונדערט יאָהר צייט, לויט די קאַפּריזען פֿון׳ם קעניג און זיינע הויף־לייט, אויסערגעוועהנליכע פֿערזאַמלונגען פֿון די אַדעל־מענער, אויף וועלכע דער מיניסטער האָט אפילו ניט אויסגעהערט די קלאָגען פֿון די אונטערטאַנען—דאָס איז געווען די געזעצגעבונג פֿון יענער צייט. שפּעטער, ווען די עפֿענטליכע מאַכט האָט זיך קאָנצענטרירט ביי איין פּערזאָן אין די הענד, ווען דער קעניג האָט געקענט אויס־שרייען: „דער שטאַאַט בין איך!״ האָט מען אין די „גע־היימע קאַבינעטען״ פֿון די פֿירסטען פֿאַבריצירט די געזעצע און עדיקטע, וועלכע זיינען בעשטימט געוואָרען דורך די קראַנקע פֿאַנטאַזיעס פֿון אַ מיניסטער אָדער די קאַפּריזען

פֿון אַ אידיאָטישען קעניג, און יעדער אונטערטהאַן, וועלכער האָט זיך ענטזאַגט צו פֿאָלגען, איז געטויטעט געוואָרען. יעדער געריכטליכער שוץ איז פֿערניכטעט געוואָרען. די גאַנצע נאַציאָן איז געווען דאָס אייגענטהום פֿון דעם קעניג און אַ הייפֿעל אַריסטאָקראַטען; די גרויזאַמסטע און אונמענשליכסטע בעשטראָפֿונגען: דאָס ראַד, דער שייטערהויפֿען, דער גאַלגאַן, די מאַרטער־קאַמער, דיזע אַלע פּראָדוקטען, וועלכע די קראַנקע פֿאַנטאַזיע פֿון וואַהנזיניגע מאָנאַכען און אינקוויזיטאָרס האָט ערפֿונדען, דאָס איז געווען דער פּראָגרעס פֿון יענער צייט.

* * *

עס איז דער אונשטערבליכער פֿערדינסט פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, וואָס זי האָט אָנגעפֿאַנגען מיט דער צושטערונג פֿון די אונמענשליכע געזעצע, וועלכע דאָס אַבסאָלוטע קעניגטהום און די לייבאייגענשאַפֿט האָבען אונז איבערגעלאָזט בירושה. אָבער נאָכדעם ווי די רעוואָלוציאָן האָט פֿערניכטעט אייניגע טהיילען פֿון דער אַלטער געביידע, האָט זי איבערגעגעבען צו דער בורזשואַזיע אין די הענד די מאַכט פֿון דער געזעצגעבונג, וועלכע האָט באַלד אַנגעהויבען צו פֿאַבריצירען נייע געזעצע, אום צו פֿערזיכערן איהר הערשאַפֿט איבער די מאַסען. איז איהרע פּאַרלאַמענטען האָט זי געמאַכט איין געזעץ אויף׳ן צווייטען; זי האָט אָנגעשריבען גאַנצע בערג מיט פּאַפּירענע שמאַטעס, וועלכע זיינען געוואָרען אַלס העכער און העכער. אָבער וואָס איז דער פֿונדאַמענט פֿון אַלע דיזע געזעצע?

די מייסטע פֿון זיי האָבען נאָר דעם צוועק צו בעשיצען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום, ד. ה. צו שאַפֿען נייע קוועלען פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג און צו פֿערגרעסערן דאָס קאַפּיטאַל, די אָנגעזאַמעלטע סאָציאַלע רייכטהימער, וועלכע זיינען ענטשטאַנען דורך די אויסבייטונג פֿון

איין מענשען דורך'ן צווייטען; צו סאַנקציאָנירען, צו בעשטעטיגען די נייע פאָרמען פון דיזער אויסבייטונג, וועלכע ענטוויקלען זיך אין דעם זעלבען מאַסשטאַב, ווי דאָס קאַפּיטאַל פערנעהמט וואָס ווייטער אַלס מעהר נייע צווייגען פון דעם סאָציאַלען לעבען: די אייזענבאַהנען, די טעלעגראַפען, דאָס עלעקטרישע ליכט, די כעמישע פּראָדוקטען, דעם אויסטויש פון די געדאַנקען אין דער ליטעראַטור און וויסענשאַפט א. ז. וו. די איבריגע געזעצע האָבען אייגענטליך דעם זעלבען צוועק, ד. ה. זיי שיצען דעם רעגירונגס־מעכאַניזמוס, וועלכער גיט דעם קאַפּיטאַל די מעגליכקייט צו פערנעהמען נייע רייכטהימער: דער געריכט, די פּאָליציי, די אַרמעע, דער עפענטליכער אונטעריכט, די פינאַנצען, אַלעס, אַלעס ליעגט אויף די קניע פאַר דעם נייען געץ — קאַפּיטאַל. דיזע אַלע אינסטיטוציאָנען, וועלכע שטעהען אונטער דעם שוץ פון געזעץ, האָבען נאָר איין צוועק, נאָר איין ציעל: צו פערלייכטערן און צו בעשיצען די אויסבייטונג פון דעם אַרבייטער דורך דעם קאַפּיטאַליסט. אַנאַליזירט נאָר די געזעצע, וועלכע זיינען זייט די לעצטע הונדערט יאָהר פאַבריצירט געוואָרען, און איהר וועט קיין אַנדער זאַך ניט געפינען. מען בעהויפּטעט שטענדיג, אַז דער פּערזענליכער שוץ איז די אייגענטליכע אויפגאַבע פון דעם געזעץ; אָבער די געזעצע צום שוץ פון דער פּערזענליכער זיכערהייט פערנעהמען כמעט גאָר קיין פּלאַץ ניט אין אונזערע געזעץ־ביכער, דען די אַטאַקען אויף פּערזאָנען, אום צו בעפרידיגען די פּערזענליכע ברוטאַליטעט און ליידענשאַפט, פערשווינדען וואָס ווייטער אַלס מעהר אין דער געזעלשאַפט. ווען אַ מענש ווערט היינט ערמאָרדעט, איז דער צוועק פון דעם מאָרד מייסטענטהיילס די בערויבונג פון דעם ערמאָרדעטען; אָבער עס טרעפט גאַנץ זעלטען, אַז דער מאָטיוו פון דעם מאָרד איז פּערזענליכע ראַכע. אָבער ווען די צאָהל פון דיזע זאָרט פערברעכען

פֿערגרינגערט זיך אַלס מעהר, איז עס ניט צוליעב די געזעצע, נאָר עס איז דער רעזולטאַט פֿון דער אַלגעמיינער מענשליכער ענטוויקלונג אינערהאַלב דער געזעלשאַפֿט, די פֿרוכט פֿון די געזעלשאַפֿטליכע געוואוינהייטען און ניט פֿון געזעצליכע בעשטראָפֿונגען. אויב מען זאָל היינט אַוועקמאכען מיט אַלע געזעצע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען צום שוץ פֿון דער פערזענליכער זיכערהייט, וועט זיך די צאָהל פֿון פערזענליכע אַטאַקען, אום צו בעפֿרידיגען די אינדיווידועלע ברוטאַליטעט אָדער די פערזענליכע ראַכע, ניט פֿערמעהרען מיט איין פֿאַל.

*
* *

אפשר וועט מען אונז זאָגען, אַז זייט די לעצטע פֿופֿציג יאָהר צייט זיינען געמאַכט געוואָרען אַ היבשע ביסעל פֿרייהייטליכע געזעצע. אָבער דיזע בעהויפּטונג איז אַ פֿאַלשע; דען אויב איהר וועט אַנאַליזירען דיזע זאָגענאַנטע פֿרייהייטליכע געזעצע, וועט איהר באַלד אויסגעפֿינען, אַז זיי זיינען ניט מעהר און ניט וויי‏ניגער ווי די אָבשאַפֿונג פֿון אַלטע געזעצע, וועלכע די באַרבאַריי פֿון די פֿערגאַנגענע יאָהרהונדערטע האָט אונז איבערגעלאָזט בירושה. אַלע ליבעראַלע געזעצע, אַלע פּראָגראַמען פֿון די ראַדיקאַלען לאָזען זיך צונויפֿשטעלען אין עטליכע ווערטער: אָבשאַפֿונג פֿון די געזעצע, וועלכע זיינען אַ הינדערניס פֿאַר דער בורזשואַזיע אַליין, און צוריקקעהרען זיך צו די פֿרייהייטען פֿון די אַלטע קאָמונען פֿון׳ם 12טען יאָהרהונדערט, וועלכע זאָלען עקזיסטירען פֿאַר אַלע בירגער אָהן אַן אויסנאַהמע. — אָבשאַפֿונג פֿון דער טויטעס־שטראַפֿע, שוואור־געריכטען פֿאַר אַלע „פֿערברעכען" (אין 12טען יאָהרהונדערט, האָבען דיזע געריכטע שוין עקזיסטירט און זאָגאַר אין פֿיעל ליבעראַלערע פֿאָרמען ווי היינט צו טאָג), אויסערוועהלטע ריכטער, פערזענליכע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון אַלע שטאַאַטס בעאַמטע, אָבשאַפֿונג פֿון די שטעהענדע אַרמעען, פֿערזאַמ־

לונגס־פֿרייהייט, פרעס־פֿרייהייט, פֿרייער אונטערריכט א. ז. וו. מיט איין וואָרט, אַלעס דאָס וואָס מען בעטראַכטעט היינט צו טאָג אַלס די ערפֿינדונגען פֿון דעם מאָדערנעם ליבעראַליזמוס, דאָס אַלעס האָט שוין לאַנג עקזיסטירט אין די אַלטע קאָמונען, איידער די קירכע און די קעניגע האָבען צוריסען דאָס פֿלייש פֿון דער מענשהייט מיט זייערע נעגעל.

***

דירעקטער שוץ פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אויסבייטונג דורך די בעשטעהענדע אייגענטהומס־געזעצע; און אונ־דירעקטער שוץ פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם דורך די ערהאַלטונג פֿון'ם שטאַאַט, דאָס איז דער קווינטעסענץ, דער גאַנצע אינהאַלט פֿון אונזערע היינטיגע געזעץ־ביכער און דער גייסט, וועלכער בעוועגט די טהייערע געזעץ־מאַשינען פֿון אונזער צייט. עס איז שוין ענדליך צייט, אַז מיר זאָלען זיך שוין ניט לענגער לאָזען פֿערדרעהען די קעפּ מיט פוסטע פֿראַזען און ענדליך בעגרייפֿען וואָס דאָס איז אַזוינס — דאָס געזעץ. דאָס געזעץ, וועלכעס האָט אין אָנפֿאַנג פֿון זיין ענטוויקלונג פֿערקערפּערט אין זיך אַ גאַנצע זאַמלונג פֿון מנהגים און געוואוינהייטען, וועלכע זיינען ניצליך און נויטווענדיג געווען פֿאַר דער מענשליכער געזעלשאַפֿט, דאָס געזעץ איז היינט ניט אַנדערש ווי אַן אינסטרומענט פֿאַר אויפֿצוהאַלטען די הערשאַפֿט און די אויסבייטונג פֿון די רייכע פּאַראַזיטען איבער די פּראָדוצי־רענדע מאַסען. דאָס געזעץ האָט היינט צו טאָג מעהר קיין ווערטה פֿאַר די עקזיסטענץ פֿון דער מענשליכער ציוויליזאַציאָן; זיין גאַנצע אויפֿגאַבע איז צו פֿערזיכערן די עקזיסטענץ פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען אויסבייטונגס־סיסטעם.

אָט דאָס איז דער שלוס, צו וועלכען מיר זיינען געקומען, שטודירענדיג די גאַנצע ענטוויקלונגס־געשיכטע פֿון די געזעצע. קען מען נאָר פֿאָדערן פֿון אונז, מיר זאָלען

רעספּעקטירען די געזעצע? קיינמאָל ניט! מיר רעספּעקטירען זיי ניט מעהר ווי דאָס קאַפּיטאַל, דיזען פּראָדוקט פון גניבה און בעטרוג. די ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאַבע פון די רעוואָלוציאָנערען וועט זיין די, צו פערניכטען אַלע עקזיסטירענדע געזעצע צוזאַמען מיט אַלע זאָגענאַנטע אייגענטהומס־רעכטע.

IV.

די מיליאָנען געזעצע, וועלכע בעהערשען די מענשהייט, אויב מען זאָל זיי גוט אַנאַליזירען, קענען צוטהיילט ווערען אין דריי הויפּט־קאַטעגאָריען: 1) געזעצע צו שיצען דאָס אייגענטהום; 2) געזעצע צו שיצען די רעגירונג; און 3) געזעצע צו שיצען איינצעלנע פּערזאָנען. אָבער ווען מיר קוקען זיך אַביסעל נעהנטער צו צו דיזע דריי פערשידענע זאָרטען פון געזעצע, וועלען מיר באַלד אויסגעפינען, אַז זיי זיינען אין גאַנצען אוננוצליך און שעדליך.

די סאָציאַליסטען וויסען זעהר גוט וואָס דאָס איז אַזוינס — צו „שיצען דאָס אייגענטהום". די זאָגענאַנטע אייגענטהומס־געזעצע זיינען ניט געמאַכט געוואָרען, צו שיצען דאָס ווירקליכע אייגענטהום, ד.ה. צו פערזיכערן יעדען מענשען די פּרוכט פון זיין אַרבייט; זיי זיינען אויך ניט געמאַכט געוואָרען צו שיצען די געזעלשאַפט, ד.ה. די פּרוכט פון דער קאָלעקטיווער און געמיינשאַפטליכער אַרבייט; ניין, דיזע געזעצע זיינען דירעקט ערפונדען געוואָרען, אום אַוועקצורויבען דעם אַרבייטער אַ טהייל פון זיין אַרבייט. זיי זיינען דירעקט ערפונדען געוואָרען, כדי איינצעלנע אינדיווידוען זאָלען קענען אַוועק'גנב'ענען די פּריכטע פון דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט. אויב דאָס געזעץ גיט חיים'ן דאָס אייגענטהומס־רעכט אויף אַ הויז, איז עס ניט

דערפֿאַר, ווייל דיזעס רעכט בעשריינקט זיך אויסשליסליך אויף דאָס קליין הייזעל, וועלכעס חיים האָט אַליין געבויט אָדער מיט דער הילפֿע פֿון עטליכע פֿריינד—אין אַזאַ פֿאַל וואָלט איהם קיינער ניט בעשטריטען זיין אייגענטהום־רעכט —ניין, דאָס הויז, פֿון וועלכען חיים איז דער געזעצליכער אייגענטהימער, איז געבויט געוואָרען פֿון אַנדערע מענשען, מענשען, פֿון וועלכע ער האָט אַוועקגערויבט אַ קלענערען אָדער גרעסערען טהייל פֿון זייער פּערזענליכער אַרבייט; און אויסערדעם רעפּרעזענטירט דאָס הויז אַ סאָציאַלען ווערטה, וועלכען חיים וואָלט קיינמאָל ניט אימשטאַנדע געווען איהם צו געבען; מיט איין וואָרט: דאָס געזעץ גיט חיים׳ן אַ רעכט אויף אַ הויז, וואָס בעלאַנגט צו אַלעמען און צו קיינעם בעזונדער. אויב דאָס הויז וואָלט געשטאַנען אין ערגעץ אַ פֿערוואָרפֿענעם ווינקעל פֿון סיביר, וואָלט עס זיכער ניט געהאַט דעמזעלבען ווערטה ווי אין אַ גרויסע שטאָדט. דער סאָציאַלער ווערטה פֿון דיזען הויז איז אַלזאָ דער רעזולטאַט פֿון דער געמיינשאַפֿטליכער אַרבייט פֿון פֿערציג אָדער פֿופֿציג גענעראַציאָנען, וועלכע האָבען אויפֿגעבויט די שטאָדט, איהר פֿערזאָרגט מיט וואַסער און גאַז, געמאַכט שעהנע פּראָמענאַדען, אוניווערזיטעטען, טהעאַטערע, מאַגאַזינען, געבויט ברייטע גאַסען, אייזענבאַהנען א. ז. וו. ווען דאָס געזעץ גיט אַלזאָ חיים׳ן דאָס אייגענטהומס־רעכט אויף אַ הויז אין לאָנדאָן, פּאַריז אָדער וויען, מיינט עס, אַז חיים האָט צוגענומען — מיט דער הילפֿע פֿון געזעץ, פֿערשטעהט זיך — אַ טהייל פֿון דער געמיינשאַפֿטליכער אַרבייטס־פּרוכט, וועלכער בעלאַנגט ניט צו איהם, זאָנדערן צו דער גאַנצער מענשהייט. און פּונקט דערפֿאַר ווייל דיזע געזעצליכע מאָנאָפּאָליזירונג פֿון דער געמיינשאַפֿטליכער אַרבייט (אַלע אַנדערע פֿאָרמען פֿון אייגענטהום האָבען דעמזעלבען כאַראַקטער) איז איינע פֿון די ערגסטע אונגערעכטיגקייטען, וועלכע מען קען זיך נאָר

פֿאָרשטעלען. פּונקט דערפֿאַר האָט מען געדאַרפֿט איינ־פֿיהרען גאַנצע בערג פֿון געזעצע, גאַנצע אַרמעען פֿון סאָלדאַטען, פּאָליציסטען און ריכטער, אום צו פֿערטהיידי־גען דיזע אונגערעכטיגקייט געגען די פֿאָדערונגען פֿון דעם געזונדען מענשען־פֿערשטאַנד און די געפֿיהלען פֿון גערעכ־טיגקייט.

אַ העלפֿט פֿון אונזערע געזעצע — די בירגערליכע געזעץ־ביכער פֿון אַלע לענדער — האָבען קיין אַנדערן צוועק ניט, ווי צו שיצען דעם מאָנאָפּאָל, די גנבה פֿון איינצעלנע אינדיווידוען פֿאַר די בערעכטיגטע פֿאָדערונג פֿון אַלע איבעריגע מענשען. דריי־פֿערטעל פֿון אַלע פּראָצעסען, וועלכע בעשעפֿטיגען די געריכטען, זיינען ניט מעהר ווי שטרייטיגקייטען צווישען די מאָנאָפּאָליסטען גופא, דער קאַמפּף צווישען צוויי גנבים איבער זייער גנבה. און אַ גרויסער טהייל פֿון אונזערע געזעצליכע שטראָפֿען האָט דעמזעלבען צוועק: אויפֿצוהאַלטען די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע קנעכטשאַפֿט פֿון דעם אַרבייטער, און צו געבען דעם קאַפּיטאַליסט די מעגליכקייט איהם צו עקספּלאָאַטירען.

אָבער איהר האָט ניט קיין געזעצע, וועלכע זאָלען פֿער־זיכערן דעם אַרבייטער די פֿרוכט פֿון זיין אַרבייט. דיזעס רעכט איז אַזוי איינפֿאַך, אַזוי נאַטירליך, עס איז אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט אין די מנהגים און געוואוינהייטען פֿון די מענשען, אַז די געזעצגעבער האָבען זיך אפילו אין גאַנצען פֿערגעסען צו מאַכען בעזונדערע געזעצע וועגען דעם. די אָפֿענע רויבעריי, צו בעפֿאַלען מענשען מיט די וואַפֿען אין די הענד, דאָס איז אַרויס פֿון דער מאָדע אין אונזער יאָהרהונדערט; אויך וועט איהר ניט געפֿינען, אַז איין אַרבייטער זאָל וועלען צונעהמען פֿון אַ צווייטען אַרבייטער די פֿרוכט פֿון זיין אַרבייט. און אויב עס מאַכט זיך יאָ צווישען זיי אַ שטרייט, ערליידיגען זיי די זאַכע צווישען זיך אַליין, אָדער זיי ווענדען זיך צו אַ דריטען, ער זאָל

אָבגעגעבען זיין אורטהייל, נאָר זיי בענוצען זיך ניט מיט׳ן געזעץ. אויב עס גיט איבערהויפּט אַ מענש אין דער וועלט, וועלכער בעטראַכטעט עס פאַר זיין רעכט, צוצונעהמען די פרוכט פון יענעמס אַרבייט, איז עס דער קאַפּיטאַליסט, דער אייגענטהימער, וועלכער גנב׳עט אַוועק דעם פעטסטען ביסען. נאָר אין אַלגעמיין רעספּעקטירט דער מענש איבעראַל דאָס רעכט פון יעדען איינציגען אויף די פרוכט פון זיין פערזענליכער אַרבייט, און עס איז גאָר ניט נייטיג קיין בעזונדערעס געזעץ צו שיצען דיזעס רעכט.

די אַלע אייגענטהומס־געזעצע, וועלכע פילען אָן גאַנצע בענדער צום פערגניגען פון די אַדוואָקאַטען, האָבען אַלזאָ קיין אַנדער צוועק ניט, ווי צו געבען עטליכע מאָנאָפּאָליסטען די מעגליכקייט אַוועקצורויבען די אַרבייטס־פּראָדוקטען פון דער גאַנצער מענשהייט; דערפאַר האָבען זיי קיין רעכט ניט צו עקזיסטירען, און די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען זיינען פעסט ענטשלאָסען זיי אַלע צו פערניכטען, ווען עס וועט קומען דער גרויסער טאָג פון דער רעוואָלוציאָן. עס איז ניט מעהר ווי אַ פאָדערונג פון גערעכטיגקייט אַוועקצומאַכען מיט אַלע אייגענטהומס־געזעצע, מיט אַלע רעכטס־טיטלען, מיט אַלע אַרכיוועז, מיט איין וואָרט, מיט אַלעם דאָס וואָס עס איז פערבונדען מיט דיזער אינסטיטוציאָן, וועלכע וועט אין גיכען פערנעהמען דעמזעלביגען פלאַץ אין דער מענשליכער געשיכטע ווי די שקלאַפעריי און לייבאייגענשאַפט, אַלס אַ שוואַרצער פלעק פון אונזער ענטוויקלונג.

* * *

דאָס זעלבע וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען די זאָגענאַנטע אייגענטהומס־געזעצע, קען אויך געזאָגט ווערען וועגען דער צווייטער קאַטעגאָריע, וועגען די געזעצע צום שוץ פון דער רעגירונג, די זאָגענאַנטע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצע.

אויך אין דיזער בעציהונג האָבען מיר גאַנצע בערג פֿון געזעצע, דעקרעטען, אוקאַזען א.ז.וו. וועלכע זיינען דירעקט געמאַכט געוואָרען צו שיצען די רעפּרעזענטאַטיווע רעגירונג, צו זי גרינדעט זיך אויף דאָס אַלגעמיינע וואַהל־רעכט אָדער אויף דיברוטאַלע געוואַלד, יענע קאָרומפּירטע אינסטיטוציאָן, וועלכע ליעגט אויף דער מענשהייט ווי אַ שווערע לאַסט. מיר וויסען גאַנץ גוט—און די אַנאַרכיסטען האָבען עס טויזענדער מאָל אויפֿגעוויזען אין זייער קריטיק פֿון אַלע רעגירונגס־פֿאָרמען—אַז עס איז די אויפֿגאַבע פֿון יעדע רעגירונג, צו זי רופֿט זיך מאָנאַרכיסטיש, קאָנסטיטוציאָנעל אָדער רעפּובליקאַניש, צו פֿערטהיידיגען מיט געוואַלד די אינטערעסען פֿון די בעזיצענדע קלאַסען, די אינטערעסען פֿון דער אַריסטאָקראַטיע, די גלחים און דער בורזשואַזיע. אַ גוטער דריט־חלק פֿון אונזערע „וויכטיגסטע" געזעצע, די געזעצע איבער די שטייערן און אָבגאַבען, איבער די אָרגאַניזאַציאָן פֿון די מיניסטעריסטוועס און זייער טהעטיגקייט, איבער דער אַרמעע, קירכע, פּאָליציי א.ז.וו.—און אַזעלכע געזעצע גיט עס פֿיעלע צעהנדליגער טויזענד אין יעדען לאַנד—האָבען קיין אַנדער צוועק ניט, ווי אויפֿצוהאַלטען די רעגירונגס־מאַשין און צו פֿערגרעסערן איהר מאַכט, אום צו פֿערגרעסערן איהר מאַכט, אום צו בעשיצען די אינטערעסען פֿון די הערשענדע און בעזיצענדע קלאַסען. אַנאַליזירט דיזע אַלע געזעצע און בעאָבאַכטעט זייער אַלטעגליכע פֿונקציאָן, און איהר וועט באַלד אויסגעפֿינען, אַז עס גיט ניט קיין איינציגעס צווישען זיי, וועלכעס איז ווערטה צו עקזיסטירען—פֿון די אַלטע געזעצע, וועלכע האָבען איבערגעגעבען די בירגער פֿון די קאָמונען מיט געבונדענע הענד און פֿיס צו דעם גלח, דעם רייכען בורזשואַ און דעם בעאַמטען, ביז די גרויסאַרטיגע קאָנסטיטוציאָנען (זייט 1789 האָבען מיר אין פֿראַנקרייך געהאַט 19 אָדער 20 אַזעלכע קאָנסטיטוציאָנען), וועלכע האָבען אונז פֿערשאַפֿט אַ פּאַר־

ראַמענט פֿון אידיאָטען און בערזען־שווינדלער, אַ באַנדע, וועלכע האָט שטענדיג פֿאַרבערייטעט די דיקטאַטור פֿון ערגעץ אַ באַנדיט, אָדער וועלכע האָט פֿאַרגעשטעלט די רעגירונג פֿון אַ געקרוינטען דום־קאָפּ.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז וועגען דיזער צווייטער קאַטעגאָריע פֿון געזעצע איז אויך ניט דאָ וואָס צו ריידען. ניט נאָר די סאָציאַליסטען, אפילו די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען פֿון דער בורזשואַזיע זיינען זיך פֿאָלקאָמען איניג, אַז די בעסטע פֿערווענדונג פֿאַר דיזע אַלע געזעצע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען צום שוץ פֿון דער רעגירונג, איז אָנצוצינדען מיט זיי אַ גרויסען פֿייער.

* * *

בלייבט אונז נאָך די דריטע קאַטעגאָריע פֿון געזעצע, די געזעצע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען מיט דעם צוועק צו בעשיצען די פערזאָנען. דיזע אָבטהיילונג איז די וויכטיגסטע פֿון אַלע, די מייסטע פֿאָראורטהיילען גרינדען זיך אויף דיזע זאָרט געזעצע, און ווען דאָס געזעץ געפֿינט איבערהויפּט אַן אַנערקענונג ביי די מענשען, איז עס דער־פֿאַר וואָס מען האָט זיך איינגערעדט, אַז די געזעצע צום שוץ פֿון דעם אינדיווידואום אין דער געזעלשאַפֿט זיינען אומבעדינגט נויטווענדיג. עס זיינען דאָס יענע געזעצע, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט פֿון די פֿאַר דער געזעל־שאַפֿט ניצליכע מנהגים און געוואוינהייטען, און מיט וועלכע די רעגירער האָבען זיך בענוצט, אום צו שטעלען זייער הערשאַפֿט אויף אַ פֿעסטען פֿונדאַמענט. די אויטאָריטעט פֿון דעם הויפּטלינג, פֿון די רייכע פֿאַמיליען אין אַ גע־מיינדע און פֿון דעם קעניג שטיצט זיך הויפּטזעכליך אויף זייער טהעטיגקייט אַלס ריכטער; און ווי אָפֿט מען זאָל ניט ריירען איבער די נויטווענדיגקייט פֿון אַ רעגירונג, פֿערשטעהט מען אונטער דעם הויפּטזעכליך איהר איבער־שטע פֿונקציאָן אַלס ריכטער. „די מענשען וואָלטען זיך דאָך

אויפֿגעגעסען איינער דעם אַנדערן לעבעדיגערהייט, אויב מיר וואָלטען ניט געהאַט קיין רעגירונג!" אַזוי זאָגט דער פֿרידליכער, געזעצליכער בירגער, דער פֿיליסטער; און דער בעקאַנטער ענגלישער שטאַאַטס־מאַן בורק ערקלעהרט: „דער לעצטער ציעל פֿון יעדער רעגירונג איז צו געבען דעם אָנגעקלאָגטען צוועלף געשוואָרענע."

אָבער טראָץ די אַלע פֿאָראורטהיילע, וועלכע הערשען איבער דיזען פונקט, איז עס אונזער אויפֿגאַבע אַלס אַנאַר־כיסטען צו ערקלעהרען פֿריי און אָפֿען, אַז אויך דיזע זאָרט געזעצע איז פונקט אַזוי אונניצליך און שעדליך ווי די אַנ־דערע פֿון וועלכע מיר האָבען גערעדט בעפֿאָר.

וואָס אַנבעלאַנגט די זאָגענאַנטע „פֿערברעכען" געגען איינצעלנע פערזאָנען, איז אַלגעמיין בעקאַנט, אַז צוויי דריטעל און אָפֿטמאָל דריי פֿערטעל פֿון אַלע דיזע „פֿער־ברעכען" ווערען בעגאַנגען מיט דער אַבזיכט צו בערויבען אַ צווייטען מענשען. דיזע אונגעהייער גרויסע קאַטעגאָריע פֿון „פֿערברעכען" וועט פֿערשווינדען, ווי באַלד דאָס פריי־וואַט־אייגענטהום וועט מעהר ניט עקזיסטירען.

„אָבער פֿערגעסט ניט—וועט מען אונז ענטפֿערן—„אַז עס וועלען זיך שטענדיג געפֿינען ברוטאַלע מענשען, וועלכע וועלען זיך באַלד בענוצען מיט אַ מעסער, ווען עס מאַכט זיך אַ שטרייט, מענשען, וועלכע וועלען ענטפֿערן אויף דער קלענסטער בעליידיגונג מיט אַ מאָרד. ווי אַזוי וועט איהר פֿערהיטען דיזע פֿערברעכען אָהן געזעצע און אָהן בע־שטראָפֿונגען?" דאָס איז דאָס אַלטע ליעדעל, וועלכעס מען זינגט אונז שטענדיג פֿאָר, ווען מיר ערקלעהרען, אַז די געזעלשאַפֿט האָט קיין רעכט ניט צו בעשטראָפֿען איהרע מיטגליעדער. און דאָך ווייסען מיר היינט גאַנץ גוט, אַז די שטרייננקייט פֿון די שטראָפֿען פֿערגרינגערט קיינמאָל ניט די צאָהל פֿון די „פֿערברעכען". היינגט די מערדער אויף אָדער וואַרפֿט זיי אַריין אין קערקער, און די צאָהל פֿון די

ערמאָרדעטע וועט טראָץ דעם בלייבען דיזעלבע. און פֿער־קעהרט: שאַפֿט אָב די טויטעס־שטראָפֿע, און די צאָהל פֿון די ערמאָרדעטע וועט ווערען קלענער. די סטאַטיסטי־קער און געזעצגעבער וויסען גאַנץ גוט, אַז מילדערע שטראָפֿען האָבען קיינמאָל ניט פֿערמעהרט די צאָהל פֿון די אַטענטאַטען אויף דאָס לעבען פֿון די בירגער. ווען עס מאַכט זיך אַ גוט יאָהר, דאָס ברויט איז ביליג און דאָס וועטער איז שעהן, פֿערקלענערט זיך באַלד די צאָהל פֿון די ערמאָרדונגען. די סטאַטיסטיק האָט אונז געצייגט, אַז די צאָהל פֿון די „פֿערברעכען" ריכטעט זיך זעהר שטאַרק נאָך דעם פרייז פֿון די לעבענסמיטעל און צו דער וועטער איז גוט אָדער שלעכט. ניט אַלע מערדערייען ווערען פֿער־אורזאַכט דורך דעם הונגער; געוויס ניט! אָבער ווען די פרייזעס פֿון די לעבענסמיטעל זיינען ביליג, ווען דאָס וועטער איז שעהן און אַנגענעהם, דאַן פֿיהלען זיך די מענ־שען וויניגער עלענד, זיי זיינען פֿריליכער ווי געוועהנליך, די דונקעלע ליידענשאַפֿטען האָבען וויניגער איינפֿלוס אויף זיי, און זיי זיינען וויניגער אויפֿגעלייגט זיך אַריינצושטעקען אַ מעסער איינער דעם צווייטען צוליעב אַ קלייניגקייט.

עס איז אויך בעקאַנט, אַז די מורא האָט נאָך קיין איינ־ציגען מערדער ניט אָבגעהאַלטען צו בעגעהן אַ מאָרד. דער וואָס טויטעט זיינע מיטמענשען, אום צו בעפֿרידיגען זיין פערזענליכע ראַכע אָדער צוליעב זיין עלענד, קלעהרט וויניג וואָס איבער די פֿאָלגען פֿון זיין טהאַט; און עס גיט וואַהרשיינליך קיין איינציגער מערדער, וועלכער איז ניט זיכער ביי זיך, אַז מען וועט איהם ניט כאַפּען.— זאָל יעדער איינער נאָכדיינקען איבער דיזע פֿראַגע, זאָל ער אַנאַליזירען די פֿערברעכען און בעשטראָפֿונגען, זייערע מאָטיוען און זייערע פֿאָלגען, און אויב ער איז נאָר אימ־שטאַנדע צו מאַכען זיך אַן אייגענע מיינונג, וועט ער זיכער קומען צו דעם פֿאָלגענדען שלוס:

„שוין גאָר ניט ריידענדיג פֿון אַ געזעלשאַפֿט, וואו דער מענש וועט בעקומען אַ בעסערע ערציהונג, און וואו די ענטוויקלונג פֿון אַלע זיינע פֿעהיגקייטען און די מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט זיי, פֿערשאַפֿט איהם אַזוי פֿיעל פֿער־גניגען, וועלכען ער וועט געוויס ניט וועלען פֿערלירען צוליעב אַ מאָרד, שוין גאָר ניט ריידענדיג פֿון דער צו־קינפֿטיגער געזעלשאַפֿט, בעהויפּטען מיר זאָגאַר, אַז ווען די היינטיגע געזעלשאַפֿט מיט אַלע די טרויעריגע פֿאָלגען פֿון דעם סאָציאַלען עלענד, וועלכע מאַניפֿעסטירען זיך יעדען טאָג פֿאַר אונזערע אויגען אין די פֿערפעסטעטע לעכער פֿון די גרויסע שטעדט, ווען די היינטיגע געזעל־שאַפֿט וואָלט פלוצלונג אָבגעשאַפֿט אַלע שטראָפֿען פֿאַר אַ מערדער, וואָלט זיך די צאָהל פֿון די ערמאָרדעטע ניט פֿערגרעסערט מיט איין פערזאָן; עס איז זאָגאַר זעהר וואַהרשיינליך, אַז די דורכשניטליכע צאָהל פֿון די מאָרדען וואָלט קלענער געוואָרען, ווייל פֿיעלע וואָלטען דאַן מעהר קיין מעגליכקייט ניט געהאַט זיך צו ענטוויקלען אַלס „פֿערברעכער" אין די געפֿענגניסע גופא.

*
* *

מען דערצעהלט אונז שטענדיג וועגען די גוטע זייטען פֿון די געזעצע און פֿון די ניצליכע ווירקונגען פֿון די שטראָפֿען. אָבער האָט מען דען שוין ווען עס איז געמאַכט אַ פֿערגלייך צווישען דיזע זאָגענאַנטע גוטע זייטען פֿון די געזעצע און שטראַפֿען מיט די שעדליכע און קאָרומפירענדע ווירקונגען, וועלכע זיי רופֿען אַרויס? בערעכענט נאָר וויפֿיעל שלעכטע און ניעדריגע ליידענשאַפֿטען עס האָבען זיך געמוזט ענטוויקלען ביי די צושויער, אין דער צייט ווען די שטראַפֿען זיינען נאָך אויסגעפֿיהרט געוואָרען אויף דעם אָפֿענעם מאַרק־פלאַץ! ווער האָט ענטוויקעלט אין מענשען די גרויזאַמסטע אינסטינקטען, אינסטינקטען, וועלכע מיר געפֿינען ניט אפילו ביי די ווילדע חיות, און וועלכע

האָבען געמאַכט פֿון'ם מענשען א ווילדע בעסטיע, אויב ניט די קעניגע, די ריכטער און גלחים, וועלכע—שטיצענ־דיג זיך אויף דאָס געזעץ—האָבען אַראָבגעשווגדען די הויט פֿון'ם מענשען לעבעדיגערהייט, אַריינגעגאָסען קאָכעדיגען פעך אין זיינע וואונדען, אויסגעבראָכען זיינע גליעדער, צושמעטערט זיינע ביינער א.ז.וו., אום אויפֿצוהאַלטען די אויטאָריטעט? גיט נאָר אַ קוק אויף דעם זומפּ פֿון מענש־ליכער קאָרופּציאָן, וועלכער איז ענטשטאַנדען דורך דעם שפּיאָניר־סיסטעם! ערקלעהרענדיג, אַז זיי זיינען נויטווענדיג, אום אויסצוגעפֿינען פֿערברעכען, בעשיצען די ריכטער, די שפּיאָנען און די רעגירונגען בעצאָהלען זיי מיט דעם געלד פֿון'ם פֿאָלק. געהט נאָר אַריין אין די געפֿענגניסע און זעהט, וואָס מען מאַכט פֿון מענשען, וועלכע מען ברייגגט צוזאַמען מיט פֿערדאָרבענע אינדיווידוען, אָפּפֿער פֿון דעם היינטיגען סיסטעם, וועלכע געהן אונטער אין דער קאָרופּ־ציאָן, וואָס דרינגט אפילו דורך די שטאַרקסטע מויערן פֿון די קערקערס. און וואָס מעהר מען זוכט צו רעפֿאָרמירען דיזען סיסטעם, אַלס גרעסער ווערט די פֿערדאָרבענהייט. אונזערע מאָדערנע „מוסטער־געפֿענגניסע" זיינען טויזענד מאָל ערגער און קאָרומפּירטער ווי די אונטעראירדישע קערקערס פֿון'ם מיטעלאַלטער. און דאַן גיט אַ קוק אויף די מאָראַלישע פֿערדאָרבענהייט און קאָרופּציאָן, וועלכע זיינען די אונפֿערמיידליכע פּראָדוקטען פֿון דער אידעע פֿון געהאָרכזאַמקייט—דער קווינטעסענץ פֿון דעם געזעץ—גיט אַ קוק אויף די געפֿעהרליכע רעזולטאַטען פֿון דעם אוי־טאָריטערען סיסטעם, וועלכעס גיט געוויסע פּערזאָנען דאָס „רעכט" צו בעשטראָפֿען זייערע מיטמענשען, צו ריכטען זיי, אָהן גערעכטיגקייט און אָהן געוויסען, דורך זייער טהעטיגקייט אַלס ריכטער, היינקער, פּאָליציסטען און שפּיאָנען; גיט אַ קוק אויף דעם גאַנצען געוואַלדיגען מע־כאַניזמוס פֿון געזעץ און אויטאָריטעט אין דער מענשליכער

געזעלשאַפט, און איהר וועט זיכער זיין איינשטימיג מיט אונז, ווען מיר בעהויפטען, אַז געזעץ און בעשטראָפונג זיינען ברוטאַלע גרוויזאַמקייטען, וועלכע מען דאַרף פער־ניכטען ווי אַם גיכסטען.

די פעלקער, וואָס זיינען נאָך ניט אויף אַזוי פיעל פער־דאָרבען דורך דעם פאָליציי־סיסטעם און די אויטאָריטערע פאָראורטהיילען ווי מיר, האָבען זעהר גוט בעגריפען, אַז די זאָגענאַנטע „פערברעכער" זיינען ניט מעהר ווי אונ־גליקליכע מענשען, וועלכע מען דאַרף ניט איינשמידען אין קייטען און טויטען אויף די עשאַפאָטען און אין די גע־פענגניסע, זאָנדערן וועלכע קענען נאָר געבעסערט ווערען דורך ברידערליכע פלעגע, מענשליכע בעהאַנדלונג און דעם פערקעהר מיט גוטע און עהרליכע מענשען. דערפאַר האָפען מיר, אַז ביי דער קומענדער רעוואָלוציאָן וועלען די מענשען ענדליך איינזעהן די גאַנצע שענדליכקייט פון געזעץ און אויטאָריטעט און אויסשרייען:

„לאָמיר פערברענען אַלע עשאַפאָטען און גאַלגאַנען! לאָמיר צושטערען אַלע געפענגניסע און פערטרייבען אַלע ריכטער, פאָליציסטען און שפיאָנען—די עקעלהאַפטעסטע בעשעפעניסע, וועלכע האָבען ביז יעצט עקזיסטירט אויף דער וועלט! די יעניגע, וואָס האָבען זיך געלאָזט פערפיהרען פון בייזע לײדענשאַפטען און האָבען שלעכטעס געטהאָן צו זייערע מיטמענשען, זיי וועלען מיר בעהאַנדלען מיט ברי־דערליכער ליעבע אַלס קראַנקע און אונגליקליכע; נאָר פריהער פון אַלעם וועלען מיר צושטערען יעדע מעגליכ־קייט, כדי די גרויסע פערברעכער, דיזע נידריגע פראָ־דוקטען פון דער פאַראַזיטישער קאַפּיטאַליסטישער אויסבײ־טונג, זאָלען ניט קענען צוריק איינפיהרען זייערע שענד־ליכקייטען אונטער אַ נייע פאָרמע! אויב מיר וועלען אַזוי האַנדלען, מעגען מיר זיכער זיין, אַז מיר וועלען ניט האָבען קיין סך „פערברעכער" אין אונזער געזעלשאַפט. געזעץ און אויטאָריטעט, דאָס זיינען די צוויי אינסטיטו־

ציאָנען, וועלכע בעשיצען און ערהאַלטען דעם אמת'ען פערברעכען—דעם פאַראַזיטישען אויסבייטונגס־סיסטעם. די זאָגענאַנטע אייגענטהומס־געזעצע, די געזעצע צום שוץ פון דער רעגירונג, די געזעצע וועגען די פערברעכען און בעשטראָפונגען און די אויטאָריטעט, וועלכע פיהרט אוים דיזע אַלע געזעצע, אָט דאָס זיינען די פונדאַמענטען פון דעם פערברעכען.

„קיינע געזעצע, קיינע ריכטער מעהר! פרייהייט, גלייכהייט און פראַקטישע סאָלידאַריטעט, דאָס זיינען די איינציגע און זיכערסטע מיטלען געגען די אַנטי־סאָציאַלע אינסטינקטען, וועלכע מאַניפעסטירען זיך פון צייט צו צייט אין די טהאַטען און האַנדלונגען פון איינציגע אינדיווידוען.”





XV

# די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג.

## I.



ז די יעצטיגע רעגירונגען דאַרפֿען פֿערניכטעט ווערען, אום פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט זאָלען מעהר ניט זיין קיין פוסטע ווערטער, זאָנדערן אַ לעבענדיגע ווירקליכקייט; דאָס אַלע פֿאָרמען פֿון רעגירונג, וועלכע האָבען ביז יעצט עקזיסטירט, זיינען מעהר ניט געווען ווי פֿערשידענע פֿאָרמען פֿון דעספּאָטיזמוס אין אונטערדריקונג, מיט וועלכע מען דאַרף אָוועקמאַכען, אום צו שאַפֿען נייע פּאָליטישע גרופּירונגען; וועגען דעם זיינען זיך אַלע איינינג, ווי שוואַך זייער טעמפּעראַמענט און זייערע רעוואָלוציאָנערע אידעען זאָלען ניט זיין. דעם אמת זאָגענדיג, דאַרף מען גאָר ניט זיין אַ גרויסער אָנהייגער פֿון נייע אידעען, אום צו קומען צו אַזאַ שלוס; די שלעכטע זייטען פֿון די יעצטיגע רעגירונגען און די אונמעגליכקייט צו רעפֿאָרמירען זיי, זיינען אַזוי דייטליך, אַז זיי זאָלען זיך ניט וואַרפֿען אין די אויגען פֿון דעם דיינקענדען מענשען. וואָס אָנבעלאַנגט דעם שטירצען פֿון אַ רעגירונג, ווייסט יעדער איינער, אַז אין געוויסע צייטען איז דאָס זעהר לייכט מעגליך און אָהן גרויסע שוועריגקייטען. עס גיט מאָמענטען אין דער געשיכטע, ווען די רעגירונג פֿאַלט ווי אַ קאָרטען־הויז דורך דעם רעוואָלוציאָנערען הויך פֿון'ם פֿאָלק. דאָס האָט מען געזעהן אין 1848 און אין 1871, און מיר וועלען עס באַלד ווייטער זעהן.

שטירצען אַ רעגירונג — פֿאַר דעם רעוואָלוציאָנערען בורזשואַ איז דאָס אַלעס; נאָר פֿאַר אונז איז עס ניט מעהר ווי דער אָנפֿאַנג פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. ווי באַלד די שטאַאַטס־מאַשין שטעלט זיך אָב, דער מעכאַניזמוס פֿונקציאָנירט ניט מעהר ריכטיג, די ביוראָקראַטיע איז אַרונטער פֿון גלייכען וועג, קיינער ווייס ניט מעהר, וואו ער דאַרף געהן, די סאָלדאַטען פֿערלירען דעם צוטרויען צו זייערע פֿיהרער, מיט איין וואָרט, ווען דיזע אַלע פֿערטהיידיגער פֿון'ם קאַפּיטאַל פֿערלירען די געגענזייטיגע פֿערבינדונג איינע מיט די אַנדערע, דאַן איז געקומען דער גרויסער מאָמענט צו צושטערען אַלע אינסטיטוציאָנען, וועלכע בילדען די פֿונדאַמענטען פֿון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער שקלאַפֿעריי. די מעגליכקייט פֿריי צו האַנדלען איז דאַן געקומען — וואָס וועלען טהאָן די רעוואָלוציאָנערען?

די אַנאַרכיסטען זיינען די איינציגע, וועלכע ענטפֿערן אויף דיזע פֿראַגע מיט די ווערטער: „קיין רעגירונג מעהר, די אַנאַרכיע!" אַלע אַנדערע זאָגען: „אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג!" זיי אונטערשיידען זיך נאָר אין דער פֿאָרמע איינע פֿון די אַנדערע, אין דער פֿאָרמע פֿון דער צוקינפֿטיגער רעגירונג, וועלכע זאָל ווערען אויסערוועהלט דורך דעם אַלגעמיינעם שטים־רעכט אין דעם שטאַאַט און אין דער קאָמונע; אַנדערע פֿון זיי טרוימען גאָר פֿון אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור.

* * *

אַ „רעוואָלוציאָנערע רעגירונג!" דיזע צוויי ווערטער קלינגען זעהר פֿרעמד אין די אויערען פֿון די, וואָס האָבען פֿערזוכט זיך צו מאַכען אַ קלאָהרע פֿאָרשטעלונג, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ רעוואָלוציאָן און אַ רעגירונג — צוויי ווערטער, צוויי בעגריפֿע, וועלכע אונטערשיידען זיך איינע פֿון די אַנדערע ווי וואַסער און פֿייער. דעספּאָטישע רעגירונגען האָבען מיר טאַקע שוין גענוג געזעהן — דען די

נאַטור, דער אינערליכער וועזען פֿון יעדער רעגירונג איז צו זיין געגען דער רעוואָלוציאָן און פֿאַר די רעאַקציאָן, ד. ה. פֿאַר'ן דעספּאָטיזמוס — אָבער אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, אַזאַ זאַך האָבען מיר נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך: די רעוואָלוציאָן, ד. ה. די „אונאָרדנונג", די צושטעהרונג פֿון יאָהרהונדערטער אַלטע אינסטיטוציאָנען אין אַ קורצע פּעריאָדע, די געוואַלטזאַמע פֿערניכטונג פֿון די יעצטיגע אייגענטהומס־פֿאָרמען, די אָבשאַפֿונג פֿון די קלאַסען און די פּלעצליכע אומוועלצונג פֿון אַלע אידעען, וועלכע בילדען די גרונדלאַגע פֿון דער היינטיגער מאָראַל, אָדער בעסער געזאָגט, פֿון דעם היינ־טיגען היפּאָקריטיזמוס, מיט איין וואָרט, די אינדיווידועלע פֿרייהייט, די ספּאָנטאַנע טהעטיגקייט א. ז. וו. דאָס אַלעס איז פּונקט דער געגענטהייל, די אָבלייקנונג פֿון יעדער רעגירונג, דען די רעגירונג איז שטענדיג קאָנסערוואַטיוו, זי איז די פֿערקערפּערונג פֿון דער „אָרדנונג", דער שוץ פֿון די בעשטעהענדע אינסטיטוציאָנען, די אָבלייקנונג פֿון דער אינדיווידועלער פֿרייהייט און דער ספּאָנטאַנער אַקציאָן. און טראָץ דעם רעדט מען שטענדיג פֿון אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, פֿון דיזען ווייסען נעגער, פּונקט ווי עס וואָלט געווען די איינפֿאַכסטע זאַך פֿון דער וועלט און בעקאַנט צו אַלעמען אַזוי ווי דאָס קעניגטהום, דאָס קייזער־רייך אָדער די הערשאַפֿט פֿון'ם פּאַפּסט.

אַז די זאָגענאַנטע בורזשואַ־רעוואָלוציאָנערען פּריידיגען דיזע אידעע, איז לייכט צו פֿערשטעהן; דען מיר ווייסען דאָך, וואָס זיי פֿערשטעהען אונטער אַ רעוואָלוציאָן. זיי ווילען ניט מעהר ווי אַ נייע בעפֿעצונג פֿון דער בורזשואַזער רעפּובליק און פֿערנעהמען די פּלעצער, וועלכע זיינען נאָך בעזעצט פֿון מאָנאַרכיסטיש געזיננטע, בעאַמטע אָדער אָפֿי־צירען; דאָס העכסטע וואָס זיי ווילען אפשר פֿאָדערן, איז די טרענונג צווישען שטאַאַט און קירכע, די איינפֿיהרונג

פֿון דער זאָגענאַנטער ציוויל־הייראַט און צו קאָנפֿיסצירען דאָס אייגענטהום פֿון דער קירכע צו גונסטען דעם שטאַאט אָדער בעסער געזאָגט, צו גונסטען פֿון די צוקינפֿטיגע פֿערוואַלטער פֿון די קאָנפֿיסצירטע גיטער. פֿילייכט וועלען זיי אויך נאָך פֿאָדערן דעם רעפֿערענדום *) און אַנדערע אונבעדייטענדע זאַכען,—דאָס איז אַלעס. אָבער דאָס רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען זאָלען זיין די פֿערטהיידיגער פֿון דיזע אידעע, פֿאַר דעם גיט עס נאָר צוויי ערקלעהרונגען: אָדער די יעניגע, וועלכע פּראָפּאַגאַנדירען די אידעע פֿון א „רעוואָלוציאָנערע רעגירונג" זיינען נאָך אויף אַזוי פֿיעל דורכגעדרונגען מיט בורזשואַזע פֿאָראורטהיילען, וועלכע זיי האָבען אויפֿגענומען אין זיך אונבעוואוסטערהייט דורך דער ליטעראַטור און הויפּטזעכליך דורך די פֿון דער בורזשואַזיע און פֿאַר דער בורזשואַזיע געשריבענע געשיכטסשרייבונג, זיי זיינען נאָך אויף אַזוי פֿיעל דורכגעדרונגען פֿון דעם שקלאַפֿישען גייסט, וועלכער האָט זיך ענטוויקעלט דורך דער לאַנגער, לאַנגער קנעכטשאַפֿט, אַז זיי קענען זיך אפילו ניט פֿאָרשטעלען וואָס דאָס איז אַזוינס: צו זיין פֿריי; אָדער זיי מיינען עס איבערהויפּט ניט ערנסט מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, פֿון וועלכע זיי ריידען אַזוי פֿיעל. זיי וואָלטען זיך בעגנוגענט מיט אַ פּאָר אונוויכטיגע רעפֿאָרמען, פֿאָראויסגעזעצט, אַז מען זאָל זיי געבען די מאַכט אין זייערע הענד, און שפּעטער וואָלטען זיי שוין געזעהן, וואָס מען קען טהאָן, אום איינצושטילען דאָס פֿאָלק, די „בייזע חיה" מיט די מיליאָנען קעפּ. זיי זיינען דערפֿאַר נעגען די יעצטיגע רעגירער, אום צו פֿערנעהמען זייערע פּלעצער. מיט דיזע לייטע האָבען מיר איבערהויפּט ניט וואָס צו דיסקוטירען, און דערפֿאַר וועלען מיר נאָר ריידען

---

*) רעפֿערענדום מיינט, אַז יעדעס וויכטיגע געזעץ זאָל ניט בעשטימט ווערען אין פּאַרלאַמענט, זאָנדערן דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל אָבשטימען וועגען דעם, אַזוי ווי עס איז דער פֿאַל אין די שווייץ. (דער איבערזעצער.)

צו די, וועלכע מיינען עס אויפֿריכטיג מיט זייערע פֿאָדע־רונגען, און וועלכע זיינען ליידער בעאיינפֿלוסט פֿון פֿאַלשע פֿאָרשטעלונגען און פֿאָראורטהיילע.

לאָמיר אַלזאָ אָנפֿאַנגען מיט דער ערשטער פֿון די ביידע פֿאָרמען, אונטער וועלכע מען שטעלט זיך געוועהנליך פֿאָר אַ „רעוואָלוציאָנערע רעגירונג" — די רעגירונג, וועלכע איז אויסערוועהלט געוואָרען דורך דעם אַלגעמיינען שטים־רעכט.

* * *

די קעניגליכע אָדער ערגעץ אַן אַנדערע רעגירונגס־מאַכט איז געשטירצט, די פֿערטהיידיגער פֿון'ם קאַפּיטאַל האָבען פֿערלאָרען די קעפּ, אַלעס לעבט און בעוועגט זיך, מען דיסקוטירט די עפֿענטליכע אַנגעלעגענהייטען און איבעראַל הערען מיר דעם וואונש צו געהן פֿאָרווערטס. די נייע אידעען געפֿינען די מייסטע אָנהיינגער, אַלע אַנערקענען די נויטווענדיגקייט פֿון אַ ראַדיקאַלען איבערבייט,—יעצט דאַרף מען האַנדלען, אַלע פֿונדאַמענטען פֿון די אַלטע אינסטיטוציאָנען מוזען צושטערט ווערען, כדי אַ נייער לעבען זאָל זיך קענען ענטוויקלען. און וואָס שלאָגט מען אונז פֿאָר צו טהאָן אין דיזען וויכטיגען מאָמענט? מיר זאָלען אויפֿפֿאָדערן דאָס פֿאָלק זיך אויסצוקלייבען אַ נייע רעגירונג, וועלכע זאָל איבערנעהמען די אַרבייט, וואָס אַלע, יעדער איינער פֿון אונז דאַרף טהאָן פֿון זיין אייגענער איניציאַטיווע!

אַזוי האָט מען געהאַנדעלט אין פּאַריז נאָך דעם 18טען מערץ 1871. „איך וועל קיינמאָל ניט פֿערגעסען" — אַזוי דערצעהלט אונז אַ פֿריינד—„דיזען גרויסאַרטיגען מאָמענט פֿון בעפֿרייאונג. איך בין אַרונטערגעשטיגען פֿון מיין דאַך־שטיבעל אין לאַטיינישען קוואַרטאַל און בין אַרומשפּאַצירט אין דעם גרויסען מעכטיגען קלוב—גאַנץ פּאַריז איז דאַן געוועזען אַ קלוב—אויף די ברייטע בולעוואַרען, וועלכע שניי־

דען דורך די שטאָדט פֿון איין ענדע ביז די אַנדערע. אי־בעראַל האָבען זיך פֿערזאַמעלט גרעסערע און קלענערע גרופּען מענשען, וועלכע האָבען גערעדט און דיסקוטירט איבער די עפֿענטליכע אַנגעלעגענהייטען. קיינער האָט מעהר ניט געדיינקט פֿון פּערזענליכע זאַכען, מען האָט מעהר ניט געקלעהרט וועגען קויפֿען און פֿערקויפֿען; יעדער איינער איז געווען פֿאַרטיג צו קעמפּפֿען מיט זיין גאַנצען לעבען פֿאַר דער בעסערער צוקונפֿט. פֿיעלע בורזשואַ זייי־נען זאָגאַר אָנגעשטעקט געוואָרען פֿון דער אַלגעמיינער בעגייסטערונג.—אויב מען דאַרף מאַכען די סאָציאַלע רע־וואָלוציאָן, וועלען מיר איהר מאַכען צוזאַמען מיט אייך— האָבען זיי געזאָגט. די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען זיינען געווען פֿאַראַנען, עס האָט מעהר ניט געפֿעהלט, ווי זיי זאָלען אָנפֿאַנגען מיט דער פּראַקטישער אַרבייט. און ווען איך בין שפּעט ביי נאַכט אַרויפֿגעשטיגען די הויכע טרע־פּען צו מיין דאַך־שטיבעל, האָב איך געזאָגט צו מיר אַליין: „ווי שעהן איז דאָך די מענשהייט! מען האָט איהר קיינמאָל ניט ריכטיג פֿערשטאַנען און האָט איהר שטענדיג פֿערלוימדעט!"—דאַן זיינען אָנגעקומען די וואַהלען; די מיטגלידער פֿון דער קאָמונע זיינען אויסגעקליבען געוואָרען, און די מאַכט, די אויפֿאָפּפֿערונג און דער מוטה צו האַנ־דלען איז ביסלעכווייז ווידער פֿערלאָשען געוואָרען. אַלע האָבען זיך ווידער גענומען צו זייער געוועהנליכער אַרבייט, דען יעדער איינער האָט גע'טענה'ט ביי זיך „אַט האָבען מיר אַ גוטע און עהרליכע רעגירונג, זיי וועלען שוין מאַ־כען..." מיר ווייסען וואָס עס איז געווען די ענדע.

„אַנשטאָט אַליין צו האַנדלען, אָנשטאָט מאַרשירען פֿאָר־ווערטס און צו שאַפֿען אַ נייע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג אויף נייע גרונדלאַגען, אָנשטאָט דעם האָט דאָס פֿאָלק אָנגעטרויט זיינע אַנגעלעגענהייטען צו דער רעגירונג און ערוואַרטעט, אַז זי וועט נעהמען די איניציאַטיווע. דאָס איז געווען דער ערשטער, דער אונפֿערמיידליכער רעזולטאַט

פֿון די וואַהלען. און ווי אַזוי האָבען געהאַנדעלט די רעגירער, וועלכע האָבען געהאַט דעם צוטרוי פֿון אַלעמען?

***

ע'ס האָט קיינמאָל ניט געטראָפֿען, אַז די וואַהלען זאָלען זיין אַזוי פֿריי ווי אין מערץ 1871. אפילו די רעאַקציאָנערע געגנער האָבען דאָס געמוזט אַנערקענען. קיינמאָל איז די גרויסע מאַסע ניט אַזוי שטאַרק דורכדרונגען געווען פֿון דעם וואונש אויסצוקלייבען די בעסטע מענער, די מענער דער צוקונפֿט, פֿון דער רעוואָלוציאָן, ווי דעמאָלסט. אַלע בעקאַנטע רעוואָלוציאָנערען זיינען געוועהלט געוואָרען מיט אַ געוואַלדיגע מאַיאָריטעט. יאַקאָבינער, בלאַנקיסטען, מיטגליעדער פֿון דער „אינטערנאַציאָנאַלע", אַלע זיינען פֿערטרעטען געווען אין דער קאָמונאַלער רעגירונג. עס איז איינפֿאַך אונמעגליך, געווען אַז די וואַהלען זאָלען ברייגען אַ בעסערע רעגירונג.

נאָך מיר ווייסען ווי אַזוי די געשיכטע האָט זיך אויסגעלאָזט. זיצענדיג הינטער די דיקע מויערן פֿון דעם פּאַריזער שטאָדט־הויז, זייענדיג געצוואונגען אָנצואווענדען דיזעלבע פֿאָרמען און מעטהאָדען פֿון די פֿריהערדיגע רעגירונגען, זיינען דיזע פֿייערדיגע רעוואָלוציאָנערע און רעפֿאָרמאַטאָרען געווען אונפֿעהיג עפּעס אויפֿצוטהאָן. טראָץ דעם גוטען ווילען און דעם מוטה, וועלכען זיי האָבען געהאַט, זיינען זיי אפילו ניט אימשטאַנדע געווען צו אָרגאַניזירען די פֿערטהיידיגונג פֿון פּאַריז. עס איז וואַהר, אַז היינט לייגט מען אַרויף די שולד אויף געוויסע פּערזאָנען; אָבער ניט די פּערזאָנען, נאָר דער גאַנצער סיסטעם איז געווען די אורזאַכע פֿון דיזער מפּלה.

דער בעסטער רעזולטאַט, וועלכען דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט קען איבערהויפּט ברייננגען, פֿאָראויסגעזעצט, אַז די וועהלער זאָלען פֿון קיינעם ניט בעאיינפֿלוסט ווערען, אָבגעבענדיג זייערע שטימען, איז אפשר אַ פּאַרלאַמענטאַרישע

פערזאַמלונג, וועלכע דריקט אויס אין אַ געוויסע צייט די דורכשניטליכע מיינונג פון דער אַלגעמיינער מאַסע; און דיזע מיינונג איז מייסטענטהיילס זעהר אונבעשטימט אין אָנפאַנג פון דער רעוואָלוציאָן אין בעצוג צו די מיטלען און וועגען, וועלכע זיינען נויטווענדיג. אַך, ווי שעהן עס וואָלט געווען, ווען די מאַיאָריטעט פון אַ נאַציאָן אָדער אַ קאָמונע וואָלט זיך געקענט פערשטענדיגען, נאָך איידער די בעוועגונג פאַנגט זיך אָן, איבער דאָס וואָס מען דאַרף טהאָן נאָך דעם שטורץ פון דער רעגירונג! ווען דיזער חלום פון די שטובען־פילאָזאָפען און אוטאָפּיסטען וואָלט געקענט אויסגעפיהרט ווערען, וואָלטען מיר קיינמאָל ניט געהאַט קיין בלוטיגע רעוואָלוציאָנען—די מאַיאָריטעט וואָלט איינפאַך אויסגעדריקט איהר ווילען און די איבעריגע וואָלטען זיך פרייוויליג אונטערוואָרפען. אָבער ליידער געהט די געשיכטע ניט אָב אַזוי גלאַט. די רעוואָלוציאָן פאַנגט זיך געוועהנליך פריהער אָן, נאָך איידער מען האָט זיך געקענט פערשטענדיגען, און די צאָהל פון די, וואָס האָבען שוין יאָ אַ קלאָהרע אידעע וועגען דאָס וואָס עס דאַרף געטהאָן ווערען, איז כמעט אימער זעהר אַ קליינע. די גרויסע מאַסע האָט מייסטענטהיילס נאָר אַ גאַנץ אונבעשטימטע און אונקלאָהרע אידעע פון דעם ציעל, וועלכען זי וויל פערווירקליכען; זי וויים ניט ווי אַזוי דיזער ציעל קען פערווירקליכט ווערען, און ווען זי זעהט אפילו שוין יאָ אַ וועג, האָט זי אויך דאַן נאָך ווייניג צוטרויען. די פראַקטישע לייזונג פון אַלע דיזע פראַגען וועט זיך ערשט דאַן געפינען, ווען די אומוועלצונג האָט זיך שוין אָנגע־פאַנגען; זי וועט זיין דער פראָדוקט פון דער רעוואָלוציאָן גופא, דער פראָדוקט פון דעם אַקטיווען פאָלק, דען דער פערשטאַנד פון איין מענשען איז איבערהויפט ניט אימ־שטאַנדע אויסצוגעפינען די ריכטיגע לייזונג, וועלכע קען נאָר זיין דער רעזולטאַט פון דעם פראַקטישען פאָלקס־לעבען.

* * *

און דיזער צושטאַנד שפּיעגעלט זיך אָב אין יעדער גע־ וועהלטער קערפּערשאַפט, אפילו דאַן, ווען זי איז נאָך ניט קאָרומפּירט ווי אַלע אַנדערע רעגירונגען. די ווייניגע מענער, אין וועלכע עס פערקערפּערן זיך די רעוואָלוציאָנערע אידעען פון זייער צייט, שפּיעלען אין דיזע קערפּערשאַפטען קיין ראָלע ניט, דען די אָנהייגגער פון די רעוואָלוציאָנערע מעטהאָדען פון דער פערגאַנגענהייט אדער פון דער בע־ שטעהענדער אָרדנונג זיינען נאַטירליך שטענדיג אין דער מאַיאָריטעט. דיזע מענער, וועלכע וואָלטען פונקט אין די טעג פון דער רעוואָלוציאָן אַזוי נייטווענדיג געווען צווישען די מאַסען פון'ם פאָלק, אום זיי בעקאַנט צו מאַכען מיט זייערע אידעען, אויפצואוועקען זייער מוטה און זיי אויפ־ צופאָדערן צו צושטעהרען די אַלטע אינסטיטוציאָנען, זיי זיצען פערשפּאַרט אין א זאַל און זיינען געצוואונגען אָנ־ צופיהרען אונגעהייער לאַנגע דיסקוסיאָנען, כדי איבערצו־ ריידען די געגנער און אַרויסצורייסען געוויסע צושטימונגען פון די ווייניגער רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען, פערגעסענדיג, אַז עס גיט נאָר איין מיטעל צו רעאַליזירען די נייע אידעען: צו מאַכען א פּראַקטישען פערזוך זיי צו פערוויר־ ליכען. די רעגירונג פערקערפּערט זיך אין א פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט אין זיך אַלע שלעכטע זייטען פון די בור־ זשואַזנע פּאַרלאַמענטען. דאָס וואָס מען רופט א „רעוואָ־ לוציאָנערע רעגירונג", איז אין דער ווירקליכקייט ניט מעהר ווי אַ הינדערניס פאַר דער רעוואָלוציאָן, און אויב דאָס פאָלק וויל ענדליך געהן פאָרווערטס, דאַרף עס פריהער ווידער פערניכטען די נייע רעגירונג און אַוועקשיקען די יעניגע, וועלכע עס האָט נעכטען אויסגעקליבען אַלס זיינע פערטרעטער. די נייע רעגירונג האָט נאַטירליך איינגעפיהרט אַ גאַנצען פערוואַלטונגס־מעכאַניזמוס, אום צו בעפעסטיגען איהר הערשאַפט און זיך צו פערשאַפען געהאָרכזאַמקייט, דערפאַר וועט זי, פערשטעהט זיך, ניט אַזוי גוטוויליג אויפ־

געבען איהר פּלאַץ. און אום צו ערהאַלטען איהר מאַכט, וועט זי זיך צוכאַפּען מיט אַלע מעגליכקייטען צו די אַלטע אינסטיטוציאָנען, וועלכע זיינען נאָך ניט אין גאַנצען פֿערניכטעט געוואָרען. זי איז ענטשלאָסען צו פֿערטהיידיגען איהר עקזיסטענץ מיט געוואַלד, און עס גיט נאָר איין מיטעל איהר צו שטירצען: צו נעהמען די וואַפֿען אין די הענר און אָנצופאַנגען די רעוואָלוציאָן פֿון דאָס ניי, אום צו פֿערטרייבען די יעניגע, צו וועלכע מען האָט נעכטען נאָך געהאַט אַזוי פֿיעל האָפֿנונג און צוטרויען.

אַזוי ענטשטעהט אַ שפּאַלטונג אין דעם לאַגער פֿון דער רעוואָלוציאָן. נאָכדעם ווי מען האָט שוין פֿריהער פֿערלאָרען די קאָסטבאַרע צייט מיט גאָרנישט, פֿאַנגט זיך יעצט אָן אַ קאַמפּף צווישען די אַנהייגער פֿון דער נייער רעגירונג און די יעניגע, וועלכע בעגרייפֿען די נויטווענדיגקייט איהר אָבצושאַפֿען; און דיזער קאַמפּף מוז נאַטירליך אָבשוואַכען די אינערליכע קראַפֿט פֿון דער רעוואָלוציאַן. און דאָס אַלעס איז די פֿאָלגע, וואָס מען האָט נאָך ניט בעגריפֿען, אַז אַ נייער לעבען דאַרף האָבען נייע פֿאָרמען פֿאַר זיין ענטוויקלונג, אַז רעוואָלוציאָנען קענען ניט אויסגעפֿיהרט ווערען מיט דעם וואָס מען קלאַמערט זיך צו מיט אַלע קרעפֿטען צו די אַלטע פֿאָרמען דער פֿערגאַנגענהייט; מיט איין וואָרט, ווייל מען האָט נאָך ניט פֿערשטאַנען, אַז רעוואָלוציאָן און רעגירונג זיינען צוויי זאַכען, וועלכע לאָזען זיך קיינמאָל ניט פֿעראייניגען איינע מיט די אַנדערע. יעדע רעגירונג, אונטער וואָס פֿאַר אַ פֿאָרמע זי זאָל זיך ניט מאַניפֿעסטירען, איז די אָבלייקנונג, דער טויט פֿון דער רעוואָלוציאָן; אַ רעוואַלוציאָן אויסערהאַלב דער אַנאַרכיע איז אַ זאַך דער אונמעגליכקייט.

דאָסזעלבע קען אויך געזאָגט ווערען פֿון דער אַנדערער רעגירונגס-פֿאָרם, וועלכע מען רעקאָמאַנדירט אונז אונטער דעם נאָמען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור.

II.

די געפֿאַהרען, מיט וועלכע די רעוואָלוציאָן האָט זיך צו רעכנען, ווען זי לאָזט זיך בעהערשען פֿון אַן אויס־געקליבענע רעגירונג, זיינען אַזוי דייטליך צו דערקענען, אַז עס האָט זיך זאָגאַר געפֿונען אַ גאַנצע רעוואָלוציאָנערע שולע, וועלכע לייקענט אָב דיזע אידעע; די אָנהייגער פֿון דיזער ריכטונג אַנערקענען, אַז יעדע רעגירונג, וועלכע דאָס רעוואָלטירענדע פֿאָלק וועט זיך אויסקלייבען מיט דער הילפֿע פֿון דעם אַלגעמיינעם שטים־רעכט, וועט רעפּרעזענטירען די אַלטע פֿאָרמען פֿון דער פֿערגאַנגענהייט, אַז זי וועט און מוז זיין אַן אָבהאַלט פֿאַר די פֿרייע ענט־וויקלונג פֿון דער פֿאָלקס־איניציאַטיווע, הויפּטזעכליך, ווען עס האַנדעלט זיך אום די גרויסאַרטיגע עקאָנאָמישע, פּאָלי־טישע און מאָראַלישע ניי־געבורט, וועלכע מיר רופֿען אָן מיט׳ן נאָמען די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן. זיי האָבען אויפֿ־געגעבען די אידעע פֿון אַ לעגאַלער רעגירונג, אַם ווייניג־סטענס פֿאַר דער פּעריאָדע פֿון אויפֿשטאַנד, זיי ווילען ניט וויסען פֿון קיין געזעצליכקייט און פֿאָדערן די „רעוואָלו־ציאָנערע דיקטאַטור."

זיי זיינען מיט דער מיינונג, אַז די פּאַרטיי, וועלכע וועט אַרונטערוואַרפֿען די רעגירונג מיט געוואַלד, וועט פֿער־נעהמען איהר פּלאַץ. זי וועט פֿערזוכען אַריינצובעקומען די עפֿענטליכע מאַכט אין איהרע הענד און אָנווענדען אַ רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק. זי וועט זיך בענוצען מיט די נויטווענדיגע מאַסרעגלען, אום צו פֿערזיכערן דעם ערפֿאָלג פֿון דער רעוואָלוציאָן; זי וועט צושטעהרען די אַלטע אינסטיטוציאָנען און אָרגאַניזירען די פֿערטהיידיגונג. פֿאַר די, וואָס ווילען ניט אַנערקענען איהר אויטאָריטעט, וועט מען האָבען די גילאָטינע, אַלע די — צו פּראָלעטאַריער צו בורזשואַ — וואָס ווילען ניט געהאָרכען די בעפֿעהלען פֿון די דיקטאַטאָרס, וועט מען פֿיהרען צו דער גילאָטינע! אָט אַזוי אַרגומענטירען די קליינע ראָבעספּיערס פֿון אונ־

זער צייט, אַזוי אַרגומענטירען אַלע די, וועלכע זעהען אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, די גרויסע העלרען־דראַמאַ פון דעם 18טען יאָהרהונדערט, מעהר ניט ווי דעם לעצטען אַקט, אַלע די, וועלכע האָבען מעהר ניט געלערנט פון איהר ווי די רעדען פון די רעפּובליקאַנישע פּראָקוראַטאָרס.

* * *

מיר אַנאַרכיסטען פערדאַמען יעדע דיקטאַטור, צו זי פערקערפּערט זיך אין אַ געוויסע פּערזאָן, צו אין אַ פּאַרטיי, דען אין דער אמת'ן איז ביידעס דאָסזעלבע. מיר וויסען, דאָס אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן קען ניט געמאַכט ווערען נאָך דעם וואונש פון אַ בעשטימטען אינדיווידואום אָדער אַ געוויסע פּאַרטיי. מיר וויסען, אַז רעוואָלוציאָן און רעגירונג זיינען פערשידען ווי טאָג און נאַכט און די עקזיסטענץ פון די איינע איז דער טויט פון די אַנדערע. דער נאָמען פון דער רעגירונג שפּיעלט אַ גאַנץ קליינע ראָלע: צו מען ווערט איהר רופען דיקטאַטור, קעניגטהום אָדער פּאַרלאַמענט, איהר אינערליכער כאַראַקטער ווערט שטענדיג בלייבען דערזעלביגער. די קראַפט און וואַהרהייט פון אונזער בעוועגונג בעשטעהט אין דער ערקענטניס, אַז קיין זאַך איז ניט גוט און פעהיג צו עקזיסטירען, ווען זי איז ניט דער פּראָדוקט פון דער פרייע איניציאַטיווע פון די מאַסען, וועלכע פערזוכט אינסטינקטיוו צו פערניכטען יעדע רעגירענדע מאַכט. אפילו די בעסטע פון אונז וואָלטען ווערטה געווען, מען זאָל אַוועקמאַכען מיט זיי, ווען זיי וואָלטען פלוצלונג געוואָרען די פיהרער פון דער שטאַאַטס־מאַשין און וואָלטען געהאַט די מאַכט צו צווינגען אַנדערע צו האַנדלען, ווי זיי ווילען בעפעהלען; זייערע בעסטע אידעען האָבען נאָר דאַן אַ ווערטה, ווען זיי געפינען אַ נאַטירליכען אָבקלאַנג ביי די מאַסען, און ווען דאָס פאָלק מאַכט אַליין דעם פערזוך זיי צו פּ־אַקטיצירען.

אַ דיקטאַטור אָדער אַ קאָמיטע פון דיקטאַטאָרס מעגען

זיך האָבען די בעסטע אַבזיכטען; אָבער דער אונפֿערמיידליכער רעזולטאַט פֿון יעדער דיקטאַטור איז דער טויט פֿון דער רעוואָלוציאָן. מיר אַנאַרכיסטען ווייסען, אַז די אידעע פֿון דער דיקטאַטור איז אויך ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פֿון דעם וואַהנזיניגען רעגירונגס־אַבערגלויבען, און דיזער פֿינסטערער גלויבען אין די נויטווענדיגקייט פֿון׳ם שטאַאַט, צוזאַמען מיט דעם רעליגיעזען אַבערגלויבען, זיינען שטענדיג געווען דער פֿונדאַמענט פֿון יעדער שקלאַפֿעריי.

אָבער מיר רעדען יעצט ניט צו די אַנאַרכיסטען, זאָנדערן צו יענע רעגירונגס־רעוואָלוציאָנערע, וועלכע, זייענדיג בעאיינפֿלוסט פֿון די פֿאָראורטהיילע פֿון זייער ערציהונג, האָבען דעם עהרליכסטען ווילען, און זיינען שטענדיג בערייט פֿריי און אָפֿענהערציג צו דיסקוטירען דיזע פֿראַגע. דערפֿאַר וועלען מיר פֿערזוכען צו רעדען צו זיי פֿון זייער שטאַנדפּונקט.

***

צוערשט מוזען מיר נאָך מאַכען אַן אַלגעמיינע בעמערקונג. — די יעניגע, וועלכע פּריידיגען די דיקטאַטור, פֿערגעסען זיך אין גאַנצען, אַז מיט דעם וואָס זיי ענטוויקלען און פֿערשפּרייטען דיזען פֿאָראורטהייל ביי די מאַסען, אַרבייטען זיי אונבעוואוסטערהייט פֿאַר די העררשאַפֿט פֿון די, וועלכע וועלען זיי שפּעטער ערמאָרדען. די געשיכטע האָט אונז איבערגעלאָזט אַ פּאָר כאַראַקטעריסטישע ווערטער פֿון ראָבעספּיער, און זיינע אָנהיינגער וואָלטען גוט געטהאָן זיך שטענדיג צו דערמאָהנען אין זיי. ראָבעספּיער איז אין פּרינציפּ ניט געווען קיין געגנער פֿון דער דיקטאַטור, נאָר ווען מאַנדאַר האָט אַמאָל גערעדט מיט איהם וועגען דעם, האָט ער פּלוצלונג געענטפֿערט: „זיי פֿאָרזיכטיג, אַז בריסאָ זאָל ניט ווערען דער דיקטאַטאָר!" יאָ, בריסאָ דער עלענדער זשיראָנדיסט, דער ביטערסטער פֿיינד פֿון די גלייכהייטס־שטרעבונגען פֿון די מאַסען, דער וואַהנזיניגער פֿערטהיידיגער פֿון דעם אייגענ־

טהום, וועלכעס ער האָט פריהער אָנגערופען א גנבה; גריסאָ, וועלכער וואָלט העבערט, מאַראַט און אַלע געמעד־סיגטע יאַקאָבינער אָם ליעבסטען אין קערקער געוואָרפען!

און פערגעסט ניט, אַז ראָבעספיער האָט דאָס געזאָגט אין 1792; ד. ה. נאָכדעם ווי פראַנקרייך האָט שוין איבערגעלעבט דריי יאָהר פון רעוואָלוציאָן. אין דער ווירק־ליכקייט האָט דאַן דאָס קעניגטהום שוין מעהר ניט עקזיס־טירט; עס איז פון איהם מעהר ניט איבערגעבליבען ווי די אויסערליכע דעקאָראַציאָן, די פוסטע פאָרמע. אויך דער פעאָדאַליזמוס איז דאַן שוין פערניכטעט געווען. און טראָץ דעם האָט זאָגאַר אין דיזער פעריאָדע, ווען די רעוואָלוציאָן האָט זיך פריי געקענט ענטוויקלען, דער רעאַקציאָנער בריסאָ די בעסטע אויסזיכטען געהאַט צו ווערען דער דיקטאַטאָר. און וואָס איז געווען אין 1789? דאַמאָלסט וואָלט מיראַבאָ זיכער אויסגעקליבען געוואָרען אַלס דער פיהרער פון דער רעגירונג, דערזעלבער מיראַבאָ, וועלכער האָט פערקויפט דעם קעניג זיין רעדנער־טאַלאַנט און זיינע פאָליטישע פעהיגקייטען, ער וואָלט זיכער בעקומען די מאַכט אין זיינע הענד, ווען דאָס בעוואַפענטע פאָלק אין די פאַריזער פאָרשטעדט וואָלט ניט ענערגיש אויסגעדריקט זיין ווילען דורך מוטהיגע טהאַטען, און ווען די בויערן־רעוואָלטען אין די פראָווינצען וואָלטען ניט פערהינדערט די רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער רעגירונג.

אָבער דער רעגירונגס־אַבערגלויבען איז ליידער אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט ביי די אָנהייגגער פון דער דיקטאַ־טור, אַז ער מאַכט זיי בלינד און טויב פאַר אַלע היסטאָ־רישע ערפאַהרונגען; זיי וועלען בעסער פאָרבערייטען די דיקטאַטור פון א נייעם בריסאָ אָדער נאַפּאָלעאָן, איידער אויפצוגעבען זייער אידעע: צו געבען די מענשען א נייעם הערר, פונקט ווען זיי זיינען פאַרטיג צו צובּרעכען זייערע קייטען.

***

די קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען אין דער צייט פון דער רעסטאָראַציאָן און אונטער דער רעגירונג פון לואי פיליפּ האָבען זעהר פיעל בייגעטראָגען אויפצוהאַלטען דעם פאָראורטהייל פון דער דיקטאַטור. די רעפּובליקאַנישע בורזשואַזיע פון יענער צייט, אונטערשטיצט פון די אַרביי־טער, האָט אָרגאַניזירט אַ גאַנצע רייהע פון קאָנספּיראַציעס, אום צו שטירצען דאָס קעניגטהום און צו פּראָקלאַמירען די רעפּובליק; נאָר די מייסטע פון יענע קאָנספּיראַטאָרם האָבען זיך אפילו ניט געפרעגט, וואָס פאַר גרינדליכע אומוועלצונגען עס זיינען נויטווענדיג, אום צו עטאַבלירען אין פראַנקרייך — אויב ניט מעהר — אַם וויינינגסטענס אַ בורזשואַזנע רעפּובליק. זיי האָבען זיך איינגערעדט, אַז מיט דער הילפע פון אַ ווייט פערשפּרייטער פערשוועהרונג וועלען זיי אין אַ שעהנעם טאָג אימשטאַנדע זיין צו שטיר־צען דאָס קעניגטהום, צו פערכאַפּען די עפענטליכע מאַכט און צו פּראָקלאַמירען די רעפּובליק. כמעט דרייסיג יאָהר צייט האָבען די קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפטען געאַרבייט פאַר דיזען ציעל, און זיי האָבען בעוויזען אַן אונערמידליכע ענערגיע, אַ העלדישען מוטה און אַן אונבעגרענעצטען אידעאַליזמוס אין דיזען קאַמפּף. די פּאַריזער פעברואַר־רעוואָלוציאָן אין 1848 און די פּראָקלאַמאַציאָן פון דער רעפּובליק זיינען געווען די פאָלגע פון דיזער דרייסיג־יעהריגער אונטעראירדישער אַרבייט. ווען ניט די קאָנספּי־ראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען און די פּראָפּאַגאַנדאַ דער טהאַט, וועלכע זיי האָבען אַנגעפיהרט, וואָלט די רעפּובליק אפילו היינט נאָך אונמעגליך געווען אין פראַנקרייך.

* * *

דאָס ציעל פון דיזע געזעלשאַפטען איז אַלזאָ געווען צו עראָבערן די רעגירונגס־מאַכט און צו פּראָקלאַמירען אַ רעפּובליקאַנישע דיקטאַטור. אָבער דאָס האָט זיי קיינמאָל ניט געלונגען; דען אַזוי ווי אימער, איז אויך דאַמאָלט

דאָס קעניגטהום ניט געשטירצט געוואָרען דורך אַ פֿער־שווערונג, זאָנדערן דורך די אונפֿערמיידליכע געוואַלד פֿון די אומשטענדען. די קאָנספּיראַטאָרס האָבען פֿאָרבערייטעט די רעוואָלוציאָן, זיי האָבען איבעראַל פֿערשפּרייט די רעפּובליקאַנישע אידעען, זייערע מערטירער זיינען געוואָרען די אידעאַלע העלדען פֿון די מאַסען, אָבער דער לעצטער שטויס, וועלכער האָט ענדליך איבערגעקעהרט דעם טראָהן פֿון דעם זאָגענאַנטען „בירגער־קעניג" לואי פֿיליפּ איז פֿיעל שטאַרקער געוועזן ווי די מאַכט פֿון אַ קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפֿט—די מאַסע אַליין האָט אָנגעפֿיהרט דעם לעצטען קאַמפּף.

מיר ווייסען וואָס עס איז געווען דער רעזולטאַט. די פּאַרטיי, וועלכע האָט אייגענטליך פֿאָרבערייטעט דעם שטורץ פֿון דער קעניגליכער רעגירונג, איז צוריק געשטופּט געוואָרען פֿון די טהויערען פֿון דעם פּאַריזער שטאָדט־הויז. אַנדערע, וועלכע זיינען געווען צו פֿאָרזיכטיג צו נעהמען אַן אַקטיווען אַנטהייל אין דער געפֿעהרליכער אונטעראירדישער ארבייט פֿון די קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפֿטען, וועלכע זיינען אָבער בעקאַנטער געווען צו די מאַסען און וויניגער ראַדיקאַל, זיי האָבען זיך בענוצט מיט דעם גינסטיגען מאָמענט און האָבען אַריינגענומען די רעגירונגס־מאַכט אין זייערע הענד, וועלכע די קאָנספּיראַטאָרס האָבען געדיינקט צו עראָבערן אונטער דעם דונער פֿון די קאַנאָנען. שריפֿט־שטעלער, אַדוואָקאַטען און פּוסטע פּראַזיאָרען, וועלכע האָבען זיך געוואָלט מאַכען אַ נאָמען, זיי האָבען איבער־גענומען די רעגירונג אין דער צייט, ווען די אמת'ע רעפּובליקאַנער האָבען געשמידעט וואַפֿען אָדער געשמאַכטעט אין די קערקערס. די וואָס זיינען שוין בעריהמט געווען פֿון פֿריהער, זיינען אָנגענומען געוואָרען פֿון דער געדאַנקענלאָזער מאַסע אַלס די נייע רעגירער; אַנדערע האָבען זיך אַליין פֿאָרגעשלאָגען און זיינען אָנגענומען געוואָרען,

ווייל זיי האָבען צוגעפּאַסט זייער פּראָגראַם צו אַלעמען.

אפשר וועט מען אונז ענטפֿערן, אַז די אַקטיווע פּאַרטיי איז ניט געווען גענוג פּראַקטיש, און דאס אַנדערע וועלען עס מאַכען בעסער פֿון זיי... ניין און טויזענד מאָל ניין! עס איז אַן אייזערנער געזעץ אַזוי זיכער ווי די געזעצע, וועלכע בעשטימען די בעוועגונגען פֿון די וועלט־קערפּער, אַז די אַקטיווע פּאַרטיי וועט שטענדיג דורכפֿאַלען אין אַזעלכע מאָמענטען, און די אינטריגאַנטען און פּראַזיאָרען וועלען פֿערכאַפּען די מאַכט פֿון דער רעגירונג. זיי זיינען בעסער בעקאַנט צו די ברייטע מאַסען און וועלען שטענדיג בעקומען מעהר שטימען—צו מען וועט זיי אויסוועהלען מיט'ן שטים־צעטעל, צו מען וועט אויפֿהויבען די הענד, דען אין דער ווירקליכקייט איז ביידעס דאָסזעלבע—אַלע בירגער וועלען אויסדריקען זייער סימפּאַטהיע צו זיי און הויפּטזעכליך די געגנער פֿון דער רעוואָלוציאָן, וועלכע זיי־נען נאַטירליך פֿיעל צופֿרידענער, אַז פּאָליטישע נולען און פּוסטע קעפּ זאָלען שטעהן אָן דער שפּיצע פֿון דער נייער רעגירונג, און אַזוי פּראָקלאַמירט די גרויסע מאַסע מיט בעגייסטערונג די הערשאַפֿט פֿון אַזעלכע מענשען, וועלכע זיינען מייסטענטהיילס די ערגסטע געגנער פֿון דער בעווע־גונג אָדער אין גאַנצען אינדיפֿערענט.

אויגוסט בלאַנקי, דער אַלטער אונערמידליכער רעוואָלו־ציאָנער, וועלכער האָט מעהר פֿון אַלע אַנדערע פֿערקער־פּערט אין זיך דעם סיסטעם פֿון די קאָנספּיראַטיווע גע־זעלשאַפֿטען, דער מאַן, וועלכער האָט געשמאַכטעט מעהר ווי 25 יאָהר אין קערקער פֿאַר זיינע איבערציינגונגען, האָט אַם ענדע פֿון זיין לעבען פּראָקלאַמירט די אונשטערבליכע ווערטער, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך אַ גאַנצען פּראָגראַם, די ווערטער „קיין גאָט און קיין הערר!"



III.

די פאָרשטעלונג, דאָס אַ קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציאָן וועט זיין אימשטאַנדע צו שטירצען אַ רעגירונג און צו פערנעהמען איהר פּלאַץ, איז שוין אַן אַלטער חלום, דורך וועלכען עס זיינען צו גרונדע געגאַנגען אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע די בורזשואַזיע האָט געגרינדעט זייט 1820. די געשיכטע גיט אונז גענוג ביישפּיעלע צו אילוסטרירען דיזען אירטהום. ווי פיעל אויפּאָפּפערונג, וויפיעל אידעאַליזמוס און ענערגיע האָבען בעוויזען די געהיימע רעפּובליקאַנישע געזעלשאַפטען פון דאָס „יונגע איטאַליען!" די אונגעהייערע טהעטיגקייט און די אָפּפער, וועלכע די איטאַליענישע יוגענד האָט געבראַכט, זיינען אַזוי געוואַלדיג, אַז מען קען אפילו ניט צוגלייכען צו זיי די אונצעהלבאַרע אָפּפער און די אונערמידליכע טהעטיגקייט פון דער רוסישער יוגענד; טויזענדער און טויזענדער יונגע מענער זיינען צו גרונדע געגאַנגען אין די פעסטונגען און קערקערס פון עסטרייך אָדער געפאַלען דורך די בלוטיגע האַנד פון'ם היינקער—און ווער זיינען געוועזען די יורשים פון דיזע אונצעהלבאַרע אָפּפער, וועלכע די רעוואָלוציאָנערע יוגענד פון איטאַליען האָט אַוועקגעגעבען פאַר איהרע אידעאַלען?—די קלוגע מענשעלאַך פון דער בורזשואַזיע און דאָס קעניגטהום.

דאָס זעלבע זעהען מיר אין רוסלאַנד. זעלטען געפינען מיר אין דער געשיכטע אַ געהיימע אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע האָט עררייכט מיט אַזוי ווייניג מיטעל אַזעלכע גרויסאַרטיגע רעזולטאַטען ווי די רוסישע יוגענד; און זעלטען האָבען מיר געזעהן אין דער געשיכטע אַ קערפּערשאַפט, וועלכע האָט ענטוויקעלט אַזוי פיעל ענערגיע און אויסגעפיהרט אַזעלכע געוואַלדיגע טהאַטען ווי דער עקזעקוטיוו-קאָמיטעט פון דער רוסישער טעראָריסטישער פּאַרטיי. דער מעכטיגער צאַריזמוס, וועלכען מען האָט געהאַלטען פאַר אונבעזיעגבאַר האָט געציטערט פאַר דעם רעוואָלו-

ציאָנערען קאָמיטעט, און די שרעקליכע וואונדען, וועלכע ער האָט געמאַכט דער זעלבסטהערשונג, זיינען קיינמאָל מעהר פֿערהיילט געוואָרען. אָבער טראָץ דעם וואָלט עס זעהר נאַאיוו געווען, צו דיינקען, אַז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטע אָדער אַנדערע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטען וועלען בעקומען די שטאַאַטס־געוואַלד אין זייערע הענד אָן דעם טאָג, ווען די קרוין פֿון דעם זעלבסטהערשער וועט צובראָכען ווערען. אַנדערע קלוגע מענשעלאַך וועלען פֿערכאַפּען די מאַכט; די יעניגע, וועלכע האָבען פֿערזוכט זיך צו מאַכען אַ נאָמען, ווערהענד די רעוואָלוציאָנערען האָבען אויסגעגראָבען מינען אָדער זיינען צוגרונדע געגאַנגען אין סיביר—די אינטריגאַנטען, די גלאַטע צינגלאַך, די אַדוואָקאַטען און ליטעראַטען, וועלכע פֿערגיסען פֿון צייט צו צייט אַפּאָר קינסטליכע טרעהרען אויף די קברים פֿון די געפֿאַלענע העלדען, די גוטינקע מענשעלאַך וואָס ערקלערען זיך ביי יעדער געלעגענהייט אַלס די אמת׳ע פֿריינד פֿון׳ם פֿאָלק, אָט זיי וועלען פֿערנעהמען די ליידיגע פּלעצער פֿון דער רעגירונג, און זיי וועלען זיין די ערשטע, וואָס וועלען צורופֿען די „אונבעקאַנטע", וועלכע האָבען פֿאָרבערייטעט די רעוואָלוציאָן: „געהט צוריק!"

*
* *

דאָס איז אונפֿערמיידליך און געפֿעהרליך, און עס איז אונמעגליך, אַז די געשיכטע זאָל זיך גאָר קענען אויסלאָזען אַנדערש. דען ניט די קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפֿטען און ניט די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציאָנען זיינען עס, וועלכע גיבען דער רעגירונג דעם לעצטען טויט־קלאַפּ. זייער אויפֿגאַבע איז צו אַגיטירען און פֿאָרצובערייטען די גייסטער פֿאַר דער רעוואָלוציאָן. און ווען דיזע אויפֿגאַבע איז ערפֿילט געוואָרען, און די אויסערליכע אומשטענדע העלפֿען מיט, דאַן קומט דער לעצטער קלאַפּ, דער לעצטער קאַמפּף, אָבער ניט פֿון די איינצעלנע רעוואָלוציאָנערע גרופּען,

זאָנדערן פֿון דער ברייטער מאַסע, וועלכע שטעהט איי־סערהאַלב פֿון יעדע אָרגאַניזאַציאָן.

ווען בלאַנקי האָט אַרויסגעלאָזט אַם 31טען אויגוסט 1871 זיינע רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס, איז פּאַריז געבלי־בען שטום. מיט פֿיער טאָג שפּעטער האָט ער פּראָקלאַ־מירט די אָבשאַפֿונג פֿון דער קייזערליכער רעגירונג. אָבער דאַן זיינען די בלאַנקיסטען שוין מעהר ניט געווען די איני־ציאַטאָרס פֿון דער בעוועגונג—זאָנדערן דאָס פֿאָלק, די מיליאָנען, וועלכע האָבען צושמעטערט דעם טהראָן פֿון דעם געקרוינטען באַנדיט נאַפּאָלעאָן; און די מאַסע האָט בעגריסט מיט בעגייסטערונג די אַלע פּורים־שפּיעלער, ווּעמענס נעמען זי האָט געהערט יעדען טאָג זייט די לעצטע צוויי יאָהר צייט, און זיי האָבען פּראָמירט די נייע רעגירונג. ווי באַלד די צייט איז רייף פֿאַר דעם אויסברוך פֿון דער רעוואָ־לוציאָן, אַז יעדער איינער פֿיהלט אינסטינקטיוו די קומענדע בעוועגונג, ווי באַלד דער ערפֿאָלג איז געוואָרען אַ זיכערער, דאַן שליסען זיך טויזענדער מענשען אָן צו דער בעוועגונג, אויף וועלכע די קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפֿטען האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין דירעקטען איינפֿלוס; זיי ערשיינען פּלוצ־לונג אין דער עפֿענטליכקייט, אַזוי ווי די רויב־פֿויגעל אויף אַ שלאַכט־פֿעלד, אום צו בעקומען זייער טהייל פֿון דער פּלינדערונג. זיי העלפֿען מיט צו געבען דער רעגירונג דעם לעצטען קלאַפּ, און די מאַסען נעהמען ניט זייערע פֿיהרער פֿון די רייהען פֿון די ערנסטע און איבערגעבענע קאָנספּיראַטאָרס, דערפֿאַר וואָס ערנסטע מענשען װעלען זיין צו שטאָלץ, צו מאַכען רעקלאַמע פֿאַר זיך אַליין ווי די פּאָליטישע פּאַיאַצען און פּורים־שפּיעלער.

דאָס איז שטענדיג אַזוי געווען, און די רעוואָלוציאָנערע און קאָנספּיראַטאָרס, וועלכע טרוימען שטענדיג פֿון דער דיקטאַטור, בעגרייפֿען גאָר ניט, אַז ניט ווילענדיג אַרביי־טען זיי פֿאַר די מאַכט פֿון זייערע אייגענע פֿיינד.

* * *

אָבער ווען אונזערע בעהויפּטונגען זיינען ריכטיג פֿאַר אַלע רעוואָלוציאָנען, אָדער בעסער געזאָגט, פֿאַר אַלע פּאָליטישע אויפֿשטענדע, וועלכע האָבען ביז יעצט שטאַטגעפֿונען, האָבען זיי נאָך אַ דאָפּעלטע בעדייטונג פֿאַר דער רעוואָלוציאָן, וועלכע מיר ערוואַרטען—פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. אָרגאַניזירען אַן עפֿענטליכע מאַכט, וועלכער זאָל האָבען די מעגליכקייט זיך צו פֿערשאַפֿען די געהאָרכזאַמקייט פֿון די מאַסען, מיינט ניט אַנדערש ווי באַלד אין אָנפֿאַנג אָבשטעלען דעם מאַרש פֿון דער רעוואָלוציאָן. קיין גוטס קען אַ רעגירונג איבערהויפּט ניט אויפֿטהאָן, און דער שאָדען, וועלכען זי וועט אָנמאַכען, איז אונגעהייער.

לאָמיר זיך נאָר אַביסעל נעהנטער צוקוקען, אום וואָס עס האַנדעלט זיך: וואָס פֿערשטעהען מיר דען אייגענטליך אונטער אַ רעוואָלוציאָן? זיכער ניט קיין איינפֿאַכען איבערבייט פֿון די רעגירער, זאָנדערן די עקספּראָפּריאַציאָן פֿון אַלע געזעלשאַפֿטליכע רייכטהימער דורך דאָס פֿאָלק; די פֿערניכטונג פֿון יעדער רעגירונגס-מאַכט, וועלכע וועט שטענדיג זיין די ערגסטע הינדערניס פֿאַר דער מענשליכער ענטוויקלונג. אָבער קען דען דיזע געוואַלדיגע עקאָנאָמישע רעוואָלוציאָן אויסגעפֿיהרט ווערען דורך די געזעצליכע בעשטימונגען און די בעפֿעהלען פֿון אַ רעגירונג?

אין דעם פֿערגאַנגענעם יאָהרהונדערט האָבען מיר געזעהן, אַז דער פּוילישער דיקטאַטאָר קאָסציוסקאָ האָט אָבגעשאַפֿט די פּערזענליכע לייבאייגענשאַפֿט דורך אַ דעקרעט, אָבער טראָץ דעם האָט די לייבאייגענשאַפֿט עקזיסטירט נאָך גאַנצע אַכציג יאָהר נאָך דיזען דעקרעט.*)

---

*) פּראָקלאַמאַציאָן פֿון 7טען מאַי 1794, געזעצליך בעשטעטיגט אַם 30טען מאַי. ווען דיזער דעקרעט וואָלט ווירקליך אויסגעפֿיהרט געוואָרען, וואָלט עס טהאַטזעכליך געהייסען די אָבשאַפֿונג פֿון דער פּערזענליכער לייבאייגענשאַפֿט און פֿון דער פֿעאָדאַלער יוסטיץ.

מיר האָבען געזעהן, אַז דער קאָנוועגט*), דער אַלמעכ־טיגער, מורא'דיגער קאָנווענט—ווי זיינע בעוואונדערער פלעגען איהם רופען—האָט אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט, וועלכער האָט בעשטימט, אַז די ערד, וועלכע מען האָט צוגענומען פון די פעאָדאַלע גרונדבעזיצער, זאָל צוטהיילט ווערען צווישען די בויערן לויט דער צאָהל פון די קעפּ; אָבער דיזער דעקרעט צוזאַמען מיט פיעלע אַנדערע איז געבליבען אַ טויטער בוכשטאַב, ווייל אום איהם אויסצו־פיהרען וואָלטען די בויערן געדאַרפט מאַכען א נייע רע־וואָלוציאָן, און רעוואָלוציאָנען לאָזען זיך ניט מאַכען מיט דעקרעטען און געזעצליכע בעשטימונגען. די עקספּראָפּרי־אַציאָן פון די סאָציאַלע רייכטהימער דורך דאָס פאָלק קען נאָר דאַן פערווירקליכט ווערען, ווען דאָס פאָלק פיהלט זיך פריי, ווען די מאַסען צוברעכען ענדליך די קייטען פון זייער שקלאַפעריי, צו וועלכע זיי האָבען זיך ליידער שוין אַזוי שטאַרק צוגעוואוינט, ווען זיי וועלען האַנדלען נאָך זייער אייגענעם פערשטאַנד, ניט אַכטענדיג אויף קיינע בעפעהלען. אָבער דאָס איז גראַדע וואָס די דיקטאַטור פערהינדערט; זייערע אַנהייגגער מעגען זיך האָבען די בעסטע אַבזיכטען; אָבער זיי זיינען ניט פעהיג צו טרייבען די רעוואָלוציאָן מיט איין טריט ווייטער מיט זייער מעטהאָדע.

***

אָבער ווען די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, ווי אידעאַ־ליסטיש זי זאָל ניט זיין, קען ניט צוגעבען קיין נייע קרעפטע צו דעם גרויסען ווערק דער צושטעהרונג, ווען זי ברייגגט ניט דעם קלענסטען נוצען אין דיזער בעציהונג, איז זי אָבער נאָך פיעל וויניגער אימשטאַנדע מיטצואווירקען ביי דער רעאָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע וועט זיך אָנפאַנגען נאָך דער צושטעהרונג פון די אַלטע

*) דער פּאַרלאַמענט אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. (דער איבערזעצער.)

אינסטיטוציאָנען. די עקאָנאָמישע אומוועלצונג, וועלכע די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן וועט אַרויסרופֿען, וועט זיין אַזוי געוואַלדיג און גרינדליך, זי וועט די מענשליכע בעציהונגען, וועלכע גרינדען זיך היינט אויף דאָס אייגענטהום און דעם האַנדעל, אויף אַזוי פֿיעל פֿערענדערן, דאָס עס איז איינפֿאַך אוגמעגליך, אַז עטליכע אינדיווידוען זאָלען זיין אימשטאַנדע אויסצואַרבייטען די נייע סאָציאַלע פֿאָרמען, וועלכע וועלען זיך ענטוויקלען אין דער צוקינפֿטיגער געזעלשאַפֿט. דיזע אַרבייט קען נאָר געטהאָן ווערען דורך די געמיינשאַפֿטליכע גייסטיגע טהעטיגקייט פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק. די אונענדליכע פֿערשידענהייט פֿון די בעדינגונגען און בעדירפֿניסע, וועלכע וועלען זיך ענטוויקלען נאָך דער אָבשאַפֿונג פֿון דעם פּריוואַט־אייגענטהום פֿאָדערט די גייסטיגע טהעטיגקייט פֿון אַלע מיטגליעדער פֿון דער געזעלשאַפֿט. יעדע אויסערליכע אויטאָריטעט וואָלט געווען אַ דירעקטע הינדערניס פֿאַר דיזע אָרגאַנישע אַרבייט, וועלכע דאַרף אויסגעפֿיהרט ווערען, און אין דערזעלבער צייט וואָלט עס געווען אַ שטענדיגע אורזאַכע פֿון האַס און אונאייניגקייט.

עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז די פֿעלקער זאָלען זיך בעפֿרייען פֿון דיזער אוטאָפּיע, וועלכע איז שוין אַזוי אָפֿט ווידערלייגט און זאָ טהייער בעצאָהלט געוואָרען— פֿון דער אידעע פֿון אַ רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. לאָמיר שוין ענדליך בעגרייפֿען, דאָס אַ רעגירונג קען ניט זיין רעוואָלוציאָנער, אפילו ווען איהרע מיטגלידער זאָלען זיך רופֿען רעוואָלוציאָנערען. מען דערמאָנט אונז אָפֿט דעם פֿראַנצויזישען קאָנווענט, אָבער לאָמיר ניט פֿערגעסען, אַז די ווייניגע רעוואָלוציאָנערע מאַסרעגלען, וועלכע דער קאָנווענט האָט דורכגעפֿיהרט, זיינען אין דער ווירקליכקייט נאָר געווען אַ בעשטעטיגונג פֿון דעם וואָס דאָס פֿאָלק האָט שוין אַליין פּראַקטיש אויסגעפֿיהרט, ניט וואַרטענדיג אויף דעם

בעשלוס פֿון אַ רעגירונג. עס איז אַקוראַט ווי וויקטאָר הוגאָ האָט געשריבען אין זיין בילדער רייכע שפראַכע: „דאַנטאָן האָט געשטופּט ראָבעספּיער'ן; מאַראַט האָט בעוואַכט און געשטופּט דאַנטאָן'ן. און מאַראַט אַליין איז געשטופּט גע־וואָרען פֿון סימורדען'ן, וועלכער האָט פֿערקערפּערט אין זיך די רעוואָלוציאָנערע קלובּס און די רעבעלישע קראַפֿט פֿון די מאַסען." פּונקט ווי אַלע אַנדערע רעגירונגען, אַזוי איז אויך דער קאָנווענט ניט מעהר געווען ווי אַ הינדערניס פֿאַר דער רעוואָלוציאָן, אַ שווערע אייזערנע לאַסט, צוגע־שמידט צו די פֿיס פֿון'ם פֿאָלק.

* * *

די טהאַטזאַכען, וועלכע די געשיכטע האָט אונז געלערנט אין דיזער בעציהונג, די אונמעגליכקייט פֿון אַ רעוואָלו־ציאָנערע רעגירונג און די שעדליכקייט פֿון אַלעם דעם, וואָס מען רופֿט אָן מיט דיזען נאַמען, איז אַזוי קלאָהר, אַז עס איז שווער צו פֿערשטעהן, ווי אַזוי אַ געוויסע שולע, וועלכע רופֿט זיך סאָציאַליסטיש, איז אַזוי איינגעשפּאַרט איבער די נייטהווענדיגקייט פֿון אַ רעגירונג. און דאָך גיט עס אַ גאַנץ נאַטירליכע ערקלערונג פֿאַר דיזע מערקוויר־דיגע ערשיינונג. די אָנהייגער פֿון דיזער ריכטונג רופֿען זיך אפילו סאָציאַליסטען, נאָר זייערע אַנזיכטען איבער דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן זיינען גאַנץ פֿערשידען פֿון די אונזעריגע. פֿאַר זיי, פּונקט ווי פֿאַר אַלע ראַדיקאַלע בור־זשואַס, איז די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אַ זאַך פֿון דער צוקונפֿט, פֿון וועלכער מיר דאַרפֿען היינט אפילו נאָך ניט דיינקען. אין דער אמת'ען טרוימען זיי פֿון גאַנץ עפּעס אַנדערש, נאָר זיי האָבען ניט דעם מוטה אָפֿען און פֿריי אַרויסצוטרעטען מיט זייערע געדאַנקען. זיי טרוימען פֿון אַ רעגירונג, עהנליך צו דער רעגירונג פֿון דער שווייץ אָדער פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאטען פֿון נאָרד־אַמעריקאַ און אין בעסטען פֿאַל פֿון איינינגע שטאַאַטס־מאָנאָפּאָלען, וועלכע

זיי רופֿען קלוגערהווייזע אָן מיט דעם נאָמען „עפֿענטליכע דינסטע." אין זייערע אידעען געפֿינען מיר אַ שטיק פֿון ביסמאַרק׳ס אידעאַל און פֿון דעם אידעאַל פֿון יענעם שניי־דער, וועלכער איז געוואָרען פּרעזידענט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען, עס איז איין אין פֿאָראויס געמאַכטער קאָמפּראָ־מיס צווישען די שטרעבונגען פֿון די מייסטע סאָציאַליסטען און די שטרעבונגען פֿון דער בורזשואַזיע. זיי זיינען ניט קיינע דירעקטע געגנער פֿון אַ פֿאָלשטענדיגע עקספּראָ־פּריאַציאָן, נאָר זיי האָבען ניט דעם מוטה איהר אויסצו־פֿיהרען, זיי לעגען איהר בעסער אָב אויף דאָס קומענדע יאָהרהונדערט און הויבען אָן צו פֿערהאַנדלען מיט דעם פֿיינר, נאָך איידער די שלאַכט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען.

מיר אַנאַרכיסטען בעגרייפֿען, אַז די צייט איז ניט מעהר ווייט, ווען מיר דאַרפֿען געבען דער בורזשואַזיע דעם לעצ־טען טויט־קלאַפּ, און ווען דאָס פֿאָלק וועט צונעהמען די סאָציאַלע רייכטהימער, וועלכע די אויסבייטער־קלאַסע האָט ביז יעצט מאָנאָפּאָליזירט; דערפֿאַר גיט עס פֿאַר אונז קיינע קאָמפּראָמיסען; מיר גיבען אָב אונזערע אַלע קרעפֿ־טע פֿאַר דעם טריאומפף פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, און איינזעהענדיג, אַז יעדע רעגירונג, וואָס פֿאַר אַ מאַנטעל זי זאָל זיך ניט אָנטהאָן, איז אַ הינדערניס פֿאַר דעם פֿאָלשטענדיגען זיעג פֿון די מאַסען, וועלען מיר אָנווענדען אַלע מיטלען צו פֿאַראַליזירען די עפֿענטליכע מאַכט און אַוועקמאַכען מיט אַלע עהרגייציגע דעמאַגאָגען, וועלכע וועלען פֿערזוכען אונז צו רעגירען.

געננוג שוין רעגירונגען! פּלאַץ פֿאַר דאָס פֿאָלק! פּלאַץ פֿאַר דער אַנאַרכיע!





XVI.

# סאציאליסטען און סאציאליסטען.

זייט די סאָציאַליסטישע אידעע איז אַריינגעדרונגען אין די ברייטע מאַסען פֿון דער אַרבייטער־קלאַסע, האָט זיך אַרויסגעצייגט איינע פֿון די אינטערעסאַנטעסטע ער־שיינונגען. די ביטערסטע געגנער פֿון'ם סאָציאַליזמוס האָ־בען אָנגעפֿאַנגען זיך צו רופֿען סאָציאַליסטען, פֿערשטע־הענדיג, אַז דאָס איז דער בעסטער מיטעל צו בעהערשען און בעזיעגען די סאָציאַליסטישע אידעע. רעדט צו איינעם פֿון יענע גראָבע בורזשואַס, וועלכע עקספּלאָאַטירען די מענער, פֿרויען און קינדער פֿון דער אַרבייטער־קלאַסע אָהן אַ שום רחמנות; רעדט צו איהם איבער די ברוטאַלע אונ־גלייכהייט פֿון די פֿערמעגענס, איבער דעם עקאָנאָמישען קריזיס און דאָס סאָציאַלע עלענד, אין וועלכע מיר לעבען; ערקלעהרט איהם, אַז מען דאַרף איבערמאַכען די היינטיגע פֿאָרמען פֿון אייגענטהום, כדי צו פֿערבעסערן די לאַגע פֿון די אַרבייטער, און אויב דער בורזשואַ איז אַ קלוגער, אויב ער זוכט „זיין גליק" אין דער פּאָליטיק, און הויפּטזעכליך ווען איהר זייט זיינע וועהלער, וועט ער אייך באַלד ענט־פֿערן ווי פֿאָלגט:

„איהר מעגט מיר גלויבען, מיין פֿריינד, אַז איך אַליין בין אויך אַ סאָציאַליסט אַזוי ווי איהר!—געוויס, געוויס! די סאָציאַלע פֿראַגע, עפֿענטליכע שפּאַר־קאַסען, געזעצע צו שיצען די אַרבייט—דאָס אַלעס איז פֿון דער גרעסטער וויכ־

טיגקייט; און איך בין מיט דער מיינונג, אַז מיר דאַרפֿען זיך בעשעפֿטיגען מיט דיזע פֿראַגען, אָבער איהר דאַרפֿט פֿערשטעהן, אַז דאָס אַלעס לאָזט זיך ניט אויספֿיהרען אין איין טאָג, מען דאַרף געהן טריט ביי טריט, אַז ניט וועלען מיר קיין זאַך ניט אויפֿטהאָן!" און ער וועט געהן „טריט ביי טריט", ד. ה. ער וועט אַראָבנעהמען זיינע אַרבייטער עטליכע גראָשען פֿון זייער לוין, כדי בעצייטענס צו דעקען דעם שאָדען, וועלכען די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציאָן וועט איהם אפשר שפּעטער פֿעראורזאַכען.

אַמאָל וואָלט דערזעלבער בורזשואַ אייך געלאָזט אָנברעכען די ביינער, אויב איהר וואָלט מיט איהם גערעדט וועגען אַזעלכע זאַכען. היינט פֿערזוכט ער אייך בעסער איינצורעדען, אַז ער איז איינשטימיג מיט אייערע אידעען, נאָר ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועט ער פֿערזוכען אייך צו פֿערניכטען.

דיזער פֿאַקט האָט זיך דייטליך אַרויסגעצייגט ביי די לעצטע וואַהלען אין פֿראַנקרייך*). עס איז גענוג געווען, אַז אין אַ פֿערזאַמלונג זאָל איינער אויפֿהויבען די פֿראַגע וועגען דעם סאָציאַליזמוס, און דער קאַנדידאַט, וועלכער האָט געוואָלט בעקומען די שטימען פֿון די וועהלער, האָט זיך באַלד פֿאָרגעשטעלט אַלס אַן אָנהייגער פֿון די סאָציאַליסטישע אידעען, אַלס אַ פֿערטרעטער פֿון דעם „אמת'ען סאָציאַליזמוס", דעם סאָציאַליזמוס פֿון די פורים־שפּיעלער.

צוויי דריט חלק פֿון די דעפּוטאַטען האָבען פֿערשפּראָכען זייערע וועהלער, אַז זיי ווילען זיך בעשעפֿטיגען מיט דער סאָציאַלער פֿראַגע אין פּאַרלאַמענט. הערר קלעמאַנסאָ האָט זיך עפֿענטליך ערקלעהרט אַלס אַ סאָציאַליסט, הערר גאַמבעטאַ איז ניט ווייט געווען פֿון דיזער ערקלעהרונג; און אויב ער וואָלט ניט אויסגעקוקט אויף דאָס גרויסע

*) דיזער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען אין 1881; נאָר די־זעלבע ערשיינונג געפֿינען מיר נאָך היינט צו טאָג.

גליק אין אַ שעהנעם טאָג צו בעריהרען די האַנד פֿון אַ קעניג, וואָלט ער זיכער ניט פֿערפֿעהלט זיך עפֿענטליך צו רופֿען אַ סאָציאַליסט. ביסמארק האָט ניט פֿערזוימט עס צו טהאָן, ער האָט עפֿענטליך ערקלעהרט אין דייטשען פּאַר־לאַמענט, אַז ער איז אַ בעסערער סאָציאַליסט ווי די אָנ־פֿיהרער פֿון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדאַ. און אין ענגלאַנד, אין דער צייט ווען לאָרד ביקאָנספֿיעלד האָט נאָך געלעבט, האָט מען אָפֿט געקענט הערען פֿון איהם, אַז ער איז „ענטשלאָסען זיך צו בעשעפֿטיגען מיט דער סאָציאַלער פֿראַגע". אפילו אין די קרייזען פֿון די פּריעסטער און גלחים געפֿינט איהר צאָהלרייכע אָנהיינגער פֿון דעם סאָציאַליזמוס. דער הויף־פּריידיגער פֿון דעם פּרייסישען קעניג מאַכט פּראָפּאַגאַנדאַ פֿאַר'ן סאָציאַליזמוס, און אין פֿראַנקרייך גיבען די גלחים אַרויס אַ זשורנאַל, וועלכער פּ־עטענדירט צו זיין דער פֿערטהיידיגער פֿון דעם אמת'ען סאָציאַליזמוס. די ענגלישע צייטונגען דערצעהלען אונז זאָגאַר, אַז דער צאַר, זייט דעם וואָס ער האָט געהייסען אַרויפֿלייגען אויף זיין טיש (אויף זיין שרייב־טיש, פֿערשטעהט זיך) אַ שטיק שוואַרצע ברויט און אַביסעל מעהל, כדי ער זאָל זיך שטענ־דיג דערמאָהנען, אַז דאָס איז די נאַהרונג פֿון די רוסישע בויערן, האָט זיך איינגערעדט, אַז ער איז אויך אַ פֿער־טרעטער פֿון דעם „אמת'ען סאָציאַליזמוס"; ווי עס ווייזט אויס, וואַרט ער נאָר נאָך, אַז ביסמארק און די פּאַטריאַר־כען פֿון אַנטיאָכיאַ און קאָנסטאַנטינאָפּעל זאָלען איהם בענשען, איידער ער וועט אונז געבען אַן אויספֿיהרליכע ערקלעהרונג פֿון זיינע סאָציאַליסטישע פּרינציפּען.

יעדערער איז אַ סאָציאַליסט! שווינדלערס, וועלכע ספּעק־קולירען אויף די פּרייזעס פֿון ברויט, אום צו איבערשיטען זייערע מעטרעסען מיט גאָלד און דיאַמאַנטען; פֿאַבריי־קאַנטען, וועלכע פֿעראורזאַכען, אַז זייערע אַרבייטערינען שטאַרבען פֿון דער שווינדזוכט און די קינדער זייערע פֿון מאַנגעל אין נאַהרונג; טיראַנען, וועלכע הייגגען זייערע

אָפּפּער אין פעטערסבורג און וואַרפען זיי אין קערקער אין בע־לין; זשאַנדאַרמען און פּאָליציסטען, וועלכע פערפאָלגען יעדען פרייען געדאַנק, אונטערדריקען אונזערע שריפטען, וואַרפען די סאָציאַליסטען אריין אין קערקער אָדער שלעפּען זיי אויף׳ן גאַלגאַן, רייבע עקספּלאָאַטאַטאָרס, וועלכע טויטען ביסלעכווייז די מענער פרויען און קינדער אין זייערע פאַבריקען, די גרויסע שווינדלערס פון דער פינאַנץ און פּאָליטיק, זיי אַלע אַרבייטען פאַר דעם טריאומפף פון דעם „אמת׳ען סאָציאַליזמוס״!

***

און ליידער גיט עס נאָך אַלס סאָציאַליסטען, וועלכע זיינען געגוג נאַאיוו צו זעהען אין דיזער טרויער־יגער קאָמע־דיע אַ טריאומפף פאַר דעם סאָציאַליזמוס. — „איהר ווייסט, הערר זאָ־און־זאָ האָט זיך ערקלעהרט פאַר אַ סאָציאַליסט; הערר גאַמבעטאַ אַנערקענט, אַז עס גיט אַ סאָציאַלע פראַגע! אָט האָט איהר אַ נייעס בעווייז פאַר דעם פּראָגרעס פון אונזערע אידעען!״ אזוי שרייבען זיי אין זייערע צייטונגען; פונקט ווי מיר וואָלטען זיך געגייטיגט אין דער בעשטעטיגונג פון יענע העררן, אום צו בעגרייפען, אַז דער סאָציאַליזמוס געווינט וואָס ווייטער אַלס מעהר די גרויסע מאַסען פון׳ם פּאָלק פאַר זיינע אידעען!

מיר אַנאַרכיסטען קוקען אויף דיזע טרויעריגע קאָמעדיע מיט גאַנץ אַנדערע אויגען. פון איין זייט בעווייזט עס אונז, אַז די בורזשואַזיע האָט געמאַכט אַ קאָנספּיראַציע צו בע־טריגען דעם סאָציאַליזמוס, אַקוראַט ווי זי האָט פריהער בעטראָגען די רעפּובליקאַנישע אידעע; און פון דער צווייטער זייט איז עס פאַר אונז אַ בעווייז, אַז די, וואָס מיר האָבען פריהער בעטראַכטעט אַלס סאָציאַליסטען, האָבען היינט אויפגעגעבען די גרונד־אידעע פון׳ם סאָציאַליזמוס און געהען אַריבער אין דעם לאַגער פון דער בורזשואַזיע; און אום צו פערמאַסקירען זייער מערקווירדיגע „ענטוויקלונג״,

בענוצען זיי זיך מיט זייער אַלטען נאָמען און רופען זיך ווייטער סאָציאַליסטען.

* * *

וואָס איז דען אייגענטליך געווען דער פונדאַמענט, די גרונד־אידעע פון'ם סאָציאַליזמוס?

—די אָבשאַפונג פון דעם לוין־סיסטעם, די אָבשאַפונג פון דעם אינדיווידועלען אייגענטהום פון דער ערד, די הייזער, די רוי־שטאָפען און די אַרבייטס־אינסטרומענטען, מיט איין וואָרט: דאָס רעכט פון אַלע מיטגלידער אין דער געזעלשאַפט אויף דעם סאָציאַלען קאַפּיטאַל, דאָס איז געווען און איז היינט נאָך די פונדאַמענטאַלע גרונד־אידעע פון דעם סאָציאַליזמוס. דער וואָס אַנערקענט ניט דיזען גרונד־פּרינציפּ, דער וואָס פּראַקטיצירט ניט דיזען פּרינציפּ אין זיין אייגענעם לעבען, מיט דעם וואָס ער ענטזאָגט זיך צו עקספּלאָאַטירען אַנדערע מענשען, דער קען ניט גערעכענט ווערען אַלס אַ סאָציאַליסט.

„אַנערקענסט דו די נויטווענדיגקייט אָבצושאַפען דאָס אינדיווידועלע אייגענטהום? אַנערקענסטו די נויטווענדיגקייט צו עקספּראָפּריאירען די אַלגעמיינע רייכטהימער צו גונסטען פון אַלעמען? ביזט דו איינשטימיג צו לעבען לויט דיזע פּרינציפּען?" אָט דיזע פראַגען האָט מען פריהר פאָרגע־לייגט צו יעדען נייעם אָנהייננער, איידער מען האָט איהם גענעבען די האַנד אַלס אַ סאָציאַליסט.

עס פערשטעהט זיך, אַז שטעלענדיג דיזע פראַגען, האָט מען ניט געמיינט צו פרעגען, צו איינער אַנערקענט די נויטווענדיגקייט אָבצושאַפען דאָס אינדיווידועלע אייגענטהום מיט צוויי הונדערט אָדער צוויי טויזענד יאָהר שפּעטער. אַזעלכע פראַגען שטעלט מען ניט, ווען מען איז איבערצייגט, אַז זיי וועלען ערשט מיט הונדערטער און הונדערטער יאָהרען שפּעטער פערווירקליכט ווערען. אויב מען האָט גערעדט וועגען דער אָבשאַפונג פון פּריוואַט־אייגענטהום,

האָט מען אַנערקענט דיזע נויטווענדיגקייט פאַר היינט, פאַר די היסטאָרישע אייפגאַבע פון דער קומענדער רעוואָלוציאָן און ניט פאַר אַ פראַגע פון אַ ווייטע צוקונפט—„די קומענדע רעוואָלוציאָן"—אַזוי האָבען געזאָגט די אַלטע סאָציאַליסטען, און די ווירקליכע סאָציאַליסטען זאָגען עס נאָך היינט—„די קומענדע רעוואָלוציאָן דאַרף זיך ניט ענדיגען מיט אַ געוועהנליכען איבערבייט פון דער רעגירונג און מיט אייניגע פערבעסערונגען פון דער שטאַאַטס־מאַשין, ניין, עס וועט זיין די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן".

דיזע איבערצייגונג איבער די נויטווענדיגקייט פון אַ באַלדיגער עקספּראָפּריאַציאָן, און די פּראָפּאַגאַנדאַ, אום פאָרצובערייטען די מאַסען צו דיזען צוועק פאַר דער קומענדער רעוואָלוציאָן, דאָס איז געווען דער פונדאַמענט, דער גרונד־פּרינציפּ פון דער סאָציאַליסטישער אידעע. אָט דאָס איז געווען דער אונטערשייד, וועלכער האָט אָבגעטהיילט די ווירקליכע סאָציאַליסטען פון די וועלכע אַנערקענען אויך די נויטווענדיגקייט פון אייניגע רעפאָרמען, אום צו פערבעסערן די לאַגע פון'ם אַרבייטער, און וועלכע גיבען מאַנכעסמאָל זאָגאַר צו, אַז דער קאָמוניזמוס איז דער אידעאַל פון דער צוקונפטיגער געזעלשאַפט, אָבער זיי ווילען קיינמאָל ניט איינשטימיג זיין, אַז דער קאָמוניזמוס זאָל רעאַליזירט ווערען ביי דער נעכסטער געלעגענהייט, אַז ער איז אַ פראַגע פון דער נאָהענטסטער צוקונפט.

שטעהענדיג אויף אַזאַ באָדען, האָבען די סאָציאַליסטען קיינמאָל ניט געדאַרפט מורא האָבען, מען זאָל זיי קענען פערביטען מיט זייערע פיינד. זיי זיינען געווען זיכער, אַז דער סאָציאַליזמוס קען ניט זיין קיין מאַסקע פאַר די, וועלכע האָבען אין זינען פאָרטצוזעצען די קאַפּיטאַליסטישע אויסביטונג אונטער אַ סאָציאַליסטישען מאַנטעל.

* * *

אָבער דאָס אַלעס האָט זיך איבערגעביטען היינט צוטאָג.

פֿון איין זייט זעהען מיר, אַז אין דעם לאַגער פֿון דער בורזשואַזיע האָט זיך ענטוויקעלט אַ מאַסע פֿון צווייפֿעל־האַפֿטע עלעמענטען, וועלכע האָבען זעהר גוט פֿערשטאַ־נען, אַז זיי וועלען נאָר דאַן קענען מאַכען אַ קאַריערע און ערגרייכען דעם ציעל פֿון זייערע עהרגייציגע ווינשע, ווען זיי וועלען זיך בענוצען מיט דער סאָציאַליסטישער עטיקעטע. זייער וויכטיגסטע אויפֿגאַבע איז אויסצוגעפֿינען אַ מיטעל, וועלכע גיט זיי די מעגליכקייט אַנערקענט צו ווערען פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָהנע אָנצונעהמען איהרע פרינציפּען. פֿון דער צווייטער זייט האָבען מיר יענע עלע־מענטען פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע האָבען אויסגעפֿונען, אַז דער בעסטער מיטעל געגען דעם סאָציאַליזמוס, איז אַריינצוטרעטען אין די רייהען פֿון זיינע אָנהייננגער, צו קאָ־ומפּירען זייערע פרינציפּען און זיי אַראָבצופֿיהרען פֿון׳ם ריכטיגען וועג.

צום בעדויערן האָבען זיך אויך געפֿונען סאָציאַליסטען, סאָ־ציאַליסטען פֿון דער אַלטער שולע, וועלכע האָבען געוואָלט גרופּירען אַרום זיך וואָס מעהר מענשען; דערפֿאַר האָבען זיי אויפֿגענומען מיט פֿערגניגען יעדען איינציגען, וועלכער האָט זיך נאָר בענוצט מיט דער סאָציאַליסטישער עטיקעטע, און ווילענדיג צו ניט ווילענדיג האָבען זיי געגעבען יענע געפֿעהרליכע עלעמענטען פֿון דער בורזשואַזיע די בעסטע מעגליכקייט זיך אַריינצו׳גנב׳ענען אין די רייהען פֿון די סאָציאַליסטען, אום דאָרטען צו אַרבייטען פֿאַר זייערע פּער־זענליכע אינטערעסען. זיי אַליין האָבען אָבגעלייקענט דעם גרונד־פּרינציפּ פֿון ם סאָציאַליזמוס, און אונטער זייער איינ־פֿלוס איז היינט ענטשטאַנען אַ נייער מין „סאָציאַליסטען״, וועלכע האָבען פֿון דעם אַלטען סאָציאַליזמוס ניט מעה וויי דעם נאָמען.

זיי זיינען עהנליך צו יענעם רוסישען זשאַנדאַרמעריע־אָפֿיציר, וועלכער האָט איינעם פֿון אונזערע פֿריינדע ער־

קלעהרט, אַז ער אַליין איז אויך אַ גרויסער בעוואונדערער
פֿון דעם קאָמוניסטישען אידעאַל, אָבער דיזער אידעאַל
איז ניט פֿאַר היינטיגע צייטען, ער קען אפשר פֿערווירק־
ליכט ווערען מיט 200 אָדער 500 יאָהר שפּעטער, און
דערפֿאַר האָט ער אונזער פֿריינד איינגעשפּאַרט אין טורמע,
ווייל ער האָט געמאַכט קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ. פּונקט
ווי יענער רוסישער אָפֿיציר, אַזוי ערקלעהרען זיי אויך, אַז
די אָבשאַפֿונג פֿון פּריוואַט־אייגענטהום און די סאָציאַלע
עקספּראָפּריאַציאָן קענען ערשט אויסגעפֿיהרט ווערען אין אַ
ווייטע, ווייטע צוקונפֿט, און אַז אַלע די, וועלכע רעדען
שוין יעצט פֿון אַזעלכע זאַכען, זיינען ניט מעהר ווי ט־ויי־
מער און אוטאָפּיסטען. דיזע מערקווירדיגע „סאָציאַליסטען"
בעהויפּטען, אַז פֿאָרלויפֿיג דאַרפֿען מיר זיך נאָר בעשעפֿ־
טיגען מיט אַזעלכע רעפֿאָרמען, וועלכע קענען אויסגעפֿיהרט
ווערען, און דערפֿאַר בעטראַכטען זיי די אָנהייננגער פֿון
דער סאָציאַלער עקספּראָפּריאַציאָן פֿאַר זייערע ערגסטע
פֿיינד. — „מיר דאַרפֿען אַגיטירען ביי די מאַסען, ניט חלילה
זיי זאָלען זיך צוגרייטען צו עקספּראָפּריאירען די ערד, נאָר
זיי זאָלען אונז העלפֿען צו בעקומען די רעגירונגס־מאַשין
אין אונזערע הענד; אָט דאַן וועלען מיר שוין אויסגעפֿינען
געניג מיטלען, אום ביסלעכווייז צו פֿערבעסערן די לאַגע
פֿון די אַרבייטער. לאָמיר זיך צוגרייטען צו דער קומענדער
רעוואָלוציאָן, אָבער ניט פֿאַר די עראָבערונג פֿון די פֿאַבריי־
קען, נאָר פֿאַר די עראָבערונג פֿון דער שטאַדט־פֿערוואַלטונג!"

דיזע נייע „סאָציאַליסטען" ערקלעהרען, אַז דאָס פֿאָלק
דאַרף ערשט בעקומען די נייטיגע ערפֿאַהרונג, איידער עס
איז מעגליך איינצופֿיהרען דעם סאָציאַליזמוס; אָבער ווי
אַזוי דיזע סאָציאַליסטישע ערפֿאַהרונג איז מעגליך, אַזוי
לאַנג די בורזשואַזיע מאָנאָפּאָליזירט די סאָציאַלע רייכ־
טהימער; און אויב עס איז גאָר מעגליך צו עראָבערן די
פּאָליטישע מאַכט, אַזוי לאַנג ווי די בורזשואַזיע האַלט די

עקאָנאָמישע מאַכט אין איהרע הענד; ווי אַזוי מען קען עראָבערן די שטאָדט־פערוואַלטונג אָהנע אין דערזעלבער צייט צו עראָבערן די פאַבריקען, אָט אויף דיזע פראַגען האָבען דיזע זאָגדערבאַרע סאָציאַליסטען ביז יעצט נאָך ניט געענטפערט.

***

די קאָנזעקווענצען פון דיזער געפעהרליכער טאַקטיק זעהען מיר היינט איבעראַל.

היינט, ווען איהר קומט זיך צוזאַמען מיט איינעם פון דיזע נייע סאָציאַליסטען, וועט איהר קיינמאָל ניט וויסען, צו איהר האָט צו טהאָן מיט אַ מענש, עהנליך צו יענעם רוסישען זשאַנדאַרמעריע־אָפיציר, אָדער מיט אַ ווירקליכען סאָציאַליסט; דען דער ערשטער וועט אייך אויך צוגעבען, אַז אין אַ שעהנעם טאָג — אפשר מיט טויזענד יאָהר שפּעטער — וועלען מיר האָבען געמיינשאַפטליכעס אייגענטהום; ביז דאַן דאַרף מען וועהלען און שיקען דעפּוטאַטען אין פּאַרלאַמענט צו פערגרינגערן די צאָהל פון די אַרבייטס־שטונדען א. ז. וו. עס איז אונמעגליך צו מאַכען אַן אונ־טערשייד צווישען דיביידע, דען אונזערע נייע „סאָציאַ־ליסטען" דערצעהלען אונז דיזעלבע געשיכטע. אַלע זיינען זיי סאָציאַליסטען! און דער אַרבייטער, וועלכער האָט ניט גענוג צייט איבערצולייענען יעדען טאָג דרייסיג אָדער פערציג פערשידענע צייטונגען, וועט באַלד ניט מעהר וויסען קיין אונטערשייד צווישען זיינע פריינד און זיינע פיינד, ד. ה. יענע סאָציאַליסטען וועלכע בענוצען זיך מיט דעם סאָציאַליסטישען נאָמען, כדי צו פערבלענדען איהם די אויגען. און אָן דעם טאָג פון דער רעוואָלוציאָן וועט ער מוזען דורכמאַכען מאַנכע ביטערע ערפאַהרונג און מאַנכע שרעקליכע בלוט־באָד, איידער ער וועט ריכטיג קענען לערנען זיינע פריינד און זיינע געגנער.





## XVII.

# דער רעוואָלוציאָנערער גייסט.*)

## I.



ס גיט עפּאָכען אין דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען פֿון דער מענשהייט, ווען די רעוואָלוציאָן שטעלט זיך אונז פֿאַר אַלס אַן אונפֿערמיידליכע נויטווענדיגקייט, אַ נויטווענדיגקייט, וואָס לאָזט זיך ניט לענגער איגנאָרירען. איבעראַל ענטוויקלען זיך נייע אידעען און אַנשויאונגען, וועלכע זוכען צו געפֿינען אַ פּלאַץ אין דער עפֿענטליכקייט, אַ פּראַקטישען אויסדרוק אין דעם געזעלשאַפֿטליכען לעבען; אָבער דער־

---

*) אונזערע אַנזיכטען איבער דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן און די אַרט און ווייזע ווי מיר פֿאַסען אויף דיזע גרויסע היסטאָרישע דראַמאַ אונטערשיידעט זיך זעהר שטאַרק פֿון די געוועהנליכע אָפֿיציעלע אַנשויאונגען. דערפֿאַר איז נויטווענדיג צו געבען די לעזער אַ קורצע ערקלעהרונג, אום צו רעכטפֿערטיגען דעם שטאַנדפּונקט, וועלכען מיר פֿערטרעטען אין דיזע קאַפּיטלען. יענע היסטאָריקער, וועלכע זיינען די בעגייסטערטע בעוואונדערער פֿון דער בורזשואַזיע, זיינען מיט דער מיינונג, אַז די גרויסע דראַמאַ האָט זיך כמעט אויסשליסליך אָבגעשפּיעלט אין די גרויסע שטעדט און הויפּטזעכליך אויף דער פּאַרלאַמענטאַרישער אַרענאַ. נאָכדעם ווי פּאַריז האָט געגעבען דעם סיגנאַל דורך דעם שטורם אויף דער באַסטילע, האָבען זיך די בויערן אויפֿגעהויבען פֿאַר עטליכע מאָנאַטען; זיי האָבען פֿערברענט די שלעסער פֿון זייערע הערען א. ז. וו. א. ז. וו. אָט מיט די פּאָר ווערטער

דירעקטער און פּאַסיווער ווידערשטאַנד פֿון די יעניגע, וועלכע זיינען פֿעראינטערעסירט אויפֿצוהאַלטען דעם אַלטען רעזשים, איז אַ שטענדיגע הינדערניס פֿאַר דעם נאַטירליכען פּראָגרעס פֿון די נייע אידעען, וועלכע קענען זיך ניט פֿריי ענטוויקלען אין דער שטיקענדער אַטמאָספֿערע פֿון די אַלטע פֿאָראורטהיילע און טראַדיציאָנען. די אַלטע אי־

---

האָבען די היסטאָריקער פֿון דער בורזשואַזיע אַלעס געזאָגט, וואָס זיי האָבען אייגענטליך צו זאָגען איבער דיזע זייטע פֿון דער רעוואָלוציאָן. גיווויס, זיי גיבען צו, אַז שפּעטער זיינען אויך נאָך פֿאָרגעקומען עטליכע אויפֿשטענדע און רעוואָלטען; אָבער לויט זייער בעהויפּטונג זיינען דיזע בעוועגונגען ניט געווען פֿון קיין גרויסער וויכטיגקייט; די איניציאַטאָרס פֿון זיי זיינען מעהר ניט געווען ווי פּראָסטע „באַנדיטען“, וועלכע זיינען גאַנץ זיכער בעצאָהלט געוואָרען פֿון דער רעאַקציאָן, כדי צו פֿערשפּרייטען די אונאָרדנונג און צו שפּאַלטען די קראַפֿט פֿון דער רעוואָלוציאָן. עס פֿערשטעהט זיך, אַז די אַנשטענדיגע רעפּובליקאַנער, די פּאַטריאָטען קענען זיך ניט בעגייסטערן פֿאַר די אונרוהען און רעוואָלטען פֿון די מאַסען, דען נאָך דער פּראָקלאַמאַציאָן פֿון די „גרויסע פּרינציפּען פֿון 1789“ איז פֿאַר זיי די רעוואָלוציאָן ניט מעהר ווי אַ פּאַרלאַמענטאַרישער פּראָצעס, וועלכער האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט דער ערשטער קאָנסטיטוציאָנעלער פֿערזאַמלונג און האָט זיך געענדיגט מיט דעם קאָנוועגט.

אונזערע אַנזיכטען איבער דער רעוואָלוציאָן זיינען, פֿערשטעהט זיך, פּונקט פֿערקעהרט; מיר ווייסען, אַז די אויפֿשטענדע פֿון די בויערן און די רעוואָלטען פֿון די אָרעמע און עלענדע אין די שטעדט זיינען שוין אָנגעגאַנגען זייט 1788. דיזע אויפֿשטענדע זיינען וואָס ווייטער אַלס צאָהלרייכער געוואָרען אין די פּראָווינצען (אום אָבצושאַפֿען דעם פֿעאָדאַליזמוס); זייט די ערשטע מאָנאַטען פֿון 1789 האָבען זיי בעקמען אַ מעהר בעשטימטען און קלאָהרען אויסדרוק; און זיי האָבען זיך פֿאָרטגעזעצט ביז 1793. ווען די בורזשואַזיע האָט אַרויסגעצייגט אַזוי פֿיעל מוטה אין מאַי און יוני 1789, און ווען די אַריסטאָקראַטיע איז אַם 4טען אויגוסט 1789 אַזוי פֿריינדליך געווען צו „אָפּפֿערן איהרע רעכטע אויף דעם מזבח פֿון׳ם פֿאָטערלאַנד“, איז עס געווען דערפֿאַר, ווייל די פּראַנצויזישע בויערן אין אַלע טהיילען פֿון׳ם לאַנד האָבען זיך שוין אויפֿגעהויבען אין פֿעברואַר און פֿאָרטגעזעצט זייער קאַמפֿ געגען די אַדעליגע גרונדבעזיצער מיט דער גרעסטער ענערגיע; זיי האָבען

דעען איבער די פֿאָרמע פֿון דער רעגירונג, איבער די געזעצע פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען גלייכגעוויכט און די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעציהונגען פֿון די בירגערצווישען זיך זיינען מעהר ניט זיכער פֿאַר דער שאַרפֿער קריטיק, וועלכע צייגט זיך אַרויס יעדען טאָג, ביי יעדער געלעגנהייט—אין די סאַלאָנען פֿון די רייכע אַזוי ווי אין

---

זיך ענטזאַגט צו בעצאָהלען די אָבגאַבען און האָבען רעוואָלטירט געגען זייערע פֿריהערע העררן; און אין דערזעלבער צייט האָט זיך שוין אָנגעפֿאַנגען די בעוועגונג פֿון די, וועלכע מען רופֿט געוועהנליך די „קאַנאַליע פֿון די גרויסע שטעדט". דער אויפֿשטאַנד אין פּאַריז פֿון 11טען ביז 14טען יולי און די רעוואָלטען אין שטראַסבורג און אַנדערע גרויסע שטעדט זיינען ניט געווען קיינע איינפֿאַכע פּראָטעסטען געגען דעם שטורץ פֿון דעם מיניסטער נעקער, ווי מען שטעלט עס געוועהנליך פֿאָר, ניין, עס זיינען געווען די אויפֿשטענדע פֿון די הונגעריגע און נאַקעטע געגען די רייכע אין אַלגעמיין, מיט וועלכע די בורזשואַזיע האָט זיך בענוצט, און וועלכע זי האָט פֿערזוכט צו געבען אַ בעשטימטע ריכטונג, אום צו פֿערניכטען די קעניגליכע מאַכט.

דאָס האָבען מיר געזעהן אין 1789 אין אַלע שטעדט און דערפֿער פֿון פֿראַנקרייך, און דיזע שטענדיגע קעמפֿפֿע האָבען זיך פֿאָרטגעזעצט פֿיער יאָהר צייט, אַזוי לאַנג ווי די רעוואָלוציאָן איז אָנגעגאַנגען. אונצעהלבאַרע רעוואָלטען פֿון די בויערן אין די דערפֿער און שטענדיגע אויפֿשטענדע אין די גרויסע שטעדט, אָט דאָס איז געווען דאָס אייגענטליכע בילד פֿון דער רעוואָלוציאָן.

אויב מיר ווילען זיך איבערצייגען אין דעם, דאַרפֿען מיר נאָר איבערלייענען דעם רעפּאָרט, וועלכען גרעגאָאַ האָט פֿערעפֿענטליכט אין דעם נאָמען פֿון דעם „פֿעאָדאַל-קאָמיטע" אין יאַנואַר אָדער פֿעברואַר 1790, דאָרטען וועלען מיר געפֿינען ווי ווייט די אַלגעמיינע אויפֿשטענדע און רעוואָלטען זיינען שוין פֿערשפּרייט געווען אין יענער פּעריאָדע. אום צו פֿערשטעהן, ווי נויטווענדיג די בויערן-רעוואָלטען און אויפֿשטענדע זיינען געווען, אום ענדליך אָבצושאַפֿען די פֿעאָדאַלע גרונד-שטייער און צוריקצוגעבען צו די קאָמונען די ערד, וועלכע די אַדעליגע גרונד-בעזיצער האָבען פֿון זיי אַוועקגערויבט, איז נייטיג אָנצואווייזען אויף דעם דעקרעט פֿון 18טען יוני 1790, וועלכער בעשטעטיגט נאָך די ווייטערע עקזיסטענץ פֿון געוויסע „אָבגאַבען צו דער קירכע און די פֿעאָדאַלע גרונד-בעזיצער; ווייטער האָט דער דעקרעט בעשטימט, אַז

די אָרעמע הייזלאַך פֿון די ברייטע מאַסען, אין דעם ווערק פֿון דעם פֿילאָזאָף און אין די טעגליכע געשפּרעכען. די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע אוי סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען פֿאַנגען אָן ביסלעכווייז צו צופֿאַלען; יעדערער פֿיהלט, אַז עס איז אונמעגליך לענגער צו וואוינען אין די אַלטע געביידע, וועלכע פֿערהינדערט און דערשטיקט דאָס נייע

---

ביז צו דעם טאָג ווען די קאָמונען וועלען האָבען צוריקגעקויפֿט די ערד פֿון די גרונד-בעזיצער, וועלען די בויערן דאַרפֿען אָבגעבען אַ צעה-נטהלק פֿון זייערע פּראָדוקטען צו זייערע געוועזענע הערען, פּונקט ווי אין די אַלטע צייטען. אין דערזעלבער צייט האָט דער דעקרעט ערקלעהרט, אַז „די פּערזאָנען, וואָס וועלען אויפֿהעצען די בעפֿעלקערונג געגען די אָבגאַבען און שטייערן, סיי דורך מינדליכע, סיי דורך שריפֿטליכע אַגיטאַציאָן, וועלען בעשטראָפֿט ווערען אַלס פֿיינד פֿון דער עפֿענטליכער אָרדנונג." דיזער דעקרעט איז פֿערעפֿענטליכט געוואָרען מיט צעהן מאָנאַטען שפּעטער נאָך דער בעריהמטער נאַכט פֿון 4טען אויגוסט, ווען מען האָט גענצליך אָבגעשאַפֿט די פֿעאָדאַלע רעכטע פֿון די אַדעלמענער און גלחים, און כמעט מיט אַ יאָהר שפּעטער נאָך דער צושטערונג פֿון דער באַסטילע. מען קען זיך אַלזאָ פֿאָרשטעלען, וואָס די בויערן וואָלטען געוואונען, ווען זיי וואָלטען ניט פֿאָרטגעזעצט דעם אויפֿשטאַנד.

דער היסטאָריקער טען, דערזעלבער וועלכער האָט אויסגעגאָסען אַ גאַנצען ים מיט פֿערלוימדונגען אויף דאָס פֿאָלק — וואַהרשיינליך אום צו בעווייזען די שעהנהייט פֿון דעם אַקאַדעמישען שטיל — איז דערפֿאַר זעהר נאָהנט צו דער וואַהרהייט, ווען ער רעדט פֿון פֿינף אָדער זעקס גרויסע אויפֿשטענדע פֿון די בויערן וועהרענד דער צייט פֿון דער רעוואָלוציאָן. אין דער ווירקליכקייט זיינען די רעוואָלטען פֿון די בויערן אָנגעגאַנגען פֿיער יאָהר צייט, פֿון 1788 ביז 1793, ד. ה. ביז וואַנען דער קאָנווענט האָט ענדליך אַנערקענט דעם רעזולטאַט פֿון דיזער בעוועגונג און האָט צוריקגעצויגען אַלע פֿריהערדיגע דעקרעטען איבער די פֿעאָדאַלע רעכטע און דעם קאָמונאַלען גרונד-אייגענטהום; ער האָט גענצליך בעשטימט, אַז די ערד, וועלכע די פֿעאָדאַלע גרונד-בעזיצער האָבען צוגענומען פֿון די בויערן, זאָל צוריקגעגעבען ווערען צו די קאָמונען צו גונסטען פֿון אַלע בויערן, אייגענטהימער און פּראָלעטאַריער און האָט איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אָבגעשאַפֿט ניט נאָר די פֿעאָדאַלע רעכטע, נאָר אויך די ענטשעדיגונג פֿאַר דיזע רעכטע, וועלכע

לעבען, וועלכעס ענטוויקעלט זיך אין די שפּאַלטען פֿון איהרע צופֿאַלענע מויערן און אַרום איהר.

דער בעדירפֿניס פֿון אַ נייעם לעבען פֿיהלט זיך אַרוים אין אַלע קרייזען פֿון דער געזעלשאַפֿט. די אַלטע מאָראַל-בעגריפֿע, וועלכע בעאיינפֿלוסען אַם שטאַרקסטען די מענשען אין זייער טעגליכען לעבען, ווערען צו איינג און שמאָל

---

דער פֿריהערער פּאַרלאַמענט האָט בעשטימט, אַזוי ווי אַלע בויערן-אויפֿשטענדע האָט אויך דיזער אויפֿשטאַנד ניט געהאַט קיין אַלגעמיינעם און פּלאַנמעסיגען כאַראַקטער. ער האָט זיך געענדיגט און האָט זיך צוריק אָנגעפֿאַנגען פֿון דאָס ניי. אין איין געגענד זיינען די רעוואָלטען איינגעשטילט געוואָרען, אָבער פּלוצלונג האָבען זיי ווידער אויסגעבראָכען אין אַן אַנדער געגענד; זיי האָבען איבערגעביטען דעם קאַמפּף-פּלאַץ, פּונקט ווי עס איז געוועזן דער פֿאַל ביי דעם גרויסען בויערן-קריעג אין 16טען יאָהרהונדערט.

אויב ניט דיזע רעוואָלטען פֿון די בויערן, וועלכע זיינען אונטערשטיצט געוואָרען דורך די אויפֿשטענדע אין די שטעדט, וואָלט די רעוואָלוציאָן אין גאַנצען אונמעגליך געוועזן. שלאָסער, דער גרויסער היסטאָריקער פֿון׳ם 18טען יאָהרהונדערט האָט געהאַט אַ זעהר שוואַכע פֿאָרשטעלונג פֿון דיזע שוועריגקייטען. — „ווי קומט עס", האָט ער אַמאָל געפֿרעגט דעם אַבע גרעגאָאַ, „אַז ראָבעספּיער איז אימשטאַנדע געוועזן צו האַלטען גאַנץ פֿראַנקרייך אין זיינע הענד?" און גרעגאָאַ האָט איהם געענטפֿערט: „ראָבעספּיער! אָבער פֿערגעסט ניט, אַז יעדעס דאָרף האָט געהאַט זיין ראָבעספּיער!" דיזע ווערטער האָבען דייטליך אויסגעדריקט די גאַנצע לאַגע. גרעגאָאַ וואָלט אייגענטליך נאָך געדאַרפֿט צוזעצען, „אַז יעדעס דאָרף האָט געהאַט זיין מאַראַט און זיין רעוואָלוציאָנערען קלוב!"

נאָר אויף אַזאַ מין אַרט איז מעגליך געוועזן צו פֿערניכטען דעם אַבסאָלוטיזמוס. און וועהרענד די בויערן האָבען זיך אויפֿגעהויבען געגען דעם פֿעאָדאַליזמוס, וועהרענד די „סאַן-קילאָטען" אין די שטעדט האָבען פֿערזוכט צו שאַפֿען אַ נייע צוקונפֿט, צושטעהרענדיג די אַלטע רעגירונג און ניט צולאָזענדיג די אָרגאַניזאַציאָן פֿון אַ נייע שטאַרקע פּאָליטישע מאַכט, האָט די בורזשואַזיע אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, אום צו מאַכען פֿון דער פֿאָלקס-רעוואָלוציאָן אַ ווערקצייג פֿאַר איהר אייגענע רעוואָלוציאָן; נאָר אויף אַזאַ מין אַרט איז זי אימשטאַנדע געוועזן צו פֿערניכטען דאָס אַלטע קעניגטהום און צו פֿערכאַפּען די

פֿאַר די נייע געדאַנקען און אידעען. מען פֿיהלט, אַז דיזע אָדער יענע אינסטיטוציאָן, וועלכע מען האָט פֿריהער געהאַלטען פֿאַר גוט און גערעכט, איז אייגענטליך די ערגסטע אונגערעכטיגקייט, וועלכע מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלען; און די מאָראַל פֿון נעכטען ערשיינט אונז פּלוצלונג אַלס שלעכט, אונמאָראַליש און פֿערדאָרבען. דער קאַמפּף צווי־

---

מאַכט פֿון דער רעגירונג. די יעניגע, וועלכע ווילען ניט צוגעבען, אַז די בורזשואַזיע האָט זיך געשטיצט אויף די אָרעמע און עלענדע אויף דיזעלבע „קאַנאַליע", וועלכע זי בעליידיגט יעצט אַזוי פֿיעל, זאָלען בעסער שטודירען די קוועלען פֿון דער געשיכטע, אָנשטאָט זיך צו בעגנוגענען מיט די מעהר אָדער ווייניגער געלונגענע אויסציגע און ווידערהאָלונגען פֿון בישע'ס און רו'ס "Histoire Parlementaire„ און דעם "Moniteur„ (דער אָפֿיציעלער אָרגאַן פֿון דער רעפובליקאַנישער רעגירונג אין דער צייט פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָן.) זיי וועלען דאַן זעהן, ווי זייערע עלטערן, וועלכע די אָפֿיציעלע געשיכטע שטעלט אונז פֿאָר אַזוי אַנשטענדיג און רעספּעקטאַבעל, האָבען זיך אפילו ניט אָבגעשראָקען צו שיקען די בלוטיגסטע מאַניפֿעסטען און פּראָקלאַמאַציעס אין די דערפֿער און פּראָווינצען „אונטער דעם זיעגעל פֿון'ם פּאַרלאַמענט", און ווי זיי האָבען געזוכט מיטהעלפֿער פֿאַר זייערע דעמאָנסטראַציאָנען אין די ערגסטע לאָקאַלען פֿון די פּראָלעטאַרישע פֿאָרשטעדט. הערר טען (אַ בעקאַנטער פֿראַנצויזישער היסטאָריקער) האָט געוויס ניט קיין אורזאַכע צו בעליידיגען דיזע „יאַקאָבינער" (ביי איהם קומט אויס, דאָס אַלע רעוואָלוציאָנערע זיינען יאַקאָבינער), וועלכע האָבען דורכגעפֿיהרט די וואַהלען מיט שווינדעל; דען צו דאַנקען זייער טהעטיגקייט איז ער היינט ניט מעהר קיין אונטערטהאַן פֿון'ם קעניג.

דאָס ווייניגע וואָס איך האָב געקענט זאָגען אין דיזער קורצער בעמערקונג איבער די אויפֿשטענדע און רעוואָלטען, וועלכע האָבען איינגעלייטעט די רעוואָלוציאָן, און וועלכע האָבען זיך פֿאָרטגעזעצט וועהרענד דעם ערשטען יאָהר פֿון דער רעוואָלוציאָן, איז דער רעזולטאַט פֿון אַ גרעסערע אַרבייט, מיט וועלכע איך האָב זיך בעשעפֿטיגט פֿון 1877 ביז 1878 אין בריטישען מוזעאום און אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַל-ביבליאָטהעק; דיזע אַרבייט איז פֿאָרלויפֿיג נאָך ניט געענדיגט, איהר הויפּטצוועק איז אויפֿצואווייזען די אורזאַכען פֿון דער רעוואָלוציאָן און פֿון אַנדערע בעוועגונגען אין אייראָפּאַ. די, וועלכע

שען די נייע אידעען און די אַלטע טראַדיציאָנען מאַני-
פֿעסטירט זיך אין אַלע קלאַסען פֿון דער געזעלשאַפֿט, אין
אַלע קרייזען און קערפּערשאַפֿטען, זאָגאַר אין דעם איינ-
ציגען צירקעל פֿון דער פֿאַמיליע. דער זוהן פֿיהרט אָן אַ
קאַמפּף מיט דעם פֿאָטער: דאָס וואָס איז פֿאַר דעם לעצ-
טען אַ גאַנץ נאַטירליכע זאַך, איז פֿאַר דעם ערשטען אַ

אינטערעסירען זיך צו שטודירען דיזע וויכטיגע היסטאָרישע פֿראַגע,
מעגען לעזען (אויסער די בעקאַנטע ווערקע פֿון ראָדאָ, דאַניאַל, לע-
מאַרי, באָנמער, היפּאָ, באַבאָ און אַנדערע) די לאָקאַלע געשיכטע פֿון
די איינצעלנע פֿראַנצויזישע שטעדט און פּראָווינצען, ווי צ. ב. ש. די
ווערק פֿון קאָמב איבער דער שטאָדט קאַסטר; די פֿון סאָמיע איבער
דעם יוראַ; די פֿון וויק, וועסעל און מעזש איבער די געגענד פֿון
לאַנגדאָק; די פֿון שאַטליע איבער די פּראָווינץ בריטאַניע; די פֿון
קלערק איבער פֿראַנש-קאַנטע; די פֿון סטראָבעל און ענגעלהאַרדט
איבער עלזאַס און הויפּטזעכליך דאָס ווערק פֿון הייטץ („Contre-re-
volution et Societes politiques"); אויסערדעם זיינען נאָך וויכטיג
די אָבהאַנדלונגען פֿון לעמאַריע איבער לימוסען; די פֿון מאָנטדעסיר
איבער לימוסין און קערסי; די פֿון לאַפּאַן איבער דעם צענטער פֿון
פֿראַנקרייך א. ז. וו. געוויס, אפילו דיזע וויכטיגע דאָקומענטען שטע-
לען נאָך אַלס ניט צוזאַמען קיין פֿאָלשטענדיגע געשיכטע פֿון די אויפֿ-
שטענדע און רעוואָלטען, וועלכע זיינען אָנגעגאַנגען בעפֿאָר דער רע-
וואָלוציאָן, אום אָנצושרייבען אַזאַ ווערק, וואָלט נויטווענדיג געווען זיך
צו ווענדען צו די אַרכיוועז פֿון די פֿראַנצויזישע שטעדט און דערפֿער,
דען אָבוואָהל דער קאָנווענט האָט דעקרעטירט די פֿערניכטונג פֿון אַלע
פֿעאָדאַלע דאָקומענטען, קען מען דאָרט אָהן צווייפֿעל נאָך געפֿינען
מאַנכע וויכטיגע פֿאַקטען. איך וויל נאָר אָנווייזען אויף די שריפֿטען,
וועלכע בעשעפֿטיגען זיך אויסשליסליך מיט די רעוואָלטען און אויפֿ-
שטענדע; דיזע שריפֿטען געפֿינען זיך אין דעם נאַציאָנאַלען אַרכיוו,
און מיר זיינען צום ערשטען מאָל מיט זיי בעקאַנט געוואָרען דורך דעם
רוסישען פּראָפֿעסאָר קאַרעעוו, וועלכער האָט פּובליצירט אַ בוך איבער
די פֿראַנצויזישע בויערן בעפֿאָר דער רעוואָלוציאָן. וואַהרשיינליך האָבען
דיזע שריפֿטען און אַנדערע דאָקומענטען, וועלכע געפֿינען זיך אין די
אַרכיוועז, הערר טען געגעבען די מעגליכקייט פֿאַר זיין זעהר ריכטיגע
בעהויפּטונג, אַז אין פֿראַנקרייך האָבען שוין שטאַטגעפֿונדען מעהר ווי
דריי הונדערט בויערן-רעוואָלטען, איידער די באַסטילע איז צושטעהרט

ברוטאַלע אונגערעכטיגקייט. די טאָכטער רעוואָלטירט געגען די פרינציפּען, וועלכע די מוטער איהרע האָט איהר איבערגעגעבען אַלס די פּרוכט פּון אַ לאַנגע ערפאַהרונג. דאָס עפּענטליכע געוויסען רעוואָלטירט יערען טאָג געגען די סקאַנדאַלען, וועלכע שפּיעלען זיך אָב אין די קרייזען פּון די פּריווילעגירטע ליידיגגעהער, געגען די פּערברעכען, וועלכע ווערען בעגאַנגען אין דעם נאָמען פּון דער גערעכטיגקייט, אום צו ערהאַלטען און צו פּערשטאַרקערן די פּריווילעגיעס פּון די הערשענדע קלאַסען. די וואָס טרוימען פּון דעם טריאומפף פּון גערעכטיגקייט, די וואָס ווילען פּערווירקליכען די נייע אידעען אין פּראַקטישען לעבען, מוזען זעהר באַלד דערקענען, אַז עס איז אונמעגליך צו רעאַליזירען זייערע נאָבעלע, הומאַנע און נייעס לעבען שאַפּענדע אידעען אין דער אַלטער געזעלשאַפּט; זיי פּיה־לען די נויטווענדיגקייט פּון אַ רעוואָלוציאָנערען שטורם, וועלכער זאָל אַוועקמאַכען מיט די אַלטע, פּערשימעלטע איינריכטונגען און אינסטיטוציאָנען, אויפמונטערן די גייסטער און הערצער און אַרויסרופען ביי דער מענשהייט די גרויסע און ערהאַבענע געפיהלען פּון אויפּאָפּפערונג, אַלטרואיזמוס און מוטה, אָהן וועלכע אַ געזעלשאַפּט מוז אונטערגעהן אין

---

געוואָרען, און פאַר זיין בעמערקונג — זי פּערנעהמט לוידער ניט מעהר ווי איין ליניע — איבער די קאָנספּיראַטיווע געזעלשאַפטען, וועלכע האָבען עקזיסטירט צווישען די פראַנצויזישע בויערן, איידער די רעוואָלוציאָן האָט אויסגעבראָכען.

וואָס אָנבעלאַנגט די פּראָפּאַגאַנדיסטישע מיטלען, מיט וועלכע די בורזשואַזיע פּון פּאַריז האָט זיך בענוצט אין אָנפאַנג פּון דער רעוואָ-לוציאָן, און וועלכע איהרע היסטאָריקער לייקענען היינט אָב, האָב איך מיך הויפּטזעכליך געשטיצט אויף דאָס אויסגעצייכענטע ווערק פּון פּע-ליקס ראַקען: „L'Esprit revolutionnaire avant la Revolution", אַ ווערק, וועלכעס איך רעקאָמאָנדיר צו אַלע די, וועלכע זוכען היסטאָרישע פאַקטען און ניט קיינע אין פאַראויס געמאַכטע שלוס-בעטראַכטונגען.

דעם זומפּ פֿון ערנידריגונג און מאָראַלישער קנעכטשאַפֿט.

אין אַזעלכע עפּאָכען, ווען עס געהט אָן אין דער געזעלשאַפֿט אַ ווילדע יאַגד נאָך געלד און רייכטהום, ווען די ספּעקולאַציאָנען פֿון די בעזיצענדע קלאַסען נעהמען אָן אַ פֿיבערהאַפֿטען כאַראַקטער און דער אַלגעמיינער קריזיס ווערט אַלס ערגער און ערגער, ווען מיר זעהען איבעראַל דעם פּלעצליכען אונטערגאַנג פֿון גאַנצע אינדוסטריען און די מאָמענטאַנע ענטוויקלונג פֿון אַנדערע צווייגען אין דער פּראָדוקציאָן, וועלכע פֿערשווינדען פּונקט אַזוי שנעל ווי זיי זיינען ענטשטאַנדען, ווען מיר זעהען ווי אונגעהייער גרויסע פֿערמעגענס ענטשטעהען און ווערען פֿערשווענדעט אין פֿערלויף פֿון ווייניגע יאָהרען, אָט אין אַזעלכע פּעריאָדען פֿאַנגט מען אָן צו פֿערשטעהן, אַז די עקאָנאָמישע אינסטיטוציאָנען, וועלכע בעשטימען די פּראָדוקציאָן און דעם אויסטויש פֿון די פּראָדוקטען, ניט נאָר וואָס זיי זיינען ניט אימשטאַנדע צו פֿערזיכערן דעם אַלגעמיינעם וואָהלזיין פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַזוי ווי זייערע פֿערטהיידיגער בעהויפּטען, זיינען זיי זאָגאַר אַ שטענדיגע אורזאַכע פֿון דעם סאָציאַלען עלענד און דער אַלגעמיינער אונצופֿרידענהייט. אָנשטאָט אויפֿצוהאַלטען די אָרדנונג אין דער געזעלשאַפֿט, מאַכען זיי אָן אונאָרדנונג און כאַאָס; אָנשטאָט צו פֿערזיכערן דעם וואָהלזיין פֿון אַלעמען, רופֿען זיי אַרויס נויט, עלענד און עקאָנאָמישע אונזיכערהייט; אָנשטאָט צו שאַפֿען אַ האַרמאָניע צווישען די פֿערשידענע אינטערעסען האָבען זיי פֿעראורזאַכט אַ שטענדיגען קריעג צווישען די עקספּלאָאַטאַטאָרס און די אַרבייטער און אין דערזעלבער צייט אַ קריעג צווישען אויסבייטער און אויסבייטער און צווישען אַרבייטער און אַרבייטער. מען זעהט, אַז די גאַנצע געזעלשאַפֿט טהיילט זיך אָב אַלס דייטליכער אין צוויי פֿיינדליכע לאַגערס, און אין דערזעלבער צייט בילדען זיך אין יעדען לאַגער טויזענדער פֿערשידענע גרופּען, וועלכע בע־

קעמפּפען זיך איינע די אַנדערע מיט דעם ביטערסטען האַס. אָבער צולעצט ווערען די מענשען מיעד פון די אַלע מלחמות, פּ'ן זייער עלענד און זייערע ליידען, און מען פאַנגט אָן נאָכצודיינקען וועגען אַ נייע אָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט, און פּלוצלונג פאָדערט מען פון אַלע זייטען אַ ראַדיקאַלען איבערבייט פון דעם אייגענטהומס-סיסטעם, פ'ין דער פּראָדוקציאָן און קאָנסומציאָן און פון אַלע עקאָ־נאָמישע בעציהונגען אין דער געזעלשאַפט.

די רעגירונגס-מאַשין, וועלכע האָט די אויפגאַבע צו בעשיצען די סאָציאַלע אָרדנונג, פונקציאָנירט נאָך; אָבער מיט יעדער בעוועגונג ווערט דער מעכאַניזמוס ערגער, די רעדער רייבען זיך איינע די אַנדערע, און צולעצט שטעלט זיך די מאַשין אין גאַנצען אָב. מען פערזוכט איהר צו פערריכטען, אָבער איהרע בעוועגונגען ווערען אימער שווערער און שווערער, און די צאָהל פון די אונצופרידענע וואַקסט פון טאָג צו טאָג. עס פערגעהט ניט קיין טאָג, וואו מען זאָל ניט דאַרפען עפּעס פערריכטען.— „רעפאָר־מירט דאָס! רעפאָרמירט יענעס!" שרייט מען פון אַלע זייטען. „די אַרמעע, די עפענטליכע פינאַנץ, די שטייערן און אָבגאַבען, די געריכטען, די פּאָליציי, אַלעס. אַלעס דאַרף רעפאָרמירט ווערען, יעדע זאַך דאַרף רעאָרגאַניזירט ווערען אויף אַ נייעם באַזיס!" אַזוי זאָגען די רעפאָרמאַ־טאָרס. און דאָך פערשטעהט יעדער איינער, אַז עס איז אונמעגליך צו רעפאָרמירען, דען אום צו שאַפען פערבע־סערונגען, וואָלט מען בעדאַרפט אַלעס איבערבייטען מיט איין מאָל; אָבער ווי אַזוי קען מען איבערהויפּט שאַפען אמת'ע רעפאָרמען, ווען די געזעלשאַפט איז אָבגעטהיילט אין צוויי פיינדליכע לאַגערס? צו בעפרידיגען די אונצו־פרידענע הייסט צו שאַפען נייע אונצופרידענע.

ניט זייענדיג אימשטאַנדע צו געהן פאָרווערטס אויף דעם וועג פון רעפאָרמען, מוז די רעגירונג צולעצט אַנ־

קומען ביי דער רעוואָלוציאָן; אין דערזעלבער צייט האָבען די רעגירער אין אַזעלכע מאָמענטען מייסטענטיילס ניט דעם מאָראַלישען מוטה זיך אָפּען אריינצוואַרפען אין דער רעאַקציאָן; דערפֿאַר האָבען די מאסרעגלען פֿון דער רעגירונג ניט די נייטיגע קראַפֿט, זיי בעפֿרידיגען קיינעם ניט און שאַפֿען נאָך מעהר אונצופֿרידענע. די שוואַכע און קליינגייסטיגע עלעמענטען, וועלכע זיינען אין יענע עפּאָכען געוועהנליך די פֿיהרער פֿון די רעגירונגס־שיף, האָבען צולעצט נאָר נאָך איין געדאַנק: צו פֿערכאַפּען אַזוי פֿיעל ווי נאָר מעגליך, איידער דער שטורם וועט זיך אָנפֿאַנגען. מען אַטאַקירט יי פֿון אַלע זייטען; זיי פֿערטהיידיגען זיך מאַנגעלהאַפֿט און אונגעשיקט און בעגעהען וואָס ווייטער אַלס גרעסערע טאַקטישע פֿעהלער, ביז עס קומט ענדליך אָן דער מאָמענט, ווען זייער אויטאָריטעט אַלס רעגירער ווערט פֿערניכטעט דורך די לעכערליכקייט און אונפֿעהיגקייט פֿון זייערע האַנדלונגען.

אין אַזעלכע פעריאָדען פֿיהלט זיך די נאָהנטקייט פֿון דער רעוואָלוציאָן. יעדער איינער בעגרייפֿט, אַז זי איז אַ סאָציאַלע נויטווענדיגקייט; און עס פֿאַנגט זיך אָן אַ רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע אין דער געשיכטע.

*\
*

ווען מיר שטודירען אין די ווערק פֿון אונזערע בעסטע היסטאָריקער די ערשטע אורזאַכען פֿון די גרויסע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען, געפֿינען מיר מייסטענטהיילס אין אַ בעזונדערען קאַפּיטעל, וועלכער רופֿט זיך געוועהנליך „די אורזאַכען פֿון דער רעוואָלוציאָן,” אַ הערצרייסענדען בילד איבער דעם צושטאַנד און די שרעקליכע איבלען פֿון דער אַלטער געזעלשאַפֿט. דאָס עלענד פֿון די מאַסען, די אַלגעמיינע אונזיכערהייט, די טיראַנישע מאסרעגלען פֿון דער רעגירונג, די עקעלהאַפֿטע סקאַנדאַלען, וועלכע דעקען אויף די שענדליכע קאָרופּציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט, די נייע

אידעען, וועלכע זוכען אַ פּראַקטישען אויסדרוק אין עפֿענטליכען לעבען, און וועלכע ווערען פֿערהינדערט אין זייער נאַטירליכער ענטוויקלונג דורך די דעספּאָטישע פֿאָרמען פֿון דעם אַלטען רעזשים, אָט דיזע אַלע איינצעלהייטען שטעלט מען אונז פֿאָר, כדי דאָס בילד זאָל זיין פֿאָלקאָמען. בעטראַכטענדיג דיזעס בילד מיט אויפֿמערקזאַמקייט, מוזען מיר קומען צו דעם בעשלוס, אַז די רעוואָלוציאָן איז ווירקליך געווען אַן אונפֿערמיידליכע נויטווענדיגקייט, און דאָס עס איז מעהר ניט געווען קיין אַנדערער וועג ווי די רעוואָלוציאָנערע טהאַט.

לאָמיר נעהמען פֿאַר אַ ביישפּיעל די אַלגעמיינע לאַגע אין פֿראַנקרייך בעפֿאָר 1789, אַזוי ווי די היסטאָריקער שטעלען איהר פֿאָר. מיר זעהען דעם בויער, ווי ער זיפֿצט און קרעכצט אונטער דער שווערער לאַסט פֿון די פֿערשידענע פֿעאָדאַלע שטייערן און אָבגאַבען, ווי מען רייסט איהם די הויט פֿון אַלע זייטען, און ווי עס ענטוויקעלט זיך ביי איהם אין האַרצען אַ ביטערער, טויטליכער האַס געגען דעם גרונדבעזיצער, דעם אַדעלמאַן, דעם מאָנאַך, דעם פּראָצענטניק, דעם בעאַמטען. מיר זעהען ווי די בירגער בעקלאָגען זייערע פֿע־לאָרענע מוניציפּאַלע רעכטע און פֿרייהייטען, און עס דוכט זיך אונז אויס, אַז דאָס קעניגטהום ברעכט צוזאַמען אונטער דער לאַסט פֿון זייער פֿלוך. מיר הערען די בעשולדיגונגען פֿון'ם פֿאָלק געגען דער קעניגין, מיר זעהען ווי די מאַסען רעוואָלטירען געגען די האַנדלונגען פֿון די מיניםטאָרען, מיר לייענען אויף יעדער זייטע, אַז די שטייערן און אָבגאַבען זיינען געווען אונמענשליך און גרויזאַם; אַז דער יאָהר איז ניט געווען קיין געראָטענער; אַז דער ווינטער איז געווען האַרט און שטרייננג, די לעבענס־מיטעל טהייער; אַז די פּראָצענטניקעס שלינגען איין דעם מאַרך פֿון די עלענדע, און די אַדוואָקאַטען אין די דערפֿער רויבען אַוועק פֿון דעם בויער זיין אַרבייטס־פֿרוכט פֿון אַ גאַנץ יאָהר;

אַז די בעאַמטע זיינען ברוטאַל און קאָרומפּירט און פֿיהרען אַ פּאַראַזיטישען לעבען אויף די רעכנונג פֿון די ברייטע מאַסען — מיט איין וואָרט: קיינער איז ניט צופֿרידען, אַלע בעקלאָגען זיך. „אזאַ צושטאַנד קען ניט אָנגעהן לענגער, עס וועט נעהמען אַ שוואַרצע ענדע!“ אָט דיזער אורטהייל הערט זיך אַרויס פֿון יעדער זייטע.

אָבער צווישען דיזע פֿרידליכע בעטראַכטונגען און דעם דירעקטען אויפֿשטאַנד ליעגט אַ גאַנצער אָבגרונד, אַן אָבגרונד, וועלכער טהיילט אָב ביי דעם גרעסטען טהייל פֿון דער מענשהייט *דעם געדאַנק פֿון דער טהאַט*, *די אידעע פֿון דעם ווילען און דעם אינערליכען בעדירפֿנים צו האַנדלען*. אָבער ווי אַזוי איז מען אריבערגעקומען דיזען אָבגרונד? ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז דיזעלבע מענשען, וועלכע האָבען נעכטען נאָך אויסגעדריקט די אונצופֿרידענהייט מיט זייער שיקזאַל דורך אייניגע שטילע בעמערקונגען, רויכענדיג דערביי זייער פּיפּקע, ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז דיזעלבע מענשען, וועלכע האָבען נעכטען נאָך מיט צושראָקענע מינעם אַרונטערגענומען דאָס היטעל פֿאַר דעם זשאַנדאַרם אָדער דעם בעאַמטען, וועלכע זיי האָבען אינערליך בעטראַכטעט אַלס די אורזאַכע פֿון זייער עלענד, ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז דיזעלבע מענשען זאָלען מיט אייניגע טעג שפּעטער געפֿינען דעם מוטה צו אַטאַקירען דעם רייכען אַדעלמאַן אין שלאָס, דעמזעלבען אַדעלמאַן, פֿאַר וועלכען זיי האָבען פֿריהער געציטערט? וואָס האָט אַזוינס געווירקט אויף דיזע מענשען, וועלכע זייערע פֿרויען האָבען מיט רעכט בעטראַכטעט פֿאַר אַ באַנדע פֿייגלינגע, און פּלוצלונג זיינען זיי געוואָרען אמת׳ע העלדען, וועלכע שרעקען זיך ניט אָב פֿאַר די ביקסען און קאַנאָנען פֿון די זעלנער, ווען עס געהט פֿאַר די ערָאבערונג פֿון זייערע רעכטע? ווי אַזוי קומט עס, אַז די ווערטער, וועלכע מען האָט אַזוי אָפֿט געפּריידיגט, און וועלכע זיינען

פֿערקלונגען אין דער לופֿט, ניט האָבענדיג די קראַפֿט אויפֿצואויעקען די פֿערשלאָפֿענע, ווי אַזוי קומט עס, אַז דיזע ווערטער זאָלען זיך פּלוצלונג איבערביטען אין טהאַטען?

* * *

דער ענטפֿער איז לייכט.

עס איז די אַרבייט, די שטענדיגע, אונערמידליכע אַרבייט פֿון די קליינע רעוואָלוציאָנערע מינאָריטעטען, וועלכע האָט פֿערראורזאַכט דיזען איבערבייט. דער מוטה, די אויפֿאָפּפֿערונג, די איבערגעבענהייט פֿאַר אַ געווויסע זאַכע האָבען דיזעלבע אָנשטעקענדע פּסיכאָלאָגישע קראַפֿט ווי די פֿייגהייט, די אונטערוואָרפֿענהייט און דער שרעק.

וואָס פֿאַר אַ פֿאָרמע דאַרף אָננעהמען די אַגיטאַציאָן? —אַלע פֿאָרמען, אַלע פֿערשידענע מעטהאָדען, וועלכע ווערען בעשטימט דורך די אומשטענדען, די מיטלען און דעם פּערזענליכען טעמפּעראַמענט. יעדע זאָרט פּראָפּאַגאַנדאַ איז גוט—די עפֿענטליכע אָנקלאַגע געגען דער געזעלשאַפֿט, אָדער די ביטערע סאַטירע געגען איהרע פֿערטרעטער, פֿאָראויסגעזעצט, אַז זיי ווערען אָנגעפֿיהרט מיט מוטה; די פּראָפּאַגאַנדאַ קען זיך אויסדריקען אין טויזענדער פֿערשידענע פֿאָרמען און מעטהאָדען, זי קען האָבען אַ קאָלעקטיווען און אַן אינדיווידועלען כאַראַקטער, יעדער מיטעל איז גוט, וועלכען דאָס עפֿענטליכע לעבען גיט אונז, אום אויפֿצואוועקען די גייסטער, צו ענטוויקלען דעם האַס געגען די אויסבייטער, אָבצולאַכען פֿון די רעגירער, אויפֿצייגען זייער שוואַכקייט און הויפּטזעכליך אום צו ענטוויקלען דעם מוטה, דעם רעבעלישען גייסט דורך רעוואָלוציאָנערע ביישפּיעלע.



II.

ווען עס פֿאַנגט זיך אָן אין אַ לאַנד אַ רעוואָלוציאָנערע פעריאָדע, און דער רעבעלישער גייסט איז נאָך ניט שטאַרק גענוג ענטוויקעלט צווישען די מאַסען, אום זיך אויסצודריקען אין גאַסען־אונרוהען, רעוואָלטען און גרעסערע אויפֿשטענדע, אין אַזעלכע עפּאָכען זיינען עס די מוטהיגע טהאַטען פֿון קליינע מינאָריטעטען, וועלכע ער־ וועקען אין די הערצער פֿון די בריימע מאַסען דעם געפֿיהל פֿון אונאַבהייננגיגקייט, דעם מוטה און די רעוואָלוציאָנערע ליידענשאַפֿט, דיזע קאָסטבאַרע אייגענשאַפֿטען, אָהן וועלכע אַ רעוואָלוציאָן איז אונמעגליך.

העלדישע מענער, וועלכע בעפֿרידיגען זיך ניט מיט יווערטער אַליין, זאָנדערן דורך מוטהיגע און ענטשלאָסענע האַנדלונגען, עהרליכע און אויפֿריכטיגע כאַראַקטערע, פֿאַר וועלכע די טהאַט איז דער לאָגישער און נויטווענדיגער אויסדרוק פֿון דעם געדאַנק, מענשען, וועלכע ציהען בעסער פֿאָר דעם קערקער, די פֿערבאַנונג און דעם טויט, איידער צו האַנדלען געגען זייער אינערליכער איבערצייגונג; מענ־ שען אָהן שרעק און אָהן מורא, וועלכע וויסען, אַז מען דאַרף ריזיקירען, כדי צו געווינען, זיי זיינען די פֿערלאָרענע פּאָסטען, די פּיאָנירען, וועלכע פֿאַנגען אָן דעם קאַמפּף לאַנג בעפֿאָר די מאַסען זיינען גענוג אויפֿגערעגט, אום אָפֿען פֿונאַנדער־צואוויקלען די פֿאָהן פֿון דעם אויפֿשטאַנד און צו קעמפּפֿען מיט די וואָפֿען אין די הענד פֿאַר די עראָבערונג פֿון זייערע רעכטע.

אינמיטען דער אַלגעמיינער אונצופֿרידענהייט, די טהעאָ־ רעטישע דיסקוסיאָנען און דער געוועהנליכער פּראָפּאַגאַנדאַ פּאַסירט פּלוצלונג אַ רעוואָלוציאָנערע טהאַט, אויסגעפֿיהרט פֿון אַן אינדיווידואום אָדער אַ גרעסערע מאַסע, אין וועל־ כער עס דריקט זיך אויס דער גייסטיגער שטרעבען פֿון דער צייט. עס איז מעגליך, אַז די מאַסע בלייבט צוריסט

גלייכגילטיג. עס איז מעגליך, דאָס אָנשטאָט צו בעוואונדערן דעם מוטה פון אַן איינצעלנעם מענשען אָדער פון אַ גרופּע וועלכע האָט גענומען די איניציאַטיווע צו דער טהאַט, עס איז מעגליך, אַז די מאַסען וועלען זיך אין אָנפאַנג לאָזען בעאיינפלוסען פון די חכמים, די קלוגע מענשעלאַך, וועלכע ערקלעהרען, אַז דיזע טהאַט איז געווען אַ „משוגעת", דער אַקט פון ערגעץ „אַ היצקאָפּ, וועלכער איז ניט געווען ביי זיין קלאָהרען פערשטאַנד און האָט אָנגעמאַכט שאָדען פאַר אַלעמען." זיי האָבען שוין ביי זיך אַליין אָבגעמאַכט יעדע קליינינקייט, דיזע קלוגע און אַלוויסענדע מענשעלאַך, אַז זייער פּאַרטיי וועט זיך לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג טהאָן איהר אַרבייט און אין צוויי, דריי אָדער פיער הונדערט יאָהר צייט וועלען זיי אפשר עראָבערן די גאַנצע וועלט—און פלוצלונג מאַכט זיך אַ פּאַסירונג, אויף וועלכע זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט געריכט, און צושטעהרט אַלע זייערע שעהנע פּלענער. און דאָך איז אַזאַ פּאַסירונג ניט מעהר ווי דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון געוויסע אומשטענדען, יעדער איינער קען איהר פערשטעהן, נאָר אונזערע חכמים זיינען די איינציגע, וועלכע בעגרייפען איהר ניט. יעדער איינער, וועלכער איז נאָר אַביסעל בעקאַנט מיט דער געשיכטע און איז ביי זיין קלאָהרען פערשטאַנד, ווייס זעהר גוט, אַז יעדע טהעאָרעטישע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר דער רע־וואָלוציאָן האָט לאָגישערווייזע געפונען אַן אויסדרוק אין בעשטימטע רעוואָלוציאָנערע טהאַטען, לאַנג בעפאָר די טהעאָרעטיקער האָבען ערקלעהרט, אַז די צייט איז שוין געקומען פאַר דיזע האַנדלונגען; אָבער טראָץ דעם זעהען מיר שטענדיג דיזעלבע ערשיינונג, די קלוגע טהעאָרעטי־קער זיינען בלינד און טויב פאַר די לעהרען פון דער געשיכטע, זיי בייזערן זיך אויף יעדע מוטהיגע טהאַט, וועלכע איז ניט אין אָנקלאַנג מיט זייערע פּלענער און פערדאַמען די „משוגעים", וועלכע פיהרען איהר אויס.

אָבער דיזע „משוגעים" געפֿינען ביסלעכווייז די סימפּאַ־טהיע פֿון די מאַסען; מען בעוואונדערט שטילערהייט זייער מוטה און ענטשלאָסענהייט, און זייערע טהאַטען געפֿינען באַלד נאָכפֿאָלגער. די ערשטע פֿון זיי געהען אפשר צו גרונדע אין די קערקערס און געפֿענגניסע; אָבער אַנדערע קומען און זעצען פֿאָרט זייער אַרבייט; און די אַקטען פֿון אונגעזעצליכע פּראָטעסטען, רעוואָלטען און אַלגעמיינער ראַכע ווערען צאָהלרייכער פֿון טאָג צו טאָג.

אפילו די גלייכגילטיגע און אינדיפֿערענטע קענען יעצט מעהר ניט שלאָפֿען. די, וואָס האָבען זיך פֿריהער אפילו ניט געשטעלט די פֿראַגע: וואָס ווילען דען אייגענטליך דיזע „משוגעים?" זיינען יעצט געצוואונגען זיך צו בעשעפֿטיגען מיט זיי, צו דיסקוטירען זייערע אידעען און צו נעהמען אַ בעשטימטע שטעלונג פֿיר אָדער געגען זיי. דורך די רעוואָלוציאָנערע טהאַטען, וועלכע רופֿען אַרויס די אַלגעמיינע אויפֿמערקזאַמקייט, געפֿינען די נייע אידעען אַן איינגאַנג אין די הערצער און גייסטער פֿון'ם פֿאָלק, און די צאָהל פֿון זייערע אָנהייגער ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. אַזעלכע טהאַטען, ווען זיי ווערען אויסגעפֿיהרט אין דעם ריכטיגען מאָמענט, מאַכען מעהר פּראָפּאַגאַנדאַ אין עטליכע טעג ווי טויזענדער בראָשורען.

***

איבעראַל הויבט זיך אויף דער רעוואָלוציאָנערער גייסט, איבעראַל ענטוויקעלט זיך דער מוטה אין די הערצער פֿון דער מאַסע. — דער אַלטער סיסטעם, געשיצט דורך זיינע פּאָליציסטען, זיינע ריכטער, זיינע זשאַנדאַרמען, זיינע סאָלדאַטען זעהט אויס אונבעזיעגבאַר, פּונקט ווי יענע שטאַרקע פֿעסטונג אין פּאַריז, די באַסטילע, מיט איהרע הויכע, דיקע מויערן און איהרע צאָהלרייכע קאַנאָנען; דאָס אונבעוואַפֿענטע פֿאָלק האָט געקוקט אויף דיזע געוואַלדיגע מויערן מיט מורא'דיגע אויגען, און קיינעם האָט זיך אפילו

ניט גע׳חלום׳ט, אַז דיזע מעכטיגע פֿעסטונג וועט אַמאָל געשטורמט און צושטעהרט ווערען פֿון די רעבעלישע מאַסען. אָבער ביסלעכוויז פֿערשטעהט מען, אַז דער אַלטער סיסטעם איז גאָר ניט אַזוי שטאַרק, ווי מען האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. ערגעץ אַ מוטהיגע טהאַט איז אימשטאַנדע צו פּאַראַליזירען די גאַנצע רעגירונגס־מאַשין פֿאַר עטליכע טעג און צו מאַכען ציטערן די ריעזיגע געביידע; ערגעץ אַ רעוואָלטע האָט איבערגעקעהרט די זאָגענאַנטע עפֿענטליכע אָרדנונג פֿון אַ גאַנצע פּראָווינץ, און די זעלנער, וועלכע האַבען שטענדיג געמאַכט אַזאַ געפֿעהרליכען איינדרוק, האָבען זיך געמוזט צוריקציהען פֿאַר אַ הייפֿעל בויערן, וועלכע האָבען זיי אַטאַקירט מיט שטעקענס און שטיינער; דאָס פֿאָלק הויבט אָן צו בעגרייפֿען, אַז דער מאָנסטער איז גאָר ניט אַזוי שרעקליך ווי מען האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, עס פֿערשטעהט, דאָס אַ פּאָר ענערגישע אַטאַקען זיינען אימשטאַנדע איהם צו פֿערניכטען אין גאַנצען. די האָפֿנונג געפֿינט ווידער אַן אָרט אין די הערצער, און די האָפֿנונג איז שטענדיג געווען די אינערליכע קראַפֿט פֿון יעדען אויפֿשטאַנד, פֿון יעדע רעוואָלטע, די האָפֿנונג צו זיעגען איז עס, וואָס רופֿט אַרויס רעוואָלוציאָנען.

די רעגירונג פֿערטהיידיגט זיך; זי בענוצט זיך מיט די שטריינגסטע און גרויזאַמסטע מיטלען. אָבער דיזעלבע מיטלען מיט וועלכע מען האָט פֿריהער דערשטיקט די ענערגיע פֿון די אונטערדריקטע, האָבען אין אַזעלכע שטורמיגע עפּאָכען אַ גאַנץ אַנדערע ווירקונג. זיי רופֿען אַרויס נאָך מעהר רעוואָלוציאָנערע טהאַטען, אינדיווידועלע האַנדלונגען און אַלגעמיינע רעוואָלטען, זיי טרייבען די רעבעלען צו דער גרעסטער העלדישקייט, די רעוואָלוציאָנערע טהאַטען ווערען אַלס צאָהלרייכער און בעקומען צולעצט אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי ווערט אונטערשטיצט פֿון אַזעלכע עלעמענטען, וועלכע זיינען

פֿריהער געווען געטרייע בירגער פֿון דער רעגירונג אָדער אין גאַנצען גלייכגילטיג צו אַלע פּאַסירונגען פֿון'ם עפֿענט־ליכען לעבען. די רעגירונג פֿערלירט דעם קאָפּ, די הערר־שענדע קלאַסען זיינען מעהר ניט אייניג אין זייערע האַנד־לונגען: די איינע ווילען ניט אָבטרעטען אויף אַ האָר ברייט פֿון זייערע פּריווילעגיעס און פֿערטהיידיגען זיך ביז צום לעצטען מאָמענט; די אַנדערע ריידען פֿון קאָמפּראָמיסען; און נאָך אַנדערע ערקלעהרען זיך בערייט אויפֿצוגעבען זייערע פּריווילעגיעס, ביז וואַנען די אַלגעמיינע אויפֿרעגונג וועט זיך ווידער איינשטילען און זיי וועלען ווידער זיין דיזעלבע הערשער ווי בעפֿאָר. די געמיינשאַפֿטליכע און פּלאַנמעסיגע טאַקטיק פֿון די הערשענדע און פּריווילעגירטע קלאַסען איז פֿערניכטעט.

די רעגירענדע קלאַסען קענען נאָכאַמאָל פֿערזוכען צו אָרגאַניזירען אַ ווילדע רעאַקציאָן; אָבער דיזער מיטעל פּאַסט ניט מעהר פֿאַר דעם יעצטיגען מאָמענט; ער קען נאָר מאַכען דעם קאַמפּף שרעקליכער און די רעוואָלוציאָן, וועלכע האַלט ביים אויסברעכען, בלוטיגער. פֿון דער צווייטער זייט וועט דער קלענסטער קאָמפּראָמיס, די קלענסטע רעפֿאָרם פֿון די הערשענדע קלאַסען, דערפֿאַר וואָס זי קומט שוין צו שפּעט און איז אַרויסגעריסען געוואָרען מיט געוואַלד פֿון זייערע הענד, נאָך פֿערשטאַרקערן די ענט־וויקלונג פֿון דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט צווישען די מאַסען. דאָס פֿאָלק, וועלכעס וואָלט פֿריהער פֿילייכט צופֿרידען געווען מיט געוויסע רעפֿאָרמען, בעטראַכטעט זיי יעצט אַלס אַ סימן פֿון שוואַכקייט פֿון זיינע פֿיינד; די מאַסען שטאָלצירען מיט זייער זיעג און הויבען אָן צו גלויבען אין זייער העלדישקייט, און דיזעלבע מענשען, וועלכע האָבען פֿריהער געזיפֿצט און געקרעכצט אונטער דעם יאָך פֿון זייער עלענד, דיזעלבע מענשען, וועלכע האָבען זיך פֿריהער בעהאַלטען אין זייער ווינקעל, ציטערנדיג פֿון שרעק און

מורא, דיזעלבע מענשען קעמפּפען יעצט מיט מוטה און ענטשלאָסענהייט פאַר די פערווירקליכונג פון אַ בעסערע צוקונפט.

ענדליך ברעכט אויס די רעוואָלוציאָן, און וואָס ביטערער עס זיינען געווען די פריהערדיגע קעמפּפע, אַלס מעכטיגער וועט זיין דער רעוואָלוציאָנערער שטראָם.

* * *

דער כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציאָן ווערט נאַטירליך בעשטימט פון די אַלע פערשידענע אומשטענדען, וועלכע האָבען פעראורזאַכט די קאַטאַסטראָפע. אָבער די ווייטערע ענטוויקלונג איהרע איז אַבהייניגיג פון דער רעוואָלוציאָנערער טהעטיגקייט, וועלכע די פאָרטגעשריטענע פּאַרטייען וועלען אויפטהאָן אין דער פאָרבערייטונגס-פעריאָדע.

אַ פּאַרטיי קען פיליכט זעהר גוט אויסאַרבייטען די טהעאָריען, וועלכע זי געפינט פאַר ריכטיג, און דעם פּראָגראַם, וועלכען זי וויל רעאַליזירען, זי קען אָנפיהרען די בעסטע מינדליכע און שריפטליכע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר איהרע אידעען; אָבער זי איז ניט אימשטאַנדע צו געבען דיזע שטרעבונגען אַ פּראַקטישען אויסדרוק אַם טאָג פון דער רעוואָלוציאָן דורך מוטהיגע טהאַטען, וועלכע קענען פערווירקליכען די אידעען פון איהרע אַנהיינגער; זי האָט ווייניג אָדער קיין זאַך ניט געטהאָן געגען די, וועלכע זיינען איהרע ביטערסטע פיינד; זי וועט ניט פערניכטען די אינסטיטוציאָנען, וועלכע זי פערדאַמט, זי וועט נאָר האָבען די מאַכט פון דער טהעאָריע, אָבער ניט די מאַכט פון דער טהאַט; זי וועט ניט מיטהעלפען צו ענטוויקלען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט צווישען די מאַסען, ווייל זי האָט פריהער פערזאַמט צו ריכטען די רעבעלישע ליידענשאַפט פון די מאַסען געגען די פערזאָנען און אינסטיטוציאָנען, וועלכע די רעוואָלוציאָן דאַרף צוערשט בעזיעגען. אַזאַ פּאַרטיי וועט ווייניג וואָס בעקאַנט זיין ביי די מאַסען,

דערפֿאַר וואָס זי האָט ניט שטענדיג פּראָפּאַגאַנדירט איהרע שטרעבונגען דורך פּראַקטישע טהאַטען, וועלכע זאָלען געפֿינען אַן אָבקלאַנג אין דעם פֿערוואָרפֿענסטען ווינקעל און בעקאַנט מאַכען די ברייטע מאַסען מיט איהרע אידעען; איהרע פּרינציפּען האָבען ניט דורכגענומען די מאַסען, זיי זיינען ניט פּאָפּולער געוואָרען, פֿאָלגליך געפֿינען ניט קיין אָבקלאַנג ביי זיי.

די בעסטע פּאַרטיי־שריפֿטשטעלער זיינען נאָר בעקאַנט אין דעם איינגען קרייז פֿון זייערע לעזער, וועלכע בעוואונדערן זייער דענקונגס־קראַפֿט; אָבער זיי האָבען ניט דעם נאָמען און ניט די פֿעהיגקייטען פֿון די מענער דער טהאַט; און אין דעם טאָג, ווען די מאַסע וועט זיך אויפֿהויבען אין די גאַסען, וועלען זיי גיכער פֿאָלגען דעם ראַטה פֿון די, וועלכע זיינען אפשר ניט אַזעלכע קלאָהרע טהעאָרעטיקער מיט אַזעלכע ברייטע שטרעבונגען, נאָר די מאַסע האָט געזעהן זייערע האַנדלונגען און דערפֿאַר האָבען זיי געוואונען דעם צוטרוי פֿון איהר.

די פּאַרטיי, וועלכע האָט געמאַכט די בעסטע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ און אַרויסגעצייגט דעם גרעסטען מוטה און ענערגיע, דיזע פּאַרטיי וועט אַם גיכסטען געווינען די סימפּאַטהיע פֿון דער מאַסע אין דעם טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן. אָבער די יעניגע, וועלכע האָבען ניט געהאַט דעם מוטה צו פֿערשפּרייטען זייערע אידעען דורך רעוואָלוציאָנערע טהאַטען איידער די רעוואָלוציאָן האָט זיך אָנגעפֿאַנגען, די יעניגע, וועלכע האָבען ניט געהאַט אין זיך נענוג מאָראַלישע קראַפֿט צו ענטוויקלען אין די אינדיווידוען און גרופּען דעם געפֿיהל פֿון אויפֿאָפּפֿערונג און דעם ברענענדען וואונש צו פּראַקטיצירען זייערע אידעען— אויב דיזער וואונש וואָלט ווירקליך ביי זיי עקזיסטירט, וואָלט ער זיכער געפֿונען זיין אויסדרוק אין בעשטימטע רעוואָלוציאָנערע טהאַטען, לאַנג בעפֿאָר די מאַסע הויבט

זיך אויף—די יעניגע, וועלכע האָבען ניט געמאַכט פּאָפּולער זייער פאָהן ביי די מאַסען און זיי ארומגענומען מיט זייערע אידעען, זיי האָבען זעהר שלעכטע אויסזיכטען צו פערוווירקליכען אפילו דעם קלענסטען טהייל פון זייער פּראָגראַם. זייער פּלאַץ וועט אין גיכען פערנומען ווערען פון די אַקטיווע פּאַרטייען.

אָט דיזע לעהרע האָבען מיר געצויגען אויס דער געשיכטע פון די פריהערדיגע רעוואָלוציאָנען. די רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע האָט איהר גוט פערשטאַנען; זי האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר קיין מיטעל, כדי אויפצואוועקען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט צווישען די מאַסען, ווען זי האָט געוואָלט צושטערען דעם קעניגליכען רעזשים. דער פראַנצויזישער בויער אין'ם 18טען יאהרהונדערט האָט אויך געפיהלט אינסטינקטיוו, אַז ער דאַרף האַנדלען, אום אָבצושאַפען דעם פעאָדאַליזמוס; און די „אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטער אַסאָסיאַציאָן" האָט אָנגעווענדעט דיזעלבע מעטהאָדע, ווען זי האָט פערזוכט אויפצואוועקען דעם רעבעלישען גייסט ביי די אַרבייטער פון די שטעדט און זיי צו פעראייניגען געגען דעם נאַטירליכען פיינד פון די לוינשקלאַפען, געגען דעם קאַפּיטאַליסט, וועלכער האָט מאָנאָפּאָליזירט די אַרבייטס־אינסטרומענטען און די רוי־שטאָפען.

III.

איינע פון די אינטערעסאַנטעסטע און בעלעהרענדסטע סטודיען, וועלכע פעהלט אונז ליידער ביז יעצט, וואָלט געווען אַן אויספיהרליכע היסטאָרישע צוזאַמענשטעלונג פון די פערשידענע אַגיטאַציאָנס־מיטלען, מיט וועלכע די רעוואָלוציאָנערען פון די פערשידענע פעריאָדען אין דער געשיכטע האָבען זיך בענוצט, כדי צו פערשנעלערן דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן, צו געבען די מאַסען דעם בעוואוסטזיין פון די קומענדע עראייגניסע, צו צייגען דעם

פאָלק זיינע ווירקליכע און געפעהרליכסטע פיינדע און צו ענטוויקלען צווישען די עלענדע און אונטערדריקטע דעם גייסט פון מוטה און רעבעלישע ליידענשאַפטען. מיר ווייסען שוין צו גוט, וואַרום דיזע אָדער יענע רעוואָלוציאָן האָט געמוזט אויסברעכען, אָבער ליידער האָבען מיר איין פראַגע כמעט אין גאַנצען פערנאַכלעסיגט, די פראַגע: ווי אַזוי האָט זיך די רעוואָלוציאָן ענטוויקעלט?

דער פרייסישער גענעראַל־שטאַב האָט קירצליך פערעפענטליכט אַ ווערק פאַר דעם ספעציעלען געברויך פון דער אַרמעע, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט דער קונסט צו בעזיעגען אויפשטענדע און רעוואָלטען פון די מאַסען; אין דיזען ווערק אונטערריכטעט מען די מיליטערישע פיהרער ווי אַזוי מען דעסאָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד, ווי אַזוי מען בריכט זיין מאָראַלישע קראַפט און צושפאַלטעט זיינע אינערליכע קרעפטע. היינט צו טאָג וויל מען געהן אויף אַ זיכערען וועג, מען וויל ערמאָרדען דאָס פאָלק נאָך אַלע רעגלען פון דער קונסט. די סטודיע, פון וועלכער מיר האָבען גערעדט אין אָנפאַנג פון דיזען קאַפיטעל, וואָלט אייגענטליך געווען אַן ענטפער אויף דאָס ווערק פון דעם פרייסישען גענעראַל־שטאַב און אויף נאָך אַזוי פיעל אַנדערע ווערקע, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט דערזעלבער פראַגע, מאַנכעס מאָל מיט אַביסעל וויניגער ציניזמוס און אונפערשעהמטהייט. זי וואָלט אונז געצייגט, ווי אַזוי אַ רעגירונג פערלירט אין רעוואָלוציאָנערע צייטען איהר אָרגאַניזאַטאָרישע קראַפט, ווי איהרע קרעפטע ווערען צושפאָלטען און ווי אַזוי עס ערוועקט זיך דער מאָראַלישער געפיהל אין אַ פאָלק, וועלכעס איז פערשקלאַפט און פערקנעכטעט געווען אונטער דעם יאָך פון עלענד און אונטערדריקונג.

ביז יעצט איז אַזאַ סטודיע נאָך ניט געמאַכט געוואָרען. די היסטאָריקער האָבען אונז זעהר גוט איבערגעגעבען און ערקלעהרט די גרויסע עפאָכען אין דער געשיכטע, וועלכע

דייטען אָן דעם בעפרייאונגס־וועג פון דער מענשהייט; אָבער זיי האָבען אונז זעהר ווייניג, כמעט גאָר נישט גע־זאָגט איבער די איינלייטונגס־פעריאָדען פון דער רעוואָ־לוציאָן, איבער די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציאָן, וועלכע איז אָנגעגאַנגען בעפאָר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן. זייענדיג אין גאַנצען בעאיינפלוסט פון די גרויסע דראַמאַ, וועלכע זיי פערזוכען פאָרצושטעלען, מאַכען זיי אַוועק דעם פראָלאָג פון די דראַמאַ מיט דער האַנד; און דאָך אינטערעסירט אונז דער פראָלאָג, די איינלייטונג אַם מייסטען.

***

קיין צווייפעל, קיין אַנדער בילד איז ניט אַזוי ריהרענד, אַזוי ערהאַבען און שעהן, ווי די אונערמידליכע און ענטוז־יאַסטישע טהעטיגקייט פון די, וועלכע האָבען פאָרבעריי־טעט די רעוואָלוציאָן! וואָס פאַר אַ געוואלדיגע אונאונ־טערבראָכענע אַרבייט האָבען אויפגעטהאָן די פראַנצויזישע בויערן און די מענער דער טהאַט, וועלכע די בורזשואַזיע האָט געהאַט בעפאָר 1789! וואָס פאַר אַן ענערגישען קאַמפף האָבען די רעפובליקאַנער אָנגעפיהרט פון 1815, ווען דער טהראָן פון דער בורבאָנישער דינאַסטיע איז אויפגעבויט געוואָרען פון דאָס ניי אין פראנקרייך, ביז 1830, ווען ער איז ווידער פערניכטעט געוואָרן! וואָס פאַר אַ ריעזיגע טהעטיגקייט האָבען ענטוויקעלט די קאָנספיראַטיווע געזעל־שאַפטען אונטער דער הערשאַפט פון דעם גראָבען בור־זשוא לואי פיליפ! וואָס פאַר אַ גרויסאַרטיגעס בילד האָט אונז געגעבען די איטאַליענישע יוגענד אין איהר בלוטיגען קאַמפף געגען דער עסטרייכישער טיראַניי, איהרע קאָנספי־ראַציעס און איהרע העלדישע טהאַטען, איהרע אונבע־שרייבליכע ליידען און איהרע מערטירער! און וואָס פאַר אַ שרעקליכע און גראַנדיאָזע טראַגעדיע איז עס, וועלכע דערצעהלט אונז די איינצעלהייטען פון די אַלע קאָנספי־ראַטיווע אונטערנעהמונגען, וועלכע די רוסישע יוגענד האָט

אָרגאַניזירט פון 1860 ביז היינט, אום צו שטירצען דעם אַבסאָלוטיזמוס און דעם רעזשים פון גרונד־אייגענטהום און קאַפיטאַליזמוס! מיט וויפיעל נאָבעלע געשטאַלטען בעקענט זיך דער מאָדערנער סאָציאַליסט, שטודירענדיג די פערשיידענע אַקטען פון דיזע דראַמאַ; מיט וויפיעל אויפאָפּפערונג און ערהאַבענע געפיהלען און שטרעבונגען ווערט ער בעקאַנט, און אין דערזעלבער צייט וויפיעל רעוואָלוציאָנערע בעלעהרונג, ניט נאָר טהעאָרעטישע, זאָנדערן אויך פּראַקטישע בעלעהרונג קען ער געפינען אין דיזער גיגאַנטישער טראַגעדיע צום נוצען פאַר דעם יעצטיגען דור!

עס איז ניט יעצט אונזער אויפגאַבע צו שרייבען אַזאַ סטודיע; מיר ווען נאָר אַרויסנעהמען עטליכע ביישפּיעלע, אום צו צייגען, מיט וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ־מיטלען אונזערע עלטערן האָבען זיך בענוצט, און וואָס פאַר שליסע מיר קענען ציהען, שטודירענדיג דיזע פראַגע.

מיר וועלען נאָר וואַרפען אַ בליק אויף איינע פון יענע פעריאָדען, וועלכע האָבען איינגעלייטעט די גרויסע רעוואָלוציאָן פון 1789; מיר וועלען אפילו ניט אַנאַליזירען די פערשידענע אומשטענדע, וועלכע האָבען געשאַפען אין פראַנקרייך אַ רעוואָלוציאָנערע לאַגע אַם ענדע פון'ם 18טען יאָהרהונדערט. מיר וועלען זיך נאָר בעשעפטיגען מיט די אַגיטאַציאָנס־מיטלען, מיט וועלכע אונזערע פאָרגענגער האָבען זיך בענוצט.

* * *

צוויי גרויסע היסטאָרישע ערשיינונגען זיינען געווען דער רעזולטאַט פון דער רעוואָלוציאָן פון 1789 ביז 1793: פון איין זייט די פערניכטונג פון דער קעניגליכער אויטאָקראַטיע און די עראָבערונג פון דער עפענטליכער מאַכט דורך דער בורזשואַזיע; און פון דער צווייטער זייט די אָבשאַפונג פון דער לייבאייגענשאַפט און אַלע פעאָדאַלע שטייערן

און אָבגאַבען אין די פּראָווינצען. דיזע ביידע ערשיינונגען זיינען איינג פערבונדען איינע מיט די אַנדערע, און די פערווירקליכונג פון די איינע וואָלט געווען אונמעגליך אָהן די פערווירקליכונג פון דער צווייטער. דיזע ביידע שטרעבונגען האָבען זיך שוין דייטליך אַרויסגעצייגט אין דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציאָן, וועלכע איז אָנגעגאַנגען, איידער די רעוואָלוציאָן האָט זיך אָנגעפאַנגען; די אַגיטאַציאָן געגען דאָס קעניגטהום, וועלכע איז הויפּטזעכליך אָנגעפיהרט געוואָרען פון דער בורזשואַזיע, און די אַגיטאַציאָן געגען דעם פעאָדאַליזמוס, וועלכע איז אָנגעגאַנגען צווישען די בויערן.

לאָמיר זיך אַביסעל נעהנטער צוקוקען צו די ביידע.

די צייטונג האָט אין יענער צייט נאָך ניט געהאַט די־זעלבע וויכטיגקייט, וועלכע זי האָט היינט; עס איז געווען די בראָשורע און הויפּטזעכליך דאָס פלוג־בלאַט פון דריי אָדער פיער זייטען שטאַרק, וועלכע האָבען דאַמאָלסט פערנומען דעם פּלאַץ פון די צייטונגען. די פאָלגע איז געווען, אַז די צאָהל פון די בראָשורען און פלוג־בלעטער איז אין יענער צייט געווען זעהר אַ גרויסע. אין דער בראָשורע האָט מען ענטוויקעלט פאַר דער גרויסער מאַסע די אידעען פון די פילאָזאָפען און עקאָנאָמיסטען, וועלכע האָבען געלעבט בעפאָר דער רעוואָלוציאָן; אין דעם רע־וואָלוציאָנערען פלוג־בלאַט האָט מען אַטאַקירט די דריי הויפּט־פיינד: דעם קעניג און זיין הויף, די אַריסטאָקראַטיע און די גלחים. מיט טהעאָריען האָבען זיי זיך ניט אָבגעגעבען, זייער הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו פער־שפּרייטען דעם האַס, די פעראַכטונג און די לעכערליכקייט געגען די בעשטעהענדע אינסטיטוציאָנען און זייערע פער־טרעטער.

טויזענדער און טויזענדער אַזעלכע פלוגבלעטער זיינען פערשפּרייט געוואָרען און האָבען דעם פאָלק דערצעהלט

פון די לאסטער און שמוצערייען פין דעם קעניגליכען הויף און הויפּמזעבליך פון דער קעניגין; זיי האבען אבגעלאכט פון דעם הויף, מיט דעם וואס זיי האבען אראנטערגעריסען דעם היפאקריטישען שלייער, די אויסערליכע בעפוצונג און האבען איהם פארגעשטעלט אין זיין נאקעטער געשטאלט מיט אלע זיינע לאסטער, זיינע פערשווענדונגען, זיין מאַ־ראלישער פערדארבענהייט און אלע זיינע דומהייטען. די ליעבעס-געשיכטען פון'ם קעניג און דער קעניגין, די הייף-סקאנדאלען, די וואהנזיניגע פערשווענדונגען, די „הונגער־אליאנץ", דיזער בונד צווישען די רעגירער און די גנבה'שע קארן־הענדלער, וועלכער איז געשלאסען געווארען, אום צו מאכען מיליאנען דורך דעם הונגער פון'ם פאלק — אט דאס זיינען געוועזען די פראגען, מיט וועלכע דיזע פלוג־בלעטער האבען זיך בעשעפטיגט. די בייסענדע פלוגבלאט־שרייבער זיינען שטענדיג געווען אויף דער וואך, זיי האבען ניט פערזוימט די קלענסטע געלעגענהייט, עפענטליך צו אטאקירען דעם פיינד. ווען מיר רעדען פון עפענטליכע אטאקען, מוזען מיר פריהער מאכען א קורצע בעמערקונג. דאס פלוגבלאט האט דעם צוועק אויסצודריקען זיינע גע־דאנקען אפען און פריי, ניט נעהמענדיג די קלענסטע ריקזיכט. דערפאר פאסט עס בעסער פאר דער אלגעמיינער אגיטאציאן ווי די צייטונג. א צייטונג איז שוין א גאנצע אונטערנעהמונג, און מען דארף זיך שוין באלד אין אנפאנג רעכנען, אז דער פיינד וועט איהר פערניכטען ביי דער ערשטער געלעגענהייט; און די פערניכטונג פון א צייטונג קאמפראמיטירט אפטמאל א גאנצע פארטיי. די פלוגשריפט קען נאר קאמפראמיטירען דעם שרייבער און דרוקער — אבער פריהער דארף מען זיי ביידע אויסגעפינען!...

עס פערשטעהט זיך, אז די שרייבערס פון אזעלכע פלוג־בלעטער האבען זיך געוואלט בעפרייען פון דער צענזור, דען אין יענע צייטען האט מען נאך ניט געוואוסט פון דער

שעהנער איינריכטונג, וועלכע דער מאָדערנער יעזואיטיזמוס האָט בעשאַפען—דעם זאָגענאַנטען „פרעס־פּראָצעס", וועל־כער פערניכטעט יעדע פרייהייט פון דעם רעוואָלוציאָנערען שריפטשטעלער; אום צו וואַרפען אַ שרייבער אָדער אַ דרוקער אין געפענגנים, האָט מען זיך דאַן בענוצט מיט די זאָגענאַנטע „Lettres de cachet" (אַן אָפיציעלער בריעף, וועלכען די אַלטע רעגירונג האָט געקענט אַרויסגעבען געגען יעדען מענשען, וועלכער איז איהר ניט געפעלען געוואָרען. דער בריעף איז געוועזען אַן אַרעסטירונגס־בעפעהל, דורך וועלכען די רעגירונג איז אימשטאַנדע געוועזען צו בעגראָבען אַ מענשען אין קערקער אָהן אַ פּראָצעס און אַזוי לאַנג ווי עס האָט איהר געפאַסט.) דער מיטעל איז געוועזען אַ ברוטאַלער, אָבער ער איז אָפענער געוועזען ווי דער היינטיגער.

דאָס איז געוועזען די אורזאַכע, וואַרום די פערפאַסער פון די רעוואָלוציאָנערע פלוגבלעטער און בראָשורען האָבען געדרוקט אויף זייערע ליטעראַרישע פּראָדוקטען די ווערטער: „געדרוקט אין אַמסטערדאַם" אָדער „געדרוקט 100 מיילען פון דער באַסטיליע אונטער דעם בוים פון פרייהייט." אויף אַזאַ מין אַרט האָבען זיי געקענט שרייבען, וואָס עס האָט זיך זיי פערוועלט און געקענט אויפדעקען די סקאַנדאַלען פון'ם קעניג, דער קעניגין און ליעבהאָבער, די הויף־לייט און די אַריסטאָקראַטען. די געהיימע פרעסע האָט אָנגעמאַכט דער פּאָליציי געברענטע צרות; זי האָט געקענט מאַכען אַן אונטערזוכונג ביי די בוכהענדלער אָדער אַרעסטירען די פערשפרייטער; אָבער די שרייבער זיינען געוועזען אונבע־קאַנט פאַר איהר, זיי האָבען זיך אַרויסגעדרעהט פון אַלע פערפאָלגונגען און פאָרטגעזעצט זייער אַרבייט.

***

אַן אַנדערער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדאַ־מיטעל איז געוועזען דאָס ליעד — פערשטעהט זיך אַזעלכע ליעדער,

וועלכע מען האָט ניט עפֿענטליך געקענט דרוקען; דיזע לידער זיינען געגאַנגען פֿון מויל צו מויל, איינער האָט זיי געלערנט פֿון'ם צווייטען, און מען האָט זיי געזונגען אין גאַנץ פֿראַנקרייך. דאָס רעוואָלוציאָנערע ליעד איז שטענדיג געווען אַן אויסגעצייכענטער אַגיטאַציאָנס-מיטעל. ער אַטאַ־קירט די בעשטעהענדע אינסטיטוציאָנען און זייערע פֿער־טרעטער; ער בערעדט די געקרוינטע קעפּ, ער פֿערשפּרייט די פֿעראַכטונג געגען דאָס קעניגטהום ביז אין דעם קליינעם קרייז פֿון דער פֿאַמיליע און ענטוויקעלט איבעראַל דעם האַס געגען די גלחים און אַדעלמענער און די האָפֿנונג, אַז די רעוואָלוציאָן איז שוין מעהר ניט ווייט.

נאָר דער הויפּט-מיטעל, מיט וועלכען די אַגיטאַטאָרם האָבען זיך בענוצט, איז געווען דער פּלאַקאַרד, די אַפֿישע. די פּראָפּאַגאַנדאַ דורך דער אַפֿישע האָט געמאַכט אַ גרע־סערען איינדרוק ווי די אַגיטאַציאָן דורך בראָשורען און פֿלוג-בלעטער. ביי יעדער געלעגענהייט האָט מען אָנגע־קלעבט אַפֿישען אויף די ווענד פֿון די פּאַלאַצען און בעקאַנטע הייזער, געדרוקטע אָדער געשריבענע, וועלכע האָבען מיט־געטהיילט אַ נייעם פֿאַקט, וואָס האָט פֿעראינטערעסירט די מאַסען. היינט רייסט מען זיי אַרונטער פֿון די ווענד; אָבער מאָרגען ערשיינען זיי פֿון דאָס ניי צום גרויסען פֿערדרום פֿון די רעגירער און זייערע שפּיאָנען. — „מיר האָבען זיך ניט אָבגערעכענט מיט דיין זיידען; אָבער מיר וועלען זיך אָברעכענען מיט דיר!" דיזע ווערטער האָט דער קעניג פּלוצלונג דערזעהן אויף אַ גרויסע אַפֿישע, וועלכע אַן אונ־בעקאַנטע האַנד האָט אויפֿגעקלעבט אויף די מויערן פֿון זיין פּאַלאַסט. אַן אַנדערש מאָל ווייגט די קעניגין פֿון ערגער, ווייל מען האָט בעקאַנט געמאַכט דורך אַפֿישעס אַלע איינ־צעלהייטען פֿון איהר שענדליכען לעבען. אַזוי האָט זיך שוין דאַמאָלסט אָנגעקליבען דער טויטליכער האַס געגען דיזע פֿרוי, וועלכע איז פֿאַרטיג געווען אויסצוראָטען גאַנץ פּאַריז,

אום צו ערהאַלטען איהר פּריווילעגיום אַלס קעניגין און זעלבסטהעררשערין.

ווען די קעניגליכע מעטרעסען האָבען פֿאָרגעשלאָגען צו פֿייערן די געבורט פֿון דעם קרוין־פּרינץ, האָבען די אַפֿישעס פֿערשפּרייט די דראָהונג, אַז מען וועט אונטערצינדען פּאַריז אין אַלע פֿיער עקען. גאַנץ פּאַריז איז געווען אין אַנגסט און שרעק, ווייל אויף די פּלאַקאַרדען האָט מען אָנגעזאָגט אויסערגעוועהנליכע פּאַסירונגען. און ווען דער טאָג פֿון דעם פֿעסט איז געקומען, האָט מען פּלוצלונג אויסגעקלעבט אַפֿישעס, וועלכע האָבען בעריכטעט: אַז „דער קעניג און די קעניגין וועלען טראַנספּאָרטירט ווערען אונטער אַ שטאַרקע בעוואַכונג צום פּלאַס דע גרעוו; פֿון דאָרטען וועט מען זיי ברייגגען אין שטאָדט־הויז, וואו זיי וועלען עפֿענטליך צוגעבען זייערע פֿערברעכען, און נאָכדעם וועט מען זיי פֿערברענען לעבעדיגערהייט.“ — ווען דער קעניג האָט פֿעררופֿען די זאָגענאַנטע „פֿאָלקס־פֿערטרעטער“ צו אַ זיצונג, איז באַלד ערשינען אַן אַפֿישע, וועלכע האָט אַנאָנסירט, אַז „די נייע טרופּע פּורים־שפּיעלער אונטער דער פֿיהרונג פֿון העדר קאַלאָן (פּרעמיער מיניסטער פֿון פֿראַנקרייך) וועט אָנפֿאַנגען איהרע פֿאָרשטעלונגען אַם 29טען דיזען מאָנאַט מיט אַן אַלעגאָרישען באַלעט מיט דעם נאָמען: „דאָס פֿאַס פֿון די דאַנאַאידען.“ *) נאָך בעסער: דיזע אַפֿישען, וועמעס שפּראַכע עס איז וואָס ווייטער אַלס ערגער געוואָרען, זיינען צולעצט זאָגאַר אַריינגע׳גנב׳עט געוואָרען אין די לאָזשען פֿון דער קעניגין און האָבען איהר אָנגעזאָגט, אַז די טיראַנען וועלען אין גיכען פֿערניכטעט ווערען.

---

*) די 50 טעכטער פֿון דעם מיטהאָלאָגישען קעניג דאַנאַאָס, וועלכע האָבען ערמאָרדעט זייערע מענער, און דערפֿאַר זיינען זיי פֿעראורטהיילט געוואָרען פֿון די געטער אָנצופֿילען אַ פֿאַס אָהן אַ דעק. אין דעם אויבען דערמאָנטען פֿאַל מיינט עס, אַז דער קעניג פֿעררופֿט די פֿאָלקס פֿערטרעטער, אום אָנצופֿילען זיינע שטענדיג ליידיגע קעשענעס. (דער איבערזעצער.)

אָבער הויפּטזעכליך האָבען די אַפּישעס אַטאַקירט די קאָרן־הענדלער, וועלכע האָבען דאָס פֿאָלק אויסגעהונגערט, די רייכע גרונד־בעזיצער און די פֿערוואַלטער. יעדעס מאָל, ווען דאָס פֿאָלק איז אויפֿגערעגט געוואָרען פֿון אַ געוויסע זאַך, זיינען ערשינען אַפּישעס, וועלכע האָבען אָנגעזאָגט די בלוטיגע אויס־אַטונג פֿון די גרונד־בעזיצער. ווי באַלד אַ קאָרן, הענדלער, אַ פֿאַבריקאַנט אָדער אַ פֿערוואַלטער האָט זיך פֿערהאַסט געמאַכט ביין פֿאָלק, איז באַלד ערשינען אַן אַפּי־שע, וועלכע האָט איהם פֿעראורטהיילט צום טויט אין דעם נאָמען פֿון'ם „פֿאָלקס־קאָמיטעט" אָדער פֿון'ם „פֿאָלקס־פּאַר־לאַמענט" א. ז. וו. און שפּעטער, ווען עס האָט זיך געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד אָדער אַ רעוואָלט, האָט זיך דער האַס פֿון די מאַסען הויפּטזעכליך געריכטעט געגען די יעניגע, וועמענס נעמען עס זיינען אָפֿט דערמאָנט געוואָרען אויף די רעוואָ־לוציאָנערע אַפּישעס

ווען עס וואָלט מעגליך געוועזען צונויפֿצוקלייבען די אונ־צעהלבאַרע פּלאַקאַרדען און אַפּישעס, וועלכע זיינען פֿער־שפּרייט געוואָרען אין די צעהן אָדער פֿופֿצעהן יאָהר בעפֿאָר דער רעוואָלוציאָן, וואָלט מען זיכער פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ געוואַלטיגע ראָלע דיזער פּראָפּאַגאַנדאַ־מיטעל האָט געשפּיעלט, אום פֿאָרצובערייטען די שפּעטערע בעוועגונג. אין דער ערשטער צייט איז דער כאַראַקטער פֿון דיזע אַפּישעס געוועזען אַ סאַטירישער, אַן אויסדרוק פֿון דעם פֿאַנצויזישען וויץ, אָבער שפּעטער איז זייער שפּראַכע געוואָרען אַלס דראָהענדער; זייערע אונבעקאַנטע פֿערפֿאַ־סער זיינען שטענדיג אויף דער וואַך, און די קלענסטע פּאָליטישע פּאַסירונג איז פֿאַר זיי אַ געלעגענהייט צו ווירקען אויף דעם גייסט פֿון די מאַסען; זיי ענטוויקלען דעם צאָרען, די פֿעראַכטונג צווישען די ברייטע מאַסען און ריטען אָן אויף די ווירקליכע פֿיינד פֿון'ם פֿאָלק, זיי וועקען אויף אין די הערצער פֿון די בויערן, די אַרבייטער און דער

בורזשואַזיע דעם טויטליכען האַס געגען זייערע אונטערדריי־קער און זאָגען אָן, אַז דער טאָג פֿון פֿרייהייט און ראַכע איז ניט מעהר ווייט.

* * *

אַ מערקווירדיגע ערשיינונג פֿון דעם 18טען יאָהרהונ־דערט איז געווען די מעטהאָדע צו פֿערברענען דאָס בילד אָדער אויפֿצוהיינגען די נאָכגעמאַכטע פֿיגור פֿון אַ פֿער־האַסטען פֿאָלקס־פֿיינד. דיזע מעטהאָדע איז געווען אַן אויסגעצייכענטער אַגיטאַציאָנס־מיטעל. יעדעס מאָל, ווען דאָס פֿאָלק איז אויפֿגערעגט געוואָרען דורך אַ געוויסע ערשיינונג, האָבען זיך פֿאָרמירט קלענערע און גרעסערע גרופּען אין די גאַסען, שלעפּענדיג אַן אויסגעשטאָפּטע פּופּע, וועלכע האָט פֿאָרגעשטעלט אַ געוויסען פֿיינד פֿון די מאַסען, און האָבען איהר עפֿענטליך פֿערברענט אָדער צוריסען אויף שטיקלאַך.— „קינדערייען!" האָבען געזאָגט די קלוגע און פֿערנינפֿטיגע מענשעלאַך, די מענשען מיט אַלטע גייסטער און קאַלטע הערצער. אָבער לאָמיר ניט פֿערגעסען, אַז די שפּעטערע הינריכטונג פֿון די ביידע רעאַקציאָנערע פֿולאָן און בערטיע דורך דאָס פֿאָלק און פֿיעלע עהנליכע פּאַסירונגען, וועלכע האָבען דער רעוואָ־לוציאָן פּלוצלונג געגעבען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער, זיינען שוין פֿון לאַנג אָן פֿאָרבערייטעט געוואָרען דורך דיזע אַלעגאָרישע הינריכטונגען פֿון טויטע פּופּען.

אָט וועלען מיר געבען אַ פּאָר ביישפּיעלע.

דאָס פּאַריזער פֿאָלק האָט ניט געליעבט דעם הערר פֿון מאָפּו, איינעם פֿון די מיניסטאָרען, צו וועלכען לואי דער 16טער האָט געהאַט די גרעסטע סימפּאַטהיע. אין אַ שעהנעם פֿריה־מאָרגען האָט זיך די מאַסע פּלוצלונג צו־זאַמענגעקליבען, און מען האָט אויסגעשריען אין די גאַסען: „אויפֿמערקזאַם! דער פּאַרלאַמענט האָט בעשלאָסען צו פֿערברענען דעם הערר פֿאָן מאָפּו, דעם פּרעמיר־מיניסטער

פֿון פֿראַנקרייך לעבעדיגערהייט און צו פֿערשפּרייטען זיין
אַש אין אַלע פֿיער עקען פֿון דער וועלט!" נאָכדעם האָבען
זיך די מאַסען פֿערזאַמעלט לעבען דעם מאָמנומענט פֿון
האַנרי דעם 4טען און האָבען דאָרט פֿערברענט אַ פּופּע
פֿון שטרוי, וועלכע האָט פֿאָרגעשטעלט דעם מיניסטער,
אונטער דעם בייפֿאַל פֿון'ם פֿאָלק. אַן אַנדערש מאָל האָט
מען אויפֿגעהאַנגען אויף אַ לאַנטערן די פֿיגור פֿון דעם
אַבע טעררע אין זיינע גלח'ישע קליידער און ווייסע הענטש־
קעס. אין דער שטאָרט רואַן האָט מען צוריסען דאָס
בילד פֿון דעם מיניסטער מאָפּו אויף שטיקלאַך; און
ווען די זשאַנדאַ־מען האָבען פֿערזוכט צו פֿערהינדערן, אַז
די מאַסען זאָלען זיך צוזאַמענקלייבען, האָט מען זיך בע־
גנוגענט אויפֿצוהייננגען ביי די פֿיס די פֿיגור פֿון ערגעץ
אַ קאָרן־הענדלער, פֿון וועמעס נאָז, אויגען און אויערן
עס האָט זיך אַרויסגעשיט קאָרן ווי אַ רעגען.

אַ גאַנצע פּראָפּאַגאַנדאַ איז אַלזאָ אָנגעפֿיהרט געוואָרען
מיט דיזע פּופּען. און דיזע פּראָפּאַגאַנדאַ האָט געהאַט אַ
גאַנץ אַנדערן איינפֿלוס אויף די ברייטע מאַסען ווי די
געוועהנליכע אַבסטראַקטע פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע קען נאָר
אָנגעפֿיהרט ווערען אין קלענערע קרייזען.

* * *

דער הויפּט־מיטעל פֿאָרצובערייטען די רעוואָלטען און
אויפֿשטענדע, וועלכע האָבען שטאַטגעפֿונען בעפֿאָר דעם
אויסברוך פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, איז געווען
די טאַקטיק צוצוגעוואוינען די מאַסען זיך צונויפֿצוקלייבען
אין די גאַסען און אויסצודריקען זייערע פּראָטעסטען אין
דער עפֿענטליכקייט; דורך דיזע טאַקטיק האָט דאָס פֿאָלק
ביסלעכווייז פֿערלאָרען די מורא פֿאַר דער פּאָליציי, די
זעלנער און די זשאַנדאַרמען. דאָס איז די אורזאַכע, וואָרום
די רעוואָלוציאָנערען פֿון יענער עפּאָכע האָבען ניט פֿער־

זאָמט קיין געלעגענהייט צונויפצוקלייבען די מאַסען אין די גאַסען און אַרויסצורופען אונרוהען.

יעדע ערשיינונג אין דעם עפענטליכען לעבען פון פאַריז און די פּראָווינצען איז אויסגענוצט געוואָרען אויף אַזאַ מין שטייגער. יעדעס מאָל, ווען די עפענטליכע מיינונג האָט דעם קעניג געצוואונגען אַוועקצושיקען אַ פערהאַסטען מיניסטער, האָט מען געמאַכט אַן אַלגעמיינעם יום טוב און די אילימונאַציעס האָבען זיך גאָר ניט געוואָלט ענדיגען. כדי אַרויסצורופען די עפענטליכע אויפמערקזאַמקייט, האָט מען אויסגעשאָסען מיט פּוליעס און אָבגעפייערט ראַקעטען, אַז „אין מאַנכע ערטער זיינען די גאַסען פאָלשטענדיג בעדעקט געווען מיט די אויסגעליידיגטע הילזען, אין וועלכע די ראַקעטען זיינען געלעגען." און ווען עס איז ניט געווען קיין געלד צו קויפען פייערווערק, האָט מען אָבגעשטעלט די פערבייגעהער און זיי אויפגעפאָדערט „העפליך אָבער ענערגיש" — ווי מען קען לעזען אין די שריפטען פון די צייטגענאָסען — „צו געבען אַ פּאָר סו פאַר דעם פערגני־גען פון'ם פאָלק." שפּעטער, ווען די צאָהל פון די צושויער איז גרעסער געוואָרען, האָבען רעדנער גענומען דאָס וואָרט און ערקלעהרט די לעצטע פּאַסירונגען, און אַזוי האָבען זיך אָרגאַניזירט גאַנצע קלובס אונטער'ן פרייען הימעל. און ווען די קאַוואַלעריע אָדער די זשאַנדאַרמען זיינען אָנגעקומען, אום צו פערטרייבען די מאַסען, האָבען זיי זיך אָבגעשראָ־קען אָנצוואווענדען געוואַלד געגען פרידליכע מענער און פרויען. און די ראַקעטען, וועלכע האָבען עקספּלאָדירט פאַר די פיס פון די פערד און די סאָלדאַטען אונטער דעם פרעהליכען געלעכטער פון די פערזאַמעלטע, האָבען אָבגע־קיהלט די היץ פון די, וועלכע האָבען זיך צו וויט אַריינ־געלאָזט צווישען די מאַסען.

אין די פּראָווינצען האָבען מאַנכעס מאָל די קוימען־קעהרער פאָרגעשטעלט אין די גאַסען דעם ריכטער־שטוהל

פֿון'ם קעניג; די צושויער זיינען באַלד צופּלאַצט געוואָרען פֿון געלעכטער, קוקענדיג אויף דיזע שוואַרצע, פֿערשמירטע געזיכטער, וועלכע האָבען פֿאָרגעשטעלט דעם קעניג אָדער זיין פֿרוי. אַקראָבאַטען און פּאַיאַצען האָבען פֿערזאַמעלט אַרום זיך טויזענדער צושויער אין די גאַסען, און אין זייערע קאָמישע לידער און דעקלאַמאַציאָנען האָבען זיי אַטאַקירט די רייכע און מעכטיגע. אַלס מעהר צושויער האָבען זיך צונויפֿגעקליבען; די רעדעז זיינען געוואָרען אַלס דראָהענדער, און ווען עס האָט זיך געמאַכט, דאָס אַ שטאַאַטס-מאַן אָדער אַ רייכער בירגער איז צופֿעליגערווייזע פֿערבייגעפֿאָהרען אין זיין קאַרעטע, האָט מען זיי געגעבען אַן עמפּפֿאַנג, אַז זיי זאָלען עס האָבען צו געדיינקען.

* * *

אָט אין דיזער ריכטונג האָט זיך ענטוויקעלט דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פֿון די מאַסען. די אינטעליגענטע עלעמענטען האָבען ניט פֿערזאַמט קיין געלעגענהייט אַרויסצורופֿען אונרוהען אין די גאַסען; צוערשט האָט מען געלאַכט און זיך געוויצעלט, און שפּעטער, ווען די מאַסען זיינען שוין אויפֿגערעגט געוואָרען און האָבען געפֿיהלט אין זיך דעם ווילען עפּעס צו טהאָן, זיינען ערשינען די מענער דער טהאַט, און זייערע מוטהיגע האַנדלונגען זיינען געוועזן דער לעבענדיגער אויסדרוק פֿון דער אַלגעמיינער שטימונג.

אַלעס האָט געווירקט צוזאַמען: פֿון איין זייט די רעוואָלוציאָנערע לאַגע און די אַלגעמיינע אונצופֿרידענהייט; און פֿון דער צווייטער זייט די אַפֿישעס, די פֿלוג-שריפֿטען, די רעוואָלוציאָנערע לידער, די עפֿענטליכע „הינריכטונגען" פֿון בילדער און פּופּעס א. ז. וו. וועלכע האָבען פֿעראורזאַכט, אַז די מאַסען זאָלען זיך צונויפֿקלייבען אין די גאַסען; און וואָס ווייטער אַלס דראָהענדער איז געוואָרען זייער שטעלונג. היינט האָט מען אַטאַקירט דעם אַרץ-בישאָף פֿון פּאַריז אין גאַס, און מאָרגען האָט מען אַ פּרינץ אָדער אַ

גראַף אין וואַסער אַריינגעוואָרפֿען; אַן אַנדערש מאָל האָט זיך די מאַסע געמאַכט דעם פֿערגניגען אויסצוהוקען די מיטגליֿדער פֿון דער רעגירונג אויף זייער וועג צום מיניס־טעריום; די רעוואָלוציאָנערע אַקטען האָבען זיך געפֿאָלגט איינע די אַנדערע אָהן אַן אונטערברעכונג, זיי האָבען אַריינגעוואָרפֿען דעם רעוואָלוציאָנערען פֿונק צווישען די מאַסען, דאָס פֿאָלק האָט זיך צונויפֿגעקליבען אין די גאַסען; עס זיינען ענטשטאַנען אונרוהען, פֿון די אונרוהען האָבען זיך גענומען די רעוואָלטען און פֿון די רעוואָלטען די רעוואָלוציאָן.

„עס זיינען געווען די אויסוואורפֿען פֿון דער געזעלשאַפֿט, די טויגעניכצען און פֿוילענצער, וועלכע האָבען רעוואָלטירט!" אַזוי דערצעהלען אונז היינט די היסטאָריקער פֿון דער אַנשטענדיגער און פֿרידליכער בורזשואַזיע. — געוויס, עס זיינען געווען די אויסגעשטויסענע פֿון דער געזעלשאַפֿט, די אונצופֿרידענע, צו וועלכע די רעוואָלוציאָנערען פֿון דער בורזשואַזיע האָבען זיך געווענדעט ביי זייערע אונטערנעה־מונגען. אין די סאַלאָנען פֿון די רייכע בירגער, וואו מען איז געשטאַנען אויף די קניע פֿאַר דער קעניגליכער מאַכט, דאָרטען וואָלטען זיי קיינמאָל ניט געפֿונען זייערע מיט־העלפֿער; און דערפֿאַר זיינען זיי געגאַנגען אין די אָרעמע שמוציגע הייזלאַך פֿון די פֿאָרשטעדט, צו די עלענדע און הונגעריגע און האָבען געזוכט צו בעקומען מיטהעלפֿער און קאַמעראַדען, בעוואַפֿענט מיט גראָבע שטעקענס, אום אויסצוהוקען דעם אַרץ־בישאָף פֿון פּאַריז; — אָבער די היסטאָ־יקער פֿון דעם אַנשטענדיגען בירגערטהום שעהמען זיך היינט מיט די „קאַמעראַדען" פֿון זייערע עלטערן, און דערפֿאַר לייקענען זיי אָב אין גאַנצען דיזע פֿאַקטען.



IV.

ווען די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדאַ וואָלט זיך אויסשליסליך בעשעפֿטיגט צו אַטאַקירען די פֿערטרעטער און אינסטיטוציאָנען פֿון דער רעגירונג, ווען זי וואָלט אין דערזעלבער צייט ניט אויך אַטאַקירט די עקאָנאָמישע איינריכטונגען פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָלט דען די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן געקענט זיין דאָס, וואָס זי איז געווען אין דער ווירקליכקייט — אַן אַלגעמיינער אויפֿשטאַנד פֿון די פֿאָלקס־מאַסען, אַן אויפֿשטאַנד פֿון די בויערן און אַרבייטער געגען די פּריווילעגירטע קלאַסען? וואָלט דען די רעוואָלוציאָן געקענט אָנהאַלטען פֿיער יאָהר צייט? וואָלט זי אימשטאַנדע געווען איבערצוקעהרען דעם סאָציאַלען און פּאָליטישען צושטאַנד פֿון גאַנץ פֿראַנקרייך? וואָלט זי געפֿונען אין זיך דעם אונבעזיעגבאַרען רעבעלישען גייסט, וועלכער האָט איהר געגעבען די קראַפֿט צו בעזיעגען די פֿעראייניגטע קעניגע פֿון אייראָפּאַ?

קיינמאָל ניט! אונזערע היסטאָריקער זינגען היינט גאַנצע לויב־לידער אויף די „הערךן פֿון'ם דריטען שטאַנד" (פֿערטרעטער פֿון דער בירגער־קלאַסע אין פּאַרלאַמענט), אויף די קאָנסטיטוציאָנעלע פֿערזאַמלונג און דעם קאָנווענט, אָבער מיר ווייסען זעהר גוט, אַז די רעוואָלוציאָן וואָלט אפילו ניט אימשטאַנדע געווען אַרויסצורייסען פֿון דעם אַבסאָלוטיזמוס די קלענסטע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכטע, ווען זי וואָלט אין דערזעלבער צייט ניט אַטאַקירט דעם פֿעאָדאַליזמוס; ווען די בויערן וואָלטען זיך ניט אויפֿגעהויבען אין אַלע טהיילען פֿון'ם לאַנד געגען זייערע הערךן, ווען מיר וואָלטען ניט געהאַט די אַנאַרכיע פֿאַר פֿיער יאָהר צייט, די ספּאָנטאַנע רעוואָלוציאָנערע אַקציאָן פֿון די גרופּען און אינדיווידוען, וועלכע זיינען בעפֿרייט געווען פֿון יעדען געזעצליכען און שטאַאַטליכען צוואַנג. מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער בויער וואָלט אויך ווייטער נאָך געבליבען דאָס

אַרבייטס־טהיער פֿון דעם גרונד־בעזיצער, אויב מיר וואָל־טען ניט געהאַט די בויערן־אויפֿשטענדע פֿון 1788 ביז 1793 — וועלכע האָבען דעם קאָנווענט ענדליך געצוואונ־גען אַרויסצוגעבען אַ געזעץ, אום צו בעשטעטיגען דאָס, וואָס די בויערן האָבען שוין אַליין פּראַקטיש אויסגעפֿיהרט: די אָבשאַפֿונג פֿון אַלע פֿעאָדאַלע רעכטע און אָבגאַבען און דעם צוריקגעבען פֿון דער ערד, וועלכע די רייכע האָבען אַוועקגערויבט פֿון די בויערן אונטער דעם אַלטען רעזשים, צו די קאָמונען. מען וואָלט געקענט לאַנג וואַרטען אויף די גערעכטיגקייט פֿון'ם פּאַרלאַמענט, אויב די אָרעמע און עלענדע, די סאַנקילאָטען וואָלטען איהר ניט אונטערגע־האָלפֿען מיט זייערע אַלטע ביקסען און שפּיזען.

***

אָבער ניט די אַגיטאַציאָן געגען די מיניסטאָרען און ניט די פּאַריזער אַפֿישעס, וועלכע האָבען אַטאַקירט די קעניגין, האָבען אַרויסגערופֿען דעם אויפֿשטאַנד אין די דערפֿער און דערפֿלאַך. דיזער אויפֿשטאַנד איז געווען דער רעזולטאַט פֿון די אַלגעמיינע אומשטענדען, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין יענער עפּאָכע, און פֿון דער אַגיטאַציאָן, וועלכע איז דאַן אָנגעגאַנגען צווישען די מאַסען, אָנגעפֿיהרט פֿון אַזעלכע מענער, וועלכע האָבען אַטאַקירט זייערע דירעקטע פֿיינד: דעם גרונד־בעזיצער, דעם גלח, דעם קאָרן־הענדלער און דעם רייכען בורזשואַ.

דיזע זאָרט אַגיטאַציאָן איז נאָך פֿיעל ווייניגער בעקאַנט ווי די, פֿון וועלכע מיר האָבען פֿריהער גערעדט. די רעוואָ־לוציאָנערע געשיכטע פֿון פּאַריז איז שוין געשריבען געוואָ־רען, אָבער קיינער האָט זיך ביז יעצט נאָך ניט ערנסט גענומען צו דער געשיכטע פֿון די דערפֿער; די געשיכטע איגנאָרירט נאָך אַלס דעם בויער, און דאָך גיט אונז דאָס ווייניגע וואָס מיר וויסען, אַ גוטע פֿאָרשטעלונג פֿון דעם כאַראַקטער פֿון דער בויערן־בעוועגונג.

די בראָשורען און פֿלוג-בלעטער האָבען קיין איינפֿלוס ניט געהאַט אין די דערפֿער, ווייל דער בויער פֿון יענער עפּאָכע האָט איבערהויפּט ניט געקענט לייענען. דערפֿאַר האָט מען זיך בענוצט מיט געדרוקטע בילדער אָדער איינ-פאַכע און פֿערשטענדליכע, מיט דער האַנד געמאַכטע צייכנונגען, אום אָנצופֿיהרען די פּראָפּאַגאַנדאַ. אַ פּאָר ווערטער אויף דעם ראַנד פֿון׳ם בילד אין גרויסע גראָבע בוכשטאַבען זיינען געווען גענוג, אום עס זאָל זיך ענטוויק-לען אַ גאַנצער ראָמאַן אין דער פֿאַנטאַזיע פֿון די מאַסען, אַ ראָמאַן איבער דעם קעניג, די קעניגין, דעם גראַף פֿון אַרטאָאַ, די מאַדאַם לאַנבאַל, די גרונד-בעזיצער, דעם „הונגער-קאָנטראַקט” און די „וואַמפּירען, וועלכע זויגען דאָס בלוט פֿון׳ם פֿאָלק;” אָט דורך דיזע זאָרט אַגיטאַציאָן האָט מען פֿאָרבערייטעט דעם גייסט פֿון די בויערן פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג.

אַן אַנדערש מאָל האָט מען אָנגעקלעבט אַן אַפּישע אויף אַ בוים, וועלכע האָט אויפֿגעפֿאָדערט די בויערן צו רעוואָל-טירען, זיי אָנגעזאָגט, אַז אין גיכען וועט זיך אָנפֿאַנגען פֿאַר זיי אַ בעסערע צייט, און דאָס אין דיזער אָדער יענער פּראָווינץ האָבען זיך אויפֿגעהויבען די בויערן געגען זייערע העררן. איינער וואָס האָט פֿערשטאַנען צו לייענען, האָט איבערגעלייענט די אַפּישע, און די בויערן האָבען זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט.

אונטער דעם נאָמען „זשאַק”*) האָבען זיך אָרגאַניזרט געהיימע גרופּען אין די דערפֿער, אום אונטערצוצינדען די

---

*) דער נאָמען „זשאַק” מיינט אייגענטליך ניט אַנדערש ווי יאַקאָב. די פֿראַנצויזישע בויערן האָבען גערופֿען זייערע קאָנספּיראַטיווע פֿער-בינדונגען מיט דיזען פֿאָלקס-נאָמען, און אַזוי איז שפּעטער ענטשטאַנ-דען דאָס וואָרט „זשאַקריע” ד. ה. בויערן-אויפֿשטאַנד. עהנליכע ביי-שפּיעלע געפֿינען מיר אויך אין אַנדערע לענדער, צ. ב. ש. אין דייטשלאַנד, וואו עס האָט אין מיטעל-אַלטער עקזיסטירט אַ גרויסע קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציאָן פֿון די בויערן אונטער דעם נאָמען „אָרעמער קאָנראַד”. (דער איבערזעצער.)

קאָרן־שפּייכלער פֿון דעם גרונד־בעזיצער, צו פּערוויסטען זיינע פֿעלדער און צו פֿערניכטען זיינע סטאַדעס — אָדער אום איהם אַליין הינצוריכטען; אָפּטמאָל האָט מען געפֿונען אין זיין שלאָס אַ טויטען קערפּער מיט אַ מעסער אין האַרצען, אויף וועלכען עס זיינען געשטאַנען די ווערטער: „הינגעריכטעט פֿון די זשאַקס".

אַ שווערע קאַרעטע פֿאָהרט ביין ברעג פֿון אַן אָבגרונד און פֿיהרט דעם גוטס־בעזיצער צו זיין שלאָס. אָבער פּלוצלונג ערשיינען צוויי מענער און העלפֿען דעם קוטשער צו דערווערגען זיין הערר; נאָך דעם וואַרפֿען זיי דעם טויטען קערפּער אַראָב אין אָבגרונד, און שפּעטער געפֿינט מען איהם מיט אַ פּאַפּיר אין קעשענע, אויף וועלכען עס זיינען אָנגעשריבען די ווערטער: „הינגעריכטעט פֿון די זשאַקס!"—

נאָך בעסער: אין אַ שעהנעם טאָג דערזעהן די פֿערביי־געהער אַ גאַלגאַן אויף אַ געוויסען וועג מיט די ווערטער: „אויב דער גרונד־בעזיצער וועט פֿאָדערן פֿון די בויערן די אָבגאַבען, וועט מען איהם אויפֿהייגגען אויף דיזען גאַלגאַן. דער יעניגער וואָס וועט איהם בעצאָהלען, וועט האָבען דעמ־זעלב־יגען סוף!" און דער בויער האָט אויפֿגעהערט צו בע־צאָהלען פֿרייוויליג, זייענדיג צופֿרידען, אַז ער האָט געפֿונען אַ גרונד זיך אַרויסצודרעהן פֿון דער פֿערהאַסטער פֿליכט. ער האָט געפֿיהלט די עקזיסטענץ פֿון אַ געהיימניספֿאָלע קראַפֿט, וועלכע וועט איהם העלפֿען און בעשיצען, און אַזוי איז ער ביסלעכווייז צוגעוואוינט געוואָרען צו דער אידעע צו רעוואָלטירען געגען דעם גרונד־בעזיצער און צו ענטזאַגען זיך צו בעצאָהלען די אָבגאַבען. דיזע אידעע איז צולעצט געוואָרען זיין אינערליכסטע איבערצייגונג, אַ שטיק פֿון זיין לעבען, און ער האָט אָנגעפֿיהרט דעם אָפֿענעם קאַמפּף געגען זיינע הערר[ע]ן און געגען אַלע שטייערן און אָבגאַבען.

כמעט יעדען טאָג האָט מען אויסגעקלעבט אַפּישעס אין די דערפער, וועלכע האָבען בעקאַנט געמאַכט, אַז פון יעצט אָן און ווייטער דאַרף מען מעהר ניט בעצאָהלען קיין אָבגאַבען; אַז מען וועט פערברענען די שלעסער און די שטייער-ביכער פון די גרונד-בעזיצער, און אַז דער „פאָלקס-געריכט" האָט שוין גענומען די איניציאַטיווע, אום אויסצופיהרען זיין בעשלוס.—„ברויט! קיינע אָבגאַבען, קיין שטייערן מעהר!" דיזע ווערטער זיינען געשטאַנען אויף דער טאַגעס-אָרדנונג פון די פראַנצויזישע דערפער. יעדער איינער האָט זי געקענט פערשטעהן; דיזע ווערטער האָבען געפונען אַן אָבקלאַנג אין דעם האַרץ פון דער מוטער, וועמענס קינדער האָבען שוין זייט דריי טעג קיין שטיקעל ברויט ניט אין מויל אַריינגענומען; אין דעם מוח פון דעם בייער, וועלכער איז געקוועלט און געפייניגט געוואָרען פון די זשאַנדאַרמען, וועלכע האָבען מיט געוואַלט אַרויסגע-ריסען פון איהם די ניט-בעצאָהלטע אָבגאַבען. „נידער מיט די קאָרן-הענדלער!" האָבען געשריבען די אַפּישעס; און מען האָט אויפגעבראָכען זייערע מאַגאַזינען, צוגענומען דאָס קאָרן, און דער אויפשטאַנד האָט זיך פערשפרייט איבער גאַנצע פראָווינצען.—„נידער מיט דער שטאָדט-שטייער!" און מען האָט פערברענט די באַריערען, דער'הרג'עט די בעאַמטע, און ווען די שטעדט האָבען מעהר ניט געהאַט קיין געלד צו בעצאָהלען זייערע אייסגאַבען, האָבען זיי רעוואָלטירט געגען דער צענטראַלער מאַכט, פאָדערנדיג פון דער רעגירונג פינאַנציעלע אונטערשטיצונג.—„אין פייער אַריין מיט די איגענטהומס-רעגיסטער, די שטייער-ביכער און די שטאָדט-אַרכיוועןו!" און מען האָט פערברענט די אַלע אָפיציעלע שמאַטעס אין יולי 1789; די רעגירונג האָט פערלאָרען איהר אינערליכע קראַפט, די גרונד-בעזיצער זיינען אַנטלאָפען, און די פלאַמען פון דער רעוואָלוציאָן האָבען זיך פערשפרייט אַלס ווייטער און ווייטער.

אלעס דאָס וואָס האָט זיך אָבגעשפּיעלט אויף דער עפענט-

ליבער ביהנע אין פאַריז, איז ניט מעהר געווען ווי אַן אָבגלאַנץ פון די פאַסירונגען, וועלכע האָבען זיך אָבגע־שפיעלט אין די פראָווינצען; די רעוואָלוציאָן איז אָנגעגאַנגען פאַ־ פיער יאָהר צייט אין יעדער דאָרף, אין יעדעי אָרט, און דאָס פאָלק האָט זיך פיעלוויינינגער אינטערעסירט פאַר זיינע פיינדע פון דער רעגירונג, ווי פאַר זיינע דירעקטע פיינד, די אויסבייטער און בלוט־זויגער אין דער אייגענער שטאָדט אָדער דעם אייגענעם דאָרף.

***

לאָמיר צום שלוס נאָך אַמאָל קורץ רעזומירען אונזערע אידעען:—די רעוואָלוציאָן פון 1788 ביז 1793, וועלכע שטעלט פאָר אין אַ גרויסען מאַסשטאַב די דעסאָרגאַ־ניזאַציאָן פון'ם שטאַאַט דורך דער פאָלקס־רעוואָלוציאָן, און וועלכע האָט הויפטזעכליך געהאַט אַן עקאָנאָמישען כאַראַקטער ווי יעדע ווירקליכע פאָלקס־רעוואָלוציאָן), האָט אונז געגעבען פיעל טהייערע און אונ־שעצבאַרע לעהרען.

שוין בעפאָר 1789 איז די אלגעמיינע לאַגע אין פראַנק־רייך געווען א רעוואָלוציאָנערע; אָבער דער רעבעלישער גייסט איז נאָך ניט געווען גענוג רייף פאַר דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן. די וויכטיגסטע אויפגאַבע פון די רעוואָלוציאָנערען איז אַלזאָ געווען צו ענטוויקלען דעם רעוואָלוציאָנערען גייסט, דעם גייסט פון אונגעהאָרכזאַמ־קייט, מוטה און האַס געגען דער סאָציאַלער אָרדנונג.

וועה־ענד די רעוואָלוציאָנערען פון דער בורזשואַזיע האָבען געריכטעט זייערע אַטאַקען געגען דער רעגירונג, האָבען די פאָלקס־רעוואָלוציאָנער־ע—די, וועמעס נעמען עס זיינען ניט פערשריבען געוואָרען אין דער געשיכטע—די מענער דער טהאַט, פאָרבערייטעט זייער אויפשטאַנד, זייער רעוואָלוציאָן דורך מוטהיגע טהאַטען געגען די

גרונד־בעזיצער, די אגענטען פון דער רעגירונג, די אויס־בייטער פון אלע זאָרטען.

אין 1788, ווען די רעוואָלוציאָן האָט זיך אָנגעזאָגט דורך ערנסטע רעוואָלטען פון די פאָלקס־מאסען, האָט דאָס קעניגטהום און די בורזשואזיע פערזוכט איהר אָבצוהאלטען דורך איניגע רעפאָרמען; אָבער איז עס דען מעגליך גע־ווען איינצושטילען דעם רעוואָלוציאָנערען שטורם דורך די פעררופונג פון די פאָלקס־פערטרעטער, די יעזואיטישע בעשטימונגען פון'ם 4טען אויגוסט און די שענדליכע האנדלונגען פון די געזעצגעבער? — מען האָט זאָגאר פערזוכט צו מאכען א פאָליטישען אויפשטאנד, אָבער דיזער פערזוך איז געווען אַזוי אונבעדייטענד, אז ער פערדינט ניט דעם נאָמען פון א פאָלקס־רעוואָלוציאָן. און די רעוואָלו־ציאָנערע כוואליעס האָבען זיך אויפגעהויבען אלס העכער און העכער. און אין דערזעלבער צייט ווען די רעוואָלו־ציאָנערע מאסען האָבען אטאקירט דאָס אייגענטהום, האָבען זיי אויך דעסאָרגאניזירט דעם שטאאט. יעדער רע־גירונג איז געווען אונמעגליך, און דער אויפשטאנד פון'ם פאָלק געגען די גרונדבעזיצער און די רייכע אין אלגע־מיין, וועלכער איז אָנגעגאנגען פאר פיער יאָהר צייט, האָט זיך געענדיגט מיט דער פערניכטונג פון דעם קעניג־טהום און דעם אבסאָלוטיזמוס.

דאָס איז געווען די ענטוויקלונג פון אלע גרויסע רעוואָלוציאָ־נען. דאָס וועט אויך זיין די ענטוויקלונג פון דער קומענדער רע־וואָלוציאָן, וועלכע—דאָס איז אונזער אינערליכסטע איבער־ציינגונג—וועט ניט בלויז זיין א געוועהנליכער איבערבייט פון דער רעגירונג, זאָנדערן א ריכטיגע פאָלקס־רעוואָלוציאָן, א רעוואָלוציאָנערער שטורם, וועלכער וועט איבערבייטען די פונדאמענטען פון דעם יעצטיגען סיסטעם פון איי־גענטהום.





XVIII:

# טהעאָריע און פּראַקטיק.

ווען מיר הויבען אָן צו דיסקוטירען איבער די נייע אָרדנונג, וועלכע וועט זיך — לויט אונזער מיינונג — ענטוויקלען נאָך דער קומענדער רעוואָלוציאָן, ענטפֿערט מען אונז אָפֿט אויף אַזאַ מין אופן: „דאָס אַלעס זיינען ניט מעהר ווי פּוסטע טהעאָריען, מיט וועלכע מיר דאַרפֿען זיך יעצט ניט בעשעפֿטיגען. לאָמיר בעסער לעגען די טהעאָריען אָן אַ זייט און זיך בעשעפֿטיגען מיט פּראַקטישע זאַכען (צ.ב.ש. מיט'ן שטים-צעטעל); לאָמיר אָנווענדען אונזער גאַנצע קראַפֿט, אום די אַרבייטער זאָלען שוין בעקומען די פּאָליטישע מאַכט אין זייערע הענד, און שפּעטער וועלען מיר שוין זעהן, וואָס די רעוואָלוציאָן וועט אונז ברייגנען."

דעם אמת זאָגענדיג צווייפֿלען מיר זעהר שטאַרק אין דער ריכטיגקייט און זאָגאַר אין דער ערנסטקייט פֿון דיזער בעהויפּטונג. דען גראַדע דאַדורך וואָס יעדער איינער דריקט אוים זיינע טהעאָריען איבער די פֿאָרמען פֿון דער צוקינפֿטיגער אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלכע וועט זיך ענטוויקלען אַם טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן, גראַדע דאַדורך אַרבייט ער פּראַקטיש פֿאַר די נייע אידעען; ער גיט זיי אַ פֿעסטערן פֿונדאַמענט, ער מאַכט אַנדערע בעקאַנט מיט זיינע אַנזיכטען, און זיין האַנדלונג איז אייגענט-

ליך נישט אַנדערש ווי די לאָגישע קאָנזעקווענץ פון זיינע אידעען. אין דער ווירקליכקייט ענטהאַלטען די ווערטער: „לאָמיר ניט דיסקוטירען איבער טהעאָרעטישע פראַגען!" אַן אינערליכען ווידערשפרוך; דען דער זין פון דיזע ווערטער איז קיין אַנדערער, ווי צו זאָגען: — דיסקוטירט ניט אונזערע טהעאָריען; נאָר העלפט אונז זיי צו פערווירקליכען!"

אין דער ווירקליכקייט גיט עס כמעט ניט קיין צייטונגס־אַרטיקעל, אין וועלכען דער שרייבער זאָל ניט דערמאָהנען זיינע אידעען איבער די אָרגאַניזאַציאָן פון דער געזעלשאַפט, אַזוי ווי ער פערשטעהט עס. די ווערטער: „אַרבייטער־שטאַאַט," „אָרגאַניזאַציאָן פון דער פראָדוקציאָן און קאָנסומ־ציאָן דורך דעם שטאַאַט;" „קאָלעקטיוויזמוס", „פאַרטייי־דיסציפלין" א. ז. וו. אַט דיזע ווערטער געפינען מיר כמעט אין יעדען אַרטיקעל פון אונזערע שטאַאַטס־סאָציאַליסטען, אין יעדער צייטונג און יעדער בראָשורע. אָבער אַלע דיזע ווערטער זיינען ניט אַנדערש ווי דער אויסדרוק פון טהעאָרעטישע פאָרשטעלונגען, און צולעצט צייגט זיך אַרויס, אַז די, וואָס האַלטען ניט פיעל פון „טהעאָריען", פראָפּאַגאַנ־דירען אין דערזעלבער צייט מיט אַלע מעגליכקייטען זייערע אייגענע טהעאָריען. און וועהרענד מיר וועלען פערזוכען אויכצומיידען דיזע זאָרט דיסקוסיאָנען, וועלען די אַנדערע פראָפּאַגאַנדירען זייערע אַנשויאונגען און פערשפרייטען זייערע אירטהימער, געגען וועלכע מיר וועלען דאַרפען קעמפפען אין אַ שעהנעם טאָג. אַלס אַביישפּיעל פיהר איך אָן דאָס בוך פון דעם געוועזענעם מיניסטער שעפלע: „דער קווינטעסענץ פון סאָציאַליזמוס". דאָס ביכעל איז געשריבען געוואָרען, אום כלומרשט צו פערטהיידיגען דעם סאָציאַליזמוס; אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט דער געוועזענער עסטרייכישער מיניסטער פערזוכט צו רעטען די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג. עס איז וואַהר, אַז דאָס ביכעל, אין וועלכען עס זעהט זיך צו דייטליך אַרויס דער גייסט

פֿון דעם געוועזענעם מיניסטער, האָט ניט געהאַט קיין איינפֿלוס אויף די דייטשע און פֿראַנצויזישע אַרבייטער. אָבער אין דערזעלבער צייט פּראָפּאַגאַנדירט מען זיינע אידעען יעדען טאָג, אויסגעמישט מיט אַ פּאָר רעוואָלוציאָנערע פֿראַזען, אום צו בעהאַלטען דעם גיפֿט, וואָס ליעגט אין דעם.

און דאָס איז גאַנץ נאַטירליך; דען עס שטעהט אין ווידערשפּרוך מיט'ן מענשליכען גייסט, צו צושטעהרען אַ געוויסע זאַך, אָהנע צו האָבען אין דערזעלבער צייט אַן אידעע — אַם וויינינגסטענס אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג — וואָס צו שטעלען אויף איהר פּלאַץ. — „מען וועט עטאַבּלירען אַ רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור", זאָגען איינינגע. — „מען וועט פֿאָרמירען אַ רעגירונג, אויסגעוועהלט פֿון די אַרבייטער אַליין, אום צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן!" זאָגען אַנדערע. — „מען וועט איינפֿיהרען אַ קאָמוניסטישע אָרדנונג אין די רעוואָלטירענדע קאָמונען" — זאָגען ווידער אַנדערע. אָבער אַלע, אָהן אַן אויסנאַהמע, האָבען אַ געוויסע פֿאָרשטעלונג פֿון דער צוקונפֿט, ביי וועלכע זיי האַלטען זיך מעהר אָדער וויינינגער; און דיזע פֿאָרשטעלונג האָט אַ בעוואוסטען אָדער אונבעוואוסטען איינפֿלוס אויף זייער טאַקטיק אין דער יעצטיגער פֿאָרבערייטונגס-פעריאָדע.

מיר וועלען אַלזאָ קיין זאַך ניט געווינען, אויב מיר וועלען זיך ניט בעשעפֿטיגען מיט דיזע „טהעאָרעטישע פֿראַגען;" פֿערקעהרט, אויב מיר ווילען ווירקליך זיין פּראַקטיש, דאַרפֿען מיר ניט פֿערזאַמען קיין געלעגענהייט צו דיסקוטירען און בעלייכטען אונזער אידעאַל, דעם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזמוס, פֿון אַלע זייטען.

***

אויב מיר וועלען ניט אויסנוצען די יעצטיגע פעריאָדע פֿון פֿערהעלטניסמעסיגער רוהינקייט, אום פֿאָרצושטעלען, צו דיסקוטירען און פּראָפּאַגאַנדירען אונזער אידעאַל — ווען דען וועלען מיר טהאָן דיזע אַרבייט?

זאָלען מיר וואַרטען ביז וואַנען דער רעוואָלוציאָנערער שטורם וועט צושטעהרען דעם אַלטען רעזשים, ביז מיר וועלען שטעהן פֿאַר די טהויער׳ען פֿון אַ נייער צוקונפֿט? אָדער דאַרפֿען מיר שוין יעצט האָבען אַ בעשטימטע פֿאָר־שטעלונג און דעם פֿעסטען ווילען צו פֿערווירקליכען דיזע צוקונפֿט? אין דער פעריאָדע פֿון קאַמפּף וועט ניט זיין קיין צייט צו דיסקוטירען; דאַן וועט מען דאַרפֿען האַנדלען און זיך בענוצען מיט דעם מאָמענט, אום צו ווירקען אין דיזען אָדער יענעם זין.

עס וועט זיך געוויס ניט געפֿינען אַ מענש, וועלכער זאָל בעהויפּטען, אַז די אורזאַכע, וואָרום אַלע פֿריהערע רעוואָלוציאָנען האָבען דעם פֿראַנצויזישען פֿאָלק ניט געבראַכט דאָס גליק, וועלכעס מען האָט ערוואַרטעט, איז דערפֿאַר וואָס מען האָט צופֿיעל דיסקוטירט איבער דאָס ציעל פֿון דער רעוואָלוציאָן, אין דער צייט, ווען מען האָט שוין גע־פֿיהלט די נאָהענטקייט פֿון דער קאַטאַסטראָפֿע. די מורא צו בעשטימען דיזעס ציעל און די מיטלען, וועלכע מען דאַרף אָנווענדען איהם צו עררייכען, דיזע מורא איז שטענדיג געווען די אורזאַכע, וואָרום די פֿיהרער האָבען די מאַסען שוין אונצעהליגע מאָהל פֿערראַטהען; און זי איז אויך שטענדיג געווען די אורזאַכע, וועלכע האָט פֿערהינדערט די מאַסען צו האַנדלען. אין 1848 און 1870 האָט די בורזשואַזיע גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס זי וועט טהאָן אין דעם אויגענבליק, ווען דאָס פֿאָלק וועט אַרונטער וואַרפֿען די רעגירונג. זי האָט געוואוסט, אַז זי דאַרף אַרייננעהמען די פּאָליטישע מאַכט אין איהרע הענד; זי האָט געלאָזט בעשטעטיגען איהר מאַכט דורך די וואַהלען, בעוואָפֿענט די קליינע בורזשואַס געגען דאָס פֿאָלק, און האַלטענדיג אין איהרע הענד די אַרמעע, די קאַנאָנען, די פֿערבינדונ־גען און דאָס געלד, איז זי פֿאַרטיג געווען צו שיקען איהר׳ע זעלנער געגען די אַרבייטער, אין דעם טאָג, ווען זיי האָבען געוואַגט צו פֿאָדערן זייערע רעכטע. מיט איין וואָרט, זי

האָט געוואוסט, וואָס זי האָט צו טהאָן אָן דעם טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן.

אָבער דאָס פֿאָלק האָט קיין זאַך ניט געוואוסט. די אַרבייטער האָבען איינפֿאַך ווידערהאָלט די פּאָליטישע פֿאָדערונגען פֿון דער בורזשואַזיע. אין 1848 האָבען זיי געפֿאָדערט די רעפּובליק און דאָס אַלגעמיינע שטים־רעכט; און אין 1871 האָבען זיי געפֿאָדערט, צוזאַמען מיט דער קליינער בורזשואַזיע, די קאָמונע. אָבער ניט אין 1848 און ניט אין 1871 האָט דאָס פֿאָלק געהאַט אַ בעשטימטע פֿאָ־שטעלונג וואָס מען דאַרף טהאָן, אום צו לייזען די פֿראַגע פֿון ברויט און אַרבייט. די „אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער אַרבייט", די מאָטאָ פֿון די אַרבייטער אין 1848 (אין דער לעצטער צייט איז דיזע אוטאָפּיע ווידער אויפֿגעשטאַנען תחית המתים אין אַן אַנדער פֿאָרמע ביי די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען). איז געווען אַ צו אונבעשטימטער און אונקלאָהרער בעגריף; און דאָס זעלבע איז געווען דער פֿאַל מיט דעם קאָלעקטיוויזמוס פֿון די פֿראַנצויזישע „אינטערנאַציאָנאַליסטען" אין 1869. ווען מען וואָלט געפֿרעגט אין מערץ 1871 אַלע די, וועלכע האָבען מיטגעהאָלפֿען צו פּראָקלאַמירען די קאָמונע אין פּאַריז, וואָס זיי דיינקען צו טהאָן, אום צו לייזען די פֿראַגע פֿון ברויט און אַרבייט — וואָס פֿאַר אַ כאַאָס פֿון ווידערשפּרעכענדע מיינונגען וואָלטען מיר געקראָגען! אפשר וואָלט עס נויטווענדיג געווען צו עקספּראָפּריאירען די פֿאַבריקען און וואָרקשאָפּס אין דעם נאָמען פֿון דער קאָמונע? פֿילייכט וואָלט מען בעדאַרפֿט ערקלעהרען אַלע הייזער אַלס דאָס אייגענטהום פֿון דער רעוואָלטירענדער שטאָדט פּאַריז? אפשר וואָלט מען בעדאַרפֿט צונעהמען אַלע לעבענס־מיטעל און אָרגאַניזירען די גלייכמעסיגע צוטהיילונג פֿון די פּראָדוקטען? און פֿילייכט וואָלט געווען אַ פּלאַן צו ערקלעהרען אַלע רייכטהימער פֿון דער שטאָדט פּאַריז פֿאַר דעם געמיינשאַפֿטליכען אייגענטהום פֿון דעם פֿראַנצויזישען פֿאָלק און צו בענוצען דיזע געוואַלדיגע מיט־

לען, אום צו בעפֿרייען די גאַנצע נאַציאָן? אָבער דאָס פֿאָלק האָט ניט געהאַט קיין בעשטימטען ענטפֿער איף קיינע פֿון דיזע פֿראַגען. זייענדיג בעשעפֿטיגט מיט דעם מאָמענטאַנעם קאַמפף, האָט דער „אינטערנאַציאָנאַל” פֿערנאַכלעסיגט צו דיסקוטירען דיזע פֿראַגען. — „דאָס זיינען ניט מעהר ווי אוטאָפּיען, פּוסטע טהעאָריען, מיט וועלכע איהר פֿערלירט אייער צייט!” אַזוי האָט מען צוגערופֿען די, וועלכע האָבען זיך יאָ געוואָלט בעשעפֿטיגען מיט דיזע פֿראַגען: און ווען מען האָט שוין יאָ גערעדט פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן, האָט מען ערקלעהרט דיזען וואָרט דורך די אינבע־שטימטע און אונקלאָהרע פֿאָרשטעלונג פֿון פֿרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט.

* * *

מיר זיינען, פֿערשטעהט זיך, ניט מיט דער מיינונג, אַז עס איז נויטווענדיג צו האָבען אַ פֿאָלשטענדיגען פּראָגראַם פֿאַר דער קומענדער רעוואָלוציאָן. אַזאַ מין פּראָגראַם וואָלט מעהר ניט געווען ווי אַ הינדערניס פֿאַר דער רעוואָלוציאָנערער טהעטיגקייט און אַ טהייערע וואַפֿע פֿאַר די אַלטע סאָ־פֿיסטישע בעהויפּטונג, וועלכע ערקלעהרט: „אויב מיר קענען ניט פֿערווירקליכען אונזער פּראָגראַם, דאַן לאָמיר בעסער קיין זאַך ניט טהאָן און אָבשפּאָרען אונזער טהייער בלוט פֿאַר אַ בעסערע געלעגענהייט!”

מיר ווייסען אָבער זעהר גוט, אַז יערע פֿאָלקס־בעוועגונג איז אַ שריט נעהנטער צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן. זי וועקט אויף דעם רעבעלישען גייסט פֿון די מאַסען, זי רופֿט אַרויס זייער קריטיק געגען די בעשטעהענדע אָרד־נונג—אָדער בעסער געזאָגט: געגען די בעשטעהענדע אונאָרדנונג—און מאַכט זיי בעקאַנט מיט דער גאַנצער אונזיכערהייט פֿון די געזעלשאַפֿטליכע צושטענדע; מען דאַרף ווירקליך בעזיצען די לעבערליכע אונוויסענהייט פֿון אַ דייטשען פּאַרלאַמענטאַריער, אום צו פֿרעגען: „וואָס

פֿאַר אַ נוצען האָט אונז געבראַכט די גרויסע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן אָדער די פּראָקלאַמאַציאָן פֿון דער קאָמונע?" ווען פֿראַנקרייך שטעהט היינט אָן דער שפּיצע פֿון דער רעוואָלוציאָן, ווען דער גייסט און טעמפּעראַמענט פֿון דעם פֿראַנצויזישען פֿאָלק איז היינט אַזוי רעוואָלוציאָנער, איז עס הויפּטזעכליך דערפֿאַר, ווייל די פֿראַנצויזען האָבען דורכגעמאַכט אַזוי פֿיעל אַזעלכע רעוואָלוציאָנען, וועלכע די דאָקטרינערען און דומקעפּ האָבען שטענדיג פֿערדאַמט.

די וויכטיגסטע אויפֿגאַבע פֿון אונזער פּראָפּאַגאַנדאַ איז צו בעשטימען און ערקלעהרען דעם ציעל, וועלכען מיר ווילען דערגרייכען. און ניט נאָר ערקלעהרען דאַרפֿען מיר דיזען ציעל, מיר דאַרפֿען איהם אין דערזעלבער צייט אָנ־זאָגען דורך אונזערע ווערטער און טהאַטען, אום ער זאָל בעאיינפֿלוסען די גייסטער און הערצער פֿון דער גרויסער מאַסע און זיך אַרויסרייסען פֿון די ליפּען פֿון אַלעמען אין דעם טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן. עס איז ניט גענוג, אַז דער ציעל איז בעקאַנט פֿאַר אַ קליינען קרייז מענשען, ניין, אונזער וויכטיגסטע אויפֿגאַבע איז צו אַגיטירען מיט אַלע מעגליכקייטען, אום אונזערע פֿאָדערונגען זאָלען געפֿינען אַן אָבקלאַנג אין די ברייטע מאַסען פֿון'ם פֿאָלק, וועלכעס ווערט יעדען טאָג בעאיינפֿלוסט פֿון דער בורזשואַזנער, ליבעראַלער, קאָמונאַליסטישער און קאָלעקטיוויסטישער פּרעסע.

און אונזער ציעל בעשטימט די מעטהאָדע פֿון אונזער יעצטיגער און צוקינפֿטיגער טהעטיגקייט. דער אונטערשייד צווישען דעם קאָמוניסטישען אַנאַרכיסט און דעם קאָלעקטיוויסט, דעם יאַקאָבינער און דעם קאָמונאַליסט בעשטעהט ניט אויסשליסליך אין דער פֿערשידענהייט פֿון די אידעאַלען און אַנשויאונגען איבער דער צוקינפֿטיגער געזעלשאַפֿט; דיזער אונטערשייד וועט זיך ניט ערשט אַרויסצייגען ביי דער קומענדער רעוואָלוציאָן, ניין, ער עקזיסטירט שוין היינט

צו טאָג און מאַניפֿעסטירט זיך אין טויזענדער פֿערשידענע פֿאָרמען. אַן דעם טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן וועט דער שטאַאטס־סאָציאַליסט לויפֿען אין שטאָדט־הויז, וואו ער וועט פֿערפֿאַסען דעקרעטען איבער דעם סיסטעם פֿון איי־גענטהום; ער וועט פֿערזוכען צו פֿאָרמירען אַ רעגירונג, וועלכע וועט אַריינשטעקען דעם נאָז איהר־ען אין אַלע גע־זעלשאַפֿטליכע אַנגעלעגענהייטען. דער קאָמונאַליסט וועט טהאָן דאָסזעלבע; אויך ער וועט לויפֿען אין שטאָדט־הויז און פֿערזוכען צו עטאַבלירען אַ נייע רעגירונג; ער וועט פֿערזוכען צו ווידערהאָלען די געשיכטע פֿון דער פּאַריזער קאָמונע אין 1871, אָבער ער וועט נ׳ט וואַגען זיך צוצו־ריהרען צו דעם הייליגען אייגענטהום, פּונקט ווי דער גרויסער ראַטה פֿון דער קאָמונע האָט זיך ניט צוגע־ריהרט צו איהם. וועהרענד דעם וועט דער קאָמוניסטישער אַנאַרכיסט פֿערזוכען צו עקספּראָפּריאיר׳ען די פֿעלדער, די פֿאַבריקען, די הייזער, די קאָרן־שפּייכלער, דעם גאַנצען סאָציאַלען רייכטהום; ער וועט פֿערזוכען צו אָרגאַניזירען אין יעדער קאָמונע, אין יעדער גרופּע די פּראָדוקציאָן און די צו־טהיילונג פֿון די געמיינשאַפֿטליכע פּראָדוקטען, אום צו בע־פֿרידיגען די בעדירפֿניסע פֿון אַלע קאָמונען און פֿעדע־ירטע גרופּען.

און דערזעלבער אונטערשייד ציינט זיך אַרויס אין דער קלענסטער מאַניפֿעסטאַציאָן פֿון אונזער לעבען און אונזערע אַל־טעגליכע האַנדלונגען. יעדער מענש פֿערזוכט צו שאַפֿען אַ געוויסע האַרמאָניע צווישען זיין ציעל און זיינע טאַקטישע האַנדלונגען, און דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום די טאַק־טיק פֿון דעם קאָמוניסטישען אַנאַרכיסט אונטערשיירעט זיך אין יעדער בעציהונג פֿון דער פּראַקטישער אַקציאָן פֿון דעם שטאַאטס־סאָציאַליסט און דעם קאָמונאַליסטישען יאַ־קאָבינער.

* * *

דיזער אונטערשייד עקזיסטירט, און עס וואָלט לעבער־ליך געווען איהם צו איגנאָרירען. פֿערקעהרט, לאָמיר בע־סער אויסנוצען יעדע געלעגענהייט צו ערקלעהרען פֿריי און אָפֿען אונזער ציעל, און די דיסקוסיאָן וועלכע אונזערע אידעען וועלען אַרויסרופֿען יעדען טאָג אין די פֿערשידענע גרופּען—אין די צייטונגען נעהמט די דיסקוסיאָן שטענדיג אָן אַ מעהר פּערזענליכען כאַראַקטער—וועט ענטוויקלען צווישען די מאַסען אַ געמיינשאַפֿטליכע אידעע, וועלכע זיי וועלען שפּעטער פֿערזוכען צו פֿערווירקליכען.

וואָס אָנבעלאַנגט היינט האָבען מיר עטליכע געביטען פֿאַר אַ געמיינשאַפֿטליכע טהעטיגקייט, אין וועלכע אַלע גרופּען קענען נעהמען אַן אַנטהייל, עס איז דאָס געביט פֿון דעם אַלטעגליכען קאַמפּף געגען דעם קאַפּיטאַל און דעם קאַמפּף געגען זיין בעשיצער—דעם שטאַאַט. ווי פֿערשידען עס זאָלען ניט זיין אונזערע אַנזיכטען איבער דער צוקינ־פֿטיגער אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער געזעלשאַפֿט, גיט עס דאָך איין פּונקט, וועלכער קען פֿעראייניגען אַלע ווירקליכע סאָ־ציאַליסטען—נעמליך די איבערצייגונג, אַז די עקספּראָ־פּריאַציאָן פֿון'ם קאַפּיטאַל דאַרף זיין די אויפֿגאַבע פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן. פֿאָלגליך קענען אַלע סאָציאַליסטישע גרופּען, ווי פֿערשידען עס זאָלען ניט זיין זייערע בעזונדערע אַנשויאונגען, פֿעראייניגען זייערע קרעפֿטע אין אַזעלכע קעמפּפֿע, וועלכע בערייטען פֿאָר די סאָציאַלע עקספּראָ־פּריאַציאָן. וואָס עפֿטער די פֿערשידענע גרופּען וועלען זיך בעגעגענען אויף דיזען געמיינשאַפֿטליכען געביט, און אין אַזעלכע קעמפּפֿע, וועלכע די אומשטענדען אַליין האָבען אַרויסגערופֿען, אַלס לייכטער וועט זיין אַ געמיינשאַפֿטליכע פֿערשטענדיגונג איבער דאָס וואָס מען דאַרף טהאָן אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציאָן.

נאָר איין זאַך האַרפֿען מיר קיינמאָל ניט פֿערגעסען. אום אַ אידעע זאָל געפֿינען אַ מעהר אָדער ווייניגער אַלגעמיי־

נען אָבקלאַנג ביי די מאַסען אין דער צייט פֿון אַן אַלגעמיינען אויפֿשטאַנד, דאַרפֿען איהרע אָנהייננער ניט פֿערזוימען קיין געלעגענהייט צו ערקלעהרען און פֿאָרצושטעלען זייער אידעאַל פֿון דער צוקינפֿטיגער געזעלשאַפֿט, וועלכע וועט זיך פֿאָרמירען דורך דער קומענדער רעוואָלוציאָן. אויב מיר ווילען ווירקליך זיין פּראַקטיש, דאַן לאָמיר קיינמאָל ניט אויפֿהערען צו פּראָפּאַגאַנדירען אַזעלכע אידעען, וועלכע די רעאַקציאָנערע פֿון אַלע ריכטונגען האָבען שטענדיג אָנגערופֿען „אוטאָפּיען" און „פּוסטע טהעאָריען". טהעאָריע און פּראַקטיק מוזען זיך פֿעראייניגען און געהן האַנד אין האַנד, אויב מיר ווילען, אַז אונזער טהעטיגקייט זאָל האָבען אַן ערפֿאָלג.





XIX.

# די עקספּראָפּריאציאָן.

I.



יר זיינען היינט ניט מעהר די איינציגע, וועלכע בעהויפּטען, אַז אייראָפּאַ שטעהט בעפֿאָר דעם אויסברוך פֿון אַ גרויסער רעוואָלוציאָן. די בורזשואַזיע אַליין הויבט אָן עס צו בעגרייפֿען, און איהרע צייטונגען און זשורנאַלען גיבען דיזען געדאַנק אַ בעשטימטען אויסדרוק. די „טיימס“ *) האָט קירצליך פֿערעפֿענטליכט אַן אַרטיקעל, וועלכער אַנערקענט דיזע טהאַטזאַכע, און דיזער אַרטיקעל האָט דערפֿאַר נאָך אַ גרעסערע בעדייטונג, ווייל ער איז ערשינען אין אַ צייטונג, וועלכע פֿלעגט זיך פֿון קיין זאַך ניט אויפֿרעגען. דער שרייבער פֿון דעם אויבען דערמאָהנטען אַרטיקעל לאַכט זיך אויס פֿון די, וואָס פּריידיגען שטענדיג די טוגענד, די מאָראַל, די שפּאַרזאַמקייט און די בעשיידענהייט, און פֿאָדערט אויף די בורזשואַזיע, אַז זי זאָל זיך מעהר בעשעפֿטיגען מיט דעם שיקזאַל פֿון די אַרבייטער אין דער היינטיגער געזעלשאַפֿט און זעהען צו שאַפֿען געוויסע רעפֿאָרמען און פֿערבעסערונגען, ווייל די פּראָלעטאַריער האָבען אין יעדער בעציהונג אַ רעכט צו זיין אונצופֿרידען מיט די בעדינגונגען, אונטער וועלכע זיי

*) געשריבען אין נאָוועמבער 1882.

לעבען. אפילו דער „גע:פֿער זשורנאַל", וועלכער האָט די אַרבייטער געווים ניט האָלד, אַנערקענט, אַז די רעפּובּלי־קאַנישע שווייץ האָט זיך ביז יעצט צו ווייניג בעשעפֿטיגט מיט דער סאָציאַלער פֿראַגע. נאָך אנדערע ציטונגען, וועמענס נעמען מיר ווֶעלען אפילו ניט ציטירען, אָבוואָהל זיי פֿער־קערפֿערן אין זיך דיזעלבע שטרעבונגען, דיזעלבע ווינשע פֿון דער גרויסער בורזשואַזיע און דער פֿינאַנציעלער וועלט, פּונקט ווי די ערשטע, פֿערגיסען בלוטיגע טרעהרען איבער דעם שיקזאַל, וועלכער ערוואַרטעט אין דער נאָהענטסטער צוקונפֿט דעם אָרעמען פֿאַבריקאַנט און וועלכער וועט איהם צווינגען צו אַרבייטען פּונקט ווי זיינע יעצטיגע אַרבייטער; און מיט מורא'דיגע ווערטער ערקלעהרען זיי זייערע לעזער, אַז דער האַס און די אונצופֿרידענהייט פֿון די ברייטע מאַסען האַלטען אין איין וואַקסען.

די לעצטע פּאַסירונגען אין דער הויפּטשטאָדט פֿון עסט־רייך, די אונטעראירדישע פּראָפּאַגאַנדאַ אין דעם נערדליכען טהייל פֿון פֿראַנקרייך, די ערא־יגניסע אין אירלאַנד און רוסלאַנד, די בעוועגונג אין שפּאַניען און טויזענדער אנדע־ע סימנים, וועלכע זיינען בעקאַנט פֿאַר אונז אלע; די ברי־דערליכע סאָלידאַריטעט, וועלכע פֿע־איינינגט די אַרבייטער פֿון פֿראַנקרייך מיט די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע אַנדערע לענדער, דיזער אונזיכטבאַרער באַנד, וועלכער האָט בע־גייסטע־ט די הער־צער פֿון אַלע אַרבייטער און זיי פֿער־איינינגט אין אַ גרויסען בונד, אַ בונד, וועלכער איז פֿיעל מעכטיגער ווי די פֿעראייניגונג, וואָס פֿערקערפּערט זיך אין ערגעץ אַ קאָמיטע—דיזע אַלע ערשיינונגען בעשטעטיגען אונזערע ערוואַרטונגען פֿאַר דער צוקונפֿט.

און צו אַלעם דעם קומט נאָך די מערקווירדיגע פּאָלי־טישע לאַגע אין פֿראַנקרייך, וואו אַלע פּאַרטייען, וועלכע שטרעבען צו דער פּאָליטישער מאַכט, זיינען פֿאַרטיג זיך צו פֿעראייניגען, אום אויסצופֿיהרען זייערע פֿינסטערע פּלענער. די פֿיבערהאַפֿטע טהעטיגקייט פֿון די דיפּלאָמאַ־

טען, וועלכע זאָגט אָן דעם נאָהנטען אויסברוך פון אַן איירראָפּעאישען קריעג; און וואָס ווייטער מען לייגט אָב דיזען קריעג, אַלס זיכערער און אונפערמיידליכער ווערט זיין אויסברוך; און דאַן האָבען מיר זיך צו רעכנען מיט די לאָגישע קאָנסעקווענצען פון אַזא קריעג, וועלכער וועט נויטווענדיגערווייזע אַרויסרופען אַן אַלגעמיינען פאָלקס־אויפשטאַנד אין דעם בעזיעגטען לאַנד; — דיזע אַלע פאַקטען מאַניפעסטירען זיך אין דערזועלבער צייט, אין אַן עפּאָכע, וועלכע איז אַזוי רייך אין געוואַלדיגע ערשיינונגען ווי די אונזעריגע, און זיי רופען ביי אונז אַרויס דעם בע־שטימטען געפיהל, אַז דער טאָג פון דער רעוואָלוציאָן איז מעהר ניט ווייט.

*
* *

די בורזשואַזיע ווייס דאָס, און זי גרייט זיך צו צו דער־שטיקען דיזע ענטוויקלונג דורך דער געוואַלד—דען זי קען ניט און וויל ניט קענען קיין אַנדער מיטעל ווי נאָר די געוואַלד. זי איז פאַרטיג זיך צו פערטהיידיגען ביז צום לעצטען מאָמענט; און אויב עס איז נויטווענדיג פאַר איהרע פערטרעטער, וועלען זיי הייסען ערמאָרדען הונדערט טויזענד, צוויי הונדערט טויזענד אַרבייטער, מיט דער גרעסטער קאַלטבלוטיגקייט וועלען זיי פערגיסען דאָס בלוט פון אַ פופציג טויזענד פרויען און קינדער, אום אויפצוהאַלטען זייער הערשאַפט. די בורזשואַזיע האָט זיך קיינמאָל ניט אָבגעשראָקען פאַר בלוט און מאָרד: אין 1790 האָט זי געלאָזט ערמאָרדען דאָס פאָלק אויף דעם מאַרס־פעלד פון פּאַריז, אין 1831 האָט זי איינגעשטילט דעם הונגער פון די זיידען־וועבער אין ליאָן מיט פולווער און בליי, און אין 1848 און 1871 האָבען איהרע ברוטאַלע זעלנער ערמאָרדעט די מענער, פרויען און קינדער פון די אַרבייטער אין די גאַסען פון פּאַריז. קיין מיטעל איז פאַר דיזע הערר̇ן ניט צו שלעכט און נידערטרעכטיג, ווען עס

האַנדעלט זיך צו פֿערטהיידיגען דעם קאַפּיטאַל און דאָס רעכט צו פֿוילענצען אויף די קאָסטען פֿון די ברייטע מאַסען.

זייער טאַקטישער פּראָגראַם איז פֿאַרטיג.— קענען מיר דאָסזעלבע בעהויפּטען פֿון דעם אונזעריגען?

פֿאַר דער בורזשואַזיע איז דער מאַסען־מאָרד שוין אַ גאַנצער פּראָגראַם, אַזוי לאַנג ווי זי האָט סאָלדאַטען — פֿ־אַנצויזישע, דייטשע, טערקישע, דאָס בלייבט זיך גאַנץ עגאַל — אויף וועלכע זי קען זיך פֿערלאָזען. דערפֿאַר וואָס זי זוכט נאָר צו פֿערטהיידיגען דאָס וואָס עקזיסטירט שוין היינט, אויפֿצוהאַלטען דעם יעצטיגען צושטאַנד אויף ווייטערע 15 אָדער 20 יאָהר צייט, אָט דערפֿאַר איז ביי איהר די גאַנצע פֿראַגע ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אַ פֿראַגע פֿון אַ בעוואַפֿענטען קאַמפּף. גאַנץ אַנדערש איז די פֿראַגע פֿאַר די אַרבייטער, דערפֿאַר וואָס זיי ווילען אין גאַנצען איבערבייטען די יעצטיגע סאָציאַלע אָרדנונג; פֿאַר זיי איז דער פּראָבלעם ניט אַזוי איינפֿאַך, אַזוי עקעלהאַפֿט ווי פֿאַר דער בורזשואַזיע. פֿערקעהרט, פֿאַר זיי איז דיזע פֿראַגע אַזוי ברייט און פּיעלזייטיג, ווי מען קען זיך נאָר פֿאָרשטעלען. דער בלוטיגער קאַמפּף, צו וועלכען מיר דאַרפֿען זיך צוגרייטען, פּונקט ווי די בורזשואַזיע, איז פֿאַר אונז ניט מעהר ווי אַ געוויסע פֿאַזע פֿון דעם גרויסען קאַמפּף, וועלכען מיר געהען אָנפֿיהרען געגען דעם קאַפּיטאַליזמוס. אונזער אויפֿגאַבע קען ניט זיין צו טערראָריזירען די בורזשואַזיע, און נאָכדעם זאָל אַלעס בלייבען אַזוי ווי געוועז. אונזער ציעל איז פֿיעל ברייטער און אונזערע אַבזיכטען פֿיעל העכער.

אונזער וויכטיגסטער שטרעבען איז אָבצושאַפֿען די אויסבייטונג פֿון'ם מענשען. מיר דאַרפֿען מאַכען אַ סוף צו די אונגערעכטיגקייטען, צו דער קאָררופּציאָן, צו די פֿערברעכען, וועלכע ווערען פֿעראורזאַכט דורך די פּאַראַזיטישע עקזיסטענץ פֿון אַ הויפֿען ליידיגגעהער און דורך די עקאָ־

נאָמישע, גייסטיגע און מאָראַלישע שקלאַפערייַ פון די ברייטע מאַסען. דער פּראָבלעם איז אַ געוואַלדיגער ; אָבער די פערגאַנגענע יאָהר־הונדערטע האָבען איהם איבערגע־לאָזט פאַר דעם היינטיגען דור ; די היסטאָרישע נויטווענ־דיגקייט צווינגט אונז צו לייזען דיזע פראַגע אין אַלע איהרע איינצעלהייטען, און מיר זיינען בערייט אויפצונעהמען דעם קאַמפף. גליקליכערווייזע דאַרפען מיר ניט מעהר אַרומטאַ־פּען אין דער פינסטערניס, אום צו געפינען אַ ריכטיגע לייזונג ; דען די געשיכטע אַליין האָט אונז אָנגעצייגט די לייזונג צוזאַמען מיט דעם פּראָבלעם ; אין אַלע לענדער פון איירא‌ָפּאַ מאַניפעסטירט זיך דיזעלבע היסטאָרישע ענטוויקלונג ; און דער ציעל פון דיזער עקאָנאָמישער און גייסטיגער ענטוויקלונג איז די עקספּראָפּריאַציאָן, די אַנ־אַרכיע !

אויב די סאָציאַלע רייכטהימער וועלען בלייבען אין די הענד פון עטליכע מאָנאָפּאָליסטען, ווי עס איז דער פאַל היינט ; אויב די פאַבריקען און די וואָרקשאָפּס וועלען בלייבען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום פון די פאַבריקאַנטען ; אויב די אייזענבאַהנען און די טראַנספּאָרט־פערבינדונגען וועלען ווייטער זיין דער מאָנאָפּאָל פון די קאָמפּאַניס און אַזעלכע אינדיווידוען, וועלכע האָבען זיי פערכאַפּט פאַר זייער פּערזענליכען נוצען ; אויב די הייזער פון די שטעדט און די ווילאַס פון די גרונד־בעזיצער וועלען פערבלייבען אין די הענד פון זייערע יעצטיגע אייגענטהימער, אַנשטאָט וואָס די רעוואָלוציאָן וועט זיי איבערגעבען צו די אַרבייטער, זיי זאָלען זיך קענען פרייַ בענוצען מיט זיי ; אויב אַלע אָנגעקליבענע רייכטהימער אין די באַנקען און אין די פּריוואַט־הייזער פון די רייכע וועלען ניט זאָפאָ־ט ערקלעהרט ווערען אַלס אייגענטהום פון דער אַלגעמיינהייט — דער־פאַר וואָס אַלע האָבען בייגעטראָגען צו שאַפען דיזע רייכ־טהימער — אויב דאָס רעוואָלוציאָנערע פאָלק וועט ניט

באַלד צונעהמען אַלע לעבענס־מיטעל, וועלכע ליעגען אין די מאַגאַזינען פֿון אַלע גרויסע שטעדט, און זיי צוטהיילען אויף אַ פּלאַנמעסיגע אַרט און ווייזע צווישען די, וועלכע האָבען אַ בעדירפֿנים דערפֿאַר; אויב די ערד וועט ווייטער בלייבען אין די הענד פֿון די באַנקירען און פּראָצענטניקעס, וועלכע בעטראַכטען איהר היינט פֿאַר זייער רעכטמעסיגען אייגענטהום — און אויב די גרויסע אימעניעס, וועלכע בעלאַנגען היינט צו די גרויסע גרונדבעזיצער, וועלען ניט פֿריי זיין פֿאַר אַלע די, וועלכע ווילען בעאַרבייטען די ערד — וועט זיך זיכער ענטוויקלען אַ נייע קלאַסע פֿון רעגירער, וועלכע וועט בעהערשען די אונטערדריקטע מאַסען, דער אויפֿשטאַנד וועט ניט זיין קיין רעוואָלוציאָן, און אַלעס וועט בלייבען אַזוי ווי געוועזן. דער אַרבייטער, נאָכדעם ווי ער האָט פֿאַר אַ מאָמענט פֿערזוכט צו צוברעכען דעם יאָך זיינעם, וועט זיך פֿון דאָס ניי ווייטער שלעפּען מיט דיזעלבע קייטען; דער קאַפּיטאַליסט וועט איהם ווייטער שמייסען מיט דעמזעלבען בייטש, און ער וועט ווייטער דאַרפֿען בעצאָהלען מיט זיין שוויים און בלוט דעם עהר־גייץ פֿון זיינע הערן און די לאַסטער און פֿערברעכען פֿון די ליידיג־געהער — שוין גאָר ניט ריידענדיג פֿון דעם „ווייסען טעררואָר", פֿון די מאַסען־הינריכטונגען, די פֿעראורטהיי־לונגען און דעםווילדען קריעגס־טאַנץ פֿון די היינקער אויף די טויטע קערפּערס פֿון די ערמאָרדעטע אַרבייטער.

די עקספּראָפּריאַציאָן — אָט דאָס דאַרף זיין די פּאַראָלע פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן, אויב זי זאָל ניט פֿער־פֿעהלען איהר היסטאָרישע מיסיאָן. די פֿאָלשטענדיגע עקספּראָפּריאַציאָן פֿון אַלע די, וועלכע האָבען די מיטלען אין זייערע הענד צו עקספּלאָטירען זייערע מיטמענשען; יעדע זאַך, וואָס קען נאָר פֿעראורזאַכען די אויסבייטונג פֿון איין מענשען דורך אַ צווייטען, דאַרף אַרויסגענומען ווערען פֿון די הענד פֿון איינציגע פּערזאָנען און פּראָקלאַמירט

ווערען אַלס דאָס אייגענטהום פון דער גאַנצער נאַציאָן.

צו שאַפען אַ צושטאַנד, וואו יעדער איינציגער קען מאַכען זיין לעבען דורך דער פרייער אַרבייט, זייענדיג מעהר ניט געצוואונגען צו פערקויפען די קראַפט פון זיינע הענד און זיין אינטעליגענץ צו אַנדערע, וועלכע קליבען אָן געוואַלטיגע רייכטהימער דורך דער אונערמידליכער טהעטיגקייט פון זייערע שקלאַפען, — אָט דאָס איז די אויפגאַבע פון דער קומענדער רעוואָלוציאָן.

***

מיט דרייסיג יאָהר צוריק איז דיזער פּראָגראַם — אָם ווייניגסטענס זיין עקאָנאָמישער טהייל — אַנערקענט געוואָרען פון אַלע סאָציאַליסטען. די, וואָס האָבען זיך גערופען סאָציאַליסטען, זיינען איינשטימיג געווען אין יעדער בעציהונג מיט דיזע פאָדערונגען. אָבער זייט דעם וואָס געשעפטספּאָליטיקער און אַנדערע בורזשואַזנע עלעמענטען האָבען אָנגעפאַנגען אויסצונוצען דעם סאָציאַליזמוס פאַר זייערע פּערזענליכע אינטערעסען, האָבען זיי אַזוי גוט געאַרבייט, אַז דיזער פּראָגראַם האָט ביסלעכווייז פערלאָרען אין גאַנצען זיין אורשפּרינגליכען כאַראַקטער; און היינט זיינען עס נאָר נאָך די אַנאַרכיסטען, וועלכע שטעהען טריי צו די אַלטע פאָדערונגען. מען האָט דעם אַלטען סאָציאַליסטישען פּראָגראַם פערקריפּעלט און אָנגעפילט מיט פּוסטע פראַזען, וועלכע יעדער איינער קען זיך אויסלייגען אויף זיין אייגענעם שטייגער, פראַזען, וועלכע פערפליכטען ניט צו קיין זאַך, ניט אום צו בעפרידיגען די אַרבייטער — דען אויב דער אַרבייטער נעהמט שוין יאָ אָן דעם סאָציאַליזמוס, נעהמט ער איהם אָן אין גאַנצען — נאָר צו בעפרידיגען די בורזשואַזיע און זיך צו עפענען אַ וועג אין איהרע רייהען. די אַנאַרכיסטען דאַרפען אַלזאָ אַליין בעזאָרגען דיזע אונגעהייערע אַרבייט און איבעראַל פערשפּרייטען די אידעע פון דער עקספּראָפּריאַציאָן ביז אין די פערוואָרפענסטע

דערפלאך פון'ם לאנד. זיי אליין דארפען טהאָן דיזע ארבייט, דען קיין אנדערער וועט זיי ניט העלפען אין דעם.

עס וואָלט געווען א גרויסער טעות, צו דיינקען, אז די אידעע פון דער עקספראָפּריאציאָן האָט שוין דורכגענומען אין גאנצען די מוחות פון די ארבייטער, און דאָס דיזע אידעע איז געוואָרען איינע פון דיזע אינערליכע איבער־צייגונגען, פאר וועלכע דער מענש איז בערייט אוועקצו־געבען זיין לעבען. ניין, דאָס איז ליידער נאָך ניט דער פאל. עס גיט נאָך מיליאָנען און מיליאָנען מענשען, וועלכע קענען דיזע אידעע נאָר דורך די קריטיק פון איהרע געג־נער. און אפילו צווישען די, וועלכע אָנערקענען שוין יאָ דיזע אידעע, ווי ווייניג געפינען זיך צווישען זיי, וועלכע האָבען איהר שטודירט, איהר בעטראכטעט פון אלע זייטען און זיך בעשעפטיגט מיט אלע איהרע איינצעלהייטען! עס איז וואהר, און מיר ווייסען עס גאנץ גוט, אז די אידעע פון דער עקספּראָפּריאציאָן וועט געפינען איהרע מייסטע אָנהייגגער אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן, ווען די גאנצע וועלט אינטערעסירט זיך מיט די עפענטליכע אנ־געלעגענהייטען, מען לייענט, מען דיסקוטירט און האנ־דעלט, און אין אזא צייט האָבען די אידעען, וועלכע זיינען קלאָהר און איינפאך צו אלעמען, די בעסטע מעג־ליכקייטען צו עראָבערן דעם גייסט פון די מאסען. מיר ווייסען אויך, דאָס אויב מיר וואָלטען מעהר ניט געהאט ווי צוויי פארטייען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן: די בורזשואזיע און דאָס פאָלק, וואָלט די אידעע פון דער עקספּראָפּריאציאָן זעהר שנעל אָנגענומען געוואָרען פון די ברייטערע מאסען, ווי באלד ערגעץ א קליינע גרופּע זאָל איהר פּראָפּאגאנדירען און פאָרשטעלען אין אלע איהרע איינצעלהייטען. אָבער מיר האָבען זיך נאָך צו רעכנען מיט אנדערע פיינד פון דער סאָציאלער רעוואָלוציאָן ווי די בורזשואזיע. אלע דיזע זאָגענאנטע פארטייען און פארטיי־

לאַך, וועלכע בעוועגען זיך שטענדיג צווישען דער בורזשואַזיע און די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען; אַלע די—ווי ערנסט זיי זאָלען ניט זיין—וועלכע זיינען נאָך דורכגעדרונגען ביז אין די בעהאַלטענסטע ווינקלאַך פֿון זייערע הערצער מיט דעם גייסט פֿון שרעק און מורא, וועלכער איז די נויטווענדיגע קאָנסעקווענץ פֿון דעם רעספּעקט פֿאַר דער אויטאָריטעט, און וועלכע די פֿערגאַנגענע יאָהרהונדערטע האָבען איינגעפּלאַנצט אין זייערע מוחות; און ענדליך די אַלע לייטע פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע פֿערזוכען, אין דער צייט פֿון אַ סאָציאַלער קאַטאַסטראָפֿע צו ראַטעווען באָטש אַ טהייל פֿון זייערע פּריווילעגיעס, און דערפֿאַר וועלען זיי שרייען וואָס העכער געגען די פּריווילעגיעס, וועלכע זיי זיינען געצוואונגען צו אָפּפֿערן, מיט דער בעהאַלטענער אַבזיכט זיי שפּעטער ווידער צו עראָבערן צוריק;—דיזע אַלע פֿערמיטלער וועלען פֿערזוכען זייער בעסט, אום דאָס פֿאָלק זאָל אַוועקגעבען די פֿרוכט פֿון זיין זיעג פֿאַר אַ טאָפּ לינזען. עס וועלען זיך געפֿינען טויזענדער מענשען, וועלכע וועלען ניט מיעד ווערען צו ווידערהאָלען, אַז מען דאָרף זיך בעגנוגען מיט ווייניג, כדי ניט צו פֿערלירען אַלעס; מענשען, וועלכע וועלען אָנווענדען אַלע מיטלען, אום דאָס רעוואָלוציאָנערע פֿאָלק זאָל פֿערלירען די קאָסטבאַרע צייט מיט גאָרנישט; אַנשטאָט מוטהיג צו אַטאַקירען די סאָציאַלע אינסטיטוציאָנען, וועלען זיי בעסער אָנפֿיהרען אַ פֿרוכטלאָזען קאַמפּף געגען קליינע איבלען און אונבעדייטענדע פּערזאָנען, ביז וואַנען דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פֿין די מאַסען וועט ווידער בּיסלעכווייז אָבגעקיהלט ווערען; זיי וועלען פֿערזוכען צו שפּיעלען די ראָלע פֿון אַ סיינט זשוסט, אַ ראָבעספּיער, אַנשטאָט נאָכצופֿאָלגען דעם ביישפּיעל פֿון די פֿראַנצויזישע בויערן פֿון׳ם 18טען יאָרהונדערט, ד.ה. צוצונעהמען די סאָציאַלע רייכטהימער און זיי צו פֿערשווענדען צום נוצען פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק.

אום צו בעקעמפֿפֿען דיזע געפֿאַהר, גיט עס פֿאָרלויפֿיג נאַר איין מיטעל: אונערמידליך צו פּראָפּ־אַגאַנדירען און צו פֿערשפּרייטען די אידעע פֿון דער עקספּראָפּריאַציאָן דורך אונזערע ווערטער און האַנדלונגען; יעדע פֿון אונ־זערע טהאַטען דאַרף זיין אַן אויסדרוק פֿון דיזער אור־שפּרינגליכער אידעע, און דאָס וואָרט עקספּראָפּריאַציאָן דאַרף דורכנעהמען די גייסטער און הערצער פֿון גרעסערע אָדער קלענע־רע מאַסען מענשען אין אַלע טהיילען פֿון'ם לאַנד; אין יעדען דאָרף, אין יעדער שטאָדט דאַרפֿען מיר דיסקוטירען דיזע פֿראַגע, ביי יעדען אַרבייטער, ביי יעדען בויער אַלס דעם פֿאָלקאָמענען אויסדרוק פֿון דעם וואָרט אַנאַרכיע. דאַן און נאָר דאַן וועט דאָס וואָרט עקספּראָפּריאַציאָן זיך אַרויסרייסען פון די ליפּען פֿון אַלעמען אין דעם טאָג פֿון דער רעוואָלוציאָן; דיזער רוף וועט בעגייסטערן דאָס גאַנצע פֿאָלק, און דאָס בלוט פֿון די מאַסען וועט ניט פֿערגאָסען זיין אומזיסט.

אָט דיזע אידעע, די אידעע פֿון דער עקספּראָפּריאַציאָן איז עס, וועלכע די אַנאַרכיסטען פֿון אַלע לענדער האָבען אַרויפֿגעשטעלט אויף זייער פֿאָהן. די צייט איז קאָסטבאַר, מיר האָבען ניט צו פֿערלירען קיין מינוט; אָבער גראַדע דיזע ערקענטניס גיט אונז נייע קרעפֿטע, און דאָס ציעל פֿון אונזערע שטרעבונגען פֿערדאָפּעלט אונזער ענערגיע; דען מיר זיינען איבערצייגט, אַז ווען מיר וועלען ניט אָנ־ווענדען אַלע אונזערע קרעפֿטע צו פֿערשפּרייטען די אידעע פֿון דער סאָציאַלער עקספּראָפּריאַציאָן, וועט דאָס פֿאָלק בעטראָגען ווערען פֿון דאָס ניי, און אַלע אָפּפֿער וועלען זיין אומזיסט.



## II.

בעפאָר מיר װעלען ערקלעהרען אונזערע אַנזיכטען װעגען דער עקספּראָפּריאַציאָן, װעלען מיר פריהער פער־ענטפערן אַן אַרגומענט, װעלכער איז װײט פערשפּרייט, אָבוואָהל זײן טהעאָרעטישע גרונדלאַגע איז זעהר אַ שוואַכע. די פּאָליטישע עקאָנאָמיע — די פאַלשע װיסענשאַפט פון דער בורזשואַזיע — האַלט אײן אײן לויבען די גוטע און ניצליכע זייטען פון דעם אינדיווידועלען אייגענטהום. — „זעהט נאָר, װי פיעל מיה און אַרבייט דער בויער לײגט אַװעק", זאָגט מען אונז, „זײט ער איז געװאָרען דער אײי־גענטהימער פון דער ערד, װעלכע ער קולטיווירט; זעהט נאָר װי ער צוגראָבט און צואַקערט זײן שטיקעל לאַנד, און װיפיעל פרוכט ער נעהמט אַרױס פון דער ערד, װעלכע איז אָפטמאָל אַזוי אונדאַנקבאַר צו זײנע אַנשטרײנגונגען! און זעהט, װאָס עס איז געװאָרען פון דער אינדוסטריע, זײט זי האָט צובראָכען איהרע קײטען און זיך בעפרייט פון יעדער הערשאַפט, װעלכע איז אימשטאַנדע צו פער־הינדערן איהר פרייע ענטוויקלונג!"

אָבער אונזערע עקאָנאָמיסטען ציהען ניט די קאָנסע־קווענצען פון דעם בילד, װעלכעס זײ שטעלען אונז פאָר, זײ זאָגען ניט: „זאָל די ערד בעלאַנגען צו די, װעלכע קולטיווירען איהר!" פערקעהרט, זײ ערקלעהרען, אַז „די ערד בעלאַנגט צו דעם גרונד־בעזיצער, װעלכע לאָזט איהר קולטיווירען דורך זײנע לוין־אַרבײטער!" און טראָצדעם גיט עס נאָך אַלם גענוג מענשען, װעלכע לאָזען זיך בעאײנ־פלוסען פון דיזען אַרגומענט און בענוצען זיך מיט איהם, ניט נאָכדיינקענדיג צו ער איז ריכטיג אָדער פאַלש. עס בלייבט אַלזאָ איבער פאַר אונז „אוטאָפּיסטען" — און טאַקע דערפאַר װאָס מיר זײנען „אוטאָפּיסטען" — צו אַנאַליזירען דיזע פראַגע, און אָט האָט איהר דעם שלוס, צו װעלכען מיר זײנען געקומען:

װאָס אָנבעלאַנגט די פראַגע װעגען דער ערד, בעהױפּטען

מיר אויך, אַז דאָס לאַנד איז בעסער קולטיווירט, זייט דער בויער איז געוואָרען דער אייגענטהימער פֿון דעם פֿעלד, וועלכעס ער בעאַרבייט. אָבער מיט וועמען פֿערגלייכען די הערען עקאָנאָמיסטען דעם קליינען גרונד־בעזיצער? אפשר מיט דעם קאָמוניסטישען אַקערבויער? צ. ב. ש. מיט איינע פֿון יענע געמיינדעס פֿון דוכאָבאָרצעס, וועלכע, נאָכדעם ווי זיי זיינען אָנגעקומען ביי די ברעגעס פֿון טייך אַמור, האָבען זיי אָנגעהויבען געמיינשאַפֿטליך צו אַרבייטען און ערקלעהרט זייערע בהמות פֿאַר געמיינשאַפֿטליכעס אייגענטהום; זיי האָבען געמיינשאַפֿטליך קולטיווירט זייערע פֿעלדער און געבויט זייערע הייזער, און זיי זיינען שוין אין ערשטען יאָהר געווען רייכער און ערפֿאָלגרייכער ווי די איינצעלנע עמיגראַנטען, וועלכע האָבען זיך געלעבט יעדער בעזונדער און האָבען פֿערזוכט צו קולטיווירען אַ זומפּיגע שטיק לאַנד, אויסבעטלענדיג פֿון דעם שטאַאט עטליכע זעק מעהל, אום צו קענען עקזיסטירען. אָדער מאַכען זיי אַ פֿערגלייך מיט יענע אַמעריקאַנער געמיינדעס, פֿון וועלכע נאָרדהאָף דערצעהלט אונז, און וועלכע, נאָכדעם ווי זיי האָבען פֿערזאָרגט אַלע זייערע מיטגלידער מיט נאַהרונג, קליידונג און וואוינונג, האָבען נאָך געקענט ערלויבען 100 דאָלאַר יעדעם פֿון זייערע איינוואוינער, אום צו קויפֿען מוזיק־אינסטרומענטען, קונסט־ווערק און אַזעלכע זאַכען, וועלכע געפֿינען זיך ניט אין די מאַגאַזינען פֿון דער קאָמונע?

ניין! די אָפֿיציעלע וויסענשאַפֿט האָט דיזע אַלע פֿאַקטען איגנאָרירט. זי בעגנוגענט זיך צו מאַכען אַ פֿערגלייך צווישען דעם קליינען גרונד־אייגענטהימער פֿון אונזער צייט אין דעם לייבאייגענעם אָדער דעם פּעכטער.

אָבער האָט דען דער לייבאייגענער, ווען ער האָט בעאַרבייט די ערד פֿון זיין הערר, האָט ער דען ניט געוואוסט אין פֿאָראויס, אַז דער הערר זיינער וועט אַלעס צונעהמען פֿון איהם, צו דער יאָהר איז געווען אַ געראָטענער צו ניט;

האָט ער דען ניט געוואוסט, אַז ער וועט מעהר ניט בעקו־מען ווי אַ ביסעל קאָרן, גראַד גענוג, אום די הויט זאָל ניט אראָבפאַלען פון די ביינער; האָט ער דען ניט געוואוסט, אַז וויפיעל ער זאָל ניט אַרבייטען, וועט ער דאָך געצוואונ־גען זיין אין קומענדען פריהלינג צו עסען דאָס גראָז פון די לאָנקעס און די קאָרע פון די בוימער, אַזוי ווי די רו־סישע בויערן טהוען נאָך היינט צו טאָג, און ווי די פראַנ־צויזישע בויערן האָבען געטהאָן בעפאָר 1789? האָט ער דען ניט געוואוסט, אַז ווי באַלד ער וועט זיך אַביסעל אַרויפאַרבייטען, וועט דער גרונדבעזיצער באַלד אויסנוצען די געלעגענהייט און איהם נאָך מעהר דריקען און שטיקען? און דערפאַר האָט ער געאַרבייט אַזוי ווייניג ווי נאָר מעגליך און אַזוי שלעכט ווי נאָר מעגליך. איז עס דען ווירקליך אַ וואונדער, אַז דער אייניקעל פון דיזען בויער, דער היינ־טיגער בויער, בעאַרבייט בעסער די ערד ווי זיין זיידע האָט געטהאָן, וויסענדיג, אַז די פרוכט פון די פעלדער, וועלכע ער קולטיווירט, בעלאַנגט צו איהם?

אפילו דער פעכטער האָט שוין טהעטיגער געאַרבייט פון דעם לייבאייגענען. ער האָט געוואוסט, אַז איין העלפט פון דער תבואה וועט דער גרונד־בעזיצער צונעהמען ביי איהם; אָבער ער איז אָם ווייניגסטענס זיכער געוועזן מיט דער צווייטער העלפט. און טראָץ דיזע שווידערליכע בעדינגונגען — פאַר אונז זיינען זיי שוידערליך און עמפּעהרענד, אָבער פאַר אונזערע עקאָנאָמיסטען גאַנץ גערעכט — האָט ער אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו פערבעסערן דאָס לאַנד דורך די אָנשטריינגענדע אַרבייט פון זיינע אייגענע הענד.

דער היינטיגער פעכטער האָט געמאַכט זיין קאָנטראַקט מיט דעם גרונד־בעזיצער פאַר עטליכע יאָהר צייט, און ווען די בעדינגונגען פון דעם קאָנטראַקט זיינען ניט צו האַרט, ווען ער איז אימשטאַנדע צו מאַכען געוויסע פער־בעסערונגען אָדער ער בעזיצט אַ קליינעם קאַפּיטאַל, וועט

ער זיכער ניט פערפעהלען צו ענטוויקלען די מעטהאָדע פון זיין אַרבייט און צו פערבעסערן די פרוכטבאַרקייט פון דער ערד. און דער היינטיגער בויער, דער קליינער גרונד־בעזיצער, אויב מען דריקט איהם ניט צו שטאַרק צו דורך די גרונד־שטייערן און אָבגאַבען, און ער איז אימשטאַנדע זיך צו שאַפען אַ קליינעם פאָנד, וועט ער געוויס די ערד נאָך בעסער קולטיווירען פון דעם לייבאייגענען, דעם אַלטען און דעם נייען פעכטער, דערפאַר וואָס ער ווייס, דאָס אויסער די שטייערן און אָבגאַבען, וועלכע ער דאַרף צאָהלען דעם שטאַאַט און דעם פראָצענטניק, בעלאַנגט אַלעס צו איהם, וואָס ער נעהמט אַרויס פון דער ערד דורך זיין אָנשטריינגענדע און שווערע אַרבייט.

אָבער וואָס בעווייזען אונז דען דיזע פאַקטען? — זיי בעווייזען אונז נאָר איין זאַך, אַז קיינער ליעבט ניט צו אַרבייטען פאַר אַ צווייטען, און אַז די ערד וועט נאָר דאַן גוט בעאַרבייט ווערען, ווען דער בויער וועט ניט מעהר בערויבט ווערען פון אירגענד אַ ליידיגגעהער, דעם גרונד־בעזיצער, דעם בורזשואַ, דעם פראָצענטניק אָדער דעם שטאַאַט, וועלכע נעהמען צו פון איהם די פרוכט פון זיין אַרבייט אין דיזער אָדער יענער פאָרמע. אָבער עס איז לעכערליך צו בעהויפטען, אַז דיזער פאַקט איז אַ בעווייז פאַר די ניצליכקייט און נויטווענדיגקייט פון דעם אינדיווידועלען אייגענטהום. אַזאַ בעהויפטונג האָט איבערהויפט קיין פונדאַמענט ניט, און די שליסע, וועלכע מען האָט געצויגען פון דעם, זיינען פאַלש און אַבסורד.

* * *

די שליסע, וועלכע מען קען אָבער יאָ ציהען פון דיזע פאַקטען, זיינען גאַנץ אַנדערע.

די אַרבייט פון דעם פעכטער און הויפטזעכליך פון דעם קליינען גרונד־אייגענטהימער איז פלאַנמעסיגער און אויסגערעכענטער ווי די אַרבייט פון דעם לייבאייגענען און

שקלאַף. אָבער טראָץ דעם האָט די אַגריקולטור ניט געמאַכט קיין גרויסען פּראָגרעס, ניט אונטער דעם סיסטעם פון די פעכטער און ניט אונטער דעם סיסטעם פון דעם קליינען גרונד־אייגענטהום. מיט 70 יאָהר צוריק האָט מען געקענט גלויבען, אַז די אַגראַרישע פראַגע קען געלייזט ווערען דורך די קליינע גרונד־בעזיצער; דען אין יענער צייט האָט דער קליינער בויער ווירקליך געמאַכט אַ געוויסען פאָרטשריט, און דיזער פאָרטשריט איז געווען אַ גאַנץ בעדייטענדער אין פערגלייך מיט דעם עלענדען צושטאַנד פון דעם פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט. אבער דיזע גאָלדענע צייט פון די קליינע גרונד־אייגענטהימער איז באַלד אַריבער. היינט דאַרף דער קליינער בויער אָנפיהרען אַ קאַמפּף אויף־לעבען און טויט, אום צו ראַטעווען זיין שטיקעל ערד. די שווערע לאַסט פון זיינע חובות ליעגט ווי אַ באַרג אויף זיין קאָפּ; ער איז פערשולדיגט ביי דעם פּיעה־הענדלער, דעם לאַנד־פערקויפער, דעם פּראָצענטניק; גאַנצע דער־פער געהען צו גרונדע אונטער דיזער לאַסט, גאָר ניט ריידענדיג פון די הויכע אָבגאַבען, וועלכע דער קליינער בויער דאַרף אַוועק־צאָהלען דעם שטאַאַט און דער געמיינדע. די קליינע גרונד־אייגענטהימער זעהען זייער אונטערגאַנג פאַר זייערע אויגען; עס איז וואַהר, אַז מען רופט זיי נאָך אַלס „איי־גענטהימער", אָבער אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי ניט מעהר ווי די פעכטער פון די באַנקירען און פּראָצענטניקעס. דער קליינער בויער האָפט און האָפט, אַז עס וועט איהם דאָך ענדליך נאָך געלינגען צו בעצאָהלען זיינע חובות, אָבער אין דער ווירקליכקייט ווערען די שולדען זיינע אַלס מעהר און מעהר. און ווען עס גיט שוין יאָ אַ פּאָר הונ־דערט קליינע גרונד־בעזיצער, וועלכע געהען אָן מיט זייער ווירטהשאַפט, גיט עס אָבער פון דער צווייטער זייטע מיליאָנען בויערן, וועלכע האָבען מעהר קיין אַנדער אויס־וועג ניט זיך צו בעפרייען פון זייערע אויסבייטער ווי די רעוואָלוציאָן.

איז עס דען נייטיג צו בעווייזען דיזע פֿאַקטען דורך גאַנצע בענדער פֿון סטאַטיסטישע טאַבעלען, וועלכע ווידערלייגען אין גאַנצען די טהעאָריע איבער דער ניצליכקייט פֿון פּריוואַט־אייגענטהום?

און וואַרום ווערט די לאַגע פֿון דעם בויער אַלס ערגער און ערגער? די ערקלעהרונג איז זעהר איינפֿאַך. עס איז ניט די אַמעריקאַנער קאָנקורענץ, דען אין דער ווירקליכקייט האָט דיזע קאָנקורענץ שוין פֿריהער אויך עקזיסטירט, זאָגאַר די שטייערן און אָבגאַבען, וועלכע דער בויער דאַרף בעצאָהלען, זיינען ניט די איינציגע אורזאַכע פֿון זיין אונטערגאַנג; מאַכט די אָבגאַבען קליינער, און דער ענטוויקלונגס־פּראָצעס פֿון זיין אונטערגאַנג וועט געהן אַביסעל לאַנגזאַמער; אָבער אָבשטעלען וועט ער זיך פֿאַר קיין פֿאַל ניט. ניין, די ערקלעהרונג איז אַ גאַנץ אַנדערע. נאָכדעם ווי די אַגריקולטור אין אייראָפּאַ איז פֿאַר פֿופֿצעהן הונדערט יאָהר געשטאַנען אויף דערזעלבער שטופֿע, האָט זי אָנגעפֿאַנגען זייט די לעצטע פֿופֿציג יאָהר צייט צו מאַכען אַ געוויסען פּראָגרעס. אויסערדעם גיט עס נאָך אַ פֿאַקטאָר, וועלכער שפּיעלט ביז צו אַ געוויסען גראַד אַ וויכטיגע ראָלע אין דיזען ענטוויקלונגס־פּראָצעס — די וואַקסענדע בעדירפֿניסע פֿון דער אַגריקולטור אַליין; דער בויער איז היינט זעהר לייכט אימשטאַנדע אויסצובאָרגען געלדער און צו בעקומען אַ געוויסען קרעדיט, און די מאָנאָפּאָליסטען פֿון די באַנקען און פֿאַבריקען, די פּיעה־הענדלער און די פּראָצענטניקעס אין די שטעדט זיינען שטענדיג בערייט איהם צו „העלפֿען", כדי איהם גאַנץ אַריינצובעקומען אין זייערע הענד; אַ דריטער גרונד איז וואָס דער פּרייז פֿון דער ערד, וועלכע די רייכע האָבען ביסלעכווייז מאָנאָפּאָליזירט, האַלט אין איין שטייגען, גאַנץ גלייך צו וועלכע צוועקע מען פֿערווענדעט איהר, צו פֿאַר דעם בויען פֿון ווילאַס און פֿאַרנעהמע הייזער, צו פֿאַר דער אינדוסטריע און דעם פֿערקעהר.

לאָמיר זיך נעהמען אַנאַליזירען רעם ערשטען פֿון דיזע פֿאַקטאָרען, וועלכער מאַניפֿעסטירט זיך אַם דייטליכסטען פֿאַר אונז! אום מיטצוהאַלטען מיט'ן אַלגעמיינען פּראָגרעס פֿון דער אַגריקולטור, אום צו קענען פֿערקויפֿען זיינע פּראָדוקטען פֿאַר דעמזעלבען פּרייז ווי דער, וועלכער בעאַרבייט די ערד מיט מאַשינען און כעמישע מיטלען, וואָלט דער בויער היינט בעדאַרפֿט האָבען אַ קליינעם קאַפּיטאַל, וועלכער זאָל איהם געבען די מעגליכקייט איינצופֿיהרען געוויסע פֿערבעסערונגען איז זיין אַרבייטס-מעטהאָדע. זיין הויז צופֿאַלט ביסלעכווייז, זיינע פֿערד ווערען אַלט, די קוה הערט אויף צו געבען מילך, זיין פּלוג אַרבייט זיך אויס, זיין וואָגען ווערט צובראָכען, און ער דאַרף אויסבעסערן זיינע געצייג און אָנשאַפֿען נייע. און אויסערדעם דאַרף ער זעהן צו פֿערמעהרען זיינע בהמות און זיך אָנשאַפֿען געוויסע אינסטרומענטען צו פֿערבעסערן די ערד. צו דיזען צוועק דאַרף ער האָבען עטליכע 1000 פֿראַנק, אָבער לייי־דער קען ער זיי קיינמאָל ניט געפֿינען. וואָס טהוט ער אָבער פֿאָרט? ער פּראַקטיצירט דאָס „צוויי־קינדער סיסטעם", וועלכעס פֿערקלענערט וואָס ווייטער אַלס מעהר די צאָהל פֿון די איינוואוינער אין פֿראַנקרייך; אָבער העלפֿען העלפֿט עס ניט; און צולעצט איז ער געצוואונגען צו שיקען זיינע קינדער אין שטאָדט אַריין, וואו זיי פֿערמעהרען די צאָהל פֿון די פּראָלעטאַריער; און ער אַליין פֿערשולדיגט זיך אַלס מעהר און ווערט צוריק אַ שקלאַף, אַ שקלאַף פֿון דעם באַנקיר, פּונקט ווי ער איז פֿריהער געווען אַ שקלאַף פֿון דעם פֿעאָדאַלען גרונדבעזיצער.

דאָס איז דאָס קליינע גרונד־אייגענטהום פֿון היינט צו טאָג, און די, וואָס זינגען נאָך אַלס לויב־ליעדער אויף דיזע אינסטיטוציאָן, זיינען מיט פֿופֿציג יאָהר צוריק מיט זייער גייסטיגער ענטוויקלונג; זיי בעטראַכטען די פֿאַקטען, אַזוי ווי זיי האָבען זיך פֿאָרגעשטעלט מיט 70 יאָהר צוריק;

אָבער זיי בעגרייפען ניט די ווירקליכקייט פון'ם יעצטיגען לעבען.

* * *

די טהאַטזאַכען זיינען אַזוי איינפאַך, אַז מען קען זיי אויסדריקען אין צוויי ווערטער: „קיין אַגריקולטור אָהן אַ גאַראַנטיע־פאָנד!" דיזע ווערטער ענטהאַלטען אין זיך אַ גאַנצע לעהרע, איבער וועלכער די „נאַציאָנאַליזירער פון דער ערד" דאַרפען גוט נאָכדיינקען.

ווען עס זאָל זיך היינט איינגעבען די אָנהייגער פון העגרי דזשאָרדזש צוזונעהמען פון אַלע ענגלישע לאָרדען זייער גרונד־אייגענטהום; און ווען זיי וואָלטען צוטהיילט די ערד אין קליינע שטיקער צו אַלע די, וועלכע ווילען איהר קולטיווירען; ווען דער פרייז פון די יעהרליכע אָב־גאַבען וואָלט פערקלענערט אָדער אפילו אין גאַנצען אָב־געשאַפט געוואָרען—דאַן וואָלט זיך וואַהרשיינליך אָנגע־פאַנגען אַ גוטע פעריאָדע פאַר דעם בויער פאַר די נעכסטע דרייסיג יאָהר; אָבער נאָכרעם וואָלטען מיר ווידער געהאַט דעמזעלבען צושטאַנד ווי בעפאָר.

די ערד פאָדערט יעהר פיעל אויפפאַסונג. אום צו ער־האַלטען 29 העקטאָליטער ווייץ פון אַ העקטאַר לאַנד, אַזוי ווי עס איז דער פאַל אין נאָרפאָלק, און ביז צו ערהאַלטען 36 און 42 העקטאָליטער פון דעמזעלבען שטיק לאַנד דאַרף מען אויסגראָבען אלע שטיינער פון די פעלדער, מאַכען קאַנאַלען אין איבערגראָבען די ערד; די מאַשין דאַרף פערנעהמען דעם פלאַץ פון דער האַק; מען דאַרף אויסמיסטען די פעלדער אויף אַ פלאַנמעסיגע מעטהאָדע און האַלטען אין אָרדנונג די וועגען. און אויסערדעם דאַרף מען נאָך קולטיווירען נייע שטיקער לאַנד, אום צו בעפריי־דיגען די וואַקסענדע בעדירפניסע פון אַ בעפעלקערונג, וועלכע האַלט זיך אין איין פערמעהרען.

דאָס אַלעס פאָדערט אַסך ארבייט, און אַן איינצעלנע

פֿאַמיליע איז אונמעגליך אימשטאַנדע אַלעס צו טהאָן— אָט דאָס איז די אורזאַכע, וואַרום די אַגריקולטור שטעהט שטענדיג אויף דער זעלבער שטופּע און פּראָגרעסירט ניט. אום צו ערהאַלטען די קוואַנטיטעט פּרוכט, וועלכע מען קען ערהאַלטען דורך א פּלאַנמעסיגע בעאַרבייטונג, איז מאַנכעס מאָל נויטווענדיג אַוועקצולייגען איין, צוויי אָדער פֿיער מאָנאַטען אַרבייט אויף איין איינציגען העקטאַר לאַנד. דער קאַפּיטאַליסט קען דאָס טהאָן, אָבער דער קליינער בויער מיט זיין מאָגערן פֿערדינסט, דער בויער, וועלכער בעזיצט ניט קיין זאַך, וואָס מאַכט דאָס לעבען אָנגענעהם און טהייער, ער קען עס זיכער ניט טהאָן. די ערד פֿאָדערט פֿון'ם מענשען, אַז ער זאָל אַוועקלייגען פֿאַר איהר זיין קראַפֿט און געשיקליכקייט פֿאַר די גאָלדענע פֿריכטע, מיט וועלכע זי בעלוינט איהם—אָבער דער מענש בעגרייפֿט עס ניט. פֿערברייננגענדיג זיין גאַנצעס לעבען אין די אינ־דוסטריעלע קאַזאַרמען ווי אַ געפֿאַנגענער, פֿאַבריצירט ער די וואונדערבאַרסטע שטאָפֿען פֿאַר די אינדישע פֿירסטען, פֿאַר די שקלאַפֿען־בעזיצער אין אַפֿריקאַ, פֿאַר די מעט־רעסען פֿון די באַנקירען; ער וועבט שטאָפֿען פֿאַר די עגיפּטער און די טאַטאַרען פֿון טורקעסטאַן, אָדער ער געהט אין גאַנצען אַרום ליידיג, ווען עס מאַכט זיך אַ שלעכטע צייט אין דעם אינדוסטריעלען לעבען—און די ערד בלייבט ווילד און ניט קולטיווירט, אָבוואָהל דיזע אַרבייט וואָלט געקענט בעפֿרידיגען די בעדירפֿניסע פֿון מיליאָנען מענשען. פֿאַר 20 מיליאָן פֿראַנצויזען איז פֿלייש נאָך אַלס אַ לוקס־סוס־אַרטיקעל.

און אויסערדעם וואָס די ערד פֿאָדערט די מענשליכע אַרבייט, זיינען נאָך נייטיג מיליאָנען קרעפֿטיגע הענד, אום צו פֿערבעסערן די פֿעלדער, אויסצוגראָבען די שטיינער אויף די לאָנקעס און שאַפֿען מיט דער הילפֿע פֿון די נאַטור־קרעפֿטען אַ רייכען באָדען און רייכע פֿריכטע. זי

פֿאָדערט, אַז די שטאָדט זאָל איהר שיקען איהרע קרעפֿטע, איהרע מאַשינען, איהרע מאַטאָרען; אָבער דיזע פֿלייסיגע קרעפֿטע, דיזע מאַשינען שטעהען בעסער ליידיג אין די שטעדט, אָדער זיי בעפֿרידיגען די וואַהנזיניגע פֿאָדערונגען פֿון די רייכע ליידיגגעהער אין דער גאַנצער וועלט.

דאָס אינדיווידועלע אייגענטהום איז אַלזאָ ניט קיין קוועלע פֿון רייכטהום פֿאַר דאָס לאַנד, אַזוי ווי אונזערע עקאָנאָ־מיסטען בעהויפּטען, פֿערקעהרט, דיזע אינסטיטוציאָן איז געוואָרען איינע פֿון די ערגסטע הינדערניסע פֿאַר די ענט־וויקלונג פֿון דער אַגריקולטור. וועהרענד איניגע פֿאָרשער זוכען צו ענטדעקען נייע וועגען און מעטהאָדען צו קול־טיווירען די ערד, שטעהט די אַגריקולטור פֿון גאַנץ אייראָפּאַ שטענדיג אויף דערזעלבער טרויעריגער שטופּע, צו דאַנקען דעם אינדיווידועלען אייגענטהום.

***

מיינט דאָס אפשר, אַז מיר ווילען פֿערניכטען אַלע אָב־גרענצונגען פֿון דעם קליינען גרונד־אייגענטהום, צושטעה־רען די פּרובט־פֿעלדער, די קליינע פֿעלדער און איבעראַל איינפֿיה־ען די טהעטיגקייט פֿון די מאַשינען, דעם פּראָב־לעמאַטישען בליק פֿון דער גרויסער אַגראַרישער פּראָדוק־ציאָן, אַזוי ווי געוויסע שטאַאַטס־סאָציאַליסטישע רעפֿאָר־מאַטאָרם שטעלען זיך פֿאָר?

מיר, פֿין אונזער זייט, האָבען אפילו ניט גע'חלומ'ט פֿון אַזאַ זאַך. מיר ווערלען זיך קיין מאָל ניט צוריהרען צו דעם שטיקעל לאַנד פֿון דעם קליינען בויער, וועלכעס ער בע־אַרבייט צוזאַמען מיט זיינע קינדער, ניט האַלטענדיג קיין בעצאָהלטע לוין־אַרבייטער. אָבער מיר ווערלען עקספּראָ־פּריאירען יעדעס שטיק לאַנד, די גאַנצע ערד, וועלכע ווערט ניט קולטיווירט פֿון די, וואָס ערקלעהרען איהר היינט פֿאַר זייער אייגענטהום. און ווען די סאָציאַלע רע־וואָלוציאָן וועט זיך ענדליך פֿערווירקליכען, ווען די אַרביי־

טער פון די שטעדט וועלען מעהר ניט אַרבייטען פאַר אַ פאַבריקאַנט, אַ מייסטער, אַ קאַפּיטאַליסט, זאָנדערן פאַר די בעדירפניסע פון אַלעמען, דאַן וועלען גאַנצע מאַסען פון געוועזענע פּראָלעטאַריער אַרויסגעהן אויף דאָס לאַנד, זיי וועלען קולטיווירען די עקספּראָפּריאירטע פעלדער, זיג־גענדיג פרעהליכע ליעדער ביי זייער אַרבייט, און אין אַ קורצע צייט וועט זיך פערוואַנדלען די אונפרוכטבאַרע ערד, אין פרוכטבאַרע, בליהענדע פעלדער; דאָס גאַנצע לאַנד וועט געניסען פון דיזען רייכטהום, און די ערד וועט אַליין אָנבאָטען איהרע פריכטע צו אַלעמען. און דיינקט איהר, אַז דער קליינער בויער מיט זיין שטיקעל לאַנד וועט ניט באַלד פערשטעהן דעם נוצען פון דער געמיינ־שאַפטליכער אַרבייט? דיינקט איהר דען ווירקליך, אַז ער וועט ניט האָבען דעם וואונש צו זיין אַ מיטגליעד פון דער גרויסער פאַמיליע?

אין דער צייט, ווען מען נעהמט אַראָב דעם האָפען פון די פעלדער, זעהען מיר היינט גאַנצע באַטאַליאָנען פון לאָנדאָנער אַרבייטסלאָזע, אָנגעטהאָן אין שמאַטעס, וועלכע העלפען די בויערן פון דער פּראָווינץ קענט ביי זייער אַר־בייט; דיזעלבע ערשיינונג זעהען מיר אין אַנדערע געגענ־דען אין דער צייט ווען מען שניידט אָב די וויינטרויבען; די איינוואָהנער פון דער שטאָדט העלפען דאַן די בויערן, און דאָסזעלבע וועט זיין אין דער צוקונפט—די אַרבייטער וועלען ניט נאָר העלפען דעם בויער אין דער שניט־צייט, נייִן, זיי וועלען איהם העלפען קולטיווירען די ערד אין אַל־געמיין. די אינדוסטריע פאָדערט נאָר אַ פעריאָדישע טהע־טיגקייט און אין געוויסע צייטען איז נויטווענדיג אָבצו־שטעלען די אינדוסטריעלע טהעטיגקייט; אָבער פאַר דער פערבעסערונג פון דער ערד. מעהר נאָך ווי אין דער פע־ריאָדע פון דער שניט־צייט איז די געמיינשאַפטליכע אַר־בייט אין דער קולטור געוואָרען אַ נויטווענדיגקייט, וועלכע

וועט שפּעטער פֿעראייניגען די שטאָדט מיט'ן דאָרף; שטאָדט און דאָרף וועלען זיין איין איינציגער גאַרטען, קולטיווירט און בעאַרבייט פֿון איין איינציגער פֿאַמיליע. די מאַאַמוטה־פֿאַרמס און אַנדערע קאָלאָניען אין די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, וואו די אַגריקולטור ווערט היינט צום גרעסטען טהייל בעזאָרגט פֿון טויזענדער און טויזענדער אַרבייטסלאָזע, באַרפֿוסיגע הונגערליידער, וועלכע קומען פֿון די גרויסע שטעדט און אַרבייטען פֿאַר עטליכע מאָנאַט צייט אויף די פֿעלדער, און נאָך דער שניט־צייט שיקט מען זיי ווידער אַוועק; אָט דיזע פֿאַרמס און קאָלאָניען וועלען שפּעטער זיין די פּאַרקס און די פֿערגניגונגס־פּלעצער, ווי די אינדוסטריע־אַרבייטער וועלען זיך ערהאָלען פֿון זייער טהעטיגקייט אין די פֿאַבריקען.

ניין, די צוקונפֿט בעלאַנגט ניט צו דעם אינדיווידועלען אייגענטהום, זי בעלאַנגט ניט צו דעם קליינען בויער, דעם קליינען גרונד־בעזיצער, וועלכער איז קוים אימשטאַנדע זיך צו ערנעהרען מיט זיין שטיקעל לאַנד; די צוקונפֿט בעלאַנגט צו דער קאָמוניסטישער אַגריקולטור, צו דער קאָמוניסטישער בעאַרבייטונג פֿון דער ערד! דער קאָמוניזמוס און נאָר דער קאָמוניזמוס איז אומשטאַנדע אַרויסצונעהמען פֿון דער ערד אַלעס דאָס, וואָס מיר דאַרפֿען, אום צו בעפֿרידיגען אונזערע בעדירפֿניסע.

***

אָבער פֿילייכט האָט זיך די ניצליכקייט און נויטווענדיגקייט פֿון פּריוואַט־אייגענטהום אַרויסגעצייגט פֿון זייער אינדוסטריע?

מיר דאַרפֿען גאָר נישט ערשט אָנהויבען צו רעדען איבער די שרעקליכע איבלען, וועלכע דאָס פּריוואַט־אייגענטהום האָט פֿעראורזאַכט אין דער אינדוסטריע. די סאָציאַליסטען קענען דיזע איבלען שוין צו גוט. דאָס עלענד פֿון די ברייטע אַרבייטער־מאַסען, די שטענדיגע אונזיכערהייט,

און אפילו דאָ־ט וואו דער הונגער קלאַפּט ניט יעדען טאָג אין טהיר האָט איהר דעם קריזיס, די אויסבייטונג פֿון פֿרויען און קינדער און די דעגענעראַציאָן פֿון דער מענש־ליכער ראַסע. פֿון איין זייט האָט איהר דעם וואַהנזיניגען לוקסוס און די פֿערשווענדונג פֿון די פּריווילעגירטע לײדיג־געהער, און פֿון דער צווייטער זייט פֿערזוכט מען מיט אַלע מעגליכקייטען צו האַלטען דעם אַרבייטער אויף דער שטופּע פֿון אַ בהמה, אַ טהיער; מען נעהמט אוועק פֿון איהם די מעגליכקייט זיך צו בילדען און צו געניסען דעם פֿער־גניגען פֿון קונסט און וויסענשאַפֿט — דאָס אַלעס איז שוין טויזענדער מאָל ערקלעהרט און בעוויזען געוואָ־ען, און עס איז ניט נויטיג צו ווידערהאָלען. מיר לעבען אין אַ צושטאַנד פֿון שטענדיגען קריעג, און דאָס בלוט פֿון מיליאָנען מענשען ווע־ט פערגאָסען פֿאַר די בעהערשונג פֿון׳ם וועלט־מאַרק; אינערליכע און אויסערליכע מלחמות, ריעזיגע אַרמעען, אונגעהייערע שטייערן און אַבגאַבען, אויסראָטונג פֿון גאנצע גענעראַציאָנען, קאָרופּציאָן און מאָ־ראַלישע פֿערדאָ־בענהייט פֿון די פּריווילעגירטע פּאַראַזיטען, וועלכע האָבען אַראָבגעפֿיהרט די קונסט, די וויסענשאַפֿט און די עטהישע פּרינציפּען אויף אַ גאַנץ פֿאַלשען וועג! רעגירונגען אום צו אונטערדריקען דעם אויפֿשטאַנד פֿון אָרעמע און עלענדע, דאָס געזעץ מיט אַלע זיינע פֿער־ברעכען, זיינע ריכטער, זיינע היינקער! די טיראַניי, די שקלאַפּישע געהאָרכזאַמקייט, דער היפּאָקריטיזמוס — דאָס זיינען די רעזולטאַטען, מיט איין וואָרט, די מאָראַלישע און סאָציאַלע פֿערפֿוילטקייט פֿון אַלע היינטיגע געזעל־שאַפֿטליכע אינסטיטוציאָנען, דאָס זיינען די פֿאָלגען פֿון דעם אינדיווידועלען אייגענטהום אין דער אינדוסטריע!

אָבער פֿילייכט האָט דאָס פּריוואַט־אייגענטהום אויך גע־וויסע גוטע זייטען, וועלכע זאָלען ווערטה זיין צו ערטראָ־גען דיזע אַלע איבלען, פֿון וועלכע מיר האַבען גערעדט?

אפשר איז דיזע אינסטיטוציאָן געווען דער איינציגער מיטעל פֿאַר דעם געזעלשאַפֿטליכען פּראָגראַם? אפשר איז זי די אורזאַכע פֿון דער געוואַלדיגער אינדוסטריעלען און וויסענשאַפֿטליכען ענטוויקלונג פֿון אונזער יאהר־הונדערט? אונזערע „געלעהרטע" בעהויפּטען דאָס יעדען טאָג. לאָמיר אַלזאָ זעהען אויף וועלכע פֿאַקטען דיזע בעהויפּטונג גרינדעט זיך און צו דיזער אַרגומענט איז ריכטיג אָדער ניט.

דער איינציגער אַרגומענט, מיט וועלכען אונזערע עקאָנאָמיסטען בענוצען זיך ביי יעדער געלעגענהייט, איז דער פֿאָלגענדער: „זעהט נאָר דעם פּראָגרעס, וועלכען די אינדוסטריע האָט געמאַכט זייט די לעצטע הונדערט יאָהר, זייט זי האָט אַראָבגעוואָרפֿען פֿון זיך די קאָרפּאָראַטיווע און שטאַאַטליכע קאָנטראָלע? זעהט נאָר די אייזענבאַהנען, די טעלעגראַפֿען, די מאַשינען, פֿון וועלכע יעדע איינע פֿערנעהמט דעם פּלאַץ פֿון הונדערט אָדער צוויי הונדערט אַרבייטער. זיי פּראָדוצירען אַלצדינג, פֿון די גרעסטע ביז די קלענסטע זאַכען! דאָס אַלעס איז געשאַפֿען געוואָרען דורך די איניציאַטיווע פֿון איינצעלנע מענשען, דורך דעם וואונש צו ווערען רייך און מעכטיג!"

עס איז גאָר קיין צווייפֿעל, אַז מיר האָבען געמאַכט אַ געוואַלדיגען פּראָגרעס אין דער פּראָדוקציאָן פֿון רייכטהימער זייט די לעצטע הונדערט יאָהר צייט, און דאָס איז די אורזאַכע — פֿערגעסט עס ניט — וואָס מיר האָבען היינט אַזאַ מעכטיגע בעוועגונג, וועלכע פֿאָדערט אַ נייען סיסטעם אין דער צוטהיילונג פֿון די פּראָדוקטען; אָבער איז דען דיזער פּראָגרעס, וועלכער האָט דעם קאַפּיטאַליסט געבראַכט אַזוי פֿיעל נוצען, איז דיזער פּראָגרעס דען ווירקליך פֿעראורזאַכט געוואָרען דורך די אינטעליגענץ און די גייסטיגע טהעטיגקייט פֿון אונזערע קאַפּיטאַליסטען און פֿאַבריקאַנטען? אָדער גיט עס ניט אפשר אַנדערע אורזאַכען, וועלכע זיינען פֿיעל וויכטיגער, און וועלכע וואָלטען

פאַר דער מענשהייט נאָך פיעל ניצליכער געווען, ווען זיי וואָלטען ניט מאָנאָפּאָליזירט געוואָרען פון די קאַפּיטאַ־ליסטען.

מיר אַלע זיינען בעקאַנט מיט די אורזאַכען. עס איז גענוג אָנצורופען זייערע נעמען, אום פעסטצושטעלען זייער וויכ־טיגקייט. צוערשט איז די דאַמפף־מאַשין, וועלכע האָט רע־וואָלוציאָנירט די גאַנצע אינדוסטריע דורך זייערע מעכטיגע און אונערמידליכע טהעטיגקייט. דאַן קוממ די ענטשטעהונג פון די כעמישע אינדוסטריען, וועלכע זיינען געוואָרען אַזוי וויכטיג, אַז זייער ענטוויקלונג — אַזוי בעהויפּטען די טעכ־נאָלאָגען אַליין — האָט צוערשט געשאַפען דעם ריכטיגען פונדאַמענט פאַר דעם אינדוסטריעלען פּראָגרעס פון יעדער נאַציאָן. דאָס אַלעס זיינען פּראָדוקטען פון אונזער צייט, דען וואָס איז דען געווען די כעמיע אין 18טען יאָהרהונ־דערט? אַ דריטע אורזאַכע איז די געוואַלטיגע גייסטיגע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך מאַניפעסטירט צו ענדע פון׳ם 18־טען יאָהרהונדערט, און וועלכע דורך דעם וואָס זי האָט בעפרייט די מענשען פון אַלע די מעטאַפיזישע פאָר־שטעלונגען, האָט געעפענט דעם וועג פאַר אַלע פיזישע און מעכאַנישע ענטדעקונגען, וואָס האָבען געפיהרט צו אַ גאַנצען איבערבייט אין דער אינדוסטריע. ווער קען בע־הויפּטען, אַז די אָבשאַפונג פון דער אַלטער שטאַאַטליכער קאָנטראָלע איז וויכטיגער געווען פאַר דער אינדוסטריע ווי די אַלע ענטדעקונגען און ערפינדונגען פון אונזער יאָהר־הונדערט? און ווער קען בעהויפּטען, אַז מיט דער הילפע פון אַלע דיזע פאַקטאָרען, וואָלט די קאָלעקטיווע פּראָדוק־ציאָן פונקט אַזוי גוט און אפשר נאָך פיעל בעסער געקענט אָנגעהן ווי אונטער דער הערשאַפט פון פּריוואַט־קאַ־פּיטאַל?

און וואָס אַנבעלאַנגט די ערפינדער און ענטדעקער, איז ביז יעצט נאָך ניט געהערט געוואָרען, אז די אורזאַכע פון

זייער גייסטיגער טהעטיגקייט איז געווען דער געדאַנק צו ווערען רייך און אַליין צו שפּיעלען די ראָלע פֿון קאַפּי־טאַליסטען. די מייסטע פֿון זיי זיינען געשטאָרבען אין הונ־גער און עלענד, און מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער קאַפּיטאַליזמוס, דאָס פּריוואַט־אייגענטהום איז אָפּטמאָל געווען אַ שטאַ־קע הינדערניס אָנצואווענדען זייערע ערפינדונגען אין פּראַקטישען לעבען.

* * *

און אויסערדעם, ווי אַזוי קען מען בעהויפּטען, אַז די עקזיסטענץ פֿון פּריוואַט־אייגענטהום איז גינסטיגער פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע ווי דאָס אַלגעמיינע קאָמוניסטישע אייגענטהום, אַזוי לאַנג ווי דער קאָמוניזמוס איז נאָך ניט פּראַקטיצירט געוואָרען? אַזוי לאַנג ווי דאָס איז ניט דער פֿאַל, האָט די גאַנצע בעהויפּטונג ניט דעם קלייןסטען ווערטה. מיר האָבען ביז יעצט נאָך ניט געזעהן קיין איינציגע קאָמוניסטישע גרופּירונגען, וועלכע בעזיי־צענדיג דעם נויטווענדיגען קאַפּיטאַל, צו אָרגאַניזירען אַ גרויסע אינדוסטריע, האָט זיך ענטזאַגט איינצופֿיהרען וויי־טערע טעכנישע און מעכאַנישע ערפינדונגען; פֿאָלגליך האָט די טהעזע פֿון אונזערע געגנער קיין פֿונדאַמענט ניט. פֿערקעהרט, אַלע קאָמוניסטישע אָדער קאָאָפּעראַטיווע אונ־טערנעהמונגען, וועלכע מיר האָבען ביז יעצט געזעהן, וואָס פֿאַר פֿעהלער זיי האָבען ניט בעגאַנגען, זיינען זיי אָבער קיינמאָל ניט בלינד געווען פֿאַר דעם אינדוסטריעלען פּראָ־גרעס.

מיר וואָלטען זעהר פֿיעל געהאַט צו זאָגען איבער די פֿערשידענע אינסטיטוציאָנען מיט אַ מעהר אָדער ווייניגער קאָלעקטיוויסטישען כאַראַקטער, וועלכע האָבען זיך גע־גרינדעט אין פֿערלויף פֿון די לעצטע הונדערט יאָהר; אָבער איז עס ניט א מערקווירדיגע טהאַטזאַכע, אַז דער הויפּט־פֿעהלער זייערער, וועלכען מען האָט זיי אויפֿגע־

וואָרפֿען איז געווען דער, אַז זיי זיינען נאָך ניט געווען גענוג קאָלעקטיוו און אַלגעמיין. מיר בעשולדיגען די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אַקציען־געזעלשאַפֿטען, וועלכע האָבען געלאָזט אויסגראָבען גרויסע קאַנאַלען און דורכבּרעכען טונעלען, אַז זיי האָבען געגרינדעט אַ נייען אַנאָנימען מאָנאָפּאָל, דורך וועלכען יע־ער מעטער פֿון זייערע קאַנאַלען און טונעלען ברייגנט זיי אַריין גרויסע סומען געלד; אין מיר בעשולדיגען די מייסטע קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען פֿון די אַרבּייטער, אַז זיי גרינדען זיך אַן אַריסטאָקראַטישען פּרינציפּ, אויף אַ פּריווילעגירטע קלאַסע, וועלכע עקספּלאָטירט איה־ע מיטברידער. אָבער קיינע פֿון די ביידע קען ניט בעשולדיגט ווערען, אַז זיי האָבען פֿערנאַכלעסיגט אָדער איגנאָרירט די פֿערפֿאָלקאָמנונג פֿון דער אינדוסטריע. דעם איינציגען שלוס, וועלכען מיר קענען אַרויסנעהמען פֿון די קאָלעקטיווע אונטערנעהמונגען, וועלכע האָבען ביז יעצט עקזיסטירט, איז דער, אַז וואָס ווייניגער דיזע אונטערנעהמונגען זיינען בעאיינפֿלוסט געוואָרען פֿון ריין פּערזענליכע אינטערעסען, וואָס מעהר דער אַלגעמיינער וואָהלזיין פֿון זייערע מיטגלידער האָט געשפּילט אַ ראָלע ביי זיי, אַלס מעהר אויסזיכטען האָבען זיי געהאַט צו עקזיסטירען און זיך צו ענטוויקלען.

* * *

דיזע קורצע אַנאַליזירונג בעווייזט, דאָס די אַלע לויבּלידער, וועלכע מען זינגט איבער דעם אינדיווידועלען אייגענטהום, אַלע בעהויפּטונגען וועגען זיין ניצליכקייט און נויטווענדיגקייט, זיינען ניט מעהר ווי פּוסטע פֿראַזען. און דערפֿאַר דאַרפֿען מיר אויסגעפֿינען אַן אַנדער מיטעל. צוערשט דאַרפֿען מיר בעשטימען אונטער וואָס פֿאַר אַ פֿאָרמע די עקספּראָפּריאַציאָן פֿון די סאָציאַלע רייכטהימער זאָל שטאַטפֿינדען; לאָמיר אַנאַליזירען די טענדענצען און שטרעבונגען פֿון דער מאָדערנער געזעלשאַפֿט, און שטיצענדיג

זיך אויף די רעזולטאַטען פון דיזער אַנאַליזע, וועלען מיר פערשטעהען, וועלכע פאָרמע די עקספּראָפּריאַציאָן דאַרף אָננעהמען אין דער קומענדער רעוואָלוציאָן.



III.

קיין פּראָבלעם איז ניט אַזוי וויכטיג פאַר אונז און פערדינט ניט אַזוי פיעל שטודירט צו ווערען אין אַלע זיינע איינצעלהייטען פון אונזערע קאַמעראַדען, ווי די אידעע פון דער עקספּראָפּריאַציאָן. דיזער פּראָבלעם דאַרף שטענדיג דיסקוטירט ווערען, דערפאַר וואָס ער וועט פריהער אָדער שפּעטער בעקומען אַ פּראַקטישע בעדייטונג; און דער ערפאָלג אָדער דורכפאַל פון דער קומענדער רעוואָלוציאָן איז אַבהייננגיג פון אונזער גוטער אָדער שלעכטער אויפפאַסונג פון דיזען פּראָבלעם.

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, און קיינער פון אונז קען ניט איגנאָרירען דעם פאַקט, אַז די קומענדע רעוואָלוציאָן איז שוין פערזורמהיילט אין פאָראויס, אויב זי וועט ניט זיין אין אַנקלאַנג מיט די אינטערעסען פון די ברייטע מאַסען און בעפרידיגען די נויטווענדיגע בעדירפניסע פון׳ם פאָלק. עס איז ניט גענוג צו האָבען אַ נאָבעלען אידעאַל. דער מענש קען ניט אויסשליםליך בעפרידיגט ווערען דורך טיעפע פילאָזאָפישע געדאַנקען און שעהנע רעדען; ער דאַרף אויך ברויט, און דער מאָגען האָט נאָך גרעסערע רעכטע פון דעם גייסט, דערפאַר וואָס ער שפּייזט דעם גאַנצען מענשליכען אָרגאַניזמוס. איהר מעגט זיין זיכער, אַז ווען די מאַסען אַם טאָג נאָך דער רעוואָלוציאָן וועלען מעהר ניט געפינען ווי קלינגענדע פראַזען, ווען זיי וועלען ניט אָנטאַפּען קענען מיט די הענד, אַז די סאָציאַלע אומשטענדע און די בעדינגונגען פון׳ם לעבען האָבען זיך איבערגעביטען צו זייער נוצען, ווען זיי וועלען איינזעהען, אַז

די גאַנצע רעוואָלוציאָן איז מעהר ניט געווען ווי אַן איבער־בייט פֿוּן די פּערזאָנען און אויסערליכע פאָרמען — דאַן האָבען מיר קיין זאַך ניט געוואונען; דאָס פֿאָלק וועט פֿערלירען דעם מוטה און מיד דאַרפֿען אָנפֿאַנגען פֿוּן דאָס ניי די שווערע אַרבייט פֿוּן דער רעוואָלוציאָנערער פּראָ־פּאַגאַנדאַ.

אוּם צוּ פֿערזיכערן דעם ערפֿאָלג פֿוּן דער רעוואָלוציאָן, און אוּם צוּ פֿערהינדערן אַ נייען טריאוּמפף פֿוּן דער רעאַקציאָן, איז נויטווענדיג צוּ פֿערטהיידיגען דאָס, וואָס מיר האָבען נעכטען געוואונען; ד. ה. אונזער ערשטע און וויכטיגסטע אויפֿגאַבע דאַרף זיין צוּ זאָרגען, אַז די אָרעמע און עלענדע פֿוּן נעכטען זאָלען מעהר ניט זיין אָרעם און עלענד היינט, אַם טאָג נאָך דעם ערשטען טריאַוּמפף פֿוּן דער רעוואָלוציאָן. דערמאָהנט זיך נאַר אין יענע נאַאיווע רעפּובליקאַנער פֿוּן 1848, וועלכע האָבען עפֿענטליך ער־קלעהרט, אַז זיי זיינען בערייט דורכצומאַכען אויף דריי מאָנאַטען נויט און עלענד, אוּם צוּ געבען דער פּראָוויזאָ־רישער רעגירוּנג די מעגליכקייט עטוואָס צוּ טהאָן פֿאַר די הוּנגעריגע מאַסען! די רעגירוּנג האָט אָנגענוּמען מיט בע־גייסטערוּנג דיזען פֿאָרשלאַג, און ווען די דריי מאָנאַטען זיינען אַריבער, האָט זי בעצאָהלט די אַרבייטער מיט פּוּל־ווער און בליי. טויזענדער זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אין די גאַסען און טויזענדער זיינען פֿערשיקט געוויאָרען נאָך וויטע קאָלאָניען. די אונגליקליכע האָבען געהאָפֿט, אַז וועהרענד די דריי מאָנאַטען הוּנגער, וועט די רעגירוּנג אויסאַרבייטען אַזעלכע געזעצע, וועלכע וועלען מאַכען פֿוּן זיי פֿרייע מענשען און זיי פֿערזיכערן מיט ברויט און אַר־בייט יעדען טאָג. אָבער וואָלט דען ניט בעסער געווען פֿאַר זיי, ווען זיי וואָלטען גענוּמען, אָנשטאָט צוּ בעטען זיך ביי אַנדערע? וואָלט דען ניט בעסער געווען, ווען זיי וואָלטען איין פֿאַר אַלעמאָל צושטערט די אוּרזאַכען פֿוּן

זייער עלענד, אָנשטאָט צו פּאַראַדירען מיט זייערע ליידען? די אויפּאָפּפערונג איז איינע פון די וואונדערבאַרסטע מענשליכע אייגענשאַפטען, אָבער אין דיזען פאַל איז די אייפּאָפּפערונג געווען אַ פעררעטה, דערפאַר וואָס זי האָט ניט געמילדערט דאָס שרעקליכע שיקזאַל פון די, וואָס האָבען געקעמפּפט פאַר דער רעוואָלוציאָן. אַז מענשען שטאַרבען אין קאַמפּף איז זעלבסטפערשטענדליך, אָבער זייער טויט דאַרף אָם וויניגסטענס ברייננען אַ נוצען! אַז מענשען אָפּפערן אויף זייערע לעבענס איז ניט מעהר ווי רעכט, אָבער די מאַסען דאַרפען פּראָפּיטירען פון דיזע אָפּפערס, און דאָס בלוט פון די קעמפּפערס דאַרף זיין די זריעה פאַר אַ בעסערע צוקונפט.

* * *

עס גיט נאָר איין מיטעל, וועלכער קען בעפרידיגען די בעדירפניסע פון די מיליאָנען אינטערדריקטע און פער־שקלאַפּטע — די עקספּראָפּריאַציאָן. דיזער פּראָבלעם, מיט וועלכען מיר בעשעפטיגען זיך געגענווערטיג אין דער טהעאָריע, דאַרף בעקומען אַ פּראַקטישען אויסדרוק אין דעם לעבען פון דער מענשהייט. אָבער אויב מיר ווילען, אַז די עקספּראָפּריאַציאָן זאָל ווירקליך ערפילען איהר איי־גענטליכען צוועק: די פערניכטונג פון פּריוואַט־אייגענ־טהום און די פערווירקליכונג פון אַ קאָמוניסטישער אָרד־נונג אין דער געזעלשאַפט, דאַרף זי אויסגעפיהרט ווערען אין אַ גרויסען מאַסשטאַב. אין אַ קליינעם מאַסשטאַב איז די עקספּראָפּריאַציאָן ניט מעהר ווי אַ געוועהנליכע פּלינדערונג; אָבער אויסגעפיהרט אויף אַ גרויסען שטייגער איז זי דער אָנפאַנג פון דער סאָציאַלער רעאָרגאַניזאַציאָן. געוויס, מיר וואָלטען ניט געהאַט דעם קלענסטען פער־שטענדניס פאַר די געזעצע פון דער מענשליכער געשיכטע, אויב מיר וואָלטען זיך איינגערעדט, אַז עס וועט אונז מיט איין מאָל געלינגען אויסצופיהרען אונזער פּלאַן אין אַ גאַנצען

לאַנד. פראַנקרייך, אייראָפּאַ, די גאַנצע וועלט וועלען ניט
ווערען אַנאַרכיסטען דורך אַ שטילען און פרידליכען פּראָ־
צעס פון אַ סאָציאַלער איבערבייטונג; אָבער מיר וויסען
אויך, אַז דער וואַהנזין פון די רעגירער, זייער עהרגייציג־
קייט, זייערע מלחמות און זייערע באַנקראָטען, און פון דער
צווייטער זייט די אונערמידליכע פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר די נייע
אידעען, וועלען נויטוועגדיגער ווייזע מוזען פערניכטען דעם
סאָציאַלען גלייכגעוויכט פון דער געזעלשאַפט און אונז
פיהרען צו דער רעוואָלוציאָן. עס האָט שוין אָפטמאָל גע־
טראָפען, אַז די רעוואָלוציאָנערען זיינען איבערראַשט גע־
וואָרען, ווי האָבען פערזוימט דעם גינסטיגען מאָמענט און
האָבען פערלאָרען דעם שפּיעל, האַלטענדיג שוין דעם ע־
פאָלג אין זייערע הענד.

דערפאַר דאַרפען מיר זיך צוגרייטען צו האַנדלען, און
ווי באַלד עס וועט קומען דער רעוואָלוציאָנערער מאָמענט,
ווען אַ גאַנצע פּראָווינץ אָדער די גרויסע שטעדט מיט די
אַרומיגע שטעדטלאַך און דערפער וועלען זיך אויפהייבען
געגען זייערע רעגירער, דאַרפען מיר אָנווענדען אַלע מיט־
לען צו עקספּראָפּריאירען די פאַבריקען און מאַשינען און
צוריקגעבען די סאָציאַלע רייכטהימער צו זייערע ווירק־
ליכע אייגענטהימער. מיר דאַרפען זאָרגען, אַז יעדער איינער
זאָל האָבען זיין גלייכען אַנטהייל אין דער קאָנסומציאָן,
און אַז די פּראָדוקציאָן פאַר די בעפרידיגונג פון די נוצ־
ליכע און נויטוועגדיגע בעדירפניסע פון'ם לעבען זאָל
פאָרטגעזעצט ווערען מיט דער גרעסטער ענערגיע. אָהן די
גערטנער און פעלדער, וועלכע געבען אונז די נויטוועגדיג־
סטע לעבענס-מיטעל, אָהן די קאָרן-שפּייכלער און די
מאַגאַזינען, וואו מען האָט אָנגעקליבען די פריכטע פון
דער מענשליכער אַרבייט, אָהן די פאַבריקען און וואָרק־
שאָפּס, וועלכע פערזאָרגען אונז מיט שטאָפען און קליידער,
אָהנע די טויזענדער פערשידענע פּראָדוקטען פון דער

אינדוסטריע און קונסט, אָהנע די מיטלען זיך צו פערטהיידיגען, אָהן די אייזענבאַהנען און אַנדערע טראַנספּאָרט־וועגען, וועלכע געבען אונז די מעגליכקייט אויסצוטוישען אונזערע פּראָדוקטען מיט די פרייע קאָמונען אַרום אונז, אָהן די פּלאַנמעסיגע פעראייניגונג פון אונזערע קרעפטע פאַר דער פערטהיידיגונג און דער אַטאַקע, אָהן אַלע דיזע בעדינגונגען זיינען מיר פערלאָרען, נאָך איידער מיר וועלען אָנהויבען צו קעמפפען, און אַלע אונזערע אָפּפער וועלען זיין אַרויסגעוואָרפען.

אַלע געדיינקען נאָך דעם גרויסען סטרייק פון די מאַשיניסטען ביי די אַמעריקאַנער אייזענבאַהנען, וועלכער האָט שטאַטגעפונען צוריק מיט איניגע יאָהר. די גרויסע מאַיאָריטעט פון דעם פּובליקום האָט אָנערקענט, אַז זייערע פאָדערונגען זיינען געווען גערעכטע; יעדער איינער האָט פערראַמט די אונפערשעמטהייט פון די קאָמפּאַניס, און אַלע זיינען צופרידען געווען, אַז דיזע באַנדע האָט יעצט געליטען אַלע צרות פון איהרע אַרבייטער. אָבער נאָכדעם ווי אַלע פערבינדונגען זיינען אָבגעשטעלט געווען פאַר אַ געוויסע צייט און דער פּרייז פון די פּראָדוקטען איז געוואָרען צווייאָל אַזוי גרויס, דאָט זיך די עפענטליכע מיינונג פּלוצלונג איבערגעביטען. „דיזע פערדאַמטע סטרייקערס זיינען נאָך ערגער פון די קאָמפּאַניס. אויף זייערע אייזענבאַהנען ברעכען מיר דעם האַלז און ביינער, נאָר זיי לאָזען אונז שטאַרבען פון הונגער!" אַזוי האָבען די מאַסען אָנגעהויבען צו אַרגומענטירען. פערגעסט ניט דיזען פאַקט; דען ער איז וויכטיג פאַר אַלע אונזערע האַנדלונגען. מיר דאַרפען זיך קיינמאָל ניט פערגעסען אין די מאַטעריעלע אינטערעסען פון די מאַסען, און אין דערזעלבער צייט דאַרפען מיר זוכען צו בעפרידיגען זייער אינסטינקט פון גערעכטיגקייט.

דאָס דאַרף ניט נאָר זיין אונזער פּרינציפּ, זאָנדערן אין

דערוועלכער צייט דער פּראַקטישער אויסדרוק פון אונזערע האַנדלונגען.

***

„ריהרט זיך נאָר צו צו דעם שטיקעל לאַנד פון'ם בויער אָדער צו דעם הייזעל פון דעם קליינען האַנדווערקער, און זיי וועלען אייך ענטפערן מיט דער גראַבלע אָדער מיט'ן פויסט!" דאָס איז דער געוועהנליכער אַרגומענט, מיט וועלכען מען בענוצט זיך געגען אונז ביי יעדער געלעגענהייט, ווען מיר הויבען אָן צו ריידען פון דער „עקספּראָפּריאַציאָן." גאַנץ געוויס! מיר ווייסען עס אַליין, און מיר האָבען שוין פריהער ערקלעהרט, אַז מיר האָבען גאָר ניט די אַבזיכט זיך צוצוריהרען צו דעם שטיקעל ערד פון'ם בויער אָדער צו דעם הייזעל פון דעם קליינען האַנדווערקער. מיר וועלען געוויס ניט אַטאַקירען אונזערע בעסטע פריינד, די יעניגע, וועלכע זיינען היינט נאָך אונבעוואוסט, אָבער מאָרגען וועלען זיי זיין אונזערע בעסטע העלפער און גענאָסען; דען די עקספּראָפּריאַציאָן וועט זיין צו זייער נוצען. מיר ווייסען, אַז עס גיט אין יעדען לאַנד אַ געוויסע, אַ דורכשניטליכע סומע, וועלכע אַ מענש דאַרף האָבען, אום צו מאַכען אַן אַנשטענדיגען לעבען. די, וועלכע בעזיצען ווייניגער מוזען ליידען און לעבען אין עלענד, און די וואָס בעזיצען מעהר, לעבען אין איבערפלוס. דיזע דורכשניטליכע סומע, וועלכע ווערט בעשטימט דורך די נויטווענדיגע בעדירפניסע פון אונזער טעגליכען לעבען, איז פערשידען אין יעדער שטאָדט, אין יעדען לאַנד; אָבער דער אינסטינקט פון די מאַסען טוישט זיך קיינמאָל ניט, און ער געפינט שטענדיג אוים דאָס ריכטיגע אפילו אָהן די אַלע סטאַטיסטישע טאַבעלען און ליסטען, וועלכע זיינען אָנגעשריבען אויף שעהנעם פּאַפּיר, און וועלכע פערנעהמען גאַנצע בענדער אין אונזערע אַרכיווען. אין אונזער שעהנער געזעלשאַפט פערשלינגט אַ קליינע מינאָריטעט

דעם גרעסטען טהייל פֿון דעם נאַציאָנאַלען איינקאָמען; זיי לאָזען דאָס בויען די פּאַלאַצען אין די שטעדט און די שעהנע ווילאַס אין דער פּראָווינץ, אין זייערע הענד גע־פֿינען זיך אַלע ווערטה־פּאַפּירען, אלע באַנקנאָטען, דאָס גאַנצע געלד, וועלכעס רעפּרעזענטירען דעם ווערטה פֿון דער אַלגעמיינער אַרבייט. זיי דאַרפֿען דאָס זיין די ערשטע, וועלכע מען מוז עקספּראָפּריאירען, דען זייער אונטערגאַנג הייסט בעפֿרייען דעם בויער פֿון זיינע שולדען, זיינע הי־פּאָטעקען, זיינע אָבגאַבען, עס הייסט בעפֿרייען דעם קליינען האַנדווערקער, דעם קליינען געשעפֿטס־מאַן, וועלכע זעהען שטענדיג דעם באַנקראָט פֿאַר זייערע אויגען, מיט איין וואָרט, עס הייסט בעפֿרייען אונצעהלבאַרע מיליאָנען פֿון אָרעמע מענשען־קינדער, וועלכע ווייסען קיינמאָל ניט, פֿון וואַנען זיי וועלען נעהמען ברויט פֿאַר דעם קומענדען טאָג. און וועלען דיזע מיזענדער און מיליאָנען, אין דעם טאָג ווען זיי וועלען זיך אויפֿכאַפּען פֿון זייער אינדיפֿע־רענץ, וועלען זיי דען אַליין ניט פֿערשטעהן אַם טאָג פֿון דער עקספּראָפּריאַציאָן, אַז פֿון זיי אַליין איז אַבהייננינ, צו זיי וועלען בלייבען פֿריי אָדער צוריק פֿערשלונגען ווערען פֿון דער נאַכט און פֿינסטערנים פֿון עלענד און שטענדי־גער מורא? וועלען זיי נאָך אַמאָל זיין אַזוי נאַאיוו אָנצו־געטרויען זייער שיקזאַל צו אַ פּראָוויזאָרישער רעגירונג פֿון מענשען מיט צאַרטע הענד און גלאַטע צינגלאַך, אָנשטאָט זיך אַליין צו בעפֿרייען? וועלען זיי ניט אַליין פֿערשטעהן, אַז זיי וועלען קיין זאַך ניט געווינען, ווען זיי וועלען אי־בערבייטען זייערע אַלטע הערען אויף נייע? וועלען זיי ניט ענדליך אָנהויבען צו בעגרייפֿען, אַז זיי דאַרפֿען בע־זאָרגען זייערע אַנגעלעגענהייטען און זיי ניט איבערגעבען צו אַפּאָר דעפּוטירטע, וועלכע וועלען זיי ביי דער ערשטער געלעגענהייט פֿערראַטהען?

*
* *

די פֿערנונפֿט איז נאָך ניט אַלעס, מיר ווייסען דאָס זעהר גוט. עס איז אויך נויטהווענדיג, אַז די פֿעראינטערעסירטע זאָלען בעגרייפֿען זייערע אינטערעסען, און דיזע אינטערעסען בעשטעהן אין דעם, צו לעבען אין דער צוקונפֿט אָהן אויסבייטונג און אָהן בעהעררשונג. צוזאַמען מיט דעם אייגענטהום מוזען אויך די אידעען איבערגעביטען ווערען, אונזערע גאַנצע מאָראַל־אַנשאויאונגען, וועלכע שטיצען זיך אויף די אַלטע פֿונדאַמענטען. מיר דאַרפֿען איין פֿיר אַלע מאָל אָנערקענען קלאָהר און בעשטימט, דאָס אַלע פּראָדוקטען, אַלע אָנגעקליבענע רייכטהימער, אַלע מאַשינען, פֿאַבריקען א.ז. וו. וועלכע זיינען די רעזולטאַטען פֿון דער געמיינשאַפֿטליכער מענשליכער אַרבייט, דאַרפֿען בעלאַנגען צו דער גאַנצער מענשהייט. מיר דאַרפֿען קלאָהר פֿערשטעהן, אַז דאָס פּריוואַט־אייגענטהום איז ניט מעהר ווי אַ גנבה, אַ בעוואוסטע אָדער אונבעוואוסטע רויבעריי, וועלכע איז בעגאַנגען געוואָרען געגען די גאַנצע געזעלשאַפֿט, און אין דעם אויגענבליק ווען די רעוואָלוציאָן וועט זיך אָנפֿאַנגען, דאַרפֿען מיר וויסען, אַז די אינדיווידועלע רייכטהימער דאַרפֿען פֿערווענדעט ווערען צום נוצען פֿון אַלעמען. ביי די פֿריהערדיגע רעוואָלוציאָנען, ווען מען האָט פֿערביטען אַן אַלטען קעניג אויף אַ נייען, אָדער ווען מען האָט געגעבען די אַדוואָקאַטען די מעגליכקייט צו גרינדען די „בעסטע רעפּובליק" איז דער סאָציאַלער סיסטעם איבערהויפּט ניט בעריהרט געוואָרען. און די אַפֿישעס „טויט צו די גנבים!" וועלכע מען האָט אויסגעקלעבט אויף די ווענד פֿון די עפֿענטליכע געביידעס און די פּאַלאַצען פֿון די רייכע זיינען פֿאָלקאָמען געווען אין אָנקלאַנג מיט די מאָראַלישע אַנשויאונגען פֿון יענע צייטען. מאַנכער אָרעמער קבצן, וועלכער האָט גענומען אַ טהאָלער אָדער אפשר גאָר נאָר אַ שטיקער ברויט, איז ערשאָסען געוואָרען אויף'ן פּלאַץ, אום אויסצודריקען די גערעכטיגקייט פֿון פֿאָלק.

די נאַציאָנאַל־גוואַרדע, וועלכע האָט פֿערקערפּערט אין זיך די גאַנצע פֿייערליכע געמיינהייט פֿון די געזעצע, וועלכע די אויסבייטער־קלאַסע האָט געמאַכט, אום צו פֿערטהיידיגען איהר אייגענטהום, האָט מיט שטאָלץ אָנגעוויזען אויף די טויטע קערפּערס פֿון די, וועלכע האָבען פֿערזוכט זיך צוצוריהרען צו די פּאַלאַצען, און מען האָט סימפּאַטיזירט מיט זיי אַלס די פֿערטהיידיגער פֿון גערעכטיגקייט. די אַפֿישעס פֿון 1830 און 1848 וועלען ניט מעהר אויסגעקלעבט ווערען אויף די מויערן פֿון די רעבעלישע שטעדט אין דער צוקונפֿט; דען ווען אַלעס וועט בעלאַנגען צו אַלעמען, וועט מעהר קיינפּלאַץ ניט זיין פֿאַר גנבים. „נעהמט אַלעס צו און צושטעהרט ניט קיין זאַך, דען אַלעס בעלאַנגט צו אייך, אום צו בעפֿרידיגען אייערע בעדירפֿניסע!“ אָבער צושטעהרט אַלעס דאָס, וואָס עס מוז צושטעהרט ווערען, די באַסטילען, די געפֿענגניסע, די פֿעסטונגען, די שמוציגע הייזלאַך אין די אָרעמע קוואַרטאַלען, וואו די אַטמאָספֿערע איז פֿערגיפֿטעט און אָנגעפֿילט מיט קראַנקהייטס־שטאָפֿען. ציהט זיך אַריין אין די פּאַלאַצען און די האָטעלען און פֿערברענט אייער ביסעל אָרעמקייט. דער אינסטינקט פֿון צושטעהרונג איז דערפֿאַר אַזוי גערעכט און נאַטירליך, ווייל ער בעפֿרידיגט אין דערזעלבער צייט דעם אינסטינקט אויפֿצובויען עטוואָס נייעס. און גיט עס דען ווייניג צו טהאָן? דאַרפֿען מיר דען ניט איבערבויען די שטעדט, די הייזער און שאַפֿען טויזענדער נייע מאַשינען און ווערקצייג פֿאַר דער אַגריקולטור און אינדוסטריע, אַ נייע מאַטעריעלע גרונדלאַגע פֿאַר דער גאַנצער געזעלשאַפֿט?

* * *

יעדע גרויסע פּאַסירונג אין דער געשיכטע רופֿט אין דערזעלבער צייט אַרויס אַ נייע פֿאַזע פֿון ענטוויקלונג אין דער מענשליכער מאָראַל. עס איז גאַנץ קלאָהר, אַז די

מאָראַל פֿון גלייכע מענשען קען ניט זיין די מאָראַל פֿון דעם רייכען, וועלכער גיט נדבות און פֿון דעם אָרעמען, וועלכער נעהמט זיי. אַ נייע וועלט פֿאָדערט אַ נייע לעהרע, און אַ נייע וועלט האַלט זיך יעצט אין ענטוויקלען. אונזערע געג־נער אַליין גיבען עס צו. זאָגען זיי אונז דען ניט יעדען טאָג: „די געטער זיינען טויט! די קעניגע זיינען טויט! די אויטאָריטעט האָט פֿערלאָרען איהר אָנזעהן!" און ווער וועט פֿערנעהמען דעם פּלאַץ פֿון די געטער, די קעניגע, די גלחים, אויב ניט דער פֿרייער מענש, וועלכער איז איבערציַיגט פֿון זיין פּערזענליכער קראַפֿט? דער נאַאיווער גלויבען האַלט ביין אָבשטאַרבען. פּלאַץ פֿאַר דער וויסענ־שאַפֿט! דער סיסטעם פֿון פֿערשווענדונג און וואָלטהעטיג־קייט האַלט ביין אונטערגעהן. פּלאַץ פֿאַר דער גערעכ־טיגקייט!

— ע נ ד ע —



# אינהאלט:



